

ביכער-סעריע

# דאָס פּוילישע ייִדנטום

# 57

רעדאַקטאָר:

**מאַרק טורקאָוו**

פאַרלאַגס-לייטער:

**אברהם מיטלבערג**

מ. פייגענבלום

די רשימה פון דערשינענע בענד — צום סוף בוך

שלום אַש

# וואַרשע

ראָמאַן

(צווייטער בוך פון „פאַרן מבול")



ארויסגעגעבן דורכן

צענטראַל-פאַרבאַנד פון פוילישע יידן אין ארגענטינע

בוענאָס-איירעס, 1949

# קאַפּיטל 1

## אַ פרימאָרגן

די האַרבסט־נעכט אין פּוילן זענען טינט־שוואַרץ. הימל און ערד ליגן אין דרויסן אין די אָרעמס צוזאַמענגעקנוילט און טוען־אָפּ פאַרבאָרגענע זאַכן, סודות פון דער יצירה...

אַז עס הייבט־אָן צו גראָען, שטייגט דער הימל פון דער ערד אַרויף און לאָזט־איבער אַ פרישן נישט־באַרירטן ווייסן פראָסט איבער ערד און פעלדער. פון די ביימער הייבן־אָן צו קאַפּען אומפאַרשטענדלעכע טראָפּנס. די וועלט שווייגט נאָך, — עס הערט זיך נאָך נישט קיין מרוק פון אַ בהמה. זי באַלאַנגט נאָך צו קיינעם נישט. זי איז ערשט נאָר־וואָס געבוירן געוואָרן אונטער דעם אויפשטייגנדיקן הימל און זי ליגט אויסגע־שפּרייט אַ געפּונענע, באַהויכט מיט פרישן טוי, ווי אַן אונטערגעוואָרפן ניי געבוירן קינד...

עס הערן זיך פון די פעלדער אייזערנע קלימפּערן, ווי איינזאַמע וואַסער־טראָפּנס וואָלטן זיך פון פאַרוואָרפענע רינעס געגאָסן: דאָס פאָרן פון נאַכט־טאָג־גראָקייט אַרויס די ערשטע מילך־וועגן איבער די שטיי־נערנע ברוקן פון דער פּראַגער פאָרשטאָט. עס קלאַפּן די מילך־קאַנען אי־נעם פרישן חלל און וועקן די שלאָפנדיקע וועלט אויף...

באַלד קומען פון נאַכט־טאָג־גראָקייט אַנדערע וועגן אַרויסצופאָרן אויף דעם שטיינערנעם ברוק. פורן מיט קעפּלעך קרויט, פורן אָנגעלאָדן מיט קאַרטאָפלעס, וועגן מיט קאַסטנס אייער, וועגן מיט הינער־שטייגן, פעסלעך פלוימען, קוישן באַרנעס, באַליעס מיט לעזעלקעס, וואָס יידן אוֹן פויערן פירן פון דערפער און קליינע שטעטלעך צו דער גרויסער שטאָט

צו. עס ליגט נאָך דער פייכטער טוי פון די נאַכט־פעלדער איבער די פורן. פון די שטויסן היי, פון די שטרויענע געזעסן קוקן פליישיקע, גע־זונטע פּראָווינץ־מוידן ארויס, ווינטיקע רויטע פויערשע פּנימער פון קאַ־לירטע טיכער. געפרוירענע יידן מיט פארבונדענע אויערן, דורכגעווייקטע פויערים אין פּאַרענדיקע שעפּסן־פּעלצן.

מידע, מיט אָראָפּגעלאָזטע קעפּ, באַגאָסן אין געפרוירענע אַנגסטן, קלאַפּן פערד מיט פּאָדקאָוועס אָן די האַרטע שטיינער פון ברוק. דאָס שלעפּט מען זיך איבער די פּראַגער גאַסן צו דער אייזערנער בריק, וואָס וואַרפט זיך מיט איר קערפּער אויפן וואַרשעווער ברעג אַריבער.

דורך די אייזערנע נעצן פון דער פּראַגער בריק דערזעט זיך שוין דער ווייסער מאָרגן-טוי, וואָס איז אויסגעשפּרייט ווי אַ פּלאַכטע איבער היי־זער-דעכער, אויף קירכן־שפּיצן אויף יענער זייט הויכן ווייסל־ברעג.

דאָס איז די שטאָט וואַרשע.

**
*

ביי הורוויצן, דעם לערער, איז נאָך נאַכט איבער דער וועלט. עס שרעקן ווי שדים די שטיקער מענטשלעכע קליידער, צעהאָנגען איבער די שטולן. אַ כאָר פון שלאָף־אָטעמס אין אַלע גאָמען הערן זיך פון די ווינק־לען אַרויס. אַ וואַרימע שווערע נאַכט־לופט שטייט אין הויז פון אויס־געוואַרימטע לייבער און בעטגעוואַנט. די ערשטע, וואָס שטעקט די פיס אַרויס פון בעט מיט אַ פאַרשלאָפן פּנים נאָך, איז די באַלעבאָסטע. זי טוט דאָס מיט נישט־געהערטע און נישט־געזעענע באַוועגונגען, זוכט אויס אירע קליידער אין דער פינצטער, מיט זיך נישט אויפצוּוועקן דאָס הויז־געזינט. דער מאַן אָבער איז שוין אויף. אָן אַ וואָרט אַרויסצורעדן צינדט ער אָן דאָס ליכט אויפן נאַכט־שענקל.

— צו וואָס? איך וועל אַזוי אויך זען.

— נאָך וואָס עפּעס אַזוי פרי? — בייזערט זיך דער מאַן אַ פאַר־שלאָפענער.

— ס׳גייט צו ווינטער, מ׳רייסט פון די הענט.

און איידער וואָס-און־ווען, פון דעם וואַסער־קראַן אין קיך הערט זיך אַ שטראָמל גיסן...

די פּאָר גילדן זענען אָנגעגרייט פון נעכטן. אַ גאַנצן טאָג אַרומגע־

לאָפן צו די עלטערן פון די תלמידים, פאַרלעגענע שכר־למוד אויפמאָנען פאַרן מאַרק־טאָג. די טאַכטער האָט אויך בייגעשטייערט דאָס לערן־געלט פון איר שעה. עס האָט געזאָלט זיין אַן אָנהייב אויף אַ ווינטער־מאַנטל, נאָר עס האָט אַלץ נישט געקלעקט. מיילער זענען אָן עין־הרע דאָ אַ סך, און עס גייט אַ ווינטער אַ לאַנגער און אַן אומברחמנותדיקער, כאַטש מיט קאַרטאָפלעס זיין באַזאָרגט; מיט אַ פּאָר פעסלעך איינגעלייגט קרויט און מיט אַ קעסעלע פּאָווידלע.

אָנגעטון זיך אויף שנעל, האָט זי ווי אַ דערפאַרענער מלחמה־מאַן, געוואָרפן אַן אויג אויף די קופּקעס שלאָפנדע אין די ווינקלען. פלינק אין קאָפּ באַרעכנט וויפל נפשות זי האָט צו דערנערן, נישט ווילנדיק געוואָרפן אַן אומפריינטלעכן בליק אויף דער טיר פון „בית־מדרש". „בית־מדרש" האָט זי אָנגערופן די שטוב, וועלכע זי האָט אָפּגעגעבן פאַר די בחורים, וואָס קומען פון דער פּראָווינץ צו איר מאַן, און וווינען פאַר אַ קליינע־קייט ביי זיי. „וואָס זענען זיי שולדיק, אַז זיי ווילן עסן?"

קיין סך צו קלערן האָט זי קיין צייט נישט. עס ברענט אויף איר די הויט. „דאָרטן, אויפן מאַרק, מוזן שוין די ווייבער אַוועקרייסן די זעק פון די פורן. די געוועלבלעך־סוחרים קויפן אַלצדינג אויף". געכאַפּט דאָס טוך איבערן קאָפּ, אַ נעכטיקע זעמל אין מויל אַריין, די צוויי גרויסע קויבערס אויף די אָרעמס, און געלאָזט זיך פון די שטיגן אַראָפּ.

איר מאַן האָט דערוויל צוריק נאַכט געמאַכט, אויסגעלאָשן דאָס ליכט און איבערגעצויגן איבער זיך די וואַרימע דעק.

אַ שלעפּער געווען אַ שרעק, דער לערער הורוויץ. אַפּגעהיט זאָל מען ווערן, אַז מ'האָט אים אויפגעוועקט ווען ער האָט געכאַפּט אַ דרעמל אין מיטן טאָג פון לעקציע צו לעקציע! געכטן זיך אויך שפּעט געלייגט. אַריינגעלאָזט זיך אין אַ וווכוח מיטן „זשאַבלינער" וועגן דער צוקונפט פון פוילן. אַז עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן אַ וווכוח און נאָך דערצו איבער פוילן — האָט שלמה הורוויץ שטענדיק געמוזט אַרויס דער זיגער און האָבן דאָס לעצטע וואָרט. אַז נישט וואָלט די וועלט אונטערגעגאַנגען... דער „זשאַבלינער" (די יונגעלייט האָט מען גערופן אויף די נעמען פון די שטעט, פון וואַנען זיי זענען געוועזן) האָט אים נעכטן גוט דאָס בלוט אויפגעקאָכט מיט זיין אומוויסנהייט וועגן פוילן, און ווי תמיד, ווען מ'קאָכט אים אויף מיט דער אומוויסנהייט וועגן פוילן — זוכט ער טרייסט

אין מיצקעוויטשעס נביאישע ווערטער, אינעם דריטן טייל פון „דזשאַדי", וואָס אַ גאַליציאַנער אויסגאַבע האַלט זיך אויף ביי אים אין געהיים (צו־ליב דער געפאַר ביי אַ רעוויזיע די קאָנצעסיע אויף דער שולע צו פאַר־לירן). דאָס געשפּרעך האָט געדויערט ביז צוויי אַזייגער ביינאַכט. און היינט שטייט־פאַר אַ שווערער טאָג. קיין איין מינוט נישט קיין צייט, פון לעקציע צו לעקציע, טרעפּ־אַרויף, טרעפּ־אַראָפּ, אָבער דער שלאָף איז שוין מער נישט געקומען. דער חוב האָט געמאָנט...

דער „חוב" איז באַשטאַנען אין דעם פאַרשטייענדיקן עקזאַמען, וואָס ער האָט צו באַלייגן פאַר פיר קלאַסן רוסישע גימנאַזיע, אַז ער זאָל האָבן דאָס רעכט צו האַלטן אַ פאָלקס־שול, אַזוי ווי עס איז לעצטנס אַרויס אַ גזרה אויף אַלע לערער. נאָך שווערער מי און גרויס פּראָטעקציע האָט מען אים דערוויילע דעם פאַטענט נישט צוגענומען ביז צום עקזאַמען. ער, שלמה הורוויץ, וואָס האָט צו אַכצן יאָר געהאַט היתר־הוראה פון די באַ־דייטנדסטע רבנים, געשמט אַלס עלוי איבער האַלב פּוילן; ער, וואָס ווען ער איז שוין געווען אַ פאָטער פון אַ קינד און נאָך נישט געקענט דעם „פּוילישן" א. ב. צ. און דאָך אין אַ קורצער צייט אויסגעלערנט זיך דריי שפּראַכן, אָנגעהויבן מיט דעם, וואָס ער האָט זיך גאַנצע ווערטער־ביכער אויסגעלערנט אויף אויסנווייניק; ער, וואָס פאַרמאָגט אַ גרויס וויסן אין פילאָזאָפיע, קאָן אַ מאַסע ווערטער פון פרעמדע שפּראַכן און ווייסט אַלע באַדייטנדע דאַטן פון דער וועלט־געשיכטע אויפן קאָפּ — דאַרף זיך איצט אָנהייבן לערנען אויפדאַסניי, ווי אַ יינגל.

וואָלט עס אָבער גאָרנישט אויסגעמאַכט. אילאָווייסקיס „רוסישע געשיכטע" האָט ער אויסגעלערנט אויף אויסנווייניק. פאַר פיזיק, געאָ־גראַפיע, נאַטור־געשיכטע, מאַטעמאַטיק — פאַר דעם אַלעם האָט ער קיין מורא נישט. פאַרוואָס ער האָט יאָ מורא, איז פאַר אַ נאַריש קינדער־ליד. ער קאָן נישט אַרויסברענגען די „יערי" און די „אי", ווען מ'באַנוצט דעם האַרטן צייכן און ווען דעם ווייכן. אַלס פּוילישער פּאַטריאָט האָט ער, פאַרשטייט זיך, געפילט אַ שנאה צו דער אַרויפגעצוווּנגענער רוסישער שפּראַך; ווי ער האָט נישט גערן געהאַט איר ליטעראַטור — האָט ער זיך דאָך באַין אופן נישט געקאָנט, צי נישט געוואָלט, געוווינען צו איר. זיין צונג האָט זיך אַנטזאָגט ריכטיק אַרויסצוגעבן אַ רוסיש וואָרט. די שפּראַך איז געוואָרן אויסגעקנאָטן צווישן זיין צונג און זיינע ציין. אַ פּלאַטשיק

טייגל. ער קאָן זי בשום אופן נישט איינבייסן. ער ווייסט אָבער, אַז דער אינספעקטאָר וועט אים אויפן עקזאַמען גאָרנישט פרעגן: נישט וועגן געשיכטע, נישט וועגן מאַטעמאַטיק, נאָר דווקא דאָס פאַרשאָלטענע קינדער־ליד, וואָס ער קייעט יעדן פרימאָרגן פון דער האַלב-צעריסענער כרעסטאָמאַטיע אַרויס.

שלמה הורוויץ איז אָבער נישט געווינט צו זאָרגן. פון דעם האָט אים אָפּגעוווינט זיין פרוי נאָך פון דער צייט פון קעסט אָן. ווי אַ יידיש ווייבל, האָט זי גענומען אויף זיך די דאגות פון דער וועלט, און האָט איבערגעלאָזט פאַר איר מאַן די באַזאָרגונג פון יענער וועלט. דאָס איז נאָך געווען פון די צייטן, ווען ער איז געזעסן אין בית־מדרש און האָט אָנגעגרייט אוצרות חלק עולם הבא. דאָס האָט זיך נישט געענדערט דערנאָך, ווען ער איז געוואָרן אַן „אפּיקורס" און האָט זיך גענומען פאַר די טריף־פּסולע ביכלעך. ביזן היינטיקן טאָג נאָך קאָן רחל־לאה נישט זיין גאַנץ גלייכגילטיק, ווען זי הערט איר מאַנס שטימע אַרויסזינגען מיט אַ גמרא־נגון פון דעם קליינעם אַלקערל — זייער שלאָפצימער, — איבערחזרנדיק פאַר זיך אַ שווער שטיקל פילאָזאָפיע. דעם נייעם למוד האָט זי באַצייכנט מיט איין וואָרט „פילאָזאָפיע". זי הייבט דענסטמאָל אָן צו גיין אויף די שפּיץ־פינגער און מאַכט שטיל די קינדער מיט אַ „שאַ". שלמה הורוויץ ווייסט נאָר פון איין עבודה — צו לערנען. אַמאָלט האָט ער געלערנט גמרא — איצט, לערנט ער פילאָזאָפיע. אַלעם איבריקעם האָט ער איבערגעלאָזן אויפן ווייב צו באַזאָרגן. אַזוי דענסטמאָל, אַזוי היינט.

נאָכן ווייבס אַוועקגיין האָט ער אָבער מער נישט געקאָנט שלאָפן. דער עול האָט דאָך געפּיקט. ווי אַמאָל האָט דער „תכלית" געפאָדערט אויפצוהויבן זיך פרי און צו גיין אין בית־מדרש אַריין, אַזוי איצט האָט ער גערופן אויפצוהייבן זיך און אַריינצוכאַפּן די צוויי־דריי שעה — איידער ער האָט באַדאַרפט אין שולע גיין — פאַר זיך. ער האָט זיך גענומען אָנטון מיט אַ סדר, ווי ער איז געווינט געווען צו טון אַלצדינג אין לעבן. איין שטיק אָנטועכץ נאָך דעם אַנדערן איז געלעגן צוזאַמענגעלייגט גלייך מיטן קנייטש און איז געגאַנגען איינס נאָכן אַנדערן. אָפּגעהיט זאָל מען ווערן, אַז ס'האָט ווער געזאָלט די שטיקער אָנטועכץ צונויפמישן, די הויזן פריער אַוועקלייגן פאַרן העמד. ער האָט זיך געקאָנט אָנטון אין דער

פּינצטער. אַריינגעגאַנגען אין קיך, זיך געוואַשן אויף די שפּיץ־נעגל, כדי נישט אויפצוּוועקן די קינדער. דערביי אָבער האָט ער נישט פאַרגעסן אַ טרייסל צו געבן ביי דער טשופּרינע זיין זון, דעם גימנאַזיסט, וואָס האָט זיין קאָפּ אַרויסגעשטאַרצט פון בעט אַרויס. אָפּגעוואַשן זיך מיט אַ סדר, אָפּגעווישט זיך מיט אַ סדר, אָנגעטון זיך מיט אַ סדר, — און אַז ער איז שוין אינגאַנצן פּאַרטיק געוואָרן, האָט ער איבערגעווישט די ברילן אויף ריין און גענומען זיך לערנען.

די כרעסטאָמאַטיע מיט דעם קינדישן ליד איז געלעגן אָפן פאַר אים און האָט געמאָנט דעם „חוב". עס איז אים אָבער אַ שאָד געווען צו פּטרן אַזאַ פרישן פרימאָרגן אויף אויסצוברעכן די צונג אַרויסצוזאָגן ריכטיק די רוסישע ווערטער. וויפיל ס'איז נישט פאַר זיין פּעדאַנטישער נאַטור וויכטיק געווען אַ פאָנעטיש ריכטיק אַרויסגעזאָגט וואָרט, דאָך האָט ער געפונען די אַרבעט פאַר צופיל שפּילעריש, אַז ער זאָל פאַר איר פּטרן די גוטע פרימאָרגן־שעהען, ווען דער מוח איז פריש און קאָן בעסער פאַר־נעמען. ער האָט געהאַט אַ גרויסן יצר־הרע צו נעמען זיך צו זיין באַליב־טער אַרבעט. און דאָס איז געווען: צו זאַמלען מאַטעריאַלן פאַר זיין וויסנשאַפטלעכן ספר, וואָס ער קלייבט זיך צו שרייבן, בסוד־סודות, וועגן די יידיש־פּוילישע נעמען, וואָס קומען פאָר אין דער יידישער געשיכטע אין פּוילן. ער האָט געהאַט אַ פּאָר „מקורים" אינדערהיים און געמאַכט זיך פון זיי זיינע נאָטיצן.

און די כרעסטאָמאַטיע מיט דעם פאַרשטייענדיקן עקזאַמען האָט ער אָפּגעלייגט — ווי ער איז געוווינט געווען מיט אַלע אַנדערע וועלטיקע זאָרגן (ווי דירה־געלט צאָלן, קוילן אויפן ווינטער באַזאָרגן, חיונה איינ־צושאַפן) — אויפן ווייבס פּלייצעס. רחל־לאה וועט שוין אַן עצה געפי־נען...

דערווייל האָט זיך דערהערט פון דער עס־שטוב, וווּ די קינדער זע־נען געשלאָפן, אַ ייִנגלשע שטימע, וואָס האָט איבערגעחזרט אויף אויסנ־ווייניק פרעמדע ווערטער, פון אַן אומפאַרשטענדלעכער שפּראַך. דאָס איז געווען זיין זון, דער גימנאַזיע־תּלמיד פונעם זעקסטן קלאַס, וואָס איז איבערגעגאַנגען זיין גריכישע לעקציע, אויסגעלערנט זיך פון אויסנווייניק גאַנצע שטיקער „אָדיסעאַ". דער פאָטער האָט אויף אַ וויילע איינגעהאַלטן זיין לערנען און צוגעהערט זיך צום זונס, פאַר אים אומפאַרשטענדלעכע

זוערטער. דאָס יינגל איז געווען זיין ליבלינג. נאָך דעם עלטערן זון, וואָס איז אריינגעפאַלן אין געפּענגעניש צוליב זיין געהיימער געזעלשאַפטלע־בער טעטיקייט (וואָס אגב דער פאָטער איז נישט געווען דערפאַר), איז דאָס זעכצן־יאָריקע יינגל געוואָרן דער איינציקער טרעגער פון זיינע האָ־פענונגען. שלמה הורוויץ איז געווען אַ משכיל, און גאָרנישט מער. ער האָט געבראַכט מיט זיך פון בית־מדרש אַ גרויסן דורשט נאָך לערנען. פּונקט ווי זיינע זיידעס האָבן ליב געהאַט ארומצושווימען אין די טיפע־נישן פון תלמוד, אזוי האָט ער ליב געהאַט ארומצושווימען אין בילדונג. ער האָט געהאָלפן אַלעמען, וואָס האָבן זיך געוואָלט בילדן. אָבער ער האָט ליב געהאַט די בילדונג לשם בילדונג, און גאָרנישט מער. אין זיין יינגל האָט ער געזען די פאַרווירקלעכונג פון זיין אידעאַל. מיט דעם זעלבן נחת, וואָס זיין אייגענער פאָטער האָט אַמאָל צוגעהערט זיך צו זיין גמרא-לערנען, ווען ער איז אַ יינגל געווען, אַזוי האָט זיך איצט שלמה הורוויץ צוגעהערט צו זיין יינגלס גריכיש. און מען מוז זאָגן, אַז נישט אָן קנאה. יאָ, ער האָט מקנא געווען זיין זון, וואָס ער וועט האָבן די מעגלעכ־קייט צו לייענען די גריכישע און לאַטיינישע קלאַסיקער אין אָריגינאַל. אַ זאַך, אויף וועלכער שלמה הורוויץ האָט געקוקט ווי אויף אַ גליק, וואָס ליגט אויף דער צווייטער זייט גרענעץ פון זיין לאַנד, ווי אַן אָרימאַן קוקט אויף די רייכע פעלדער פון נגיד. ער האָט מקנא געווען זיין יינגל, זיין יוגנט, נישט צוליב דער יוגנט (וואָס שלמה הורוויץ האָט קיינמאָל נישט געהאַט), נאָר צוליב דער מעגלעכקייט פון לערנען זיך. יעדע שעה פון אייגענער זעלבסט־בילדונג האָט זיך דער לערער געמוזט קויפן מיט אַ גאַנצן טאָג פאַרשקלאַפונג צו אַנדערע. פון זיין קינדהייט אָן האָט ער געמוזט זיך דערנערן פון דעם, וואָס ער האָט זיין דערוועריבט וויסן פאַר-קויפט צו אַנדערע. אַזוי איז עס געווען אין די פרומע יאָרן אין בית־מדרש, ווו נאָך אַלס יינגל האָט ער געלערנט מיט יינגלעך, און אַזוי אויך אין זיינע שפּעטערדיקע יאָרן, ווען ער האָט זיך גענומען צו אַנדערע למודים. און כאָטש זיין לערערשע נאַטור האָט געפאָדערט דאָס איריקע, צו טיילן זיך מיט אַנדערע די רייכטימער, וואָס ער האָט דערוואָרבן (פון וואָס ער האָט אגב אַ גרויסע גייסטיקע הנאה געהאַט), האָט ער דאָך גע־קוקט מיט גרויס צער אויף די לאַנגע טעג פון זיין לעבן, אויף די לאַנגע נעכט, וואָס ער גיט אַוועק פאַר אַנדערע. ער האָט זיך געטראַכט: ווען

ער וואָלט געהאַט די לאַנגע זומערדיקע טעג און די לאַנגע ווינטער־נעכט פאַר זיך אַליין, וויפיל בילדונג וואָלט ער זיך געקאָנט איינשאַפן. און ווי אַן אָרימאַן, וואָס גאַרט נאָך רייכטום, האָט שלמה הורוויץ געגאַרט נאָך צייט, וואָס מער צייט האָבן פאַר זיך אויף לערנען. צוליב דעם האָט זיך ביי אים אויסגעאַרבעט אַ מערקווירדיקע געשיקלעכקייט איינצושפּאָרן צייט. קיינער האָט זיך נישט געקאָנט אַזוי פלינק אָנטון ווי שלמה הור־וויץ, קיינער האָט נישט געקאָנט נאָכשפּרינגען זיינע טריט איבער דער גאַס, ווען ער איז געגאַנגען אויף זיינע לעקציעס. קיינער האָט נישט גע־קאָנט אַזוי פלינק שטייגן טרעפּן־אַרויף און אַראָפּ, ווי דער מיטל־יאָריקער לערער. קיינער האָט נישט געקאָנט אַזוי זיך קאָנצענטרירן אין אַ בוך בשעת אַ רייזע אין אַ טראַמוויי, ווו צווישן איין שטיקל שפּינאָזאַ און אַן אַנדערן האָט ער געקאָנט אָן ווערטער, נישט אַרויסטוענדיק זיינע אויגן פון בוך, באַצאָלן דעם קאָנדוקטאָר זיין פאָר־געלט, אָפּענטפערנדיק מיט אַ שטופּ פון אַ פּלייצע אויף אַ שטופּ פון אַ פּלייצע, נישט צו שענקען אַ בליק אפילו דעם שכן, וואָס האָט אים געוואָלט צורויבן זיין שטיקל אָרט בשעת אַ געדראַנג. ער האָט שוין דערפילט ווען זיין סטאַנציע קומט אָן און אָן אָפּצונייגן זיין בליק פון זיין בוך, מיט פאַרנומענע אויגן האָט ער געקאָנט זען דעם נומער פון הויז, ווו ער האָט באַדאַרפט, און נישט מיט געזעענע טריט דורכשליכן זיך דורך אַ געדראַנג פון מענטשן, נישט אָפּצושטעלן זיך אויף קיין געשעעניש פון דער גאַס. דאָס שטענדיקע לויפן און איילן זיך האָט איינגעהאַלטן אין זיינע באַוועגונגען אַ בחורשע יונגט־קייט און פרישקייט, וואָס ער האָט מיטגעבראַכט מיט זיך פון בית־המדרש אַרויס.

ווען ער האָט איינגעהערט זיך צו זיין זונס גריכיש לערנען, האָט זיך אין אים געוועקט זיין פאָטערשער חשק אַריינצוגיין צום יינגל און זאָגן אים אַ גוט וואָרט. נאָר שלמה הורוויץ האָט זיך דאָס נישט פאַרגונען. ווי אַ פרומער ייד האָט שלמה הורוויץ „אָפּגעהיט“ די מצוות פון בילדונג. ווי אַ פרומער ייד היט זיך אויס פאַר אַן עבירה, אַזוי האָט זיך שלמה הור־וויץ אויסגעהיט עפּעס צו באַגיין קעגן די אָנגענומענע געזעצן און כללים פון בילדונג און פּראָגרעס. אַ מינוט נאָך האָט זיין פאָטער־אינסטינקט געצאַפּלט און געווערט זיך קעגן דער „פּעדאַגאָגיק“ אַרויסצוווייזן אַן איבעריק סענטימענטאַל געפיל צו אַ דערוואַקסן יינגל, — באַלד האָט די־

„לאָגיק" (שלמה הורוויץ האָט שטענדיק ליב געהאַט צו באַנוצן דאָס וואָרט „לאָגיק") געזיגט. שלמה הורוויץ אָבער האָט געהאַט אַ שוואַכ־קייט צו דעם יינגל זיינעם. נישט נאָר האָט אים געפּרייט דעם יינגלס גוטער קאָפּ, וואָס האָט אים געגעבן די מעגלעכקייט אַריינצוקומען אין גימנאַזיע, נאָר נאָך מער האָט אים געפרייט זיין זונס התמדה. כאָטש די גריכישע לעקציע איז באַשטימט אויף מאָרגן, לערנט ער זי שוין היינט אויס. אין דעם זון איז ער זיכער געווען, אַז ער וועט זיך נישט לאָזן אָפּ־נייגן פון זיין וועג אויף פּאָליטישער אַרבעט. זיין וועג וועט אים פירן צו אַ קאַריערע פון אַ געלערנטן, אין וועלכן שלמה הורוויץ האָט געזען דאָס העכסטע גליק פון מענטשלעכן לעבן. דאָס געפיל צום יינגל האָט אים נישט צורו געלאָזט און באַזיגט ווידער זיין „לאָגיק". בדי אָבער נישט צו זינדיקן קעגן דער פּעדאַגאָגיק, האָט ער אָנשטאָט אַ גוט וואָרט, וואָס איז רייף געוואָרן אין זיין האַרץ צו זיין קינד, אָנגעהויבן זיך צו בייזערן אויף אים און אַריינגערופן דורך דער טיר:

— דוד, דוד (שלמה הורוויץ האָט נאָר געגעבן זיינע קינדער ביבלי־שע נעמען), וואָס שלינגסטו די ווערטער ווי זיי וואָלטן געווען קליסקעס? „אָדיסעאַ" עסט מען נישט — „אָדיסעאַ" טרינקט מען ווי גוטן ווין!

מיט דער דאָזיקער באַמערקונג איז אי זיין פאָטער־ליבע, אי זיין לערערשער אינסטינקט געוואָרן געשטילט (דערביי נישט צו פאַרזינדיקן זיך קעגן די געזעצן פון דער פּעדאַגאָגיק).

דאָס יינגל האָט איינגעהאַלטן זיין אימפּעט, און האָט אָנגעהויבן אַרויסצוזאָגן די האָמערישע סטראָפן מיט מער ריטם, דעקלאַמירנדיק, און ער האָט געוווּסט, אַז ער וועט מיט דעם דעם פאָטער געפעלן.

דערביי אָבער האָט זיך דאָס יינגל געטראַכט: „אים איז עס לייכט צו זאָגן: שלינג נישט. הונדערט סטראָפן אָראָפּצוזאָגן פון אויסנווייניק, כדי דעם חזיר, דעם פּאָרזיצער פון לערער־ראַט, וואַסיל אַנדרייעוויטש (וועלכער איז אַ גרויסער ליבהאָבער פון דער הומאַניסטישער בילדונג), צו געפעלן". דורך דעם וואָס ער, דוד, קאָן פינף מאָל מער סטראָפן פון דער „אָדיסעאַ" אויף אויסנווייניק, וויפיל מ'באַדאַרף, איז נאָך מעגלעך, אַז דאָס יינגל זאָל אָנהאַלטן זיין זשורנאַל אויף שטענדיקע פינפן, וואָס אָן זיי טאָר ער זיך נישט אינדערהיים ווייזן, ווייל די פינפן גיבן אים

די מעגלעכקייט צו באַקומען די נויטיקע סטיפּענדיע פון אַ רייכן מעצע־נאַט פאַרן באַצאָלן אין קלאַס.

נאָר באַלד האָבן זיך דערהערט שטימען פון אַלע ווינקלען פון דער וווינונג. קינדישע שטימען, און שטימען פון דערוואַקסענע, נידריקע און העכערע, פאַרשטענדלעכע ווערטער און אומפאַרשטענדלעכע ווערטער; ווערטער, וואָס האָבן אַ זין, און ווערטער, וואָס האָבן גאָר קיין זין נישט: ציפערן, רוסישע גראַמאַטיק, פיזיקאַלישע כללים, געאָגראַפישע נעמען, נעמען פון אַפריקאַנישע טייכן, פון פּאַציפישע אינדזלען, וועלכע וועלן קיינמאָל נישט ווערן באַטראַכט; אַסטראָנאָמישע ציפערן, וועלכע וועלן קיינמאָל נישט ווערן געברויכט; פיזיקאַלישע געזעצן, וועלכע וועלן קיינ־מאָל נישט ווערן אויסגעפירט, און גראַמאַטיקאַלישע כללים, וועלכע וועלן קיינמאָל נישט ווערן באַנוצט און זענען נאָר באַשאַפן געוואָרן, כדי קינ־דער צו פּייניקן און זייערע יונגע טעג צו „פאַרביטערן" — דאָס האָט זיך דאָס „בית־המדרש" אָנגערופן, וואָס האָט געהויזט ביי הורוויצן אין שטוב.

אַז עס איז טאָג געוואָרן און מען האָט שוין דעם גראָען מאָרגנשיין געקאָנט באַנוצן אָנשטאָט די אָנגעצונדענע גאַז־ליכט, איז פון מאַרק צו־ריקגעקומען רחל־לאה. זי איז געווען איינגעהילט אין אַ שאַל ... זי איז געווען איינגאַנצן באַגאָסן פון אַנגסטן. די אַנגסטן האָבן נישט אַרויסגערופן אויף איר פּנים די צוויי פולע קויבערס מיט גרינוואַרג, ערד־פּרוכטן, מילכיקס און אַנדערע עסנוואַרג, וואָס זי האָט געטראָגן אויףביידע הענט, נאָר די אַנגסט נישט צו פאַרשפּעטיקן זיך מיטן אָנבייסן פאַרן מאַן מיט די קינדער, איידער זיי גייען אין שולע. נאָך איר האָט אַ הויכער פויער נאָכגעטראָגן אַ זאַק מיט קאַרטאָפלעס און אַ קויש מיט פלוימען אויף פּאָווידלע צו מאַכן. הינטער איר האָט זיך נאָכ־געשלעפּט אַ דערשראָקענער יונגערמאַן. אַזוי באַלאָדן, איז רחל־לאה געקו־מען פון מאַרק אַהיים!

— ווער איז דאָס? — האָט איר מאַן געפרעגט אויפן פרעמדן בחור, ווען ער איז אַריינגעקומען צו רחל־לאהן אין קיך, זי אונטערצוטרייבן די קאַווע צו קאָכן, ווען ער האָט פּלוצלינג אַנטדעקט דעם יונגנמאַן.

— איך ווייס? — ענטפערט רחל־לאה. — געפונען אים אויף די טרעפּ. דאָרט אַ גאַנצע נאַכט אָפּגעזעסן.

דער בחור, וואָס איז געזעסן אַ שווייגנדיקער און אַ פאַרשעמטער,

זוי באַהאַלטנדיק זיך אינעם שאָטן פון רחל־לאהס שירעם, האָט זיך אויפ־געהויבן ביים לערערס אַריינקומען. זיינע פּאות האָבן געציטערט און ער האָט געהאַלטן די אויגן איינגעגראָבן אין אַ ווינקל און געפרעגט: — דאָס איז אפשר דער הער הורוויץ?

— וואָס ווילט איר? — האָט דער לערער געפרעגט.

— איך וויל זיך לערנען. איך האָב אַ גרויסן חשק זיך צו לערנען. — שטאַמלט דער יונגערמאַן אַ דערשראָקענער.

— זייער ווויל, זייער פיין, אַז איר ווילט זיך לערנען. אָבער וואָס זאָל איך פאַר אייך טון?

— מ'האָט געזאָגט ביי אונדז אין קראַסנישין (איך קום פון קראַס־נישין), אַז דער, וואָס וויל זיך לערנען, פאָרט קיין וואַרשע צו דעם לערער שלמה הורוויץ. ער העלפט אין דעם אַלעמען אַרויס, — און איך האָב גרויס חשק זיך צו לערנען, גרויס חשק.

— איך האָב אויך חשק זיך צו לערנען. צו וועמען זאָל איך פאָרן? אפשר קאָנט איר מיר אויך געבן אַן אַדרעס, צו וועמען זיך צו ווענדן? — פרעגט דער לערער.

דער יונגערמאַן בלייבט שטיין אָן לשון. זיינע פּאות ציטערן נאָך מער, און אַליין שאָקלט ער זיך אויך און רעדט ווי פאַר זיך:

— און וואָס זאָל איך טון?

— איך ווייס וואָס איר זאָלט? — וואָס פרעגט איר מיך? וואָס בין איך, אַ בילדונגס־מיניסטער? וואָס האָב איך, אַן אַקאַדעמיע? איך וואָלט געווען אַ בילדונגס־מיניסטער, איך וואָלט געהאַט אַן אייגענע אַקאַדעמיע, וואָלט איך אוודאי געהאָלפן אַזעלכע יונגעלייט. אָבער וואָס קאָן איך טון, — וואָס קומט איר צו מיר?

— צו וועמען דען? צו וועמען דען? — פרעגט דער יונגערמאַן פאַר זיך.

רחל־לאה, וועלכע האָט אויס דרך־ארץ פאַר איר מאַן, נישט דער־וועגט אַריינצומישן זיך אין אַ געשפרעך, קאָן עס אָבער שוין נישט אויס־האַלטן. איר גאַנצער וואַרימער טעמפּעראַמענט גיט זיך אַ וועק־אויף, זי ווערט רויט איבער די אויערן און רעדט־אויס:

— וואָס האָסטו זיך אַוועקגעשטעלט בייזערן אויף אים? וואָס זאָל ער טון, אַז ער וויל זיך לערנען? וואָס, גנבענען וויל ער, גזלענען וויל ער?

וואָס בייזערסטו זיך? זעצט אייך, יונגערמאַן. הונגעריק זענט איר דאָך אוודאי. לאָז אים כאָטש אָפּאָטעמען. אַ גאַנצע נאַכט געזעסן אין דרויסן.

— ווו וועסטו אים באַהאַלטן? דאָס גאַנצע הויז איז דאָך שוין פול? וואָס קומען זיי צו מיר?

דערהווייל האָט דעם יונגנמאַנס דערשיינונג אַרויסגערופן נייגעריקייט ביי די הויז־מענטשן. אין דער טיר פון קיך האָט זיך באַוויזן אַן איינ־וווינער פון „בית־המדרש", וועלכער איז אַרויסגעקומען באַטראַכטן זיין נייעם קאָלעגע.

— פאַניע הורוויץ — איר האָט זייער רעכט. יונגערמאַן, וואָס זענט איר זיך געקומען לערנען? — אַרבעטן באַדאַרף מען, — רופט זיך אָן אַ פאַרשוין אין דער טיר פון שטוב, אַריינשטעקנדיק צווערשט זיין לאָמ־הענטל.

— אַהאַ, דער שמדניק איז שוין דאָ, אַזוי ווי עס וואָלט אים ווער געוועזן געפרעגט. אַזאַ לייט ווי איר, וועט ער נאָך שטענדיק זיין, — רופט זיך אָן די באַלעבאָסטע, און באַרואיקט דעם צעשראָקענעם בחור מיט אַ גוטן בליק. — איר הערט זיי נישט. זעצט אייך. וואַרט, איך וועל באַלד קאַווע מאַכן.

און זי נעמט דעם יונגנמאַנס פעקל, וואָס באַשטייט אין אַן איינ־וויקלעכטס אין אַ ציישונג, וואָס ער לאָזט נישט די גאַנצע צייט אַרויס פון אונטערן אָרעם, און לייגט עס אַוועק, ווי זי וואָלט דורך דעם אָפּגע־פסקנט. אַז ער בלייבט דאָ.

דער לערער פרוווט נאָך עפּעס צו רעדן. נאָר דאָס ווייב פאַרמאַכט אים באַלד דאָס מויל.

— וואָס האָבן זיי זיך אָנגעזעצט! אפשר וועט איר שוין אַרויסגיין פון קיך. איך באַדאַרף אָפּקאָכן קאַווע, אָדער נישט! — זאָגט רחל־לאה און נעמט זיך אַזוי ענערגיש צו דרייען מיט איר קאַווע־מילעכל, אַז זי פאַריאָגט מיט דעם איר מאַן און דעם אַנדערן.

## קאַפּיטל 2

# רחל־לאהס טאָג האָט זיך אָנגעהויבן

באַלד האָט זיך דערהערט פון הויף דאָס ספּעציפישע זינגען פון די וואַרשעווער הויף־פייגל:

— האַנדל! האַנדל! האַנדל!

האָט רחל־לאה געוווּסט, אַז דער טאָג האָט זיך אָנגעהויבן, האָט זי זיך גענומען מיטן גאַנצן אימפּעט צו רייבן די קאַווע. ווען זי האָט געהאַלטן דאָס קאַווע־מילעכל צווישן אירע קני, האָט זי געצויגן די ווערטער ביים שעמעוודיקן ישיבה־בחור, וועלכער האָט זיך מיט זיין גאַנצער אַפּיקורסות געפילט פאַרלעגן צו זיצן אַליין מיט אַ נקבה. זי האָט געוווּסט זיין גאַנץ לעבן, איידער ער האָט נאָך דאָס מויל געעפנט. עס איז איר געווען געניי באַוווּסט די „היסטאָריעס" פון די יונגעלייט פון אירע פריערדיקע באַקאַנטשאַפטן. זיי זענען מער אָדער ווייניקער געווען ענלעך איינער צום אַנדערן. „אַוודאי שוין אַ באַווייבטער אויך!", וואַרפט זי אים צו פון קאַווע־מילעכל אַרויס. „ניין, קיין באַווייבטער איז ער נאָך נישט", זאָגט ער אַ רויט־ווערנדיקער. „נאָך גוט. און ווי קומט דאָס?" וווּנדערט זי זיך כמעט. „דער טאַטע אַוודאי געכאַפּט ביי די טריפה־פּסולע, אויסגעפּאַטשט. אַרויסגעוואָרפן פון שטוב, העט?" „שיעור מיך געמזיקט צום טויט", זאָגט דער יונגערמאַן, ווידער אַמאָל רויט ווערנדיק. „פון שטוב אַרויסגעטריבן, ביי חברים זיך אַרומגעוואַלגערט, ווו איין נאַכט גענעכטיקט, נישט די אַנדערע. וואָס טון אין קליינעם שטעטל? כיבאַ אַ גנב ווערן. מיט שלעכטע יונגען זיך אַרומדרייען. און אַז מען האָט איינס אָוועקגעוואָרפן, מוז מען זיך דאָך צו עפּעס אַנדערש נעמען. מ'מוז דאָך האָבן מיט וואָס צו לעבן?" — פאַרענדיקט דער אויפגעמוטיקטער יונגערמאַן און קוקט אין אַ זייט. — „און זיי פרעגן, פאַרוואָס זיי קומען אין אַ גרויסער שטאָט? ווו דען זאָלן זיי גיין?" ברומט די פרוי פאַר זיך. „און מ'וועט שוין זען וואָס מ'קאָן טון". נאָכן אָנבייסן וועט זי אַראָפּגיין צום לעדער־סוחר, אפשר וועט ער האָבן נאָך אַ פּלאַץ אין זיין לעדער־קעלער, כאָטש אויף די פעלן צו נעכטיקן; אַז נישט, אפשר ביים בעקער אויף די זעק מעל, — טראַכט זי זיך. נאָך אַלעם האָט ער גוט געטון,

וואָס ער איז אין דער גרויסער שטאָט געקומען. און זי נעמט און גיט אַ שיט־אַריין די אָפּגעמאָלענע קאַווע אין זודיקן טאָפּ.

דאָס הויזגעזינט האָט שוין אומגעדולדיק, מיט האַלבע פּרעטענזיעס, געוואַרט אויפן אָנבייסן. דער מאַן מיט דעם ביכל אין האַנט, ווי תמיד ביים קאַרגן גראָען מאַרגנליכט, שטייט ביים פענצטער. ער האָט נאָך אַ לעקציע, איידער עס הייבט זיך אָ די שולע. דער זון — מיטן ביכער־ראַנציעץ אין האַנט.

— רחל־לאה, עס איז שפּעט, — פאָדערט מען פון איר. אין אַ מינוט האָט זי שוין געגרייט צום טיש, מיט דער פרישער פּוטער, וואָס זי האָט פון מאַרק אַהיימגעבראַכט, און שניידט שוין אָפּ די גרויסע המוציאָס מיט פּאָווידלע פאַרן זון אין שולע מיטצונעמען. דערווייל וואַרפט זי צו אַ טעפּעלע קאַווע דעם זיך־פאַרלוירן־זיצן געבליבענעם יונגנמאַן, מיט אַ גוט וואָרט: „ווי עס זאָל נישט זיין, — זאָל ער זיך דערוואַרימען, אַ גאַנצע נאַכט אינדרויסן געשטאַנען, — און וועגן תכלית וועלן מיר שפּעטער קלערן".

אַז די מענער זענען אַוועק, קומט די צייט אויף די מיידלעך. אין דער „בלינדער שטוב" (אַן אָפּגעטיילטע דורך אַ שפּאַניש ווענטל פון עס־צימער) שלאָפן די טעכטער. עס הערט זיך שוין פון דאָרט אַ נאַקעט מיידליש שאַרן מיט הענט און פיס, זינגענדיקע מיידלשע שטימען, און אַן אָמפּערן זיך. דאָס רייסט מען זיך אַרום איבער דער פרימאָרגנדיקער צייטונג, וועלכע פון זיי זאָל פריער דורכלעזן די פאָרזעצונג פון זשע־ראָמסקיס ראָמאַן, וואָס דרוקט זיך אין צייטונג. „אַהאַ, עס הייבט זיך שוין אָן: פּאַניע זשאַבלינער" (אַז זי וויל עפּעס פון איר סובלאָקאַטאָר, רופט זי אים נישט „שמדניק", נאָר מיטן פאַרווייַנטן נאָמען „זשאַב־לינער") — רופט פרוי הורוויץ דורכן פּאַפּיר־ווענטל אין „בית־המדרש" אַריין — נעמט אים דערווייל אַריין צו זיך; העלענקע באַדאַרף זיך וואַשן", שטופּט זי אין די אָרעמס פון סובלאָקאַטאָר דעם פרעמדן יונג־גנמאַן און קלאַפּט צו די טיר נאָך ביידע. פון דער „בלינדער שטוב" הערט זיך שוין טאַקע זאָשקעס, דער יינגערער טאָכטערס, שטימע: „מען קאָן, מאַמעשי?" די יינגערע, כאָטש קוים זעכצן, איז שוין מער פרוי פון דער עלטערער, און זי האָט עס ליב אונטערצושטרייכן ביי יעדער געלעגנהייט. אין גאַנצן הויז איז דאָ איין־איינציק אָרט זיך צו וואַשן,

ביי דעם קראַן אין קיך. לויפט זי טאַקע אַרום אַ גאַנצן פרימאָרגן, האַלב אַן אויסגעטועטע, פון איין שטוב אין דער אַנדערער, און צעיאָגט די מאַנספאַרשוינען, די אייגענע און די פרעמדע, מיטן געשריי: „מען קאָן נישט, מען קאָן נישט". „מען קאָן, מען קאָן", ענטפערט אָפּ די מאַמע. און צוויי האַלב־נאַקעטע מיידלעך קומען זיך אינאיינעם אַריינצושטופּן. זיי פאַרענדיקן דאָס לעזן די פאַרזעצונג פון זשעראָמסקיס ראָמאַן אין דער טעגלעכער צייטונג אויפן וועג ביז צום וואַסער־קראַן.

די עלטערע איז צירלעך־מאַנירלעך. אַ שלאַנקע, אַ דינע, אַ ווייכע און אַ מיידלשע. זי האָט זיך ליב צו פּוצן און נאָך מער האָט די מאַמע ליב זי צו סטראָיען — כאָטש אין סאַמעט און אין זיידנס. עס איז נאָר, נעבעך, נישטאָ פאַרוואָס. אַרויסגענומען זי פון פּינסקן קלאַס פּענסיאָן מיט געוויין, אַז זי זאָל צוהעלפן דעם טאַטן אין שולע. די איבריקע צייט מוז זי לויפן אויף לעקציעס פאַר זיך אויף אַ קליידל צו פאַרדינען. ווינ־טער האָט עס געהייסן אויף אַ מאַנטל. נאָר שטענדיק איז דאָ אַן אַנדער לאָך צו פאַרשטופּן: דירה-געלט, קוילן, צי פאַר עפּעס אַנדערש. אָבער דאָך, ווי ווייט זי קאָן, רחל־לאה, שפּאָרט זי אָפּ פון מויל, שפּאָרט זי אָפּ פון איר צייט פאַר דער עלטערער. אויך אַצינד האָט די מאַמע אַרויס־גענומען פון טאָפּ אַרויס דעם מיידלשן קאָרסעט, איבער וועלכן זי איז נעכטן שפּעט אין אָוונט געזעסן און אים פאַרריכט, באַהאַלטן אין אַ טאָפּ, כדי דער טאַטע זאָל אים נישט זען. אָפּגעהיט זאָל מען ווערן, אַז איר וועט אויסזאָגן דעם לערער, אַז זיין טאָכטער טראָגט אַ קאָרסעט און אַז דאָס האָט אים די מאַמע אַליין, שפּעט אין אָוונט, אויסגעוואַשן און אויסגעריכט פאַר דער טאָכטער. וואָרים פּונקט אַזוי ווי די פּעדאַגאָגיק רעקאָמענדירט צו וואַשן זיך איבערן האַלבן לייב יעדן פרימאָרגן מיט קאַלט פריש וואַסער (וואָס די עלטסטע טוט טאַקע איצט ביים קראַן), פּונקט אַזוי פאַרווערט די פּעדאַגאָגיק צו טראָגן אַ קאָרסעט. אַ בפירוש־ שער דין. רחל־לאה גייט נעבעך אַראָפּ פון פרומען וועג און הינטער דעם מאַנס רוקן זינדיקט זי אַביסל אונטער קעגן די דינים פון פּראָגרעס... זי קאָן נישט פאַרשטיין, ווי אַזוי אַ מיידל קאָן זיך אָנטון אָן אַ קאָרסעט. אַלע אויפקלערונגען פון לאַנגע ווינטער־נעכט, אַז אַ קאָרסעט שטאַמט פון יענע ווילדע באַרבאַרישע צייטן פונעם באַרימטן „כינעזישן צוואַנג־ שיכל", העלפן נישט, און איצט גלעט זי אים אַליין אויס, נישט אָן ליבע

(ער דערמאָנט אירע אייגענע מיידלשע יאָרן) און פּאַרציט אין אים די
שנורן.

שטייט די עלטערע, דאָס העמד אַראָפּגעלאָזט. איר איידעלע מיידל־
שע הויט, וואָס טראָגט אין זיך שטראַלן פון דאָרפישער זון, וואָס זי
האָט אין זיך איינגעזאַפּט דורך דעם זומער אויף איר וואַקאַציע, גע־
האַרטעוועט פון קאַלטע סטאַוון און טייכן, אין וועלכע זי האָט זיך גע־
באָדן, רויטלט זיך פון שטראָם אייז־קאַלטן וואַסער, וואָס זי לאָזט אי־
בער זיך. די יינגערע, אין דער האַלקע, וואַרט אויף איר ריי צום וואַסער־
קראַן, לעזט דערווייל פאָר פאַר דער זיך־וואַשנדיקער שוועסטער די לעצ־
טע ענד פון פאָרזעצונג פונעם ראָמאַן. דערביי מוז זי דערהויבן איר
שטימע ביז צו דער העכסטער אָקטאַווע. וואָרים, צוליב דעם וואַסער־
גיסן, דערהערט נישט די שוועסטער איינצלנע ווערטער. דאָס אָרט פו־
נעם ראָמאַן מוז זיין זייער אויפרעגנדיק, וואָרים די זיך־וואַשנדיקע
שוועסטער שטעלט זיך יעדן אויגנבליק אָפּ און מיט פאַרמאַכטע אויגן
פון בייסנדיקע זייף־מולענעס פרעגט זי איבער יעדעס נישט־דערהערטע
וואָרט. די מאַמע דערווייל, אַן אומגעדולדיקע מיטן קאָרסעט אין האַנט,
טרייבט־אונטער די טעכטער. זי האָט מורא, אַז עס זאָל ווער נישט פלו־
צים אַריינקומען און זי כאַפּן מיט דער קאָנטראַבאַנדע אין האַנט —.
מיטן קאָרסעט...

גאָט צו דאַנקען, דאָס „טרפה־פסולנע” שוין פאַרשטעקט אונטערן
קליידל און דאָס קליידל מיטן מיידל שוין אויך פאַרשוווּנדן. די עלטס־
טע אַריין אין שולע אויף די לעקציעס, די יינגערע אין פּענסיאָן. ערשט
דעמאָלט דערלויבט זיך רחל־לאה עפּעס צו עסן. מיט דער זעמל אין מיט
אַ טעפּל קאַווע צווישן די קני, מאַכט זי אַ חשבון פון אַלע אירע זאָרגן.
גיט אַ קרעכץ אויפן זון, וואָס זי האָט איבערגעלאָזט צו זיין אייגענעם
גורל אין פּעטערבורג. זי האָט אויך עפּעס צו קרעכצן אויפן יינגערן זון,
דוד. די מאַמע ווייסט עפּעס וועגן אַזעלכעס, וואָס דער טאַטע טאָר נישט
וויסן. ער איז געכאַפּט אויף דער זעלבער קרענק. וואָס דער עלטערער
ברודער און ברענגט אַהיים עפּעס אַזעלכעס וואָס די מאַמע פאַרשטעקט
אין אירע טעפּ... אַחוץ די זאָרג וועגן איר אייגן הויזגעזינט; וועגן דעם
שווערן ווינטער, וואָס שטייט הינטער דער טיר ווי אַ וואָלף; וועגן דעם
אינספּעקטאָר, וואָס ליגט אויף איר קאָפּ, יאָגט־אַרום מיטן עקזאַמען

און יעדעס מאָל וואָס ער באַווייזט זיך אַנטלויפט דאָס בלוט פון פנים, און וועגן דער רייכער אַריסטאָקראַטישער דאָקטאָראָווע זילבערשטיי־נאָווע, וואָס האָט אָנגעזאָגט איר ווייזיט אין דער שול אויף היינט — איז איר צוגעקומען איצט אַ נייע זאָרג וועגן איינאָרדענען דעם יונגנ־מאַן, וואָס זי האָט געפונען היינט אינדערפרי הינטער איר טיר.

נאָר יעדעס מאָל, ווען עס מאַכט זיך אַן עקסטראַ־שטיקל אַרבעט און זי קאָן זיך נישט קיין עצה געבן, רופט זי צו הילף דעם „זשאַבלינער". דער „זשאַבלינער" איז איר עלטסטער אַרויסהעלפער. ער איז דער עלטס־טער סובלאָקאַטאָר אין „בית-המדרש" און ער — מער ווי אַן אַנדערער — ווייסט פון רחל־לאָהס זאָרגן, און העלפט איר צו לייזן די פאַרשידענע שווערע פראַגן, וואָס שווימען־אַרויף אין איר טאָג-טעגלעכן לעבן. ווי זי זידלט אים נישט און רופט אים נישט אַן מיט יתרוס צונעמען — איז ער, דער „זשאַבלינער", דער איינציקער בן־בית, וואָס זי רופט צו הילף אין אירע נויטן.

— מרדכי־חיים, מרדכי־חיים! — רופט זי אים דאָס מאָל ביי זיין ריכטיקן נאָמען, — וואָס קומט נאָר פאָר אין זייער זעלטענע פאַלן, ווען זי באַדאַרף אָנקומען צו זיין הילף, — מרדכי־חיים, קומט נאָר אַריין, — רופט זי צו אים דורך דער טיר.

אין דער טיר פונעם „בית-המדרש" באַווייזט זיך ווייַנבערג, דאָס שוואַרצע שטעכיקע קאָזע־בערדל אַרויסשטאַרצנדיק פאָראויס פאַר זיך, מיט די צוויי אומרואיקע, שפּיציקע, שוואַרצע מייזל־אויגן. ער דערוועגט זיך נישט אַריינצוטרעטן אין קיך. ער ווייסט וועגן וואָס עס האַנדלט זיך און האָט מורא צו נעמען אַ נייע זאָרג אויף זיך. ער שטאַרט-אַרויס דאָס רויטע צינגל ווי אַ הינטל צווישן די צוויי פאַרטריקנטע ליפּן, און פרעגט אין דער טיר:

— פאַני הורוויץ, וואָס ווילט איר?

— וואָס האָט איר מורא, אַז איך וועל פון אייך אַ שטיקל אָפּבייסן? קומט נאָר אַריין דאָ, — זאָגט זי צו אים מיט אַ גוט־מוטערשן ווונק און אַ ווייל-ווייבערישן שמייכל.

ער ווייסט, דער „זשאַבלינער", אַז עס וועט אים טייער קאָסטן. ער וויל זיך דערפון אַרויסמאַכן. אָבער דער ווייל־ווייבערישער איינלאַדונג

פון פרוי הורוויץ קאָן ער דאָך נישט בײַשטײַן. זאָגט ער עפּעס אונטער דער נאָז מיט אַ ברום, און קומט אַרײַן.

— נאַט, טרינקט אַ טעצל קאַווע, — שטעלט זי פאַר אים אַוועק אַ טעצל.

— מוחל, שוין געגעסן אָנבײַסן, — רוקט ער כמעט אָפּ דאָס טעצל, — געהאַט אַ פונט ברויט מיט מילך פון נעכטן. צו וואָס האָט איר מיך אַרײַנגערופן?

— מרדכי־חיים, גיט אַן עצה, וואָס טוט מען מיטן יונגנמאַן? — זאָגט זי, אַרויפּלייגנדיק איר האַנט אויף זײַנע אַקסל.

— אַהיימפאָרן. מ׳באַדאַרף זיי דאָ נישט האָבן. אַז זיי ווילן עפּעס טון, קאָנען זיי עס בעסער טון אויף דער פּראָווינץ. אינדערהיים קאָן מען זיך אויך לערנען. און מ׳באַדאַרף זיי גיכער האָבן דאָרט, אין די קליינע שטעטלעך, ווי דאָ. זאָלן זיי קעמפן מיט דער פינצטערניש, זאָלן זיי אַנ־דערע אויפמוטיקן. וואָס וועט דאָ פון אים ווערן? אַן עקסטערן? — מיר האָבן זיי גענוג, גענוג, דאָרטן זאָלן זיי זיצן.

— און פאַרוואָס זענט איר נישט דאָרט געבליבן, אין קליינעם שטעטל, נאָר זענט אַהער געקומען צו לויפן? אַנדערע הייסט איר!

— וואָס מיינט איר, בין איך טאַקע אויך אַ פאַרך. געוויס וואָלט איך אין שטעטל פיל מער נוצן געקאָנט ברענגען. מיר ווילן עס זיך אַלע לײַכטער מאַכן — און מ׳אַנטלויפט פון זיך. נישטאָ פון וואַנען צו אַנט־לויפן. דאָרט ווו מען איז — דאָרט דאַרף מען זיך מאַכן נוצלעך.

— איר הערט דאָך, אַז ער האָט אַ פאָטער, וואָס שלאָגט אים. ווי האָט ער געקאָנט בלײַבן?

— מ׳האָט מיך אויך געשלאָגן, אַ קאַליקע מיך געמאַכט — שלאָגט מען צוריק. קעמפן איז נישט אַזוי לײַכט.

— אַלזאָ, וועט איר מיר נישט העלפן אײַנאָרדענען דעם יונגנמאַן?

— נישט די האַנט אין קאַלטן וואַסער. צו וואָס, צו ווען? אַז מ׳זאָל האָבן נאָך אַן אינטעליגענט? מיר האָבן זיי גענוג. דאָס לעבט דאָך נישט פאַר קיין אַנדערע, נאָר פאַר זיך, כדי אַ קאַריערע צו מאַכן. דערנאָך, אַז עס דערשלאָגט זיך צו וואָס, פאַרגעסט עס אָן אונדז און גייט נאָך אַרי־בער צו אונדזערע שונאים, צום שטאַרקן צד. אַבי עס האָט זיך נאָר זײַנס

דערגרייכט, שטיצט עס די געזעלשאַפט, וואָס שטיצט אים. אַ האַנט וואַשט אַ האַנט.

— וואָס דען זאָל ער טון?

— אַהיימפֿאָרן. דאָרט זאָל ער זיצן אין פֿינצטערן לאָך, און דאָרט זאָל ער קעמפֿן מיט דעם פֿאַנאַטיזם, מיט דער רעאַקציע. נישקשה, ביכער קאָן מען אויך אינדערהיים קריגן, אַז מ'וויל זיך לערנען. און אַרבעטן דאַרף מען, פֿאַרדינען זיך אַליין דאָס שטיקל ברויט מיט אייגענע הענט. דאָס איז די ערשטע זאַך, און אַז מ'האָט צייט, לערנט מען זיך, און אַז נישט — נישט. נישט זיצן ווי אַ קעסט־קינד אויפֿן קאַרק פֿון גוטע מענטשן, ביז מ'וועט ווערן אַ דאָקטאָרל, אַן אַדוואָקאַטל. מיר האָבן זיי גע־נוג, גענוג; אַרבעטער דאַרף מען — עס איז היינט נישט מער די צייט פֿון דער השכלה.

ער האָט גערעדט מיט איבערצייגונג און, ווי תמיד, געשפּריצט מיט די ווערטער, פֿאַרציענדיק די אויגן און באַוועגט מיטן קאָזע־בערדל. דערצו האָט ער זיין קראַנק הענטל געקאָנט מאָדנע ברענגען אין באַוועגונג. פֿרוי הורוויץ האָט נישט געהאַט וואָס אים צו ענטפֿערן, זי האָט דערפֿילט, אַז מרדכי־חיים האָט רעכט. איר רעספּעקט אָבער צו בילדונג, אין וועלכן זי איז דערצויגן געוואָרן דורכן מאַן, האָט באַין אופֿן נישט געוואָלט נאָכ־געבן. און, ווי שטענדיק אין אַזעלכע פֿאַלן, אַז זי האָט נישט געהאַט וואָס צו ענטפֿערן, איז זי בייז געוואָרן און האָט אים גענומען זידלען.

— היינט זענט איר אַ קנאַקער, איר האָט אַזוי נישט גערעדט, ווען אַנדערע האָבן אייך געהאָלפֿן צו בלייבן דאָ אין דער גרויסער שטאָט. איצט שיקט איר אַנדערע צוריק אַהיים אין די קליינע שטעטלעך...

— וואָס טו איך דאָ, איך גיי אויף בעלער? איך לערן זיך אויף אוני־ווערזיטעטן? איך אַרבעט אויף מיין שטיקל ברויט, און אַז איך האָב צייט — לעז איך אַ ביכל, און אַז נישט — איז נישט.

פֿרוי הורוויץ איז אומגעדולדיק געוואָרן.

— אַלזאָ, וועט איר מיר גאָרנישט העלפֿן עפּעס צו טון פֿאַר דעם יונגנמאַן?

— נישט די האַנט אין קאַלטן וואַסער. פֿאַר פּאַראַזיטן טו איך **נישט.**

— איר זענט אַליין אַ פּאַראַזיט, און איר זענט אַליין אַ דאָקטאָרל

און אַן אַדוואָקאַטל. און זענט איר עס נאָך נישט — ווילט איר עס ווערן. איר אַליין האַלט מיט די שטאַרקערע קעגן די שוואַכע. איר זענט אַ „ליט־וואַק" (דאָס איז געווען דאָס גרעסטע זידל־וואָרט ביי די הורוויצעס אין שטוב). איר האָט גאָר קיין האַרץ נישט, אַז איר קאָנט אַזאַ יונגנמאַן הייסן צוריק אהיימפאָרן. די הון געדענקט נישט, ווען זי איז אַליין אַן איי געווען. איך דאַרף אייך אויף טויזנט שאָק כפּרות. איך אַליין וועל זיך נעמען צו טון.

און זי האָט געכאַפּט דאָס טוך איבער די פּלייצעס און האָט גענו־מען אַרויסגיין.

נאָר איידער זי האָט די טיר פון קאָרידאָר אויפגעעפנט, האָט זי צו ווייגבערגן צוגעשריגן:

— הערט נאָר, „זשאַכלינער", אַז איר ווילט ברויט צו דער קאַווע, נעמט אייך. די פּוטער שטייט אין שענקל.

און זי איז אַרויס פון קיך מיט אַ קנאַק פון טיר.

## קאַפּיטל 3

# שכנים

נאָך דעם ווי זי האָט אַרויסגעפּטרט איר הויזגעזינט פון דער שטוב אַרויס, האָט רחל־לאה גענומען דעם שאַל איבערן קאָפּ און האָט זיך גע־לאָזט צו די שכנים צו געפינען אַ קוואַרטיר פאַר דעם יונגנמאַן, וואָס איז געקומען זוכן שוץ הינטער איר טיר.

עס איז נישט געווען קיין „דזשיקער" אָדער „גענשער" האַנדלס־הויף. נישט קיין „נאַלעווקער" אָדער „פראַנציסקאַנער" געוועלבער־הויף, אויך נישט קיין „נאָוואָליפּיער" קאַסטן־הויף. עס איז געווען „באָניפראַ־טער" אַרבעטס־הויף. אַ לאַבירינט מיט הויפן. אָפיצינעס צוגעמויערט צו אָפיצינעס. ווו ס'איז נאָר געווען אַ נאָדל־פרייער פּלאַץ, — אַריינגע־קוועטשט אַ דעכל מיט אַ שטוב. און אַלע לעבער פון די אומהיימלעכע טונקעלע אָפיצינעס און הייזער זענען געווען אָנגעפּאַקט מיט מענטשן־גופים, וואָס האָבן געאַרבעט פון פרימאָרגן־לאָמפּ ביז צו דער נאַכט־לאָמפּ

ביי מאַשינען און וועדקשטאַטן. טריקאָטן־פאַבריקלעך און זאָקן־פאַבריק־לעך, בייטל-נייערס און שלייפּ־מאַכערס. זומער האָבן זיך פון די אָפענע פענצטער אַרויסגעגאָסן די טרויעריקע געזאַנגען פון די אויסהעלפערינס. וואָס האָבן סיי דורך די לאַנגע זומער־טעג און סיי דורך די אומענדלעכע ווינטער־נעכט פאַר גראָשנס אויסגעשטאָכן די ראיה פון זייערע יונגע אויגן. בלומען־מאַכערינס האָבן אין פאַפּירענע און קאַרטאָנענע טויטע בלומען אַריינגעגאָסן פאַר גראָשנס די רויטלעכע מיידלשע קאָלירן פון זייערע באַקן און די פרישקייט פון זייערע יונגנטלעכע ליפּן... אין אַנדערע לעכער זענען געזעסן בערשטן־פלעכטערינס, וואָס האָבן אין זייערע לונגען אַריינגעשלונגען דעם שטויב פון חזיר־האָר. געהיימע פּאַפּיראָסן־דרייע־רינס, וואָס האָבן זיך דורך גאַנצע טעג אָנגעטרונקען מיט ניקאָטין, קאַנ־דידאַטקעס אויף די אָטוואָצקער וועלדער... אַ חוץ די טראַדיציאָנעלע שניידערינס, וואָס האָבן זיך געפונען כמעט אין יעדער שטוב. די קעלערס פון די אָפּיצינעס זענען פול געווען מיט סקלאַדן לעדער, פאַרבן, הערינג, בענזינען, נאַפטן, צוזאַמען מיט בעקערייען און וווּרשטן־מאַכעריי.

אַ גאַנצן טאָג האָט עס געדעשט און געליאַרעמט אין הויף פון מענ־טשן-פערד, איינגעשפּאַנט צו גרויסע וועגן, וואָס האָבן צוגעפירט די מאַ־טעריאַלן צו דער אַרבעט און אַרויסגעפירט פּיראַמידן מיט שאַכטלען אויסגעפּערטיקטע אַרבעט.

די „לערערין" האָבן די שכנים פון הויף גוט געקענט. זי איז גע־ווען אַן אָפטער גאַסט ביי זיי. האָט אַ יידענע באַדאַרפט אין קימפּעט ליגן, איז ביי אַ מאַמען אַ קינד קראַנק געוואָרן, ווען אַ בעט אין יידישן שפּיטאָל צו פאַרשאַפן — האָט מען זיך געווענדעט צו דער „לערערין".

אַ ריח פון לעדער, פאַרעדיקע ווורשטן, מיט אַ זיסלעכן פאַרלענגע־נעם טעם, אויסגעמישט פון האָניג און הייוון, פון דער בעקעריי, זענען געווען די שטענדיקע ריחות פון הויף. נאָר זיי האָט פאַרטריבן פון צייט צו צייט און באַהערשט דער געשמאַק פון הערינג און פאַרפוילטע אוגער־קעס פון סקלאַד. דאָס איז אַלץ געווען אין ווינטער, ווען די פענצטער פון הויז זענען געווען פאַרקלאַפּט. זומער אָבער פלעגן די אַלע ריחות פאַר־יאָגן די אָנגעוואַרימטע פייכטקייט פון נאַסע מאַטראַצן, וואָס האָבן זיך געלופטערט אין די פענצטער. היינט איז אָבער האַרבסט, און דער גע־שמאַק פון די פאַרפוילטע גרינסן, פון די אָנגעזייערטע אוגערקעס פילט

מען ארויס פון „סקלאד". פארן סקלאד זיצט די אלטע פעסיע, אליין אנ־געשוואלן ווי אן אוגערקע, א פארפאנצערטע פון הערינג־שופן און אפגע־שטאנעכץ, וואס בלישטשען אויף איר שירץ. זי האלט די געשוואלענע פינגער פארשטעקט אין איר אויסגעקראכענער, אלטמאדישער מופטע. און כאטש די הארבסט־זון ווארימט נאך מיט די לעצטע כוחות די ביינער, האט די אלטע פעסיע שוין ווינטער געמאכט און פארבונדן זיך די אויערן מיט א וואלענעם שאל.

דערזען די לערערקע דורכלויפן, האט די אלטע פעסיע פארשטאנען, אז דאס גייט זי אוודאי ארום א נדבה קלייבן פאר אן ארימער שכנה; האט זי צוגערופן צו זיך די לערערקע מיט א באוועגונג פון דער מופטע; נישט א וואָרט אויסצורעדן, נעמט זי ארויס, די אלטע פעסיע, א פאר־פעצטן, פארזשאווערטן פירער, און שטעקט אריין רחל־לאהן אין האנט אריין.

— ניין, פעסיע, איך באדארף נישט קיין נדבה! — שרייט צו איר דורכן שאל אין די אויערן אריין רחל־לאה, אפשר האט איר א קווארטיר פאר אן ארימען יונגנמאן, וואס איז געקומען פון דער פראווינץ זיך לער־נען?

— וואס האב איך? וואס האב איך? — פרעגט איבער די אלטע פעסיע, אוועקרוקנדיק דעם שאל פון איר אויער און ארויסשלעפנדיק פון דארט א שטיק וואטע, מיט וועלכער זי האט געהאט פארשטעקט די אויי־ערן־לעכער.

— קווארטיר — איבערצונעכטיקן!

— א קווארטיר — איבערצונעכטיקן? — ניין, טייערע, — גיט די אלטע פעסיע א הויב די פלייצעס, ווי עס וואלט איר דערויף א שאד גע־ווען א וואָרט אויסצוגעבן, און אלס א ראיה צו איר פלייצע־באוועגונג, באווייזט זי מיט דער מופטע (נישט ארויסגענומען פון איר די האנט) אויף די טינען הערינג מיט די אנגעזייערטע אוגערקעס.

ביים לעדער־סוחר האט זיך קיין פלאץ נישט געפונען. ערשטנס, איז אים די לערערקע לעצטנס פארגעקומען פארדעכטיק, און צווייטנס, האט די ישיבה, וואס געפינט זיך אין דער אפיצינע אויפן צווייטן שטאק, ביי אים צוגענומען דעם גאנצן קעלער־סקלאד. אויף די יוכטן האבן זיך ביי־

מאַכט אויסגעצויגן די ישיבה־בחורים און זיי געהיטן פאַר גנבים, דורך דעם וואָס זיי האָבן זיי באַדעקט מיט זייערע לייבער...

דער בעקער, בנימין, איז געווען אַ פריילעכער יונג. שטענדיק אַ באַוויסטער פון מעל, האָט ער תמיד געשמייכלט, און ווער רעדט נאָך צו „דאַמען". אַ „קאַוואַליער אין ווייסן".

און צו דער „לערערקע" האָט ער שוין פון לענגסט אַ שוואַכקייט... (אַ שיינער יונג געווען, בנימין דער בעקער). נאָר וואָס קומט אַרויס, אַז מען זעט אים שטענדיק אין ווייסן און עס שוואַרצט אַרויס אַ שוואַרצע באָרד פון ווייסן ווי אַ טייוול.

— אָ, פאַני הורוויץ, וואָס וועט איר זאָגן גוטס? — שטעלט ער זיך מיט איין פוס פאַרלייגט אויפן אַנדערן.

— נעם נאָר צו דאָס טייג, מאַך פלאַץ! — גיט ער אַ געשריי צו אַ יונג, אַן אַרויסהעלפער, און מיטן ווייסן באַמעלטן כאַלאַט אַ שאַר אַריבער איבער דער שמול, אויף וועלכער ס'איז פאַר אַ מינוט געלעגן דאָס טייג.

— בנימין־לעבן, אפשר האָט איר אַ נאַכטלעגער פאַר אַן אָרנטלעכן יונגנמאַן — געקומען פון דער פּראָווינץ, האָט ער נישט ווו דעם קאָפּ אַנידערצולייגן, — זאָגט זי צו אים מיט אַ שמייכעלע, איינס פון אירע שמייכלען, מיט וועלכע זי ווייסט אַרויסצוקריגן אַלץ פון אים, ווען מען דאַרף.

— פאַר אייך, פאַני הורוויץ, וועל איך אַלצדינג טון, — זאָגט בנימין, און גיט זיך אַ ציִ־אויס דאָס שוואַרצע בערדל מיט דער פאַרמעלטער האַנט.

— זאָגט, ווו ווילט איר אים לייגן, דאָ אויף די זעק מעל? פּראָשע! עס שלאָפן שוין אַ דריי פאַרשוינען — צוויי לער־יינגלעך און דעם שכנס אַ יינגל, וואָס ער האָט אים נישט ווו צו „פּאָמיעשטשען" ביי זיך.

— זאָל פון מיינעטוועגן ליגן נאָך אַ פערטער אויף די זעק. אַ מולטער טייג קאָן ער צוקריגן פאַר אַ קישן — זאָגט דער שיינער פּראָנט בנימין דער בעקער, און מאַכט זיך בשעת מעשה גלייך מיט די באַמעלטע פינגער די שיינע שוואַרצע וואָנסעלעך, און קוקט אַפּעטיטלעך אויף פרוי הורוויץ מיט בלישטשענדיקע שוואַרצע אייגעלעך פונעם פאַרמעלטן פּנים אַרויס.

פרוי הורוויץ קוקט זיך אַרום אויף די זעק מעל, צווישן וועלכע עס

וואלגערן זיך ארום פארדעכטיקע שטיקער קאָלדרעס, שאָקלט מיטן קאָפּ און פארלאָזט די בעקעריי. פארגינט נישט אפילו דעם שיינעם בנימין אַ שמייכעלע. דערפאר לאַכט הויך הינטער איר דער בעקער־יונג און קראַצט זיך פאר הנאה מיט די ווייס באמעלטע פינגער צווישן די שווארצע קודלעס פון קאָפּ.

מיר אין מיר מיט דער בעקעריי האָט וועלוול קאָלבאַס געהאַט זיין ווורשטן־פאבריק. דער גאנצער הויף האָט געציטערט פאר וועלוול קאָלבאַס. שטענדיק אַ פארכמורעטער, מיט אראָפּהענגענדיקע ברעמען און ברייטע אראָפּהענגענדיקע וואָנסעס, פון וועלכע עס האָבן שטענדיק געטריפט טראָפּנס. ער האָט נישט געקאָנט אַ מענטשן קוקן גלייך אין די אויגן אריין. שטענדיק אין אַ זייט, און שטענדיק עפּעס געמורמלט פאר זיך, ווי דאָס געוויסן וואָלט אים געפּייניקט פאר פארבאָרגענע זינד. עפּעס איינעם פארפעצטן, פארבלוטיקטן שפּענצער מיט אַ גרויסן האַק־מעסער אין דער האַנט האָט ער אויסגעקוקט ווי אַ גזלן, ווי אַ קוילער, — נאָר וואָס צוריקגעקומען פון וואַלד. די קינדער זיינע זענען פרי אַנטלאָפן פון אים. די יונגען האָט ער אַרויסגעיאָגט, די מוידן זענען אַליין אוועק. (שיינע מוידן געהאַט, וועלוול קאָלבאַס, מיט געדיכטע שווארצע צעפּ האָר, מיט שטאַרקע בריסטן און ברייטע היפטן — האָבן זיי די „שווארצע יאָר״ ארויסגעכאַפּט ערגעץ־ווו אין ארגענטינע...) שוין אַ צייט ווי ער קריגט צוגעשיקט אויף יעדן יום־טוב געלט פון ארגענטינע, מיט ראש־השנה־קאַרטן. נעמט ער דאָס געלט מיט די ווונטש־קאַרטן, — (וואָס ער מיינט, אַז עס איז אויך געלט — אַלץ וואָס עס קומט מיט דער פּאָסט איז געלט), — און שטעקט עס אין שעניק אריין. קאָלבאַס באַדאַרף נישט קיין געלט. גאָרנישט דאַרף ער, נאָר זיין ארבעט, ביי וועלכער ער שטייט פון זעקס אינדערפרי ביז שפּעט אין אָוונט — צעהאַקט די גרויסע ריפּן פלייש, וואָס דער קצב ברענגט אים אריין געטרייבערטע, שוין מיט דעם שטעמפּל „כשר״, פון ראַבינאַט. גרויסע סקאַנדאַלן שוין געווען מיט וועלוול קאָלבאַס, נישט איינמאָל האָט אים שוין דער ראַבינאַט געטרפהט די ווורשטן (נישט קיין צוטרויען געהאַט צו זיין כשר) — איז ער זיך געגאַנגען אין גמינע שלאָגן. יעדעס מאָל ווען מען ברענגט אים אַ געטרייבערט שטיק פלייש מיטן שטעמפּל „כשר״, גייט ער ארויס אין הויף, האַלטנדיק דאָס

שטיק פלייש אויף זיינע אָרעמס, און שרייט אויפן הויכן קול: „נאַט, זעט דעם שטעמפּל „כשר“, אַ כּאָליערע זאָל אייך פּאַקן!“

פון קיין אָנבייסן, פון קיין מיטאָג ווייסט ער נישט. קאָלבאַס פרעסט־אויף דאָס אָפּפאַל פון די פליישן, וואָס ער קאָן נישט איינבראָקן אין די וורשטן. אזוי אַרבעט ער פון שבת ביז שבת. זיין איינציק פאַרגעניגן איז שבת נאָכמיטאָג צו שלאָפן. זומער־צייט טוט ער זיך אָן די שטיוול מיט די גרויסע כּאָלעוועס און גייט מיטן ווייב — אַ ברייט־פליישיקע יידענע ווי אַ פּאַס — (דער איינציקער פאַרשוין, פאַר וועמען ער האָט מורא, זי קאָן אים אַמאָל אַ פּאַטש דערלאַנגען אויך) — גייט ער צוזאַמען מיטן ווייב אַרויס פון שטאָט אויף מאָקאָטאָווער „ציטאַדעל“, ביים יידישן שפּיטאָל, כּאָליעט זיך אַוועק אין אויסגעברענטן גראָז, לייגט־אַוועק דעם קאָפּ אויף נעכעס אַ פוס און שלאָפט-דורך צווישן גוואַלטן און געשרייען פון אין „פּאַלאַנט“ שפּילנדע יונגען, פון זיך־קריגנדיקע מוידן, אַ גאַנצן זומערדיקן טאָג ביז עס ווערט פאַרנאַכט. כאַפּט ער זיך אויף און זאָגט אַ פאַרקרימטער: „נעכע, קום אַהיים. עס איז מיר עפּעס פּאַסקודנע אין מויל“.

ווינטער לייגט ער זיך אַוועק מיטן ווייב אויפן טאַפּטשאַן. נעכע, וועלכע קאָן לייענען עברי-טייטש, מישט־אויף דעם „צאינה וראינה“, און צווישן גרעפּסן, וואָס וועלוול גיט פון זיך אַרויס, לייענט אים די יידענע פאַר וועגן „נחן מיט דער תיבה“. ביז נעכע זאָגט אים מוסר: „וועלוול קאָלבאַס, וואָלסט כאָטש דרך־ארץ געהאַט פאַרן הייליקן נחן“. „האָסט טאַקע רעכט מיין ווייב — קרעכצט נעבעך וועלוול אָפּ אויף דעם, וואָס ער איז שוין אַ פאַרפאַלענער און גאָרנישט וועט אים שוין העלפן. גראָבט ער איין דעם האַרטן קאָפּ אין נעכעס אַ שמאַלץ־גרוב, און הייבט־אָן צו פייפן מיט דער נאָז. עס געדויערט נישט לאַנג, און נעכע טוט אים נאָך...

פאַר וועלוול קאָלבאַס ציטערט דער הויף. די איינציקע, וואָס האָט נישט קיין מורא פאַר אים, איז פרוי הורוויץ. פאַר פרוי הורוויץ האָט אַפּילו וועלוול דרך־ארץ. ער ווייסט, אַז עס איז עפּעס אַן אַנדער סאָרט פאַר־שוין, פאַר וועלכן מען באַדאַרף האָבן רעספּעקט, און נישט איינמאָל, ווען פרוי הורוויץ גייט־אַרום צווישן די שכנים צונויפנעמען אַ פּאָר גילדן פאַרן סוכאָטניטשע ווייבל, די פּאַפּיראָסן-מאַכערין, וואָס ווינט אויפן פערטן שטאָק, טראָגט איר וועלוול אַנטקעגן אַ שטיק פלייש פון סאַמע ביילִיק

ארויס, וואָס ער וואָלט אַליין זיך נישט פאַרגינען אפילו אויף שבת. דער־זען, אַז די פרוי הורוויץ איז פון בעקער אַרויסגעלאָפן אַ צעמישטע, האָט זי ווערוול אָפגעוואַרט אויפן שוועל פון זיין ווורשט־פאַבריקל. די טיר פון־נעם „פאַבריקל" איז שטענדיק געשטאַנען אָפן, און עס האָט זיך געטראָגן פון דאָרט אַ פּאַרע ווי פון אַן אונטערגעהייצטער מקוה. צוליב דער פּאַרע האָט מען נישט אַרויסגעזען וואָס דרינען טוט זיך. מיט דעם פאַרפּעצטן שפּעגצער און פאַרטוך, אַרויפגעשאַרצטע אַרבל און אַ האַקמעסער אין דער האַנט, וואַרט ווערוול אָפּ די פרוי הורוויץ און רופט איר צו מיט אַ געביי־זער, ווען יענע איילט זיך און באַמערקט אים נישט.

— וואָס, איך בין שוין קיין ייד נישט? מיין הויז איז טרפה? — וואָס לאָזט זי מיך פאַרביי, ווען זי גייט נאָך אַ נדבה? — בייזערט זיך ווערוול. — קומט־אַריין, וועל איך אייך געבן אַ שטיקל פלייש.

— ניין, ווערוול, — זאָגט צו אים די פרוי הורוויץ, — איך באַדאַרף אַ נאַכטלעגער פאַר אַן אָרימען יונגנמאַן, וווּ ער זאָל קאָנען איבערנעכ־טיקן.

— וואָס, פאַר אַ לערנער?

— אוודאי פאַר אַ לערנער, וואָס דען, פאַר אַ לײדיקגייער וועל איך די טירן אָפּהאַקן?

ווערוול קראַצט זיך אין קאָפּ צווישן די קודלעס, און רופט אין דער פּאַרע אַריין:

— נעכע, נעכע, קום נאָר אַרויס!

פון דער פּאַרע שטייגט־אַרויס אַ באַוועגלעכע מאַסע: אין קאַרגן שיין פון קאָרידאָר, וואָס פאַלט־אַריין דורך אַן אָפענער טיר, זעט מען אַ יידענע אין אַ געבלימלטער וואַטאָווקע, מיט אַ פּאָר רויטע זאָקן אויף די ריק־אָנגעשוואָלענע פיס, דעם קאַפּטן אויסגעטון, נאָר אָנשטאָט דעם אַ האַנטוך אַרומגעוויקלט אַרום באַהעמדטן האַלדז. זי האָט אויסגעזען אַזוי ווי זי וואָלט געקומען פון וואַשן וועש. זי איז געקומען פון אויבן, וווּ זי האָט געהאָלפן דעם מאַן רויכערן די ווורשטן, וועלכע זיי האָבן אויסגע־אַרבעט פאַר די ביליקע וואַרשעווער שענקען.

— וואָס ווילסטו? — פרעגט נעכע, און ווישט זיך אָפּ מיטן האַנטוך דעם שווייס פון דעם אומגעהויער גרויסן פּנים.

— ווילסט דיר פאַרדינען אַ מצוה — נעם אַריין אַן אָרימען ישיבה־

בחור צו נעכטיקן. די „לערערקע" זאָגט, — ווייזט וועלוול אויף דער פרוי הורוויץ.

נעבע קוקט אויף איר מאַן מיט די אויגן פון אַנגעשוואָלענעם פּנים ארויס און זאָגט מיט אַ פאַרוווּנדערטער מינע:

— נו, וועלוול קאַלבאַס, באַדאַרפסט האָבן מצוות? פון וועו אַן איז דאָס?

— וואָס, איך טאָר נישט? אַלע מצוות מעג האָבן דער לעדער־סוחר, איך וויל מיר אויך עפּעס פאַרדינען אויף יענער וועלט, — זאָגט וועלוול מיט געבייזער.

— אויף יענער וועלט וועסטו דיר פאַרדינען דאָס פייערדיקע גיהנום, ווייל דו פרעסט אומגעדאַוונט און אומגעוואַשן, — זאָגט נעבע, און ווענדעט זיך צו דער פרוי הורוויץ: — נו, גייט שוין גייט, ווו וועלן מיר אים לייגן, — אין אויוון אריין, אַ כּיבע, מיט די ווורשטן, אַז מיר שלאָפן אַליין אין רויך.

— און איך וועל דיר ווייזן, אַז איך וועל מיר יאָ פאַרדינען אַ מצוה. פאַני הורוויץ, וואַרט נאָר אַ מינוט, — שרייט־אויס וועלוול, וועל־בער איז געוואָרן ארייַנגעיאָגט דורכן ווייב אין אַמביציע, — וואַרט נאָר אַ מינוט, דאָ האָט איר אַ ווורשט פון „בייליק" ארויס. נאַט אייך, טראָגט דאָס ארויף צו דעם סוכאָטשעווסקע ווייבל. זאָל זי אויך לעבן אַ גוטן טאָג. די יונגען מיט די מוידן שמעקן דאָ ארום ווי די הינט נאָך אַ ביין צו דערכאַפּן אַ שטיקל „אָבלאַפּ".

— וועלוול קאַלבאַס, וואָס ביסטו משוגע געוואָרן: אַ גאַנצע קישקע? און אַ פּאָר ביינער וואָלט נישט גענוג געווען אַ זופּ אָפּצוקאָכן?

— ניין, אַ גאַנצע קישקע מיט אַ שטיק בייליק דערצו. איך וויל אויך זיין אַ ייד. איך וויל זיך אויך אַמאָל אַ מצוה פאַרדינען! — שרייט וועלוול קאַלבאַס אויפן קול, ווי עס וואָלט אים ווער געשאָכטן.

דאָס גאַנצע הויז האָט געקענט דאָס סוכאָטשעווסקע ווייבל. דאָס איז די פּאַפּיראָסן־מאַכערין פון דעם פערטן שטאָק. אַלע ווייליע ווערט אַ גע־שריי פון קינדערשע קולות: „די מאַמע שטאַרבט אַוועק!" נאָר אַזוי ווי דאָס געשריי האָלט שוין אָן אַ פּאָר יאָר, האָט מען זיך צו אים צוגעוווינט. אַ פּאָר מאָל האָט שוין דער הויף צונויפגעזאַמלט געלט און זי ארויסגעשיקט קיין אָטוואָצק. נאָר קיין לעבעדיקן זאַק קאָן מען נישט

אַנפּילן. זי שטאַרבט און שטאַרבט — און יעדעס יאָר האָט זי אַ קינד. ליגט אין בעט און שפּייט מיט בלוט, און האָט אַ גרויסן בויך... אַ מאַן אַ שלימזל, אַ וואיל-לערנער, זאָגט מען. אַ זייגער־מאַכער אָן אַ שטעלע, אַרבעט ער אויס פּאַפּיראָסן, וואָס די קינדער פאַרקויפן אין געהיים אָן אַ באַנדעראָל. פרוי הורוויץ קען זי גוט. אַז עס ווערט גאָר שלעכט, קומט מען אַראָפּצולויפן אויפן ערשטן שטאָק צו דער לערערקע: „די מאַמע פאַלט אוועק". נעמט די לערערקע דאָס טוך איבער די פּלייצעס און גייט-אַרום צו שכנים.

געקראָגן מיטאַמאָל אַזאַ מתנה דערפאַר, וואָס וועלוול קאַלבאַס איז משוגע געוואָרן און האָט זיך מיטאַמאָל דערמאָנט, אַז עס איז דאָ אַ יענע וועלט אויך, איז די לערערקע מיט אימפּעט אַרויף אויף די צווייטע טרעפּ צו ברענגען דעם סוכאַטשעווסקע ווייבל די וווּרשט מיטן שטיק פלייש. אַנגע־טראָפן האָט זי דאָס ווייבל, ווי שטענדיק, אין בעט מיטן אויסגעהאַפּטע־נעם הייבל פון כלה־צייט אויפן קאָפּ און מיט די רויטע באַקן. פון בעט אַרויס האָט זי געקאָמאַנדעוועט מיט די קינדער. איינס קלענער פון אַנ־דערן, טייל אינגאַנצן נאַקעט, אַנדערע האַלב־נאַקעט, וואָס האָבן אָנגע־פילט די ענגע שטוב. די שטוב איז נאָך ענגער געוואָרן דורך דעם, וואָס אַ האַלבע וואַנט האָט פאַרנומען אַ ברייט-בייכיקער אָנגעשוואָלענער גע־שניצטער שראַנק, וואָס איז איבערגעבליבן פון די גוטע צייטן נאָך פון חתונה־אויסשטייער (די סוכאַטשיצע איז געקומען פון אַ גוט הויז און געהאַט נדן צו דער חתונה).

דער מאַן איז נישט געווען. אַרומגעדרייט זיך ערגעץ אין גאַס. דער־פאַר אָבער האָט מען אָנגעזען זיין מלאכה. דער איינציקער טיש, וואָס איז געשטאַנען אין מיטן שטוב, איז געווען באַלייגט מיט אַ שטויס טאַבאַק. אָבער דאָס האָט נישט געשטערט די קינדער צו עסן פון דעם טיש. אין טאַבאַק האָבן זיי געטונקט די רעשטן ברויט. אין טאַבאַק האָט זיך אויך אַריינגעגאָסן די רעשטן קאַווע פון די טעפּלעך. אַנדערע האָבן זיך אין טאַבאַק אויפגעשטעלט זייער שפּילצייג, זייערע שמוציקע היימיש-גע־מאַכטע ליאַלקעס.

דאָס סוכאַטשעווסקע ווייבל איז געלעגן אין בעט און דערכאַפּט זיך דאָס האַרץ מיט שאַלעכץ פון אַ פּאָמעראַנץ, וואָס זי האָט נישט אויפגע־הערט צו נאָגן. ביי דער פרוי הורוויצעס אַריינגקומען האָבן זיך די קינ־

דער איינגעשטילט, און דער רעש און דער ליאַרעם האָט זיך אָפּגעשטעלט. פון די ווינקלען האָבן זיך אָנגעהויבן צו ווייזן וואָס מער קעפּלעך, און ווי הונגעריקע מייזלעך האָבן זיי פונדערווייטנס שוין דערשפּירט די ווורשט, וואָס פרוי הורוויץ האָט געהאַלטן אין אָרעם.

— נאַט אייך, דאָ האָט איר. שטעלט אייך פאָר, דאָס האָט אייך אַרויפגעשיקט דער וווּרשטן־מאַכער, ווּעלוול פון דער אָפּיצינע. נו, וואָס מאַכט איר, גיטעלע?

— לאַנג לעבן זאָלט איר טאַקע, פאַני הורוויץ, פאַר אייער גוט האַרץ. וואָס וואָלט איך געטון אָן אייך? — ציט די סוכאָטשיצע אַרויס אַ האַנט ווי אַ דין בלייך שטעקעלע און נעמט צו די ווורשט און באַהאַלט זי אונטער איר דעק.

— וואָס באַהאַלט איר זי? גיט די קינדער צו שטיקלעך, — זאָגט די פרוי הורוויץ (זי האָט זיך דערמאָנט אָן דעם פון די הונגעריקע, דער־שטוינטע און אויפגעריסענע בליקן פון די קינדער־אויגעלעך, וואָס זענען צוגעצויגן געוואָרן, דורכן געשמאַק פון דער ווורשט, צו דער מוטערס בעט).

— שוין, באַלד, איצטער... מ'באַדאַרף באַהאַלטן אויף שפּעטער, — זאָגט די סוכאָטשיצע. — גייט אייך, קינדערלעך, שפּילן, גייט קינדערלעך, — זאָגט די מוטער שוואַך פון בעט אַרויס.

די קינדער אָבער ווילן נישט פון בעט אָפּטרעטן. קאָנען זיי נישט עסן — שמעקן זיי כאָטש די ווורשט פון אונטער דער מאַמעס דעק.

— גיט זיי איצט צו שטיקלעך. גיי, יינגעלע, ברענג אַ מעסער, — זאָגט די פרוי הורוויץ.

זי נעמט די ווורשט און טיילט־איין שטיקער די קינדער, צום פאַר־דרוס פון דער מאַמען, וואָס זעט ווי דאָס „פאַרמעגנס" צערינט מיט־אַמאָל.

— זיי האָבן דאָך ערשט געגעסן, זאָל איך אַזאַ גוט יאָר האָבן, ווי זיי האָבן געגעסן. זיי זענען דאָך גאַרנישט הונגעריק. נישט וואָר, קינדער־לעך? — זאָגט די מאַמע און שטרעקט־אויס די האַנט נאָך דער איבער־געבליבענער ווורשט. און פאַר גרויס עגמת־נפש צעהוסט זי זיך אַזוי, אַז מען מיינט די נשמה גייט פון איר אַרויס.

די קינדער זענען שוין צוגעוווינט צו דעם. דער מאַמעס הוסט שטערט זיי נישט צו פרייען זיך מיט דעם זעלטענעם ביסן, וואָס זיי האָבן

געקראָגן. פרוי הורוויץ מיט זיך זי צו בארואיקן. דער הוסט פון דער סו־באָטניצע נעמט אָבער אָן אַזאַ מוראדיקע פאָרם, אַז די פרוי דערשרעקט זיך. דענסטמאָל קומט איר צוהילף שיינדעלע, דאָס עלטסטע מיידל. נישט שטערנדיק זיך אין איר געשמאַקן ביסן פון דער באַטעמטער ווורשט — גייט זי מיט גלייכגילטיקע טריט, ווי עס וואָלט ביי איר געווען אַ נאַטירלעכע זאַך, צו דעם וואַסער־קראַן, גיסט־אָן אַ שעפּ וואַסער, עסט ווייטער די ווורשט מיט איין האַנט, און מיט דער צווייטער האַנט דערלאַנגט זי דער פאַרהוסטער, פאַרפּייניקטער מאַמען די שעפּ וואַסער אין מויל.

פרוי הורוויץ האָט געמיינט, אַז עס איז עפּעס געשען. אָבער די סו־באָטניצע אַליין האָט זיך פון דעם הוסטן גאָרנישט געמאַכט. קוים האָט איר דער הוסט אָפּגעלאָזט, ווענדעט זי זיך מיט אַ גלייכגילטיקער מינע, ווי זי וואָלט געוואָלט עפּעס דערציילן גאַנץ גלייכגילטיקס:

— גוט, וואָס איר זענט אַרויפגעקומען, פּאַני הורוויץ. איך האָב טאַקע שוין געוואָלט שיקן נאָך אייך (און אביסל דערנידערנדיק איר שטי־מע זאָגט זי צו דער לעצטער אין אויער אַריין מיט אַ פריילעך פאַרשעמט שמייכעלע אויף אירע קרענקלעכע באַקן): — איר ווייסט, איך רעכט זיך דאָך שוין באַלד ווידער אין קימפּעט, אַוודאי אַ ליאַדע טאָג.

פרוי הורוויץ בלייבט זיצן אַ פאַרשטיינערטע.

— וואָס, אין אייער צושטאַנד? און וויפיל איז דער שיעור?

— וואָס זאָל מען טון, מען איז דאָך נאָר אַ זינדיקער מענטש, — זאָגט די סובאָטניצע און שמייכלט דערביי צו מיט אַ קאָקעטיש ווייבע־ריש חנדל. אָבער צוליב דעם שמייכעלע שניידט זיך פון איר פּנים אַרויס דער סקעלעט פון איר קאָפּ דורך דער דינער הויט...

## קאַפּיטל 4

# פּאַן קוויאַטקאָווסקי

פרוי הורוויץ איז נישט פון די מענטשן, וואָס זאָל זיך אָפּשרעקן פאַר שטרויכלונגען. איינמאָל זיך אונטערגענומען אַ זאַך, מוז זי עס דורכפירן. דער יונגערמאַן, וואָס איז אַנטלאָפן פון דער פּראָווינץ און געשטעלט זיך הינטער איר טיר, וועט בלייבן אין וואַרשע.

אַ מינוט שטעלט זי זיך אָפּ אויף די טרעפּ, לאָזט דורכגיין אין איר מחשבה די אַלע באַקאַנטע, שכנים, פריינט, ביי וועלכע זי פלעגט אַמאָל איינאָרדענען דעם אָדער יענעם יונגנמאַן, וואָס איז געקומען פון דער פּראָווינץ. פיל זענען איר נישט איבערגעבליבן. כמעט אומעטום, ווו זי האָט געקאָנט, האָט זי שוין דאָרט געהאַט וועמען עס איז.

צוריק־צו־וועגס האָט זי אָפּגעריכט אַ וויזיט הענעך דעם סטאָליאַר. נישט דערפאַר, וואָס זי האָט זיך גערעכט, אַז זי וועט דאָרט קאָנען איינ־אָרדענען איר שוצלינג, נאָר דערפאַר, ווייל זי האָט עפּעס אַנדערש גע־זוכט. הענעך סטאָליאַר איז איר אַ גוט־באַקאַנטער, אַ מענטש, צו וועלכן זי האָט פיל סימפּאַטיעס, און ער פלעגט אַמאָל צוהעלפן אין זאַכן, וועגן וועלכע מיר ווילן נאָך נישט אויסזאָגן.

עס איז איר געלעגן אויפן וועג אויך. דער סטאָליאַר האָט געוווינט אין טיר־געוועלב, וואָס איז געלעגן אין דעם פליגל, ווו עס האָט געוווינט דאָס סוכאָטניטשע ווייבל.

אַריינגעקומען אין שטוב אַריין, האָט פרוי הורוויץ אָנגעטראָפן אַזאַ בילד:

הענעך סטאָליאַר איז געשטאַנען אַ פאַרטרונקענער אין אַ ים פון הובלעכץ און זעג־שטויב און האָט עפּעס דאָרט געקלאַפּט. דאָס קלאַפּעריי פון געהילץ אָבער איז פאַרלוירן געוואָרן אין אַ ליאַרם, אין אַ געשריי פון קינדער און קינדערלעך, וואָס האָבן זיך געטוקט אין האָלץ־אָפּפאַלעכץ. אין דער נאָענט פון די אָפּענע טירן איז געשטאַנען אַ וויג. איבער דער וויג איז געווען אַריבערגעבויגן יוכבד, הענעכס ווייב, און האָט געלאָזט אַריינפאַלן אירע צוויי נאַקעטע בריסטן, ווי טאָרבעס, אין דער וויג אַריין, פון וועלכער עס האָט דאָרטן ווער געזויגן.

זויגנדיק דאָס קינד, האָט אָבער יוכבד זיך נישט געלאָזט שטערן אין איר געשפּרעך מיט אַ פּאָר, וואָס זענען געזעסן אויף אַ צעוואָרפן בעט אין אַ ווינקל ביי דער וואַנט. דאָס איז געווען יוכבדס שוועסטער, מיט וועלכער הענעך האָט זיך געשעמט, ווייל ער האָט זי פאַרדעכטיקט, אַז זי גיט זיך אָפּ מיט זאַכן, וועגן וועלכע אירע ביליקע פּערפומען און שמעקנ־דיקע זייפן, וואָס האָבן זיך פון איר געפילט, האָבן עדות געזאָגט... נעבן איר איז געזעסן אַ יונגערמאַן אין אַ וואַרשעווער קאַשקעטל, מיט אַ לע־דערנעם גלאַנציקן דאַשעק. ביידע, דאָס מיידל און דער יונגערמאַן, האָבן

פון איין שקאַרמויז געקנאַקט באַניע־קערנדלעך, פון וועלכע די שויטן זע־נען געפלויגן פאַרשפּרייט אַרום זיי. זיי האָבן געמוזט רעדן וועגן חתונה־האָבן. וואָרים ביי פרוי הורוויצעס אַריינקומען, האָט יוכבד, אַריבער־בויגנדיק זיך איבער דער וויג מיט אירע בריסטן, געמאַכט אַ באַמערקונג צו דעם געשפּרעך, וואָס די יונגע מענטשן האָבן געפירט צווישן זיך:

— זי האָט דען נישט רעכט, מיין שוועסטער, וואָס זי וויל נישט חתונה־האָבן? וואָס, אַ נאַר איז זי, וואָס האָט מען, משטיינס געזאָגט, פונעם גאַנצן חתונה־האָבן? אָט דאָס, — ווייזט זי אויף דער וויג.

— און אַז נישט, ווייס איך דען נישט, וואָס ער וויל? — זאָגט דאָס מיידל, וואָס זיצט אויפן בעט, צו דער שוועסטער און ווייזט דערביי מיטן פינגער אויפן יונגנמאַן. — ער רעדט פון חתונה־האָבן, און מיינט עפּעס אַנדערש. איך האָב פיינט גענאַרטע זאַכן; אַז דו ווילסט דעם... — זאָג און פאַרדריי מיר נישט קיין קאָפּ מיט חתונה האָבן.

דער שוואָגער הענעך האָט זיך גאַרנישט אָנגערופן. ער האָט פיינט געהאַט דער ווייבס שוועסטער מיט אירע טמאַדיקע געשמאַקן און דעם יונגנמאַן, וואָס דרייט זיך אַרום איר. ער האָט זיי חושד געווען אין אומ־אָנשטענדיקע זאַכן, האָט ער זיך איינגעטונקט אין זיינע הובלעס און גע־אַרבעט מיט התמדה.

— גיב נאָר אַ קוק ווי ער יאָגט פון זיך דעם כוח אַרויס, — זאָגט דאָס ווייב איבערגעבויגן מיט אירע בריסטן איבער דער וויג, — עס וואָלט ווער געזען, וואָלט מען כאָטש געמיינט, אַז ער מאַכט מיך רייך, אַז ער גיט מיר יעדן טאָג זעמל צו עסן. פון דעם אַלעם וועט נישט זיין אויף שבת צו מאַכן.

הענעך רופט זיך גאַרנישט אָן. אַ שמיר מיט דער האַנט איבער דעם פאַרברודיקטן באַגאָסענעם שטערן, גיט ער אַ פיר־איבער מיט דעם הובעל איבערן ברעט, פון הינטער וועלכן עס הערט זיך אַ פייף.

ביי פרוי הורוויצעס אַריינקומען איז דאָס געשפּרעך געוואָרן איבער־געריסן. יוכבד האָט זיך אויפגעבויגן פון דער וויג און אַריינגעלאָזט אירע בריסטן אין קאַפּטאַן אַריין. דאָס יונגע פּאָר, וואָס זענען געזעסן צו נאָענט איינער צום אַנדערן אויפן בעט, האָבן זיך אָפּגערוקט, און אפילו הענעך האָט אויפגעהערט צו פייפן מיט דעם הובעל איבערן ברעט און איז אַוועק

פון זיין ווערקשטעל צו דער וויג, צום איינציקן ליכטיקן ווינקל אין שטוב, ווו עס איז געשטאַנען פרוי הורוויץ.

— אָ, די לערערקע, — זאָגט הענעך נישט אָן פרייד און מאַכט זיך אַרויס די שטיקער געהיבלעכץ פון זיינע האָר און באָרד.

— יאָ, הענעך, — איך בין דורכגעגאַנגען, בין איך אַריינגעגאַנגען. וואָס הערט מען?

— וואָס זאָל מען הערן? — אַלדאָס גוטס. אַבי עס איז נאָר דאָ וואָס צו אַרבעטן און צו קייען. וואָס באַדאַרף מען מער?

פרוי הורוויץ האָט גערן הענעכן. הענעך איז דער איינציקער שכן, וואָס קלאָגט זיך קיינמאָל נישט. שטענדיק איז ער אַ שמייכלענדיקער, אַ באַשיינטער, אַן אויפגערוימטער.

— כאָטש איינער, וואָס איז צופרידן. אייך פעלט קיינמאָל נישט, הענעך.

— וואָס זאָל מיר פעלן, וואָס? און אַז ס'פעלט — וואָס איז? קאָן מען נישט לעבן? — אָט לעבט מען דאָך! וואָס איז זיך צו קלאָגן?

— אַ הונט אויף דער גאַס לעבט אויך! — רופט זיך דאָס ווייב אָן. — אוודאי, אים פעלט גאָרנישט, אַבי ער האָט זיין הובעל מיטן שטיק ברויט און אַ ביכל דאָרט, וואָס די חברה „אחדות"-לייט גיבן אים צו לייענען. ווען ער לאָזט זיך אַריין דערינען, קאָן מען נישט אויסרעדן צו אים אַ וואָרט. און די שוואַרצע יאָר ווייסן, וואָס עס שטייט דאָרט געשריבן. וואָס אַרט עס אים, אַז די קינדער פרעסן אין זיך אַריין קאַרטאָפלעס, פון וועלכע זיי קריגן געשוואָלענע בייכער, און אַז עס גייט אַ ווינטער איבערן לאַנד און עס איז נישטאָ מיט וואָס דעם... צו באַדעקן.

— האָסטו שוין, מיין ווייב, פאַרגעלייענט אַ גאַנצע מגילה, און מען וואָלט געקאָנט מיינען, אַז — עס עקט זיך די וועלט. דערווייל האָסטו ווו דעם קאָפּ אַנידערצולייגן, און אויף אַ לעבל ברויט האָסטו אויך. און וויפיל געפינען זיך אַזעלכע, וואָס האָבן דאָס אויך נישט?

— אַבי אים איז גוט. אַבי ער דערציילט מיר נאָר פון לייט, וואָס האָבן דאָס אויך נישט. פאַרוואָס דערציילסטו מיר ליבער נישט פון לייט, וואָס וווינען אין הייזער, וואָס מ'גייט ביי זיי אויף דיוואַנעס אַרום און מ'פרעסט יעדן טאָג פלייש?

נאָר הענעך לאַכט, שיט־אַרויס די שפּענער האָלץ פון דעם געדיבטן

שוואַרצן בערדל און שמייכלט אויף דער ווייבס אַלע רייד, און זאָגט מיט אַ געלעכטערל:

— נו, שוויג, שוויג, מיין ווייב. עס וועלן שוין זיין פּאַלאַצן מיט דיוואַנעס, מיט יאַיכלעך. לאָז רעדן די פּאַני. אַז די פּאַני (אָנווייזנדיק אויף פרוי הורוויץ) איז געקומען, איז דאָך מן הסתם צוליב וואָס...

— ניין, גאָרנישט, גלאַט אַזוי. דורכגעגאַנגען, אַריינגעשמעקט. איבּ־ריקנס, זאָגט מיר נאָר, הענעך, ווייסט איר אפשר נישט, ווו איך קאָן דאָ איינקוואַרטירן אַן אָרימען יונגנמאַן, וואָס איז געקומען פון דער פּראָ־ווינץ זיך לערנען?

— איינקוואַרטירן אַן אָרימען יונגנמאַן, — חזרט איבער הענעך, — כאָטש דאָ, ביי אונדז, פאַרוואָס נישט? ביינאַכט שאַרן מיר אַוועק די שפּענער און מ'שטעלט־אויף נאָך אַ בעטל אונטער דעם ווערקשטעל. וואָס איז נאָך אַ בעט? נישט וואָר, יוכבד?

— און ווו וועסטו לייגן שרהלען, אברהמלען און משהלען און די צוויי קליינגע? ווו וועסטו צושטעלן אַ בעטל? אויף דיין קאָפּ?

— ניין, ביי אייך, הענעך, איז טאַקע צו ענג. איך מיין נישט ביי אייך, איך מיין ביי אַ באַקאַנטן. אפשר האָט איר וועמען, וואָס וויל פאַר־דינגען אַ פּלאַץ אויף ביינאַכט אויפצושטעלן אַ בעטל? — זאָגט פרוי הור־וויץ, — פאַר ביליק געלט, קיין סך האָט ער נישט, וועלן מיר זען צו־שטייער צו געבן.

— וואַרט נאָר אַ מינוט, וואַרט נאָר, איך האָב אַן עצה, פּאַני הור־וויץ. ווייסט איר וואָס, איך וועל אַרויפלויפן צו מרדכין אין פאַבריק. מן הסתם, אַז איר באַדאַרפט אַ בעטל פאַר אַ יונגנמאַן, באַדאַרפט איר דאָך, מוז מען דאָך טון, — זאָגט הענעך און לויפט אַרויס.

— גיב נאָר אַ קוק, ווי ער רייסט זיך דעם ספּאָדעק איין. הלוואַי וואָלט ער פאַר זיין ווייב און קינדער אַזוי פלינק געלאָפן, ווי ער לויפט פאַר אַ פרעמדן! — רופט אים נאָך דאָס ווייב.

נאָר נישט פרוי הורוויץ און נישט הענעך האָבן זי שוין געהערט און זיי זענען שוין געווען אין דרויסן.

— מן הסתם פאַר אַ טרפהנעם? — זאָגט דער יונגערמאַן, וואָס האָט זיך נענטער צוריקגערוקט צו דער שוועסטער. — אַז ער וועט זיך איינ־רייסן, — איר וועט מען גאָרנישט טון. די רייכע טוט מען גאָרנישט, נאָר

אים וועט מען אין פּיעקעליק אַריינזעצן. איך וועל זען, ווער עס וועט זיך דענסטמאָל פאַר אים אָננעמען?

— און פאַרוואָס לאָזטו? — פרעגט די שוועסטער.

— וואָס זאָל איך טון, אַז מיין בייזער מזל איז שוין אַזוי, — ענט־פערט אָפּ די שוועסטער.

אויפן ערשטן שטאָק איבערן סטאָליאַר האָט זיך געפונען די „פאַב־ריק" פון ווייבערשע בייטלען. דער הויפּט־צושניידער פון די בייטלען איז געווען מרדכי בייטלמאַכער, אָדער דער „הויקער". „גאָלדענע הענט" האָט מען אים גערופן. ער האָט געקאָנט אויסרעכענען ווי אַזוי אויסצונוצן יע־דעם שטיקל לעדער, אַז ס'זאָל גאָרנישט גיין לאבוד. געקאָנט עפּעס ווונ־דער באַווייזן אין זיין פאַך. צוליב דעם איז ער געווען אַ חשוב ביים מיים־טער, ביים פאַבריקאַנט, וואָרים מ'האָט דעם יונגנמאַן געוואָלט אַרויס־רופן אין אַנדערע פאַבריקן. מרדכי בייטלמאַכער איז נישט געווען קיין שיינער פאַרשוין. אויפגעצויגן אין אָרימקייט, האָט ער דורך אַ פאַל בעת זיין קינדהייט באַקומען אַ געשוואָלענע פּלייצע, וואָס איז פאַרנאַכלעסיקט געוואָרן דורך זיינע עלטערן, און מען רופט אים שוין „דער הויקער". מרדכי האָט אָבער געהאַט אַ שרעקלעכע ליידנשאַפט צו כוואַטסקע פרויען, „ציגאַנקעס", ווי ער האָט זיי גערופן. שוואַרץ־האָריקע מיט גרויסע אויערן־רינגען און שוואַרצע גרויסע אויגן. אַזוי ווי אין לעבן אָבער איז אים ווייניק־וואָס אויסגעקומען צו האָבן צו טון מיט אַזעלכע פרויען, האָט ער זיך אויסגעשניטן פון אילוסטרירטע צייטונגען, פון אַפּישן, פאָ־טאָגראַפיעס פון צירק־אַמאַזאָנקעס, טענצערקעס, לייבן־קעמפערינס, און די אויסשניטן אָנגעשטאָכן אויף דער וואַנט פאַר זיין שנייד־ברעט און פון צייט־צו־צייט געקוקט אויף זיי בשעת דער אַרבעט און געקרעכצט אין דער שטיל. ער האָט געהאַט אַ באַגער, צוליב זיין פיזישן פעלער, אויס־צוצייכענען זיך מיט כאַראַקטער און שטאַרקייט. און אַלץ, וואָס האָט גע־שמעקט מיט לעבנס־געפאַר, האָט אים גערייצט. ער האָט באַלאַנגט צו אַ געהיימער פּאָליטישער פּאַרטיי און גענומען אויף זיך (ווען מען האָט אים נאָר צוגעלאָזט) שליחותן, ביי וועלכע ער האָט מיט זיין לעבן ריזיקירט. ער פלעגט פראַנק און פריי אַריבערפירן פּראָקלאַמאַציעס פון איין אָרט אויפן אַנדערן. אין זיין וווינונג פלעגט ער באַהאַלטן די פאַרדעכטיקסטע פאַרשווינען אָדער קאָמפּראָמיטירנדיקע דאָקומענטן. פאַרקערט, וואָס מער

געפערלעכער עס איז געווען, אלץ מער האט עס אים געבייצט, ווי ער וואלט דורך דעם געוואלט באווייזן זיין גבורה. זיין געוואגטקייט האט אים פארשאפט א נאמען צווישן פארטיי־מיטגלידער און ארבעטער. מען האט אים געקענט. און אז מ׳האט עפעס באדארפט — האט מען זיך געווענדעט צו מרדכין; ער פלעגט עס טון גאנץ אפן, פראנק און פריי. נישט איין מאל האט ער דורך דעם געשטעלט אין געפאר חברים און פארטיי.

דערהערט פון העניעך סטאליאר, אז עס איז עפעס דא ארבעט (אין זיין נאאיווקייט האט העניעך סטאליאר, וואס איז געווען אין דער פארטיי־ארבעט א געוועגלעכער סאלדאט, געמיינט ווער ווייסט וועגן וואס פארא געוואלטיקער פערזענלעכקייט עס האנדלט זיך — פאר ועמען די לערער־קע, וועלכע איז באקאנט געווען אין די קרייזן אלס סימפאטיקערין, איז געקומען זוכן א קווארטיר), געהערט, אז מ׳דארף אים — האט מרדכי געווארפן די ארבעט, און איז אראפ פון די טרעפ, ווו עס האט שוין גע־ווארט אויף אים פרוי הורוויץ. מרדכי האט מיט גרויס וואזשנעקייט אויסגעהערט פרוי הורוויץ און געוויר ווערנדיק, אז דא האנדלט זיך גארנישט וועגן קאנספיראציע, און דער, פאר וועמען זי זוכט א קוואר־טיר, איז גארנישט קיין פאליטישער, האט זיך מרדכי אנטוישט. יא, א ווינונג האט ער. נאר מ׳באדארף זי פאר אונדז. ער באדויערט זייער, וואס ער קאן אין דעם פאל נישט העלפן. — כ׳קאן גארנישט טון, — האט ער געזאגט מיט אן ערנסטקייט.

— איבריקנס, — דער „זשאכלינער" האט געהייסן? — פרעגט מרדכי.

— ניין, — דער „זשאכלינער" האט נישט געהייסן (ווארים דאס אלעם מוז דער „זשאכלינער" הייסן).

פרוי הורוויץ האט שוין אנגעהויבן זיך מיאש צו זיין און איינגעזעגן, אז דער „זשאכלינער" וועט איבער איר טריאומפירן. זי האט באשטימט באין אופן נישט נאכצוגעבן. דער יונגערמאן מוז בלייבן אין ווארשע, זאל דער „זשאכלינער" צעזעצט ווערן. אבער ווו וועט זי אים אהינטון? זי איז נאכאמאל איבערגעגאנגען איר הויז אין איר מחשבה און האט זיך דערמאנט יעדעס ווינקל. אין איר אייגן הויז איז אוממעגלעך. יעדעס ווינקל איז טאקע שוין געווען באזעצט. נאר זי וועט דאך נישט נאכגעבן. זי מוז אים איינארדענען.

און מיט לעקציעס אויך באַזאָרגן, און מיט אַ העמד אויך.

נאָר די ישועה איז געקומען אומגעריכט. און פון אַ זייט, אויף וועלכער זי האָט זיך קיינמאָל נישט געריכט.

ווען זי איז אַרויפגעגאַנגען אויף די טרעפּ אין איר שטוב אַריין, פאַרקלערט אין די פּלענער ווי אַזוי איינצואָרדענען דעם יונגנמאַן, איז איר אַנטקעגנגעקומען אויף די טרעפּ „פּאַן קוויאַטקאָווסקי" פון צווייטן שטאָק, וואָס איז איבער דער שולע. פּאַן קוויאַטקאָווסקי איז געווען דער איינציקער קריסטלעכער שכן אין דעם גרויסן הויז. פון וואַנען ער האָט זיך דאָ גענומען און פאַרוואָס ער זיצט דאָ אין אַ יידישן הויף, וואָס האָט זיך נישט זייער אויסגעצייכנט מיט זיין ריינקייט, ווייסט קיינער נישט דעם טעם דערפון. עס איז געווען די איינציקע טיר אין גאַנצן הויז, איבער וועלכער עס האָט געהאָנגען אַ הייליק בילדל און מיט קרייד אָנגעשריבן פון איין יאָר צום אַנדערן דריי בוכשטאַבן: K. - M. - B. די נעמען פון דריי הייליקע קעניגן. אותיות, וואָס האָבן אויף יידישע הערצער, ווען זיי האָבן זיי דערזען, אָנגעוואָרפן אַ שרעק, ווי די מיט קרייד אָנגעשריבענע אותיות וואָלטן דערמאָנט אָן דער אינקוויזיציע. פּאַן קוויאַטקאָווסקי איז געווען אַ געהיימער „דאָקטאָר", וואָס האָט געהיילט מיט גראָזן. עס פלעגן זיך ציען צו אים איבער די טרעפּ גאַנצע שורות מיט פויערטעס פון דאָרף, אין פויערשע קאָלירטע קליידער אָנגעטון, וועלכע פלעגן טראָגן אויף די הענט קוישן מיט די פּראָדוקטן פון דאָרף: אייער, פּוטער, הינער, מיט וועלכע זיי האָבן באַצאָלט דעם „פּאַן" פאַר זיינע דאָקטאָרשע עצות און רפואות. יידן האָבן גרויס חשק געהאַט אַריינצוקוקן אין די פאַרמאַכטע ריינע פויערשע קוישן און פרעגן מיט נייגעריקייט: „צו פאַרקויפן?" נאָר שטענדיק פלעגן זיי אָנטרעפן אויף אַן אָפּזאָג. אויף וואָס די יידן האָבן אָפּגעקרעכצט, און מקנא געווען דעם דאָקטאָר... נאַטירלעך פלעגן די יידישע שכנים גרויס רעספּעקט האָבן צום איינציקן גויאישן שכן. און מאַמעס האָבן געהייסן די טעכטער אויסקערן די טרעפּ, נישט צוליב זיך, נאָר צוליב דעם פּאַן קוויאַטקאָווסקי, „דער גוי וועט באַלד דורכגיין"... פּאַן קוויאַטקאָווסקי אַליין פלעגט זיך מאָדנע פאַרהאַלטן צו זיינע יידישע שכנים. אָפטמאָל און מערסטנס איז ער געווען גוט ביז גאָר, געענטפערט אויף גרוסן און אָוועקגעשטעלט זיך אויסטענהן מיט די יידישע שכנים אויף יידיש, מיט וואָס ער האָט זייער ליב געהאַט צו גרויסן זיך.

ער פלעגט מישן דאָס יידיש מיט איבערגעטריבענע לשון קודשדיקע ווערטער, וואָס האָבן זיך גאָרנישט אריינגעפּאסט אין ענין, נאָר סתם אזוי אין דער וועלט אריין: „וואָס מאכסטו יקום פּורקן?" — האָט ער זיך געווענדט צו אַ ייד. „האָסט שוין געכאַפּט די אפּותיקי?" און ווען וועט זיין „שמע קעליינע?" „מלך אביון?" — האָט ער ליב געהאַט צו שפּאַסן מיט די שכנים. נאָר אָפּטמאָל פלעגט זיך מאכן, אָן אַ שום באַזונדערע סיבה, אַז פאַן קוויאַטקאָווסקי פלעגט ברוגז ווערן אויף זיינע יידישע שכנים. אַרויף און אַראָפּגיין אויף די טרעפּ אָן אָנגעלאָדענער, מיט אַראָפּגעהאָנגענע גרויסע ברעמען און לאַנגע וואָנצעס און נישט נאָר נישט אָפּענטפערן אויף די יידישע גרוסן, נאָר בורטשען אין זיין שטעכעדיקער באָרד אריין: זשידי „פּאַרכי", זשידי „פּאַרכי".

אַז עס פלעגט אויף אים אָנפאַלן די „מרה־שחורה" (ווי די יידישע שכנים האָבן עס גערופן), האָבן אים יידן אויסגעמיטן, ביז ער פלעגט פון דער העלער הויט בעסער ווערן. פּונקט אזוי ווי ער פלעגט אָן אַ באַזונדערן טעם ברוגז ווערן אויף זיינע יידישע שכנים, אזוי פלעגט ער זיך מיט זיי, אָן אַ באַזונדערער סיבה, איבערבעטן.

יידן האָבן דעם גוים מרה־שחורה גערופן: „דער וואָרים נאָגט אים".

כאָטש צו פרוי הורוויץ האָט זיך דער פאַן קוויאַטקאָווסקי באַצויגן מיט מער רעספּעקט ווי צו אַנדערע יידישע שכנים (פון אַלע יידישע איינוווינער פלעגט ער נאָר מיט דער לערערקע רעדן פּויליש — וואָס דאָס איז שוין געווען אַ צייכן פון גלייכהייט), דאָך האָט די פרוי הורוויץ נישט געוווּסט, צי דער פאַן קוויאַטקאָווסקי איז חבר מיט יידן אָדער ברוגז מיט יידן. זי האָט דערפאַר נישט געוווּסט, צי זי זאָל אים גריסן אָדער זי זאָל זיך מאכן אים נישט זען. נאָר פאַן קוויאַטקאָווסקי האָט זיך אַליין אָפּגעשטעלט. אַראָפּגענומען דעם הוט פון זיין באַגרויטן קאָפּ, האָט ער געפרעגט מיט אַ שמייכל:

— וואָס גייט דאָס די שכנטע אַרום אזאַ באַזאָרגטע? — עפּעס געטראָפן?

— גאָרנישט האָט געטראָפן, נאָר אזוי פיל אָרימקייט אין הויף, פאַניע קוויאַטקאָווסקי.

— אַזוי, אַזוי. יאָ, אָרימקייט איז דאָ אַ סך, אי ביי אייך, אי ביי אונדז. פאַרוואָס ווענדעט איר זיך נישט אַמאָל צו מיר? איר ווענדעט

זיך בלויז צו אייערע, ווען איר באַדאַרפט עפּעס. וואָס, איך בין נישט קיין שכן? איך וויל לעבן מיט מיינע שכנים גוט.

— אדרבה, אדרבה, — ווער ווענדעט זיך דען נישט? אפשר האָט ער טאַקע, דער פאַן קוויאַטקאָווסקי, אַ קוואַרטיר פאַר אַן אָרימען יונגג־מאַן, וואָס איז געקומען פון דער פּראָווינץ זיך לערנען און האָט נישט וווּ צו נעכטיקן? זאָגט פרוי הורוויץ אין האַלבן שפּאַס.

— פאַרוואָס נישט? — געווים האָב איך אַ קוואַרטיר. זאָל אים די שכנטע אַרויפפירן צו מיר, ער קאָן ביי מיר שלאָפן, עסן. מיר זענען אינגאַנצן צוויי מענטשן — איך און די גאַספּאַדיניע — און אַ קוואַרטיר איז דאָ אַ גרויסע. פאַרוואָס נישט?

פרוי הורוויץ איז דערשטוינט געבליבן.

— דער פאַן לאַכט נישט?

— פאַרוואָס לאַכן? — זאָגט פאַן קוויאַטקאָווסקי, רויט־ווערנדיק פון באַליידיקונג. — ווי אַזוי וועל איך זיך דערוועגן צו לאַכן? איר זוכט אַ קוואַרטיר פאַר אַן אָרימען בחור, וואָס וויל זיך לערנען. און איך וועל לאַכן? וואָס בין איך, וואָס? — וואָס, איך פאַרשטיי עס נישט? נאָר שטענדיק זענט איר אַזוי, יידן. איר מיינט, אַז איר אַליין קאָנט נאָר פילן, איר אַליין קאָנט נאָר העלפן — קיין אַנדערער טאָר נישט. דאָס איז נישט רעכט. העלפן, באַדאַרפן מיר אַלע העלפן, איינער דעם אַנדערן העלפן, נישט אַזוי ווי איר טוט. איר ווענדעט זיך נאָר צו אייערע, קיין אַנדערע ווילט איר נישט קענען.

— ווער זאָגט דאָס? — אדרבה. איך האָב דעם פאַן איבערגע־פרעגט. אַז דער פאַן באַשטייט — דאַנק איך האַרציק. אַן אָרנטלעכער יונגערמאַן, אַנטלאָפן פון פאַנאַטישע פרומע עלטערן און וויל זיך לער־נען אין וואַרשע.

— פירט אים, שכנטע, גלייך אַרויף צו מיר. איך גיי אַ ווינקל פאַר אים אָנגרייטן, און עסן קאָן ער אויך ביי מיר, דאָס לאַנד באַדאַרף האָבן געבילדעטע מענטשן. וואָס מער בילדונג, אַלץ שטאַרקער וועלן מיר זיין. און איר, יידעלעך, האָט גוטע קעפּלעך — לייגט ער צו אויף יידיש. איך וועל אים אַליין געבן לעקציעס אין פּויליש. זאָל אים די שכנטע גלייך אַרויפברענגען. איך גיי דער גאָספּאָדיניע אָנזאָגן, — זאָגט דער שכן פאַן קוויאַטקאָווסקי און לויפט־אַרויף צו זיך אין וווינונג.

פרוי הורוויץ בלייבט נאָך פאַר איבעררעשונג אַ מינוט שטיין אויף די טרעפּ, גלויבט זיך אַליין נישט וואָס דאָ איז געשען און פאַר פרייד גיט זי מיט גדולה אַ לויף־אַריין צו זיך אין קיך.

פונעם „בית־מדרש" האָט שוין דער „זשאַכלינער" אַרויסגע־שטאַרצט זיין קאָזע־פּנים און מיט להכעיס געפּינקלט מיט די אייגעלעך.

— נו, וואָס הערט מען, פאַני הורוויץ? שוין געפונען אַ קוואַרטיר פאַר אייער יונגנמאַן?

— אייך אויף צעפּיקעניש, „ליטוואַק", נישט נאָר אַ קוואַרטיר, נאָר עסן אויך. און לעקציעס אויך. — קומט, יונגערמאַן, מיט מיר, — זאָגט די פרוי און נעמט אָן דעם יונגנמאַן ווי אַ קינד ביי דער האַנט און שלעפּט אים נאָך זיך, מיט דעם פּעקל אין צייטונגס־פּאַפּיר איינגעוויקלט, אויפן צווייטן שטאָק צום פאַן קוויאַטקאָווסקי.

## קאַפּיטל 5

# ווי אַזוי רחל־לאה קאָכט־אָפּ פּראָקלאַמאַציעס

נאָכדעם ווי רחל־לאה האָט זיך אָפּגעפּאַרטיקט מיט קהלשע עניים, איינצואָרדענען דעם פרעמדן יונגנמאַן, האָט זי זיך דערמאָנט, אַז עס וואַרט אויף איר אינדערהיים איר אייגן פּעקל. זי דאַרף זיך נעמען דעם מיטאָג אָפּצוקאָכן. און זי האָט זיך גענומען צו אירע טעפּ מיט דער ענערגיע און חשק, וואָס איז געווען באַקאַנט ביי איר, נאָך דערצו נאָך אַזאַ געלונגענעם טאָג ווי דער היינטיקער, נאָכדעם ווי עס איז איר געלונגען איינצואָרדענען דעם פרעמדן יונגנמאַן.

אין אַ פאַר שעה אַרום איז שוין די גאַנצע משפּחה געזעסן אַרום טיש, און דער מאַן שלמה הורוויץ האָט געקאָנט לערנען די קינדער, וואָס זיי זאָלן יאָ עסן און וואָס זיי זאָלן נישט עסן. שלמה הורוויץ האָט שטענדיק געלערנט. און אַזוי ווי ס'איז אין שטוב איצט צו טונקל געווען צו לעזן ביים עסן, האָט ער אויסגענוצט די צייט די קינדער צו לאָזן ווויסן, וויפיל אייזן* עס האָבן אין זיך מערלעך און וויפיל איי־ווייסל עס האָבן אין זיך אַרבעס. דער לערער האָט זייער גערן געטיילט זיך מיט

זיין ווייסן מיט אַנדערע. נישט קיין חילוק צי דאָס זענען זיינע תלמי־דים, זיינע קינדער אָדער ווילד־פרעמדע, מיט וועלכע ער באַגעגנט זיך צום ערשטן מאָל. אין שטוב איז געווען טונקל, פריער אָוונט פון די קורצע הארבסט-טעג. אין דרויסן איז דאָס וועטער קאַליע געוואָרן און די קינדער, וועלכע זענען אַרויסגעגאַנגען אין פריען מאָרגן, באַגלייט פון דער הערלעכער האַרבסט־זון, זענען צוריק אַהיימגעקומען פייכטע, באַשנייטע און באַבלאָטיקטע. אייניקע פון זיי, ווי דער גימנאַזיע-תלמיד, דוד, און די ייִנגערע טאָכטער האָבן געמוזט די שיך אויסטון און ביים טיש זיצן אין די זאָקן. עס איז געוואָרן אַ גערייד וועגן קאַלאָשן, אַ גערייד, וואָס וואַרפט שטענדיק אַרויף אַ מרה־שחורה, ווייל עס דערמאָנט אָן ווינטער. דער טאַטע האָט זיך נישט געמאַכט הערן, די מאַמע אָבער האָט שוין וועגן דעם געהאַט אירע פּלענער...

רחל־לאהס טיש איז קיינמאָל נישט נאַקעט, שטענדיק געפינט זיך ווער עס איז ביי איר צום מיטאָג, און עס איז איר אייגענע געשיקטקייט, ווי אַזוי איינצוטיילן, אַז עס זאָל פאַר אַלעמען קלעקן. זיצט טאַקע רחל־לאה ביים גרויסן טעלער אַ פאַרזאָרגטע און איז שטאַרק פאַרנומען מיט איינטיילן חלקים. דעם לייגט זי צו, דעם נעמט זי אַראָפּ, לויט די יאָרן און לויט זיינע כוחות. זעלבסטפאַרשטענדלעך, האָט זיך געפונען ביים טיש דער ניי־אָנגעקומענער בחור. דעם ערשטן מיטאָג האָבן זיי אַלע געמוזט עסן ביי דער לערערקע. דער ניי-אָנגעקומענער יונגערמאַן האָט איבערהויפּט געהאַט מזל. ער איז פונעם ערשטן אויגנבליק אָן געפעלן געוואָרן דער לערערקע, און דאָס, וואָס זי האָט באַקומען פאַר אים אַזוי אומדערוואַרטעט און אַזאַ אויסטערלישע קוואַרטיר, האָט דעם יונגנמאַן דערהויבן נישט נאָר אין רחלס אויגן, נאָר ביי אַלעמען. אַזוי ווי דאָס וואַלטן געווען זיינע ספּעציעלע פאַרדינסטן, וואָס פאַן קוויאַטקאָווסקי איז משוגע געוואָרן און געמט־אַריין צו זיך אַ יידישן בחור. אחוץ דעם איז טאַקע דער ניי-אָנגעקומענער געווען אַ גאַנץ שיינער יונגערמאַן. נישט אַזאַ פאַרקרימטער, קליינגעוויקסיקער ווי די אַלע, וואָס האָבן זיך ביז איצט געוויזן. אַ שיין געבויטער און אַ הויך־געוויקסיקער מיט אַ ריין נאַאיוו־פּראָווינציאַלן פּנים. שיינע גרויסע שוואַרצע אויגן און קוים שפּראָצנדיקע באַקן־בערד, וואָס זענען געווען אַ המשך צו זיינע פּאות און האָבן אים צוגעגעבן אַ בחורשן חן. און מער פאַר אַלץ האָט ער

אויסגענומען אין דער לערערקעס אויגן דערפאַר, וואָס ער איז פאַרהעלט־נישמעסיק געגאַנגען ריינער און אָנשטענדיקער אָנגעטון, ווי אַלע אַנדערע יונגעלייט, וואָס זענען געקומען צו איר הויז פון דער פּראָווינץ. טאַקע אַ לאַנגע קאַפּאָטע נאָך, אָבער די קאַפּאָטע איז געווען ריין. אַ געפּרעסט פּראָווינץ־העמד, פון וועלכן עס האָט זיך אַרויסגעוויזן דער אַרויסשטאַרצנ־דיקער קראָק פון זיין האַלדז. אפילו דער חסידישער אַטלעסענער באַנד, וואָס ער האָט געטראָגן פאַר אַ שניפּס, האָט געהאַט אַ חסידישן חן און מען האָט אָנגעזען אין דעם יונגנמאַן, אַז ער קומט נישט פון קיין אָרימער היים, און דאָס האָט אויסגענומען אפילו אין אַזאַ דעמאָקראַטיש הויז, ווי דעם לערערס איז געווען. די אַלגעמיינע אויפמערקזאַמקייט ביים טיש קאָנצענטרירט זיך אַרום דעם פרעמדן אָנגעקומענעם. איצט, נאָכדעם ווי די לערערקע האָט אויף אַזאַ זעלטענעם אופן באַקומען פאַר אים אַ קוואַר־טיר מיט אַלעם גוטן, האָט זיך נישט נאָר איר מאַן, נאָר אפילו דער „זשאַכלינער” שוין אויך איבערגעבעטן מיט דער אידעע פון זיין בלייבן דאָ. אַלע זענען געווען נייגעריק אויסצוגעפינען נענטערס וועגן אים.

— צוליב וואָס ווילט איר זיך נעמען צו לערנען? — פרעגט אים דער לערער פאַר אַלע אָנוועזנדיקע ביים טיש.

דער יונגערמאַן, וואָס האָט זיך — ווי ס'זעט אויס — צום ערשטן מאָל אין לעבן געפונען אין אַזאַ געזעלשאַפט, נאָך דערצו מיט פרעמדע מיידלעך ביי איין טיש, האָט זיך גערויטלט און נישט געוווסט ווו די אויגן אַהינצוטון. די צוויי שוועסטער, וואָס האָבן דאָס באַמערקט, האָבן זיך געשטופּט מיט די פיס אונטערן טיש און געלאַכט אין די טעלער אַריין. ער האָט זיך אָבער נישט פאַרלוירן. פאַרקערט, ער האָט אָפּגעענט־פערט מיט אַ געוויסער זיכערקייט, קוקנדיק בחורמעסיק אין שיסל אַריין.

— איך וויל ווערן אַ שרייבער.

דאָס האָט אַרויסגערופן דערשטוינונג און אויפמערקזאַמקייט. דער באַלעבאָס האָט אוועקגעלייגט דעם גאָפּל, אַראָפּגענומען די ברילן פון זיי־נע אויערן, איבערגעווישט זיי מיטן טיכל, ווי ער וואָלט אים געוואָלט גוט אָנקוקן און איבערגעפרעגט:

— אַ שרייבער?

— יאָ, איך וויל שרייבן, — האָט דער יונגערמאַן אָפּגעענט־פערט אַ זיכערער.

— וואָס ווילט איר דאָס שרייבן? — האָט דער לערער אים גע-פרעגט.

— איך האָב שוין אָנגעשריבן אַ דראַמע, וואָס איך האָב געבראַכט מיט מיר פאָרצולייענען פאַר שרייבער.

— אַ דראַמע? — וואונדערן זיך אַלע.

— יאָ, אַ דראַמע אין פיר אַקטן.

— האָט איר געלערנט די כללים ווי אַזוי צו שרייבן אַ דראַמע? — פרעגט אים דער לערער.

— די כללים? וואָס פאַר אַ כללים? ניין, איך האָב נישט געלערנט.

— איר האָט נישט געלערנט די כללים, און איר האָט אָנגעשריבן אַ דראַמע?

— איך זעט דאָך, — זאָגט דער יונגערמאַן, ווי ער וואָלט געוועזן אָנגעוויזן אויף אַן אָקס, וואָס שטייט פאַר אים.

— און די דראַמאַטישע קלאַסישע ליטעראַטור האָט איר געלייענט? — פרעגט אים דער לערער שוין ווי אַ תּלמיד אויף אַן עקזאַמען.

— דראַמאַטישע קלאַסישע ליטעראַטור? וואָס איז עס? פרעגט איבער דער יונגערמאַן און ווערט רויט.

אַלע שמייכלען מיט. די מיידלעך, איבערהויפּט זאָשקע, די יינגערע, קאָן זיך שוין נישט איינהאַלטן און פּלאַצט־אַרויס אין אַ געלעכטער, וואָס דער פּאָטער האַקט באַלד אָפּ מיט אַ בליק.

— איך מיין שעקספּיר. איר האָט געלייענט שעקספּיר? — פרעגט־איבער דער לערער.

איך האָב אפילו געהערט וועגן אים, — זאָגט דער יונגערמאַן, — נאָר געלייענט האָב איך אים נישט.

— און מאָליער? — מאָליער האָט איר געלייענט?

— מאָליער, מאָליער, ווער איז דאָס? איך פאַרשטיי נישט, כדי אָנצושרייבן אַ דראַמע מוז איך זיי דען לייענען? ווי קומט איינס צום אַנדערן? — וואונדערט זיך דער יונגערמאַן.

ווידער קאָן זיך זאָשקע נישט איינהאַלטן. די עלטערע קנייפּט זי אונטערן טיש אין די נאַקעטע הענט. דער לערער הערט אים אויף צו פרעגן. ער ווערט עפּעס זייער ערנסט און טרויעריק. דער יונגערמאַן פאַר־שטייט, אַז ער האָט גערעדט נאַרישקייטן, און פאַרשעמט זיך און רויטלט

זיך נאָך מער, וואָס מאַכט אים ביי זיין גאַנצער פאַרלוירנקייט — סימפּאַ־טיש.

— זאָגט נאָר, יונגערמאַן, אין אַ טעאַטער זענט איר שוין אַמאָל געווען? האָט איר איבערהויפּט אין אייער לעבן שוין געזען אַ טעאַטער? — פרעגט אים אַלץ דער לערער.

— יאָ, געווען ביי אונדז אין שטאָט אַ יידישע טרופּע, האָב איך אַריינגעקוקט דורך אַ שפּאַרע פון דער פּלאַכטע.

זאָשקע קאָן זיך ווידער נישט איינהאַלטן. און דער יונגערמאַן זיצט ווי אויף הייסע שפּילקעס און ווייסט נישט ווו די אויגן אהינצוטון. נאָר דאָ קומט אים צו הילף זיין שוץ־מלאך.

— הערט נאָר, וואָס האָט איר זיך אָנגעזעצט אויף אים? צוליב דעם איז ער דאָך טאַקע געקומען קיין ווארשע זיך לערנען. אדרבה, העלפט אים, — זאָגט די לערערקע, און כדי אים איבערצובעטן פאַר אַלע פאַר־שעמטקייטן ביים טיש, נעמט זי אויפן גאָפּל אַ שטיקל פלייש פון איר טעלער און דערלאַנגט אים אויף זיינעם.

— עסט, עסט, יונגערמאַן. איר וועט נאָך פון זיי אַלעמען לאַכן.

נאָר דער באַלעבאָס מאַכט אַן ענד צו אַלעם.

— עס איז נישטאָ וואָס צו לאַכן. אַלע אונדזערע טאַלאַנטן האָבן אַזוי אָנגעהויבן. מיר האָבן נישט קיין שולע. דאָס בית־המדרש איז אונ־דזער אוניווערזיטעט. מיך אינטערעסירט זייער, וואָס איר האָט אָנגע־שריבן, יונגערמאַן. איך וועל אייך זייער בעטן, אַז איר זאָלט מיר אַמאָל פאָרלעזן אייער דראַמע.

די רייד האָבן דעם פרעמדן יונגנמאַן רעהאַביליטירט ביי דער גע־זעלשאַפט ביים טיש, און רחל־לאה האָט שוין געקאָנט טריאומפירנדיק אויסרופן: „אהאַ, זעט איר שוין!”

דאָס עסן האָט זיך נישט געקאָנט לאַנג פאַרציען, און דער עולם איז זיך באַלד צעגאַנגען. דער לערער איז אַוועק אויף זיינע נאָכמיטאָגדיקע לעקציעס, וואָס ער האָט געגעבן אין פריוואַטע הייזער. אַזוי אויך די עלטסטע טאָכטער העלענע, וועלכע האָט אויך געהאַט אירע נאָכמיטאָג־דיקע שטונדן, איבער וואָס פרוי הורוויץ האָט זיך געקרענקט, ווייל דאָס מיידל האָט שוין קיין איין מינוט נישט קיין צייט פאַר זיך. דאָס לעבן איז געווען טייער, אַ משפּחה אַ גרויסע. די שולע האָט ווינציק־וואָס אַריינ־

געבראַכט. די תּלמידים זענען מייסטנס באַשטאַנען פון קינדער פון די אָרימע שכנים, וואָס האָבן האַלב געצאָלט, האַלב אויסגעבעטן, און דאָס געצאָלטע איז אויך אויסגעקומען איינצומאָנען מיט גרויס מאַטערניש און נאָכלויפעניש. די שולע האָבן טאַקע געשטיצט אין געהיים אַ פּאָר רייכע אַסימילירטע דאַמען דערפאַר, וואָס זי איז געווען די איינציקע פון דעם מין, וואָס האָט פאַרשפּרייט די פאַרוועדטע פּוילישע שפּראַך צווישן דער אָרימער יידישער באַפעלקערונג, וועלכע מ׳האָט געלערנט אין געהיים. אָבער די הילף פון דעם „קאָמיטעט" איז געווען פּונקט אַזוי ווי אַלע געזעלשאַפטלעכע חברות — מער אַ מאָראַלישע שטיצע איידער אַ מאַטעריעלע. מען איז געקומען און מ׳האָט געגעבן עצות. די דאָקטאָראָווע זילבערשטיינאָווע, די באַשיצערין פון דער שולע, פלעגט אַריינפאַלן יעדן מאָנטיק און דאָנערשטיק און עקזאַמינירן די קינדער אין פּויליש. און עס פלעגט אָפטמאָל זיך מאַכן, אַז בשעת איר וויזיט פלעגט אַריינפאַלן פּונקט דער רוסישער אינספּעקטאָר, וואָס האָט געהאַט אַן אויג אויף דער שולע צוליב אירע פּוילישע טענדענצן און מאַכן אַ רעוויזיע צווישן די בענק, זוכנדיק פּוילישע ביכער און אויספרעגן די קינדער, צי מען לערנט פּויליש. דערפאַר אָבער, אַז עס זענען געקומען די אמתע זאָרגן פון דער שולע: דירה-געלט צו באַצאָלן, אויפן ווינטער קוילן איינצושאַפן, — איז קיינער נישט געווען צו העלפן. איין דאַמע האָט אָפּגעשיקט צו דער אַנדערער און די גאַנצע זאָרג פלעגט פאַלן, ווי תּמיד, אויף דער לערערקעס פּלייצעס.

און מ׳זאָל נישט מיינען, אַז די זאָרגן, וואָס פרוי הורוויץ האָט געטראָגן אויף זיך, סיי אירע אייגענע, סיי פרעמדע, האָבן איבערגעלאָזט שפּורן אויף איר פּנים און אָפּגערופן זיך אויף איר עלטער. דאָס איז נישט געווען דער פאַל. פאַרקערט, עס האָט זיך געדאַכט, אַז וואָס מער די פרוי האָט גענומען אויף זיך, אַלץ מער זענען אירע גלידער אָנגעגאָסן געוואָרן מיט ענערגיע, קראַפט און אַ חשק צו טון. די אומאויסגעשעפּטע ענערגיע, וואָס האָט זיך געהאַט איינגעשפּייכלערט אין איר, אַ ירושה פון עלטערן און אור־עלטערן פון פּראָסטע פאָלקס־מענטשן, פון וועלכע פרוי הורוויץ האָט געשטאַמט, האָט פאַריונגט אירע טעג, אויפגעהאַלטן אַ לייכטיקייט אין אירע באַוועגונגען און אַ מיידלש־דאָרפישע פרישקייט אין איר גאַנצער האַלטונג. אַז זי איז געגאַנגען אויף די מדרגות, האָט

דאָס גאַנצע הויז געוווסט, אַז פרוי הורוויץ גייט. זי האָט געהאַט איר באַזונדערן גאַנג. די טרעפּ האָבן געציטערט אונטער אירע טריט. דערביי איז זי כמעט געשפּרונגען. אַ פרוי אין די פערציקער, וואָס האָט אויסגעזען אין די דרייסיקער; קיין זאָרגן, קיינע צרות זענען נישט אימשטאַנד געווען צו ברעכן איר שטאָלצע האַלטונג. מיט דער שטאַרקער, רייף־אַנטוויקלטער ברוסט, פאָראויס אויסגעשטרעקט פאַר זיך, איז זי געגאַנגען ווי אַ מ ו ט ע ר ־ ז ע ל נ ע ר, וואָס ווייסט איר פליכט און איר ווערט. פון איר גאַנצער פערזאָן האָט געשפּראָצט מוט, ענערגיע און גלויבן. עס איז געווען אַזוי ווי זי וואָלט איינגעגאַנגען אויף אַ קאַמף־געוועט מיט איר מזל. וואָס שווערער עס איז געווען איר לעבן, אַלץ מעכטיקער איז זי געוואָרן און אַלץ לייכטער האָט זי עס גענומען. ביי דעם אומגליק פון איר עלטסטן זון, וואָס איז געווען די האָפענונג פון דער משפחה, האָט מען געמיינט, אַז דאָס וועט זי צעברעכן. אין אָנהייב האָט זיך טאַקע דאָס אומגליק אָפּגערופן אויף איר געזונט. פרוי הורוויץ, וואָס איז קיינמאָל נישט קראַנק געווען, האָט זיך אָנגעהויבן צו קלאָגן אויף קאָפּ־ווייטיקן און אויף פוס־ברעכעניש. נאָר דאָס איז נאָך געווען אין אָנהייב, ווען זי האָט געקעמפט פאַר זיין באַפרייאונג. קוים אָבער האָט זי זיך איבערצייגט, אַז זי קאָן גאָרנישט טון, איז זי צוריקגעגאַנגען צו אירע טאָג־טעגלעכע זאָרגן, וואָס האָבן זי באַלד געגעבן אַ נעם־אַריין אין זייער קלעם. זי האָט באַלד צוריקגעפונען איר פריערדיקע יוגנט און פרישקייט. עס איז טאַקע אמת, אַז זינט דעם אומגליק מיט איר זון, האָט איר שטאַרק־אויסגעמוסקולירט פנים אָנגענומען מער קנייטשן. דריי טיפע רינגען האָבן זיך געגעבן אַ שנייד אַריין אין איר הויכן שטאָלצן האַלדז, אָבער די קנייטשן האָבן נאָר ווייכער געמאַכט, ליידנדיקער, די שטאַרקע מוסקולן פון איר פנים, און אירע גרויע אויגן, וואָס האָבן שטענדיק געקוקט, וועלפיש־גערייצט, ווי גרייט אַנטשלאָסן אויף עפּעס, האָבן איצט באַקומען אַ מילדערן בליק, אַן איבערגעלייגטן און ספקדיקן. דאָס איז געווען דער שטענדיקער טרער־גלאַנץ, וואָס האָט זיך געפּייכט אין ווייסאַפּל. איבעריקנס, איז דער חרטהדיקער בליק פון אירע אויגן און די מוטער־קנייטשן פון איר האַלדז גאָרנישט געווען אין איינקלאַנג מיט איר גאַנצער גלייך־האַלטנדיקער שטאָלצער פיגור. עס איז געווען אַזוי ווי איר קערפּער ביז צום האַלדז וואָלט געלעבט באַזונדער פאַר זיך. ער איז איינ־

גאַנצן געווען אָנגעגאָסן מיט איין ווילן, וואָס ווייסט יעדן אויגנבליק וואָס צו טון...

פרוי הורוויץ האָט געוווסט, וואָס צו טון יעדן אויגנבליק פון איר לעבן. יעדע ווײַלע האָט געוואַרט אויף איר אַן אַנדערע אַרבעט. נאָכדעם ווי דער מאַן און די קינדער האָבן פאַרלאָזט די שטוב, האָט זיך פרוי הורוויץ אַרויפגעשאַרצט די אַרבל פון איר קלייד, אָנגעטון אַ פאַרטוך און גענומען זיך דאָס געפעס וואַשן. אַרײַנגעגאָסן אַ טאָפּ הייסע וואַסער אין דער גרויסער וואַש־שיסל, אַרײַנגעשאָטן זייף און סאָדע, האָט זי אָנגעהויבן צו שייערן אירע געפעס, די גאָפּל, מעסער מיט יענער ענערגיע און חשק, וואָס האָט אַרויסגעקוואָלן פון איר געזונטן קערפּער ווי אַ לעבנס־זאַפט פון אַ שטאַרקן בוים.

נאָר רחל־לאה קאָן נישט גלאַט אַזוי וואַשן טעפּ און טעלער. זי מוז דערבײַ פאַנטאַזירן.

און איצט ווי זי שטייט אַזוי אַרויפגעשאַרצט די אַרבל, בײַ דער גרויסער וואַש־שיסל און לאָזט אירע הענט דורכשווענקען אין סאָדע און זייף, איז איר קאָפּ ערגעץ אַנדערש־וווּ. זי האָט געהאַט פאַנטאַזיע, און איר פאַנטאַזיע האָט איר געמאָלן הערלעכע בילדער. דאָרט, ווו אַן אַנדערער וואָלט גאָרנישט געוועזן געזען, האָט פאַר אירע אויגן געשוועבט אַ ליכט, וואָס האָט באַגאָסן מיט גאָלדענע שטראַלן יעדע זאַך, אויף וועלכער זי האָט געקוקט, אַזוי ווי זי וואָלט געווען געטראָגן ברילן. דער אומ־באַפלעקטער און נישט אָנגערירטער פאָלקס־גלויבן, וואָס זי האָט געטראָגן אין זיך, האָט איר געגעבן אַ זעאונגס־כוח צו קוקן אויף געשעענישן און זאַכן נישט אַזוי ווי זיי זענען אין דער אמתן, נאָר פון אַ העכערן אמת. אין איר פאַנטאַזיע האָט זי שוין געזען ווי פון דעם יונגנמאַן, וועלכן זי האָט געפונען הינטער איר טיר, וואַקסט אַרויס אַ וויכטיקער מענטש און דאָס האָט זי אים צוגעהאָלפן דערצו, און זי איז דערפון שטאָלץ געוואָרן. פונקט אַזוי ווי זי איז געווען איבערצייגט, אַז איר מאַן איז דער גרעס־טער געלערנטער, וואָס געפינט זיך אויף גאָטס ערד; אירע קינדער וועלן אויסוואַקסן פאַר גרויסע מענטשן, און איר „זשאַכלינער", כאָטש זי זידלט אים מיט „שמדניק" און „ליטוואַק גנב", גלויבט זי דאָך, אַז ער מוז עפּעס אויף אַ זייער וויכטיקע זאַך און די וועלט וועט באַלד הערן פון אים, — אַזוי האָט זי שוין אויך אָנגעהויבן צו גלויבן אינעם פרעמדן

יונגנמאַן. (איר פֿאַנטאַזיע האָט נישט געמאַכט קיין חילוק צי ס'איז איר אייגן קינד, צי אַ פֿרעמדער.) און אַצינד, ווי זי איז געשטאַנען איבער דער וואַש־שיסל און געריבן מיט אירע שטאַרקע נאַקעטע הענט אירע טעפּ און טעלער, איז איר גאַנץ פּנים באַגאָסן געוואָרן מיט פֿרייד. אַן אומפֿאַר־שטענדלעך און אומבאַגרענעצט גליק האָט זי אַרומגענומען דערפֿאַר, וואָס זי האָט דעם יונגנמאַן געהאָלפֿן.

זי האָט מיטגעבראַכט פֿון אירע מוטערס אַ שטאַרקן גלויבן אין מאַן, אַז ער איז באַשאַפֿן געוואָרן פֿאַר העכערע זאַכן, וואָס האָבן גאָר־נישט צו טון מיט די קליינינקייטן פֿונעם טאָג־טעגלעכן לעבן. מיט דעם דאַרף זיך אָפּגעבן דאָס ווייב. דער מאַן איז דערצו דאָ, כּדי צו שאַפֿן די גייסטיקע וועלטן און גיטער, וואָס הויבן דאָס אייביקע לעבן און דעם אייביקן תּכלית. אַמאָל איז דאָס געווען די תּורה און דער גן־עדן. זינט זי איז געוואָרן אַן אַפּיקורסטע, צוזאַמען און דורך דעם מאַן, האָט זי אַריבערגעטראָגן איר גלויבן צו די גייע זאַכן: צו בילדונג, צו פּראָגרעס, צו דעם גערעכטן מאָרגן, וואָס דאַרף אַמאָל קומען, ווען די מענטשן וועלן נישט זיין אַזעלכע נאַראָנים און זיך נישט לאָזן מער פֿאַרשקלאַפֿן. זי האָט זיך אָנגעהערט אַזוי פֿיל דערפֿון פֿון „זשאַכלינער" און פֿון אַנדערע יונגעלייט, וואָס קומען צו איר אין די פּרייטיק־צו־נאַכטן. און דאָס ווייב איז באַשאַפֿן געוואָרן, כּדי דעם מאַן צו העלפֿן דערצו... ווי אירע מו־טערס האָבן געהאָלפֿן זייערע מענער אָנצוגרייטן זיך חלק לעולם הבא און אַ פּלאַץ אין גן־עדן.

אין דער קיך, ווי זי איז געשטאַנען און געוואַשן דאָס געפֿעס, איז שוין געווען טונקל. אַ טריבע ראָסע האָט זיך געזעצט אויפֿן קיך־פֿענצ־טער, וואָס איז אַרויסגעגאַנגען אויפֿן הויף. די צווייטע שטוב, וועלכע איז געווען די „עס־שטוב", דאָס „שטודיר־צימער" און דאָס „וווין־צימער" בייטאָג און ביינאַכט, דאָס גרויסע שלאָף־צימער פֿון די קינדער, איז איצט געווען האַלב באַלויכטן פֿון דער גרויסער מילך־שיין, ביי וועלכער דער גימנאַזיסט האָט געמאַכט זיין נאָכמיטאָגדיקע לעקציע, איידער ער איז געגאַנגען אויף זיין שעה. דער גימנאַזיסט האָט אויך געמוזט פֿאַר־דינען אויף זיין עסן און מונדיר. פֿון פֿינף ביז זיבן האָט ער פֿאַרגעלעזן פֿאַר אַ בלינדן מאַן ציַיטונגען און ביכער. אין קיך איז וואָס אַמאָל מער טונקעלער געוואָרן אַזוי, אַז רחל־לאה האָט נישט מער געזען דאָס געפֿעס

צו וואַשן — האָט זי זיך דערמאַנט, אַז אין דער צווייטער שטוב ברענט זיך אַ לאָמפּ. אַזוי ווי ס'איז אַ שאָד געווען אָנצוצינדן נאָך אַ ליכט, האָט זי אַריינגערופן צו דעם יינגל:

— דוד, דוד, קום אַריין מיט דעם לאָמפּ, וועסט דאָ מאַכן די לעקציע אויפן קיך־טיש, איך האָב אים שוין אָפּגערייניקט.

דאָס יינגל האָט אַריינגעבראַכט דעם לאָמפּ מיט זיין בוך. דערזען די מאַמע וואַשט דאָס געפעס אין דער פינצטער, האָט ער זיך פאַרוואונדערט:

— די מאַמע וואַשט אַליין דאָס געפעס? און וווּ איז די סטרוזשקע (הויז־היטערין), וואָס קומט אַרויף יעדן טאָג?

— ווידער אַ נייעס — די סטרוזשקע. וואָס? אַליין קאָן מען נישט? ס'וועלן צונויף קומען די פּאָר גילדן אויף עפּעס אַנדערש. זאָג נישט אויס דעם טאַטן.

— און פאַרוואָס העלפט דיר נישט זאָשקע? זי איז דאָך אינדערהיים.

— איך וויל נישט, אַז זי זאָל די הענט קאַליע מאַכן. איך האָב זי עקסטרע אוועקגעשיקט צו אַ חברטע.

— זאָל מיך די מאַמע לאָזן, איך וועל פּרוּוון.

— גיי, דו דאַרפסט מאַכן לעקציעס.

— נאָר אַ שטיקל „יוליוס צעזאַר" אויסנווייניק צו לערנען, איך וועל עס קאָנען זאָגן סיי־ווי־סיי.

— וואַשן וועל איך, דו וועסט בלויז איבערווישן. נאַ, דאָ האָסטו אַ האַנטוך.

איבערווישנדיק די טעלער, האָט דאָס יינגל דערווייל אויף אויסנווייניק אויסגערעכנט די מלחמות, וואָס עס האָט געפירט און געוווּנען דער העלד און גרויסער רוימישער מלוכה־מאַן.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

אָבער וואַשנדיק די טעלער, האָט רחל־לאה עפּעס באַמערקט.

— ווײַ איז מיר, די הויזן זענען דאָך ווידער ביי דיר צעריסן. ערשט נאָר־וואָס אַ פּאָר נייע הויזן געקויפט, — האָט זי אָנגעוויזן אויפן יינגלס הינטערטייל.

דוד איז געבליבן שטיין אין דער מיט פון אַ צעזאַרישער שורה. אַ

שטאמלדיקער, האט ער געוואָלט אויסטראַכטן עפּעס אַ נישט-געשטויגע־נע מעשה וועגן אַ פאַל. צום סוף איז ער גאָר בייז געוואָרן, און האָט אויסגערופן:

— וואָס זאָל איך טון, אַז זיי צערייסן זיך? הויזן זענען פאַר דעם געמאַכט, אַז זיי זאָלן זיך רייסן. הויזן, אויסגעוואַקסן פון אייזן, האָט מען נאָך נישט אויסגעפונען.

— וואָלסט טאַקע באַדאַרפט האָבן אַ פּאָר אייזערנע. טוכענע הויזן, זעט זיך אויס, זענען נישט פאַר דיר. קום שוין אַהער, גימנאַזיסט מיי־נער, וועל איך עס צונייען.

די מאַמע האָט איבערגעלאָזט דאָס געפעס אין מיטן וואַשן, אַרויס־גענומען פון שופלאָד אַ שעפּ מיט נאָדלען און גאָרן, איינגעפעדעמט דעם דיקסטן פאָדעם, וואָס זי האָט נאָר געקאָנט געפינען אין איר ניי-מלוכה, און אַראָפּקניענדיק אויף איין פוס, האָט זי פאַרריכט די הויזן אויף דעם אָנגעטוענעם גימנאַזיסט, וועלכער האָט נישט געפונען קיין אורזאַך, אַז צוליב דעם, וואָס די מאַמע נייט אים צו די הויזן, זאָל ער אויפהערן אויס-צורעכענען די גרויסע מעשים פון רוימישן העלד. רחל-לאהן, וועלכע האָט ערשט פריער געשיינט פאַר נחת פון איר קינדס אומפאַרשטענדלעכע ווערטער, איז שוין איצט נישט געלעגן אין קאָפּ דער צעזאַר. זי האָט גע-קלערט וועגן דעם: אַלעס געפינט מען אויס. פאַרוואָס אָבער האָט מען נאָך נישט אויסגעפונען אַזאַ שטאָף אויף הויזן, וואָס זאָל זיך נישט צע־רייסן? נאָר בשעת זי איז געווען אַזוי פאַרנומען אין איר געדאַנק, האָט זי באַמערקט ווי דעם יונגס טאַשן זענען אָנגעשטאָפּט מיט עפּעס.

— וואָס האָסטו אין די קעשענעס? — פרעגט די מאַמע, טאַפּנדיק איבער זיי.

— דאָס איז גאָרנישט, די מאַמע דאַרף עס נישט וויסן, — זאָגט דאָס יינגל, רויט־ווערנדיק.

נאָר דער מאַמעס האַנט האָט שוין געשטעקט אין דער קעשענע און פון דאָרט אַרויסגעשלעפּט אַ גאַנצן פּאַק אומלעגאַלע ליטעראַטור, גע־דרוקט אויף ביבולע.

— נאָך דאָס האָט מיר געפעלט! — שרייט־אויס די מאַמע, — דו אויך? וואָס האָט איר זיך אָנגעזעצט אויף מיר? וואָס ווילט איר פון מיר? — רופט רחל-לאה אויס פאַרצווייפלט.

— מאַמע, זאָל די מאַמע נישט זאָגן דעם טאַטן. אַהיימגענומען נאָר איבער נאַכט. מאָרגן גיב איך עס ווייטער.

— נישט זאָגן ווער איך? — גענוג, איינער פוילט אין תפיסה — און דו שוין אויך. אפשר וועסטו איבערוואַרטן, ביז דו וועסט די גימנאַזיע פאַרענדיקן? — זאָגט רחל־לאה שוין באַרואיקט.

— איך האָב עס גענומען פאַר אַ חבר, איך זאָג דער מאַמען, מאָרגן וועל איך עס אָפּגעבן.

— דו ווייסט דאָך אַפילו נישט, ווי מיט דעם אומצוגיין — דו ראָצער איינער. ווו וועסטו עס טראָגן — אין די צעריסענע הויזן? — נאַ, זע, עס שטאַרצט דאָך אַרויס פון די קעשענעס, אַ בלינדער קאָן עס דערזען, גיב עס אַהער, איך באַדאַרף נאָך, אַז מ'זאָל דיך כאַפּן אויף דער גאַס. איצט ווען פּאַטרולן שטייען אין אַלע ווינקלען.

זי שלעפּט אַרויס די פּראָקלאַמאַציעס פון טאַש, און נעמט איינעם פון אירע טעפּ, אין וועלכן זי האָט היינט מיטאָג אָפּגעקאָכט און נאָר־וואָס געהאַט אויסגעוואַשן — און אַ פּאַק אַריין אין אים די פּראָקלאַמאַציעס. לייגט איבער זיי אַ שטיק פּאַפּיר און נעמט אַ שיסל מיט רויע, נאָר־וואָס אָפּגעשיילטע קאַרטאָפלעס, וועלכע זי האָט זיך אָנגעגרייט אויף די מאָרגנ־דיקע זופּ — און אַ שיט אַרויף די קאַרטאָפלעס אויפן פּאַפּיר מיט די פּראָקלאַמאַציעס, און שטעלט אַוועק דעם טאָפּ מיט די פּראָקלאַמאַציעס אויף דער קיך.

— וואָס טוט דאָס די מאַמע? — די מאַמע גייט זיי אָפּקאָכן? — לאַכט דאָס יינגל.

— נישט נאָר קאָכן — איך וועל זיי בראָטן, פאַרברענען וועל איך זיי. זאָלסט מיר דאָס אויפהערן צו ברענגען אין שטוב אַריין, דו ראָצער איינער — נאָך צייט פאַר דיר, אַז נישט, וועל איך דעם טאַטן דערציילן — איך זאָל אַזוי זיין געזונט — שווערט זי זיך, — ווי איך וועל עס דעם טאַטן דערציילן.

— אויב אַזוי, וועל איך דערציילן דעם טאַטן, אַז די מאַמע האָט זיך ווידער געשווירן. (דער לערער, וואָס האָט געהאַלטן אין איין לער־נען זיין ווייב — האָט זי געוואָלט אַלץ אָפּגעווינען פון אירע שטענדיקע שבועות.) און איך וועל דערציילן, אַז די מאַמע האָט אַליין דאָס געפעס געוואַשן.

— ווּעסט שווייגן, דו ראָצער איינער?

— אַז די מאַמע וועט שווייגן וועגן די פּראָקלאַמאַציעס, וועל איך אויך שווייגן. אַ טובה פּאַר אַ טובה, — לאַכט דאָס יינגל און לויפט אַרויס אין קאָרידאָר אויף זיין לערן־שעה.

— הער נאַר, דו, וואָס לויפסטו אַרויס אָן קאַלאָשן, ווילסט זיך ווידער צוקילן, עס רעגנט דאָך אין דרויסן, און די שיך זענען צעריסן.

— קאַלאָשן? — פון וואַנען וועל איך זיי נעמען? — די פריערדיקע זענען דאָך צעריסן.

— קום צוריק אַריין. נאַ, — געקויפט אויפן מאַרק אַ פּאָר גענוצטע, — זאָגט די מוטער און וואַרפט אים צו אַ פּעקל.

— קאַלאָשן? — פון וואַנען האָט די מאַמע געלט גענומען?

— נישט דיין עסק, ראָצער — טו־אָן און גיי.

## קאַפּיטל 6

# דער שבת און דער אינדערוואָכנס

ס'איז געווען איר שעה, די אָוונט־שעהען צווישן פינף און זיבן, ווען דער מאַן און די קינדער זענען אַוועק אין גאַס, יעדער צו זיין באַשעפטי־קונג. דאָס מיטאָג שוין אָפּגעפּטרט, דאָס געפעס שוין איבערגעוואַשן. ס'איז געווען איר אָפרו, איר חלום־שעה. דענסטמאָל האָט זי גערן גע־וואָלט בלייבן אומגעשטערט. זי האָט זיך גענומען איינס פון די ביידע זאַכן צו טון: אָדער די פּאָדלאָגע אָפּוואַשן, אָדער זיך אַליין צו וואַשן. היינט האָט זי געטון ביידע זאַכן. זי האָט ליב געהאַט ריינקייט אַרום זיך. און אַזוי ווי זי איז געוווינט געווען אין אירע מיידלשע יאָרן, דאָרט אין דרויסן אין דאָרף ביי איר פּאָטער, צו זען אַלצדינג ציכטיק און פינקלדיק אין איר ווינקל — האָט זי עס ליב געהאַט נאָכצוטון ביזן היינטיקן טאָג. ניין, היינט נאָך מער ווי דענסטמאָל. די פּאָדלאָגע וואַשן אָדער די האָר זיך וואַשן איז ביי איר אַן אָפרו, אַ פאַרוויילונג, אַ פאַרשפּיל פון אירע טעגלעכע זאָרגן. ווען רחל־לאה האָט צופיל אויפן קאָפּ, ווען די נויט

דריקט שוין גאָר נאָענט — דענסטמאָל נעמט זי זיך צו איר ליבער באַשעפטיקונג.

אויסגעטון שיך און זאָקן, מיט אַ דורכגעווייקטער פלאַכטע, וואָס זי טונקט־איין און דרענגט יעדעס מאָל אויס אין אַן עמער מיט איינגעזייפטע וואַסער, קריכט זי אַרום אויף אַלע פיר, ווישט די פּאָדלאָגע מיט אַ חשק, וואָס ווייזט אַרויס פאַרגעניגן, שאַרט אַרום מיט דער איינגעזייפטער פלאַכטע אַלע ווינקלען פון גרויסן עסצימער. אין אַלע עקן, אונטער אַלע בעטן, אונטער אַלע שענק — אומעטום וווּ עס איז נאָר דאָ אַ פאַרשטעקט ווינקעלע, שטעקט זי אַריין איר נאָז. אָפּגעהיט זאָל מען ווערן, אַז מ'זאָל איר דענסטמאָל שטערן. עס איז אַזוי ווי זי וואָלט געטון אַ הייליקע אַרבעט. קיינער קאָן נישט און טאָר נישט אין שטוב אַריינקומען. מעג משיח אַליין קלאַפּן אין טיר, וועט זי אים נישט עפענען, ביז זי איז נישט איבערגעגאַנגען מיט איר פייכטער שמאַטע די גאַנצע אויבערפלאַך פון הויז. סיי זומער און סיי ווינטער פראַלט זי אויף דאָס פענצטער, אַז ס'זאָל זיך אויסטריקענען פון דער לופט. איבערגעשאָטן די אָפּגעוואַשענע פּאָדלאָגע מיטן געלן זאַמד, מוזן שוין דענסטמאָל אַלע פאַרבלייבן אין קיך. אין קיך מוזן אַלע לעקציעס ווערן פאַרענדיקט, אַלע דעבאַטן אויסגעקריגט צווישן דעם לערער און זשאַבלינער, ביים גלעזל טיי, ביז דאָס עסצימער איז טרוקן און קאָן אויפנעמען יום־טובדיק זיינע געסט.

אָפּגעפּאַרטיקט מיט דער פּאָדלאָגע, גיט זיך דענסטמאָל רחל־לאה אַ נעם צו זיך. גאָרנישט האָט זי אַזוי גערן אין איר לעבן ווי וואַסער און זייף, נישט נאָר זיך אַליין צו טונקען, נאָר אַלעמען, ווער עס פאַלט־אַרונטער אונטער אירע הענט. פון קדמונים אָן איז אַ געזעץ איינגעפירט, אַז יעדן פרייטיק נאָכמיטאָג מוז דאָס גאַנצע הויזגעזינט דורכגיין דורך אירע פינגער אין אַ שיסל וואַסער מיט זייף. זי טיילט איין יעדן מיטגליד פון איר משפחה אין צוויי חלקים: איין מאָל פון קאָפּ ביזן האַלבן לייב, און דאָס צווייטע מאָל די אַנדערע העלפט. דערביי איז איר נישט קיין חילוק, אין וואָס פאַר אַן עלטער עס געפינט זיך איר משפחה־מיטגליד און צו וואָס פאַרא מין ער באַלאַנגט. פרייטיק איז שוין אַ מוז־זאַך. אָבער אין מיטן דער וואָך קאָן רחל־לאהן אויך איינפאַלן אונטערנעמען אַן עקספּעדיציע אין אירע קינדערס אויערן און אַנדערע טיילן פון זייערע קערפּערס.

נישט נאָר מיט אירע אייגענע משפּחה־מיטגלידער באַגייט זי זיך אַזוי, נאָר עס איז שוין אַן אָנגענומענער כּלל, אַז יעדער בחור, וואָס קומט צולויפן פון דער פּראָווינץ נאָך בילדונג צו איר מאַן, מוז קודם־כּל, דורכגיין דורך דער שיסל וואַסער און זייף פון רחל־לאהס הענט, שוין אָפּ־גערעדט פון די יונגעליים, וואָס וווינען ביי איר. זיי טוט זי גאָר אַן דעם טוים. פון דער העלער הויט קאָן רחל־לאה נעמען איר שיסל מיט קאָכע־דיק וואַסער, מיט אַ שטיק געלער וואַש־זייף און אַריינשטעלן אין „בית־מדרש" אַריין: „געוואַשן זאָל ווערן! אַז נישט, וועל איך זיך אַליין נעמען צו אייך!" אָפּטמאָל זעצט זי זיך אַן אויפן זשאַכלינער. אַ ליאַדע־וואָס, אַז דער זשאַכלינער געפעלט איר עפּעס נישט, אָדער ער זאָגט עפּעס, וואָס איז נישט אין איר גוסט, קאָן זי זיך אָנרופן צו אים (נישט שעמענ־דיק זיך אפילו פאַר מענטשן): „פּאַניע ליטוואַק — אפשר וועט איר נע־מען אַ וואַש? כ'לעבן, ס'איז דאָ אַ פולער קעסל קאָכעדיק וואַסער."

אַממייַנסטן אָבער האָט פרוי הורוויץ ליב אויסצוגיסן וואַסער מיט זייף אויף איר אייגן לייב. דאָס וואַשן איז אַ באַלוינונג פאַר אַ גאַנצן טאָג מי און וועקט אויף אין איר נייע קוואַלן פון ענערגיע און מוט. צוגע־שלאָסן די טיר אויף אַלע רינגען, וואַרפט רחל־לאה אַראָפּ פון זיך דאָס קלייד, די אונטער־וועש, דאָס העמד און בלייבט שטיין חוה־נאַקעט אין דער גרויסער וואַש־שיסל, און גיסט אויף איר קנאָכנדיקן, אויסגעקנאָ־טענעם לייב וואַסער פון אַ שעפּ. און פּונקט אַזוי ווי זי האָט ערשט פריער מיט דער פייכטער שמאַטע איינגעטונקט אין סאָדע און זייף, גע־ריבן אירע טעפּ, די שיסלען, די האַרטע פּאָדלאָגע, — אַזוי רייבט זי און וואַשט מיט אַ האַרטער שוואָם, איינגעטונקט אין סאָדע און זייף, יעדן ווינקל פון איר שטאַרקן מוסקולירטן קערפּער. עס בייגט זיך אויס ווי אַן אָנגעשפּאַנטער פיילבויגן איר אויסמאָדעלירטער רוקן מיט אַלע זיינע גריבעלעך און ווינקעלעך, פון וועלכן ס'שניידט זיך אַרויס זיין רוקן־ביין, צו וועמענס מיטן רחל־לאהס האַנט מיט דער פייכטער שוואָם וויל דורכ־אויס דערגרייכן: מיט אַן ענערגישער לוסט פירט זי איבער מיט אירע שטאַרקע הענט איבער איר געפּאָלדעוועטן בויך פון אונטער די בריסטן, ביז צו די ברייטע היפטן, נישט פאַרגעסנדיק אויסצוזאַנגלען מיט זייף אירע שטאַרקע קני. נאָך יעדן רייב שלאָגט אַרויס פלאַמען רויטלעכקייט אויף איר קערפּער, ווי איר בלוט, אויפגעוועקט פון מאַסאַזש און באַווע־

גונג, וואָלט זיך אויפגעכאַפּט פון שלאָף, צוזאַמענגעלאָפן זיך פון אַלע באַהאַלטענע ווינקלען און געוואָלט אַרויסזעצן דורך דער דורכזעענדיקער ווייסער ווייבערשער הויט...

היינט אָבער איז געווען אַ טאָג פון גרויסן וואַשן: נאָכן קערפּער האָט זיך רחל־לאה גענומען צו אירע האָר. נאָך אַזאַ טאָג פון פיל זאָרגן און אַרומלויפעניש געפינט רחל־לאה נישט קיין אַנדער מיטל פון באַרואַי־קונג און אָפּרו ווי צו וואַשן זיך דעם קאָפּ. הויך־נאַקעט, מיט אַ גענדזן־הויט־איבערגעצויגן לייב, שטייט זי איבער אַ שיסל אויפגעוואַרימט רעגן־וואַסער, און וועלכן זי ווייקט אירע איינגעזייפטע לאַנגע האָר. איינגע־קנאָטן, צוזאַמענגעפלאָכטן פון בלישטשענדיקע, געבלעזלטע מוליענעם — האָט די פרוי מיט אַ פרייד געגאָסן איבער איר קאָפּ דאָס לעבלעכע רעגן־וואַסער. אַ קינדישע אויסגעלייטערטקייט קומט דענסטמאָל איבער איר פּנים און איבער איר גאַנצן קערפּער, ווי עס וואָלט ווער געגאָסן איבער איר קאָפּ מיט ברכות און לייטזעליקייט. חלומות פון יונגע טעג שטייען אויף, חלומות פון גרינע לאָנקעס, פון פרישע וואַסערן, און וועלכע זי האָט זיך געבאָדן מיידלווייז; חלומות פון באַהאַלטענע פרילינגס־וועלדער, — אַלץ ווערט לעבעדיק, ווען דאָס לעבלעכע וואַסער גיסט זיך איבערן קאָפּ. די גאַנצע זינד פון אַלע יאָרן וואַשט־אָפּ דאָס רעגן־וואַסער: די זינד, די צרות און די עלטער — און רחל־לאה גייט אַרויס פון דער זייף־שיסל אַ געלייטערטע און נײַ־געבוירענע.

אַרומגעהילט אין איר גרינעם שלאָף־ראָק, איבערגענייט פון אַ פּאַר־צייטיק חופּה־קלייד, טריקנט זיך רחל־לאה ביים איינגעהייצטן קאַכל־אויוון אין ווין־שטוב אירע געוואַשענע האָר. אַלע טישן און אַלע בענק טראָגן אויף זיך שפּורן פון די קינדערס לעקציעס. די שטוב איז איצט צוגערוימט, אָפּגעוואַשן און מיט זאַמד באַשאָטן. און ביים קאַכל־אויוון זיצט רחל־לאה און טרינקט לאַנגזאַם, מיט צוגעלאָזענעם פאַרגעניגן, איר טעפּל טיי.

אַ נײַ־געבוירענע, אַ געלייטערטע און אַ געטרייסטע. עס איז דער איינציקער מאָמענט פונעם גאַנצן טאָג, וואָס רחל־לאה הערט איר אייגן האַרץ קלאַפּן. דער איינציקער מאָמענט, וואָס זי איז באַוווסטזיניק פון איר אייגן לעבן. עס איז דער שבת אין איר טאָג, ווען רחל־לאה זיצט אַזוי באַלויכטן אין מילך־שיין פון טיש־לאָמפּ, טריקנט אירע האָר און זופּט

די טיי. ווי אַ פּאַסטוך לאָזט פאַרביי פאַר זיך זיינע געוואַשענע שעפּסן, אַזוי לאָזט זי פאַרבייגיין פאַר זיך אירע פאַרגאַנגענע טעג, פאַרגאַנגענע חלומות... מיידלשע, שוין לאַנג באַגראָבענע און פאַרגעסענע חלומות, אין טיפן נעפּל פון לאַנגער פאַרגאַנגענהייט פאַרטרונקען — שטייען אויף און שלייכן דורך זייער זוניק שיינען פאַר אירע אויגן: גרינע לאָנקעס אין זומער, וואַסער ביים באָדן, באַהאַלטענע געפילן, שאָטנס פון בענקשאַפטן, איינגעוויקלט ווי עמבריאָנען אין מוטער־הויט, אָן־קאַנטיקע, בלוטלאָזע, וואַגלאָזע שווימענדיקע און שוועבנדיקע — שלייכן זיי און פלאַטערן. דערנאָך קומען שוין באַשטימטע טעג און מעשים.

זי באַדויערט נישט איר מזל. אדרבה, זי איז צופרידן פון איר גורל. וואָלט מען באַדאַרפט אָנהייבן אויפסניי, וואָלט זי ווידער אַזוי אָנגעהויבן. דעם מאַן זעט זי כמעט נישט די ערשטע טעג פון איר חתונה־האָבן. די קינדער? זי שטעלט זיך אָפּ ביים עלטסטן. איר געליבט, אויסגעוויייטיקט קינד איז עס. זי דערמאָנט זיך ווען זי האָט אים געזויגן. געוווינט האָט זי דענסטמאָל ביי איר שווער, אויף קעסט געזעסן, און עס האָט זיך איר געבענקט אַהיים. נישט איבעריקס גערן האָט זי געהאַט דאָס נייע הויז, אין וועלכן זי איז אַריינגעפאַלן, מיט שווער און שוויגער און מיט די נייע געוווינהייטן. מ'האָט געקוקט אויף איר מיט חשד. זי האָט זיך נישט געקאָנט צופּאַסן צו זייער פרומקייט. געוווינט געווען אַרויסצולאָזן לאָקן האָר פון איר שייטל, פון איר הייבל, גרינג געווען מיט אַנדערע מצוות. די שוויגער האָט געהאַלטן אין איין מוסר זאָגן. דער שווער האָט געבור־טשעט אין דער שטיל, און אַפילו דער מאַן איז דענסטמאָל פרעמד גע־ווען. זי האָט געבענקט נאָך דער היים, נאָכן דאָרף, פון וואַנען זי איז גע־קומען, נאָך דער שענק, וואָס זיי האָבן געהאַט, נאָך די שקצים מיט די שיקסעס — איז די איינציקע טרייסט געווען ביי איר דאָס קינד, וואָס זי האָט דענסטמאָל געזויגן. זיין גאַנץ לעבן גייט דורך פאַרביי איר. זי זעט אים דערנאָך אין גימנאַזיע, אין די קליידער, אַזאַ יינגל געווען אין די לאַנגע הויזן מיט דעם פולן ראַניעץ ביכער. וויפל מי און מאַטערניש יעדע אָפּצאָלונג אין גימנאַזיע האָט געקאָסט! וויפל האַרץ־קלאַפּן ביי יעדן עקזאַמען, אַז ער זאָל דאָס „פינפטל" אַהיימברענגען. זי זעט די טעג ווי ער וואַקסט. גאָט! פאַרוואָס וואַקסט ער אַזוי פלינק? ער איז דאָך נאָך אַ קינד. וואָס העכער ער ווערט, אַלץ מער וואַקסט ער אַרויס פון איר. זי־

ווייל נישט, ער זאָל אַזוי פרי גרויס ווערן. זי וויל, ער זאָל אַ קינד נאָך בלייבן — אַ קליין קינד ווי ער איז געווען, ווען זי האָט אים געזויגן...

זי זוכט מיט אירע בליקן זיין געשטאַלט. ווו איז ער איצט? ווו געפינט ער זיך? ער דרייט זיך אַליין אַרום אין אַן ענגער פאַרמאַכטער צעל, אָדער אפשר שוין ערגעץ פאַרשיקט. קיינער איז נישט מיט אים. בענקט ער נאָך איר, ווי זי נאָך אים? גאָט, פאַרוואָס האָבן זיי אים צוגענומען? פאַרוואָס האַלטן זיי אים דאָרט? ווי וואָלט זי געוואָלט, אַז עס זאָל זיך איצט די טיר עפענען און ער זאָל אַריינקומען. נישט אַזאַ הויכער, דערוואַקסענער, אַ פרעמדער און אַ פאַרטראַכטער אין אַן אַנדער וועלט, ווי ער איז געווען לעצטנס, נאָר נאָך אַלס קינד, אַזוי ווי ער איז געווען אַמאָל, אין די ערשטע יאָרן, ווען זי האָט אים די ערשטע שיכלעך געקויפט. זי דערמאָנט זיך אין זיינע שיכלעך, ווי עס איז איר אַ שאָד געווען זיי אַוועקצוּוואַרפן נאָכדעם ווי ער האָט זיי שוין געהאַט אויסגעטראָגן. זיי האָבן געהאַט אויסגעקנאָטן אין זיך די פאָרם פון זיינע פיסלעך; זי דערמאָנט זיך, ווען זי האָט אים געהאַלטן אַ נאַקעט קינד, זיין גלאַטיק קינדיש לייב, און האָט אים געבאָדן, געטראָגן אים צו איר לייב, געזויגן אים פון איר ברוסט. אַ מוטערלעכע פריידן־פיין נעמט זי אַרום. ווי וואָלט זי אים געוואָלט איצט אין אירע הענט האַלטן, צוטראָגן זיין לייב צו איר לייב, זיין פּנימל, זיין אָפּן, לעבעדיק מיילעכל צו איר נאַקעטער ברוסט...

זי באַמערקט נישט ווי טרערן רינען איבער אירע באַקן, ווען זי טראַכט אַזוי, אין האַרץ פילט זי אַ ווייטיק, אין דער נשמה — אַ פוסטקייט. עפּעס־וואָס פעלט; וואָס, ווייסט זי אַליין נישט. נישט דער מאַן, פאַר וועלכן זי האָט דאָס גאַנצע לעבן געהאַט מורא, רעספּעקט, און אויף וועלכן זי האָט געקוקט ווי צו אַן אומדערגרייכבאַרן אידעאַל. אַ מאַן איז אַזאַ זעלבסטפאַרשטענדלעכע זאַך. זי פילט קיינמאָל נישט אין אים קיין באַדערפעניש, ווייל זי שפירט אים שטענדיק איבער זיך, ווי דעם באַלקן איבערן קאָפּ. זי בענקט נאָך עפּעס, וואָס זי האָט פאַרלוירן און האָט עס שוין נישט און ס'וועט שוין קיינמאָל נישט צוריקקומען...

נאָר באַלד קלאַפּט מען אין טיר. אַהאַ, זיי זענען שוין דאָ, — טראַכט זיך רחל־לאה, נאָך פאַרוועבט אין איר חלום. אומבאַוווּסט קלערט זי, ווער ס'קאָן זיין: דער מאַן, די קינדער, אפשר די עלטסטע — העלענע?

מען קלאפּט ווידער אין טיר.

— באלד, באלד, — בעט זיך רחל-לאה, אזוי ווי זי וואָלט נישט גע־וואָלט ארויסגיין פון איר חלום, אויף דער וואָר, און הייבט זיך אויף פויל, גייט־צו צו דער פראַנט־טיר, און פאַר איר בלייבט ווער שטיין. א פרעמ־דער־באַקאַנטער, ווען זי קאָן גוט, גאָר א נאָענטער דאכט זיך און קאָן זיך נישט דערמאָנען ווער דאָס איז.

— איר דערקענט מיך נישט, מאַדאַם הורוויץ? איך בין מירקין, — זאָגט דער פרעמדער יונגערמאַן פארלעגן, האלטנדיק אין האַנט דאָס קאַ־ראַקולענע היטל. — איך האָב אייך געשטערט?

— מירקין, מירקין? — זאָגט זי צו זיך אליין פארוואונדערט.

— יאָ, איך האָב דאָך אייך נישט געשטערט? — פרעגט דער לעצ־טער. — איך פאָר דורך וואַרשע, האָב איך מיר דערלויבט אייך צו באַ־זוכן. איר זענט אזוי פריינטלעך געווען מיך צו בעטן, — זאָגט מירקין אביסל פארפרעמדט פון איר האלטן זיך.

— מירקין, מירקין? — זאָגט זי ווייטער ווי אין חלום. זי וואונדערט זיך גאָרנישט, וואָס זי זעט אים אזוי פלוצלינג. עס דאכט זיך איר, אז עס חלומט איר און זי טוט שוין אלץ אזוי.

— קומט נאָר אריין, זעצט זיך דאָ נעבן מיר, איך בין איינע אליין אין שטוב: דער מאַן איז אויף לעקציעס, די קינדער זענען נישטאָ.

זי בעט אים אריין אין שטוב, זעצט אים אוועק נעבן זיך ביים טיש. זי פארגעסט, אז זי איז אין שלאָף־ראָק מיט צעלאָזענע, געוואַשענע האָר. מירקין ווערט אויך פארפרעמדט. ער פילט, אז ער איז עפּעס נישט געקו־מען אין דער ריכטיקער צייט. עפּעס־וואָס טוט זיך מיט דער פרוי. זי איז פארשלאָפן, צי וואָס? און ער פילט זיך נישט גוט.

— אפשר קומען אַן אַנדערש מאָל? — זאָגט ער. — איך שטער?

— ניין, ניין, פאַרקערט, איך פריי זיך זייער, וואָס איר זענט גע־קומען. איך פריי זיך זייער. אפשר וועט איר טרינקען מיט מיר א טע־פּעלע טיי?

ווי אין חלום הייבט זי זיך אויף, גייט אין קיך אריין, גיסט אָן מירקינען טיי אין אַן איינפאַך טעפּעלע, אזוי ווי זי וואָלט עס געטון פאַר אירם א קינד, און שטעלט עס אוועק פאַר אים.

מירקין האָלט דאָס טעפּעלע אין האַנט און ווייסט נישט צי טרינ־קען, צי ניין.

— נו, דערציילט מיר, וואָס טוט זיך מיט אייך? וווּ זענט איר דאָס געווען די גאַנצע צייט? גוט, וואָס איר זענט געקומען. שוין לאַנג צייט געווען — רעדט זי צו זיך, ווי נישט אַ מענטש וואָלט געזעסן פאַר איר, נאָר עפּעס אַן אילוזיע.

מירקינען פאַרפרעמדט נאָך מער איר האַלטן זיך און ער זאָגט אין אַן אומזיכערן טאָן:

— איך פאָר דורך וואַרשע אויף מיין וועג קיין אויסלאַנד, האָב איך מיר דערלויבט אייך צו באַזוכן.

— איר פאָרט דורך וואַרשע? פאַרוואָס פאָרט איר אַוועק? איינער איז אַוועקגעפאָרן, איצט פאָרט אַ צווייטער. פאַרוואָס פאָרט איר? בלייבט דאָ מיט אונדז. וווּ וועט איר לויפן איינער אַליין איבער דער וועלט? עס איז דאָך אַ רחמנות אויף אייך. איר זענט דאָך נאָך גאָר אַ קינד.

זי האָט אויסגעשטרעקט צו אים איר האַנט בשעת זי האָט גערעדט די רייד, און ווי עפּעס טוענדיק אונטער אַ היפּנאָז, האָט זי אים אָנגע־הויבן צו גלעטן, ווי אַ מוטער אַ פאַרלוירן קינד איבער די האָר.

מירקין איז שטיין געבליבן, בלייך ווי די וואַנט. נישט געוווּסט, צי לעבט ער דורך די סצענע אין חלום, צי אויף דער וואָר. ער האָט געזען, אַז די פרוי, וואָס זיצט נעבן אים, טוט דאָס נישט אין באַוווּסטזיין, נאָר ווי אין כשוף, און ער האָט מורא געהאַט, אַז זי זאָל זיך דערנאָך נישט פאַרשעמען, ווען זי וועט זיך אויפוועקן. ער האָט בדעה געהאַט שטיל זיך אויפצוהייבן און צו פאַרלאָזן די שטוב, אַזוי שטיל ווי ער איז אַריינגע־קומען. דערווייל אָבער האָבן אירע ווערטער, איר וויינענדיקער שמייכל, די אָנרירונג פון איר האַנט איבער זיין קאָפּ, אַזוי אים פאַרטויבט, אַז באַלד ווערט ער אַליין פאַרכשופט פון אירע ווערטער. עס דאַכט זיך אים אויך, אַז ער חלומט, בייגט־אַראָפּ דעם קאָפּ וואָס נידעריקער, נידעריקער.

ווי לאַנג געדויערט דאָס, אַ מינוט צי אַן אייביקייט? — ווער קאָן עס וויסן? מיטאַמאָל, — און פרוי הורוויץ כאַפּט זיך אויף ווי פון חלום:

— ווער איז דאָס? — און זי הייבט אויף זיין קאָפּ פון איר שויס, קוקט אים אין די אויגן אַריין פאַרוווּנדערט.

— פאַן מירקין? אַך, דאָס זענט איר, דעם אַדוואָקאַטס אַסיסטענט?

איך האָב גאָרנישט געוווּסט, אַז איר זענט דאָ. ווו בין איך דאָס געווען? גאָט מיינער, וואָס טו איך? צי האָב איך געחלומט, צי וואָס? — שמייכלט זי אין פאַרלעגנהייט. — דאָס זענט איר געווען, וואָס איז איצט אַריינגעקומען? און וואָס פאַרוואָ? איך גיי דאָס אַרום! איך בעט אייך אײַבער, איך וועל נאָר אַ קליידל אויף מיר אַרויפוואַרפן. וואַרט דאָ אַ מינוט. מיין מאַן מיט די קינדער קומען באַלד צוגיין.

זי לאָזט איבער דעם שטיין-געבליבענעם, בלייך-דערשראָקענעם מירקין זיצן אויף זיין פּלאַץ און לויפט אַריין אין דעם שכנותדיקן שלאָף-צימער זיך איבערצוטון.

## קאַפּיטל 7

# געזומען אין חדר אַריין

נאָר באַלד קומט-אָן דער מאַן אַהיים פון די לעקציעס. עס קומען-אָן די קינדער. דער לערער באַקענט זיך מיט מירקינען. דער לערער האָט זיך שוין אַזוי פיל אָנגעהערט וועגן אים פון זיין ווייב. אגב, איז אים אויך אינטערעסאַנט, וואָס דער יונגערמאַן קומט פון פּעטערבורג. אין פּעטערבורג איז ער קיינמאָל נישט געווען, נאָר געהאַט אַ פאַרשטעלונג וועגן דער שטאָט פון דעם, וואָס ער האָט געלייענט, ווי וועגן אַ נייעם בבל, אין וועלכן עס זיצט נבוכדנצר. דער לערער האָט אָנגעקוקט מירקינען מיט פאַרוווּנדערונג און אויספאָרשנדיקע בליקן, ווי ער וואָלט אין זיינע קליידער געוואָלט געפינען דעם רעשט פון דער זינדיקער שטאָט. עס איז אויך אַריינגעקומען פון „בית-המדרש" דער „זשאַבלינער". דער „זשאַבלינער" איז אַ גאַנצן טאָג געווען פאַרנומען ביי עפּעס, וואָס קיינער האָט נישט געוווּסט; ער האָט זיך באַקענט מיטן פרעמדן און גלייך פאַרפירט מיט אים אַ שמועס.

מירקין, זינט ער איז אַוועק פון דער היים, האָט זיך געהאַט אויפגעהאַלט אַ פּאָר וואָכן אין ווילנע, פאַרבראַכט דאָרטן די ימים-טובים. ווי יעדער „צוריקגעקומענער", וואָס האָט געלעבט זיין גאַנץ לעבן אין אַן אַנדערער אַטמאָספערע, נישט געזען, נישט געקענט קיין יידן, איז ער גע-

וואָרן פֿאַרכאַפּט פֿון דער יידישער אמונה, מיט וועמענס מנהגים ער האָט זיך ערשט רעכט באַקענט און איז אַריינגעפֿאַלן אין נאַציאָנאַל־ציוניס־טישע שטימונגען, וועלכע האָבן געשטילט דעם ערשטן דורשט פֿון זיין זוכנדיקער נשמה. ווי אַלע, וועלכע קומען אין באַרירונג צום ערשטן מאָל מיט די נאַציאָנאַלע שטימונגען, איז ער געוואָרן זייער ענטוזיאַסטיש. ער האָט אפֿילו געהאַט אַ פֿאַרנעפּלטן פּלאַן אוועקצופֿאָרן קיין ארץ-ישראל און דאָרטן ווערן אַ חלוץ אָדער עפּעס ענלעכעס.

מירקין האָט געהאַט גרויס חשק צו רעדן וועגן זיינע נייע איבערלע־בענישן אין ווילנע. אַנגעטראָפֿן זיך דאָ, ביי די הורוויצעס, מיט יידן, וואָס קומען פֿון דער טיפֿעניש פֿון די יידישע מאַסן, האָט ער פֿאַר זיי אויסגעדריקט מיט פֿלאַמענדיקע ווערטער זיינע איבערלעבונגען און זיינע נייע איבערצייגונגען, זייענדיק אין גוטן גלויבן, אַז אַלע, וואָס קומען, אָדער וואָס האָבן עפּעס צו טון מיט די יידישע מאַסן, זענען פֿול מיט די נאַציאָנאַל־ציוניסטישע שטימונגען, וועלכע ער האָט אַזוי אויפֿגעשעפּט אין זיין ערשטער באַרירונג מיט די יידישע מאַסן. ער האָט זיך גאָרנישט געקאָנט פֿאָרשטעלן, ווי אַן אמתער ייד קאָן זיין אַנדערש.

ער האָט דערציילט פֿאַר דעם לערער הורוויץ און פֿאַר דעם „זשאַבלי־נער”, מיט גרויס ענטוזיאַזם, וועגן ווילנע, וועגן די ימים־טובים, וועלכע ער האָט דאָרט פֿאַרבראַכט. ער האָט צום ערשטן מאָל געזען ווי יידן לעבן ביי זיך אינדערהיים, ווי יידן בעטן צו גאָט. ער האָט נישט געקאָנט גענוג רימען די אַלטע ווילנער שול און די יידישע ימים-טובים, ספּעציעל די ימים־נוראים. די אמונה איז דאָס איינציקע, וואָס האָט יידן דערהאַלטן ביז איצט, און וועט זיי אויפֿהאַלטן אין דער צוקונפֿט. די אמונה איז דאָס איינציקע, וואָס יידן פֿאַרמאָגן. דאָס איז דאָס אמתע יידישע פֿאָטער־לאַנד. ער פֿאַרשטייט נישט, פֿאַרוואָס יידן ווייסן נישט ווי דאָס אָפּצו־שאַצן. ער איז געשטאַנען יום־כּפּור אין דער ווילנער שול, און אַ יראת־הכּבוד האָט אים אַרומגענומען פֿאַר די ערנסטע זאַכן, וואָס זענען דאָרטן פֿאָרגעקומען. עס האָט זיך אים געדאַכט, אַז ער איז אַן עדות פֿון אַ גרויסן אַקט, ווי מענטשן גיסן זיך צוזאַמען מיט אַ העכערן, אומגעזעענעם וועזן. ער האָט אָנגעהויבן צו פֿאַרשטיין די יידישע געשיכטע און איז אויפֿגע-ציטערט געוואָרן פֿאַר די דורות און דורות, וואָס האָבן דערטראָגן די רי־טואַלן, דעם גייסט, און אפֿשר אויך די לעבעדיקע ווערטער פֿון יענע ערש־

טע צייטן אָן, פון אברהם ביז צו אונדז. אז ער האָט געהערט פאָרלייענען פון ספר־תורה די סדרה פון דער תורה, וואָס מ'לייענט פאַר אום יום־כפור, איז ער שוין דערציטערט געוואָרן בלויז פונעם קלאַנג פון די העב-רעאישע ווערטער, די ווערטער, וואָס זענען געווען אין מויל פון די אבות, אין הייליקן לאַנד פון די נביאים. דערנאָך, אז ער האָט זיך פאַראינטע־רעסירט מיטן אינהאַלט פון דעם לייענען, און האָט געלעזן אין א רוסישער איבערזעצונג (וואָס א ייד האָט פאַר אים בשעת־מעשה אויסגעזוכט אין שול) דעם אינהאַלט, אז עס האַנדלט זיך וועגן דעם ברית, וואָס אברהם האָט געשלאָסן מיט גאָט, האָט זיך אים געדאַכט, אז דורך דעם וואָס אברהם האָט געבראַכט זיין איינציקן זון צו דער עקדה, האָט ער זיך גע־פילט, אז ער איז איינער פון די, פאַר וועלכע דער אַלטער פּאַטריאַרך האָט דעם בונד געשלאָסן מיט יהוהן פאַר אַלע אייביקייטן...

זאַכאַרי האָט גערעדט מיט באַגייסטערונג, מיט פלאַם. ער האָט נאָר געוואָרט אויף א געלעגנהייט, פאַר וועמען זיך אַרויסצורעדן דאָס, וואָס ער האָט איבערגעלעבט אין די לעצטע פאָר וואָכן, און די ענדערונ־גען, וואָס זענען אין אים פאָרגעקומען. און כאָטש ער האָט געזען די מענ־טשן צום ערשטן מאָל, זענען זיי אים, דורך פרוי הורוויץ, וועלכע איז גע־זעסן דערביי, אַזוי נאָענט און באַקאַנט פאָרגעקומען, ווי ער וואָלט זיי געקענט שוין פון לאַנגע יאָרן. ערשט איצט זעט ער איין, ווי טעותדיק און נאַריש זיין גאַנצע דערציאונג איז געווען. אַלץ האָט ער געלערנט, נאָר זיך אַליין קענען — נישט.

דאָס ערשטע, צו וואָס ער האָט זיך גענומען, איז געווען צו לערנען די העברעאישע שפּראַך. יידיש קאָן ער שוין אביסל רעדן — האָט ער זיך באַרימט. שוין בלויז פון קלאַנג פון דעם אלף־בית ווערט ער יעדעס מאָל פאַרכאַפּט און פאַרציטערט. היינט האָט ער זיך שוין צוגעוווינט דערצו. נאָר אין אָנהייב, ווען ער האָט זיך גענומען לערנען די העברעאישע וואָ־קאַלן, די ערשטע ווערטער, און ער האָט זיך דערמאָנט, אז אַזוי, צי ענ־לעך, האָבן געקלונגען די ווערטער אינעם מויל פון די אבות, האָט ער נישט געקאָנט רואיק דאָס אַרויסרעדן. שוין פאַרן בלויזן אָנבליק פון די העברעאישע אותיות נעמט אים אַרום א יראת־הכבוד. איבריקנס טראָגט ער זיך אַרום מיט דעם געדאַנק אַראָפּצופאָרן קיין ארץ־ישראל (האָט ער זיך מודה געווען), און דאָרט זיך באַשעפטיקן מיט לאַנדווירטשאַפט. ער

פאַרשטייט נישט פאַרוואָס דאָס גאַנצע יידישע פאָלק טוט נישט אַזוי, און פאַרוואָס די באַוועגונג פאַר ארץ ישראל האָט נישט ארומגעכאַפּט אַלעמען. און ווי קאָן מען איבערהויפּט זיין קעגן אַזאַ אידעאַל? פאַר אונדז איז נישטאָ קיין אַנדערע עצה. עס איז אַן אויסלייזונג פאַרן יחיד און פאַרן כלל. עס איז אַ געפינען זיך אַליין. און זייט ער האָט דעם אידעאַל, איז ער גאָר אַן אַנדערער מענטש געוואָרן. ער פאַרשטייט און זעט זיין צוקונפטיק לעבן.

דער לערער הורוויץ איז ערנסט געוואָרן, גאָרנישט געענטפערט. מירקינס יעדעס וואָרט האָט אים געשטאָכן ווי מיט שפּילקעס אין זיין לייב אַריין. ער האָט גערעדט צו זיך אַליין: „אַלע, וואָס קומען צו אונדז פון דרויסן, וואָס האָבן קיינמאָל נישט געוויייטיקט אונדזער ווייטיק, שטעלן זיך אונדז נישט פאָר ווי אַן אמתע רעאַליטעט, מיט די מיאוסע און שיינע זייטן, נאָר עפּעס ווי אַן אויסגעטראַכטער חלום, וואָס ווילט זיך זיי חלומען". דער לערער האָט ביטער געשמייכלט, געוואָלט עפּעס אָפּענטפערן דעם יונגנמאַן. ער האָט זיך אָבער געמיט צו פאַרשווייגן צוליב גאַסטפריינטלעכקייט און אויך צוליב רחמנות אויף דעם יונגנמאַן, וואָס איז אַראָפּגעפאַלן ווי פון די הימלען. נאָר דער „זשאַבלינער" האָט זיך נישט געקאָנט איינהאַלטן. ער האָט שוין עטלעכע מאָל געוואָלט איבער־האַקן מירקינען. נאָר אויס רעספּעקט צו אַ פרעמדן, האָט ער עס נישט געטון. ער האָט קוים דערלעבט, אַז יענער זאָל אויפהערן רעדן. דערנאָך איז ער אַרויס מיט לשון:

— די אמונה, וואָס איר רימט, איז נישט קיין ראָמאַנטישע פאַר־גאַנגענהייט, וואָס זיצט ווי אַן אומשולדיקע באָבע, באַהאָנגען מיט איר שטערנטיכל, שבת נאָכמיטיק, און לייענט זיך אומשולדיק די צאינה וראינה, — האָט ער כמעט געשריגן, — זי איז אַ לעבעדיקע, בייזע פרוי, וואָס קעמפט און שטערט אונדז אויף שריט און טריט. זי איז אַ כינעזיש שיכל, וואָס האַלט אונדז איינגעצוימט ווי אין אַ קלעם, ווי אין אַ צוואַנג, און לאָזט אונדז נישט פריי אָטעמען. איר זעט דאָס לאָמע הענטל. — הויבט ער אויף זיין לאָם הענטל מיט דער געזונטער האַנט און ווייזט זי פאַר מירקינען, — דאָס האָט זי מיר אַ געשענק געגעבן, די יידישע אמונה, דערפאַר וואָס איך האָב אַ ביכל געלעזן. מיין טאַטע, אַ פרומער ייד, אַ מענטש מיט מאָראַל, נאָר אַן אכזר און אַ קנאי, ווי יעדער ווילדער

פאנאטיקער, האָט מיך געכאַפּט ערב יום-כפּור לעזנדיק אַ לשון-קודשדיק ביכל, האָט ער מיך אַזוי לאַנג געשלאָגן אין האַנט אַריין, ביז ער האָט מיר די האַנט צעבראָכן. דער פעלדשער אין אונדזער שטעטל האָט דאָס איבעריקע שוין צורעכט געמאַכט, און איך בין געוואָרן אַ קאַליקע אויף מיין גאַנץ לעבן. איר האָט קיינמאָל נישט געלעבט אין די „פּאַלאַצן", וואָס די יידישע אמונה האָט אויסגעבויט, נאָר געלעבט אין פרייע, אין אמתע פּאַלאַצן, געגאָסן פון אַלץ, וואָס איז אייך געקומען אונטער דער האַנט. איז, אַז מ'ווערט מיד אָדער ווען מען ווערט פון די פּאַלאַצן אַרויסגעשטופּט, נעמט-אָן אַ בענקשאַפט נאָך עפּעס אייגנס. קומט נאָר אַריין צו אונדז, לעבט מיט אונדז אונדזער אייגן לעבן, וועלן מיר דעמאָלט זען, וואָס איר וועט זאָגן. טובלט זיך אין מקוואות, פאַרברענגט זעכצן-אַכצן שעה אין אַ בית-המדרש, מיט אַזעלכע הויכע ענינים ווען אַן איי, וואָס איז געבוירן געוואָרן אום יום-טוב, אָדער ווי אַזוי מ'גט אָפּ אַ ווייב און ווי מ'נעמט אַ ווייב (אָפּגעמען צוערשט און דערנאָך ווען געמען) מיט די אַלע פּשטלעך און דריידלעך פון די אַלע קלוגע יידן, וואָס יעדער איינער האָט געפונען פאַר נויטיק צוצוגעבן פון זיין אייגענעם שכל אַ געשענק פון זיינע חריפות פאַר די צוקונפטיקע דורות; טוט נאָר אָן דאָס שמעקעדיקע קאַפּל אויף אייער קאָפּ, וועלן מיר דעמאָלט זען, וואָס איר וועט זאָגן. ווו האָט איר פאַרבראַכט אייער קינדהייט? אייער יוגנט? אוודאי ווינטער אויפן גליטש, זומער צווישן פעלדער און וועלדער, מיט חברים און חברטעס, לערער און לערערינס. וואָס האָט איר געלערנט אין אייערע שולן אין אייער קינדהייט? וועגן די לענדער און וואַסערן, וואָס פילן אָן אונדזער ערד, וועגן די גרויסע מעשים, וואָס זענען געשען פאַר אונדז, וועגן דעם לעבן פון די חיות און בלומען, וואָס רינגלען אונדז אַרום, וועגן די געזעצן פון דער נאַטור, אין וועלכער מיר לעבן; וועגן זאַכן, וואָס האָבן באַרייכערט אונדזער וויסן. יעדע נייע ידיעה האָט פאַר אייך אויפגעדעקט אַ נייע וועלט. איר האָט יעדעס מאָל געמאַכט אַ רייזע אין אַ ניי, אומבאַקאַנט לאַנד, באַקענט זיך מיט פעלקער, מיט זיטן, מיט מענטשן-לעבן. שוין אָפּגערעדט פון די נוצן, וואָס איר האָט געהאַט דערפון. וויפיל פאַרגעניגן, וויפיל פרייד און זונענשיין האָט איר איינגעזאַפּט אין זיך, נישט וויסנדיק אפילו דערפון? געגומען ווי אַ זעלבסטפאַרשטענדלעכע זאַך. געמט כאָטש די פּאָעזיע פון די פּאָעטן, וואָס איר האָט געלערנט אין די

שולן, פון אַ פּושקין, פון אַ לערמאָנטאָוו, אָדער ווער עס זאָל דאָרטן נישט זיין: ווי זיי באַזינגען דעם ווינטער, דעם זומער, די בלומען, די ביימער, די מענטשן. גאָט, גאָט, וויפיל האָט איר גענאָסן אין אייער יוגנט! יעדער טאָג איז דורך אייך דורכגעגאַנגען ווי אַן אַנדערער יום־טוב, — האָט דער „זשאַבליגער" אויסגערופן, און די קנאה האָט געשאָסן פון זיינע אויגן, — צי ווייסט איר אָבער, ווי מיר האָבן פאַרבראַכט אונדזער יוגנט? אָט מיט די אותיות, אָט מיט דעם א"ב, וואָס דערציטערט אייך און טרייבט אייך אַריין אין קעלבערנע התפעלות. אָ, ווי האָב איך זיי פיינט! יאָ, פיינט, ווייל זיי האָבן ביי מיר אַלץ גערויבט: מיין יוגנט, מיין לעבן, מיין פרייד. פון זעקס אַזייגער אינדערפרי — זעקס אַזייגער פרימאָרגנס, — ווען עס איז נאָך שטאַרק פינצטער געווען — האָט מיך דער טאַטע געוועקט, געמוזט מיטן האַקמעסער דאָס אייז פון דעם פאַס אויפהאַקן אויף נעגל־וואַסער, און אָפּגעזעסן דעם גאַנצן פרימאָרגן מיט איבערקייען זאַכן, וואָס גייען מיך נישט אָן, וואָס זענען ווילד און פרעמד. טייטמאָל האָט זיך געהאַנדלט וועגן אַזעלכע ענינים, וואָס איז אַ חרפה אויסצו־זאָגן. נאָך גוט, וואָס איך האָב נישט פאַרשטאַנען דעם טעם דערפון. דער־נאָך, אַז איך האָב עס יאָ פאַרשטאַנען, איז עס כאָטש געווען אַ מין קיצ־לען די בחורישע געפילן. גוט, וואָס מ'איז אַמאָל אַריינגעפאַלן אין אַ שטיקעלע אגדה, אָפּגערוט זיך אַ ווײַלע. אָבער דאָס איז נישט געווען געלערנט. מ'האָט באַדאַרפט דעם מוח שאַרפן, און שאַרפן וועגן אַ לאַנג־ווייליקן, פאַר קיינעם קיין נוצן נישט ברענגענדן ענין וועגן זאַכן, וואָס זענען גאָרנישט צוגעפּאַסט צו אונדזער לעבן. אַזוי גאַנצע ווינטערס און זומערס. ווי האָב איך געבענקט אין די זומערדיקע פאַרנאַכטן נאָכן דרויסן... ווי האָב איך מקנא געווען די גימנאַזיע־תלמידים פון אונדזער שטאָט, ווען איך האָב זיי געזען ווינטער גיין מיט די שליטלעך אויפן גליטש... יאָר־איין, יאָר־אויס, ביז אַכצ־ניינצן יאָר פון מיין לעבן, האָבן מיך די אותיות געהאַלטן אין געפּאַנג. אַלץ האָבן זיי ביי מיר גערויבט: מיין קינדהייט, מיין צייט. איך האָב געזען ווי מיינע יונגע טעג רינען־אַוועק ווי וואַסער און איך טו גאָרנישט. מיין גאַנצע פרייד פון מיין קינד־הייט האָבן זיי ביי מיר אַוועקגערויבט, — און איר קומט מיר צוגיין מיט אייערע ראָמאַנטישע חלומות וועגן די אותיות און וועגן דעם קלאַנג פון די ווערטער און וועגן דער קייט פון דער יידישער אמונה. איר גיט

זיי דאָך דורך דעם מוט און קראַפט צו קעמפן קעגן אונדז. איר גיט אַליין אַרויס אַ נייעם ציוויליזירטן פּאַטענט — מיט אייער מאָדערנעם ראָמאַנ־טיזם — אויף דער באַרבאַרישער, ווילדער, פאַנאַטישער וועלט, אין וועל־כער אונדזער גאַנצע יוגנט, הונדערטער טויזנטער לעבנס, פּלאָגן זיך, מאַטערן זיך, און פון וועלכער זיי רייסן זיך צו פרייהייט. שמירט נישט אָן די קייטן מיט אייער ראָמאַנטישער זייף, כדי זיי זאָלן זיך לייכטער אַרויפגליטשן אויף אונדזערע הענט. אהא — זאָגן זיי — זעט, אפילו זיי, דאָקטוירים מיט אוניווערזיטעט־בילדונג, קומען צוריק צו אונדז. קאָנט איר אונדז נישט העלפן אין אונדזער קאַמף, שטייט כאָטש פון דערוויי־טנס, ווו איר זענט ביז איצט געשטאַנען! — שרייט דער „זשאַכלינער" אויס, אַן אויפגערעגטער, מיט פאַרשווימטע ליפּן.

אַלע האָבן געשוויגן נאָך דעם „זשאַכלינערס" פלאַמענדיקע רייד. דער לערער איז נאָך מער טרויעריק געוואָרן און שווייגנדיקער. זיין אייגענע קינדהייט, זיין אייגענע יוגנט האָט זיך אים געשטעלט פאַר די אויגן. און פון זיין יוגנט ביז היינט זענען דורכגעפלאָסן צוויי צענדליק יאָר. אינדרויסן האָט זיך ווייניק וואָס איבערגעביטן. אינדרויסן, אין די שטעט און אין די שטעטלעך, פּלאָגן זיך טויזנטער און הונדערטער טויזנ־טער יונגע לעבנס אונטער די זעלבע באַדינגונגען, פון וועלכע דער „זשאַכ־לינער" האָט געליטן, און עס קומט פון ערגעץ קיין הילף נישט. און קומט שוין ווער פון דרויסן, געשטויסן פון אויסערלעכע אָדער פון אינערלעכע סיבות, קומט ער צו אונדז מיט פאַרמאַכטע אויגן, ווי ער וואָלט מורא גע־האָט צו קוקן דער ווירקלעכקייט אין פּנים אַריין. עס איז אים געווען אַ רחמנות אויף דעם פרעמדן יונגנמאַן, וואָס קומט אַ דורשטיקער פון אַנ־דערע וועלטן און שלינגט זיינע אייגענע שפּייעכץ. אָבער וואָס פריער ער וועט דערזען די ווירקלעכקייט, אַלץ בעסער וועט עס זיין פאַר אים.

מירקין, דער שוואַרץ־בערדיקער יונגערמאַן, מיטן ליידנדן בלייכן פּנים, מיט דעם שמייכל פון פאַרלעגנהייט אויף זיינע דינע ליפּן, איז געבליבן זיצן ווי אַ פאַרלוירן קינד. זיינע אויגן, וואָס האָבן ביז איצט רואיק געלויכטן, ווי אויסגעלייטערט, האָבן אָנגעהויבן צו בלאָנדזשען. ער האָט זיך אָנגעהויבן אַרומצוקוקן, ווי אַ פרעמדער, אויף די אָנוועזנדע, און ער האָט געטראַכט: „נאָך אַלעמען, איז אַלץ נישט אַזוי איינפאַך, ווי איך האָב געמיינט". און אַ שרעק האָט אים אַרומגענומען פאַר דעם אומ־

באַוווסטן, וואָס דער „זשאַבלינער" האָט אויפגעעפנט פאַר אים. ער איז פאַרצווייפלט געוואָרן און געזאָגט צו זיך: „איך וועל זיי קיינמאָל נישט פאַרשטיין, איך בין אַ פרעמדער". און ער האָט געפילט, אַז די שנור, וואָס ער האָט געהאַלטן אין האַנט, גליטשט זיך אַרויס. אַן אומבאַוווסטע שרעק האָט אים אַרומגענומען, ביז זיינע אויגן האָבן זיך באַגעגנט מיט פרוי הורוויץ. אין איר בליק האָט ער דערפילט נישט נאָר מוט און האָפנונג, נאָר אויך אַן אויסטערלישע היימישקייט. איר בליק האָט אים ווידער געמאַכט היימיש מיט דער משפחה.

— נאָך אַלעמען בין איך אַ פרעמדער, און איך קאָן נישט דאָס יידישע לעבן, — האָט ער געזאָגט, — אָבער איך האָב געהערט זאָגן, און אַזוי האָב איך אויך געלעזן, אַז אפילו אין דער פינצטערניש פון דער יידיש־רעליגיעזער דערציאונג — ווי הער וויינבערג האָט אונדז דערקלערט — געפינען זיך נישט ווייניק ליכטיקע מאָמענטן: די יידישע יום־טובים. יעדעם לעבן, ווי אָפּגעשלאָסן עס זאָל נישט זיין, באַשאַפט איר אייגענע פרייד. האָט איר גאָר אין אייער קינדהייט קיין פרייד נישט געהאַט, הער וויינבערג?

— אמתע פרייד האָב איך ערשט געגאָסן פון מיין „אפיקורסות", נישט פון מיין גלויבן, נאָר פון דעם גלויבן, וואָס איך האָב באַקומען דורך די ביכלעך, אין אַ בעסערער, גערעכטערער וועלט, און איך, ווי יעדער אַנדערער מענטש אויף דער ערד, בין אַ באַרעכטיקטער מיטגליד אין דעם גלויבן. איך ווער גערופן צוזאַמען מיט אַלע מענטשן־קינדער צו קעמפן פאַר דעם בעסערן מאָרגן. די ערשטע קלעפּ, וואָס איך האָב געקראָגן פאַר דעם גלויבן, דאָס איז געווען מיין פרייד. מיין לאָם הענטל, וואָס דער טאַטע האָט מיר געמאַכט פאַר דעם ביכל, וואָס איך האָב געליינט, דאָס איז געווע מיין גרויסע פרייד.

— אויך נישט, ווען איר זענט געווען אַ קליין קינד?

נאָר איצט האָט שוין אויך דער לערער גענומען רעדן. דער „זשאַבלינער" האָט אים געגעבן לשון:

— איך מיין, אַז וויינבערג האָט רעכט, — האָט הורוויץ געזאָגט נאָך אַ לאַנגן שמילשווייגן. — עס איז נישטאָ קיין גלויבן, וואָס מען ירשנט. מיר רופן גלויבן דאָס, וואָס מיר שאַפן זיך איין פון אייגענער דערפאַרונג. ביי אונדז איז יעדער ישיבה־בחור, וואָס מאַכט־דורך אויף זיין

אייגן ליב די אָפּעראַציע פון אפּיקורסות, זיין אייגענער „משה רבינו", גיכער זיין אייגענער „אברהם". יעדער איינער פון אונדז האָט זיך זיין גלויבן אַליין געפונען, נישט געקראָגן. דורך דעם זענען די ריכטיקע גלוי־ביקע מענטשן ביי אונדז די „אפיקורסים". די השכלה איז געווען די אמונה, וואָס די משכילים האָבן געוווּנגען, און פאַר איר זענען זיי געגאַנ־גען אויף קידוש השם. צו פרי האָט מען ביי אונדז דעם חשבון געמאַכט מיט די משכילים. קיינמאָל האָבן מיר זיך נישט אַזוי געעוויטיקט אין אַ השכלהשע באַוועגונג ביי אונדז, ווי איצט. אינדרויסן ליגט אַ מאַסע אין אומוויסנהייט און אָפּגעלאָזנקייט, און עס איז נישטאָ קיינער, וואָס זאָל זיך פאַר איר אָננעמען. ביי אונדז אַרבעטן אַלע פּאָליטיש, קיינער נישט קולטורעל. אַלע פּאַרטייען ווילן געווינען אויף זייער זייט די מאַסן, כדי צו געווינען כּח און אָנזען. אָבער קיינער אינטערעסירט זיך נישט מיטן אייגענעם מזל פון דער מאַסע. אַלע לייגן עס אָפּ אויף מאָרגן, אַלע זאָגן־צו „חלק לעולם הבא", ווען זייער אידעאַל וועט אויסגעפירט ווערן. פון די ציוניסטן ביז צו זיי (אָנווייזנדיק אויפן „זשאַבלינער"), אָבער קיינער אינטערעסירט זיך נישט מיטן עולם הזה. די איינציקע, וואָס האָבן גע־אַרבעט אביסל קולטורעל ביי די מאַסן, זענען געווען אַסימילאַטאָרן. האָט מען זיי פאַרשריגן, פאַרטריבן פון דער יידישער גאַס. און איך זאָג אייך, אַז די אַסימילאַטאָרן, ווי שלעכט זיי זענען נישט געווען, זענען די איינ־ציקע יורשים פון די משכילים. זיי זענען, נאָך אַלעמען, די איינציקע, וואָס האָבן אַריינגעבראַכט אביסל ליכט אין דער פינצטערניש, און געטון האָבן זיי דאָס נישט צוליב עגאָאיסטישע פּאַרטיי־צוועקן, נאָר אויס ריי־נער מענטשן־ליבע.

— זאַכאַרי האָט צוזאַמענגענומען מוט און זיך אָנגערופן:

— איך האָב געמיינט, אַז דער ציוניזם, בעסער געזאָגט, דער אי־דעאַל פון אַן אייגן לאַנד, קאָנטראָלירט פון דעם אייגענעם ווילן איז, אַזוי צו זאָגן, דער צענטער, וווּ עס לויפן זיך צוזאַמען אַלע נויטן פון יידן, סיי מאַטעריעלע, סיי גייסטיקע. ווי קאָן דאָ גערעדט ווערן פון עפּעס אויפטון פאַר די יידישע מאַסן, אַז מ'איז שטענדיק געצוווּנגען אָנצושלאָגן זיך אָן פרעמדע ווילנס, אָן אַנדערע אינטערעסן, אָן ווענט פון אַלע זייטן. איך האָב קיינמאָל נישט געקאָנט פאַרשטיין, פאַרוואָס די ראַדיקאַלע יידן שטעלן זיך אַנטקעגן דעם אידעאַל? איז דען דאָס נישט אַ פאַרקערפּערונג

פון אַלע אונדזערע ווונטשן צוריקצושטעלן דעם יידישן קערפּער און דעם יידישן גייסט אין זיין ריין־מענטשלעכן באַשטאַנד, פון וועלכן זיי זענען דורך פרעמדע אַרויסגעשלאָגן געוואָרן? פאַרקערט, איך האָב תמיד געמיינט, אַז די אַלע יידישע נויטן, וואָס איר האָט אויסגערעכנט, וועלן פאַרענטפערט ווערן אויף אַ נאַטירלעכן אופן, ווען מיר וועלן האָבן אַן אייגן לעבן, — האָט זיך מירקין געווענדעט צום „זשאַכלינער”. — געוויס פאַרשטיי איך אייער נויט און אויך די בענקשאַפט נאָך אייער פאַרגאַנגענער קינדהייט. אָבער ווי אַזוי קאָנט איר עפּעס אויפטון פאַר אַ פינצטערער מאַסע, ווען איר האָט נישט די מעגלעכקייט פון אַ קאָנטראָל איבער איר? נאָר די אינסטיטוציעס, וואָס וועלן געשאַפן ווערן דורך יידן, אין אַ פריי יידיש לאַנד, קאָנען מאַכן אַ סוף צו די ווילדקייטן, וואָס זענען אויסגעוואַקסן ביי אונדז. איך גלויב, אַז אַלע אונדזערע אידעאַלן, אפילו אונדזער אמונה, וועט געזונט ווערן ערשט דעמאָלט, ווען זי וועט געריייניקט ווערן דורך דעם פילטער פון אַן אייגן לאַנד, — האָט זאַכאַרי מיט איין אָטעם-כאַפּ פאַרענדיקט.

עס איז געווען אַ ווונדער, וואָס הורוויץ, דער לערער, האָט מירקינען געלאָזט אַזוי פיל רעדן. קיין זאַך האָט דעם לערער נישט געקאָנט אַזוי אַרויסברענגען פון געדולד, ווי דווקא דער אידעאַל, פון וועלכן זאַכארי האָט גערעדט. עס זענען פאַראַן מענטשן, וואָס האָבן אַ פיזישן אָפּשיי צו ראַסן, צו געוויסע חיות. זיי קאָנען נישט פאַרטראָגן דעם געשמאַק פון אַ נעגער. עס זענען פאַראַן מענטשן, וואָס פאַרמאָגן אַ קראַנקהאַפטע שנאה צו אידעען. דער לערער האָט באַלאַנגט צו די לעצטע. ער האָט זיך נישט געקאָנט קאָנטראָלירן ביי דעם אומשולדיקסטן דערמאָנען פון דעם ציוניסטישן אידעאַל, ווען ער איז געווען דערביי. ער האָט דערפילט אַ פיזישן ווייטיק און ער האָט גלייך געמוזט רעאַגירן אויפן אָרט. אומזיסט האָט פרוי הורוויץ זיך געמיט מיט די אויגן, מיט די באַוועגונגען פון איר מויל, אויפמערקזאַם צו מאַכן זאַכאַרין, אַז ער זאָל אַוועקוואַרפן די טעמע. זי אַליין האָט שוין געוואָלט זיך אַריינמישן, וואָס זי טוט עס קיינמאָל נישט, אויס דרך־ארץ פאַרן מאַן, כדי צו מאַכן אַ סוף צו דעם געפערלעכן געשפּרעך. נאָר דער לערער איז שוין אויפגעשפּרונגען פון זיין אָרט, ווי עס וואָלט אים ווער געביסן די פּיאַטעס פון די פיס, און, נישט געקוקט אויף זיין גאַסטפריינטלעכקייט, וואָס ער, אַלס באַלעבאָס, איז

שולדיק דעם גאַסט, איז ער צוגעגאַנגען צו זאַכאַרין, אים אָנגענומען בײַ די הענט (זאַכאַרי איז פאַרוווּנדערט און דערשטוינט געוואָרן דערפון), צו־געפירט אים צו די פענצטער פון שטוב, וואָס זענען אַרויסגעגאַנגען אין הויף אַרײַן, אויפגעפּראַלט אַ פענצטער, כאָטש ס'איז הערבסטלעך קאַלט געווען, אַרויסגעטײַט מיט דער האַנט אויפן הויף, וווּהין די פענצטער זע־נען אַרויסגעגאַנגען, און געזאָגט, אויסערגעוויינלעך באַלעבאַט:

— איר זעט דאָ דעם הויף, די קלײנע ליכטעלעך, וואָס שײַנען־אַרויס פון די פענצטער? אין דעם הויף זיצט אַ געפּלאָנטע און פאַרפּאָלג־טע מאַסע אין שמוץ, אין אומוויסנהייט, אין שאַנד און שפּאָט, פאַרלאָזן פון אַלעמען, צו צען, צו צוועלף, צו פופצן נפשות אין אַ שטוב. און אַזוי ווי איר זעט דעם הויף, אַזוי ציען זיך גאַסן און גאַסן, שטעט גאַנצע. מיל־יאָנען פּלאָגן זיך אַזוי, עס איז נישטאָ קיין אַנדער ייִדיש פאָלק, ווי דאָס. דאָס איז אונדזער אָרימקייט און אונדזער רײַכקייט. פון דאַנען באַדאַרף מען אָנהייבן. אָט די מענטשן מוז מען העלפן. פאַר זיי באַדאַרף מען דאָס לעבן אַוועקגעבן. און וואָס הייסט איר טון? איר הייסט אָנהייבן פון אי־דעאַל, פון אַ טעאָריע. ווי לאַנג וועלן מיר נאָך זײַן צוגעשמידט צו דער עבודה־זרה? דאָס איז אפשר גוט פאַר אײַנצלנע, וואָס ווילן אַנטלויפן פון אונדזערע גויטן, פון ווירקלעכן לעבן, פון זייער אייגן פּנים. זאָלן זיי זיך אָנכאַפּן אָן די פּאַפּירענע בריק. יונגערמאַן, ווען איר ווילט עפּעס טון, ווען איר ווילט נוצן ברענגען, — אָט דאָ איז דאָס אָרט. עס איז נישטאָ קיין אַנדער ייִדיש פאָלק, ווי דאָס, און עס איז נישטאָ, וווּהין צו אַנטלויפן. אונדזערע עלטערן זענען געגאַנגען אַרומגעלאָפן איבער דער וועלט. אויף די ערטער באַדאַרף מען זיצן — און דאָ אויסקעמפן אונדזער לעבן.

ווער ווייסט, מיט וואָס די סצענע וואָלט זיך געווען געענדיקט, ווען נישט רחל־לאה, וואָס האָט שוין אָפּגעוואַרט די גאַנצע צײַט אויף אַ גע־לעגנהייט זיך אַרײַנצומישן און אויפצולאָזן די אָנגעצויגענע שנורן פונעם געשפּרעך דורך אַ געלעכטער:

— אפשר וועט שוין געגוג זײַן אים צו לערנען פאַר איין אָוונט?

— האָט זי געזאָגט. — ווי זיי האָבן אים דאָס גענומען אין חדר אַרײַן! איר וועט נאָך האָבן אַן אַנדערע געלעגנהייט. הער מירקין פאָרט דאָך נישט אַוועק, וועלן מיר נאָך האָבן גענוג צײַט וועגן דעם אַלעמען צו־רעדן. און אפשר איז שוין אויך צײַט צו נעמען עפּעס אין מויל אַרײַן?

— האָט רחל־לאה פאַרענדיקט. — איר בלייבט מיט אונדז אויף אָוונט־עסן? — האָט זי זיך געווענדעט צו מירקינען מיט אַן איינלאַדנדיקער פראַגע.

***

פרוי הורוויץ האָט זיך געפּאַרעט אין קיך און געפּאַרעט זיך אין שטוב. געגרייט צום טיש, אויסגעזוכט אַ ריין טישטוך לכבוד דעם גאַסט. אויף קיין גרויסע זאַכן האָט ער זיך נישט וואָס צו ריכטן: דאָס טאָג־טעגלעכע ברויט מיט דער ווינטערדיקער פּאָווידלע. לכבוד דעם גאַסט האָט זי אַראָפּגעשיקט דעם זון, דעם גימנאַזיסט, ער זאָל אַרויפברענגען אַ שאַכטל שפּראָטן, וואָס ווערט געגעבן אויפן טיש ביי זייער אַ ספּעציעלן פאַל, אַ פונט צוקער און אַ האַלב פונט פּוטער, אויך לכבוד דעם גאַסט. דערווייל הערט זיך שוין פון די טרעפּ די אויסערגעוויינלעכע באַלעבאַט־קייט און דאָס לאַכן פון זאָשקען. און באַלד גיט אַ פלי־אַריין אַ מיידל מיט הויכע שטייענדיקע האָר און מיט אַ בלאַנקנדיקן ווייסן האַלדז פון אַן אויסגעשניטן שוואַרץ קליידל, וואַרפט דעם שטויס ביכער אויפן טיש, און איידער וואָס־און־ווען, איז זי שוין אין אַ געשפּרעך מיטן גאַסט וועגן פּעטערבורג, וועגן טעאַטער, וועגן איר ברודערס פּראָצעס, און וועגן וואָס נישט? אין אַ ווייַלע אַרום קומט פון דער גאַס אָן די צווייטע שוועסטער — אַ קעגנזאַץ צו איר, אַ שטילע, זאַכאַרי זעט נאָר אַ שוואַרץ־ווייס גע־קעסטלט קליידל אויף אַ דינעם מיידלשן רוקן. דאָס קליידל איז פון אַזאַ שטאָף, וואָס אים דאַכט זיך, אַז ער האָט אים ערגעץ געזען. ער געדענקט, אַז ס'האָט ווער געטראָגן אַמאָל אַזאַ קליידל פון זעלבן שטאָף. שוואַר־צע און ווייסע קעסטעלעך, נאָר ער קאָן זיך נישט דערמאָנען ווען און ווו ער האָט עס געזען — אין דעם לעבן, צי אין אַן אַנדערן. זי האַלט אַ בלומען-טאָפּ מיט איר אָרעם אָנגעלענט צו איר יונגער ברוסט, ווי מען האַלט אַ קליין קינד צאַרט, און האָט עס מורא אַרויסצוגעבן פון דער האַנט. די מאַמע בייזערט זיך: „ווי לאַנג וועסטו זיך אַזוי אַרומדרייען מיטן בלומען־טאָפּ אין האַנט? און צו וואָס נאָך בלומען־טעפּ? אַ האַלבע שטוב האָט זי שוין פאַרנומען מיט אירע געוויקסן. ווו וועסטו עס שטעלן?״

דער טיש איז שוין געדעקט, די מאַמע לייגט שוין אַרויף דאָס ברויט,

די פוטער, די שפּראָטן, אַ טאָפּ פּאָווידלע און דעם זודיקן טיי. די יינ־גערע טאָכטער, זאָשקע, העלפט צו דער מאַמען שיין־מאַכן דעם טיש. דער מאַמעס געדאַנק פאַרשטאַנען אַן אַ ווונק, און שלעפּט־אַרויס פונעם שענקל די געפּרעסטע קאָלירטע סערוועטקעס, וואָס ליגן דאָרט פון איין פּסח צום אַנדערן; וויל זיך באַווייזן פאַרן גאַסט, שלעפּט זי אויך אַרויס דאָס זילבערנע צוקער־פּושקעלע. דאָס צוקער־פּושקעלע איז אַ גלגול פון אַן אתרוג־שאַכטעלע, וואָס מ'האָט געקראָגן פון אַ רייכן פעטער אַ חתונה־מתנה. דאָס צוקער־פּושקעלע ראַטעוועט־אַרויס פון די גרעסטע נויטן. עס איז דער שפּייזער פון האָפענונגען. ביי יעדער צרה רעדט מען וועגן פאַרזעצן דאָס צוקער־פּושקעלע. עס וואַנדערט טאַקע אָפט אַרום אין די לאָמבאַרדן, און נאָר צוליב אַ פאַרזען, געפינט עס זיך היינט צופעליק אינדערהיים, נישט דאָרט, וווהין עס באַלאַנגט — אין לאָמבאַרד... דעם מאַטן געפעלט נישט דער טאַראַראַם, וואָס מען מאַכט דאָ לכבוד דעם פרעמדן — דאָס זילבערנע פּושקעלע אָנשטאָט דאָס טיי־טעפּעלע און די באַזונדערע סערוועטקעס. רחל־לאה פאַרשטייט עס שוין פון זיין אַראָפּ־געגידערטן בליק אין דער באָרד אַריין און פון די גליענדיקע אויערן.

ביים עסן פירט דער פאָטער אַ געשפּרעך מיט מירקינען: וואָס ער דענקט צו טון? — ער ווייסט נאָך נישט. לעת־עתה וויל ער זיך אַרומקוקן און וויל זיך אַליין געפינען. ער מיינט, אַז די ערשטע אויפגאַבע פון אַ מענטש איז זיך אַליין צו געפינען, זיך אַליין אויסצוזוכן אין דעם ים, וואָס רינגלט אים אַרום. „מיר ווערן פאַרלוירן אין אַ מבול פון באַוועגונגען און געשעענישן, וואָס דאָס טאָג־טעגלעכע לעבן וואַרפט אויף אונדז".

— און ווי אַזוי ווילט איר דאָס זיך אויסגעפינען? — פרעגט דער „זשאַבלינער".

— דורך דעם, וואָס איך וויל זיין אַליין מיט מיר.

— ווו? אין אַ וואַלד? אין אַ וויסטעניש? ווי אַן אינדישער פּרוש אויף אַ בוים זיצן? — שמייכלט דער „זשאַבלינער" סאַרקאַסטיש.

— כאָטש אין אַ פאַרוואָרפן שווייצער־ווינקל, אין אַ דאָרף ערגעץ־ווו אַ יאָר, צוויי, כדי אויסצוגעפינען זיך אַליין.

— פאַרשטייט זיך, מיט ביכער, אפשר אויך אין אַן אויסגעקליבענער געזעלשאַפט, וואָס ווייסן אַליין נישט ווי זייערע אידעען ווערן דיק־

טירט פון זייערע אינטערעסן, און נישט־ווילנדיק און נישט וויסנדיק פּאַסן זיי צו זייער אַרט דענקען, ווי אַנאַרכיסטיש, אינדיווידואַליסטיש זיי זאָלן נישט זיין, צו פאַרטיידיקן זייער אייגן פּויליק, פּאַראַזיטיש לעבן. ניין, איך גלויב נישט, אַז עס איז דאָ אין אונדזער היינטיקער קאַפּיטאַליסטי־שער אָרדענונג אַן אומשולדיק, קיינעם גאָרנישט קיין עוולה־טוענדיק אינ־דיווידועל לעבן. דאָס איז אפשר מעגלעך נאָר אין אַזאַ אָפּגעשטאַנען, רע־ליגיעז לאַנד, ווי אין אינדיע. ביי אונדז ווערן מענטשן צעטיילט, צי זיי ווילן יאָ, צי זיי ווילן נישט, נאָר אין צוויי קאַטעגאָריעס: די, וואָס אַר־בעטן, און די, וואָס לעבן פון יענעמס פּראַצע. די, וואָס העלפן די אונ־טערדריקטע, און די, וואָס העלפן די אונטערדריקער. קיין אַנדערער אויס־וועג איז נישטאָ, און רעדט אייך נישט איין, אַז איר שטייט פון דער־ווייטנס. עס זענען נישטאָ קיין גרעסערע שונאים פון אונטערדריקטן קלאַס ווי דווקא די נייטראַלע, די, וואָס שטייען פון דערווייטנס. זיי זענען משרתים ביי די אויסזויגערס. זייער אַרט לעבן מוז באַרעכטיקן די געזעל־שאַפט, אין וועלכער מיר געפינען זיך, וואָרים אין אַן אַנדערער געזעל־שאַפט וואָלט פאַר זיי קיין פּלאַץ נישט געווען.

אַלע האָבן געמוזט שמייכלען ביים טיש, קענענדיק ווייִנבערגן, וואָס וועט, ווי אַ מגיד מיט „לציון גואל" שטענדיק מוזן אַרויספירן יעדעס גע־שפּרעך, ווען וואָס עס זאָל זיך נישט האַנדלען, צו איין־איינציקן אויס־פיר — אויפן קלאַסן־קאַמף. מירקין האָט זיך אַביסל פאַרלוירן פון די דאָזיקע רייד, זעענדיק זיך מיט איין מאָל אינעם ליכט, מיט וועלכן דער „זשאַכלינער" האָט אים באַלויכטן.

נאָכדעם ווי זאַכאַרי און דער „זשאַכלינער" זענען אַוועק, האָט זיך רחל־לאהס טאָג געהאַט געענדיקט. זי האָט אַרויסגענומען פון איר שופ־לאָד אַ שטוים וועש צו פאַרריכטן, און אַוועקגעזעצט זיך אין איר ווינקל ביים קאַלך־אויוון, צו וועלכן מען האָט ווינטער־צייט צוגערוקט דעם טיש. ביים זעלבן טיש זענען אויך געזעסן אירע קינדער און געמאַכט זייערע לעקציעס און איר מאַן, וואָס האָט זיך פאַרטיפט אין אַ ספר. אויף אַלע־מען איז געפאַלן דער מילך־שיין פונעם גרויסן טיש־לאָמפּ. ווען זי האָט געהאַלטן אַן עק פון אַ פּאָדים צווישן אירע שטאַרקע ציין, רופט זיך רחל־לאה אָן צו איר מאַן:

— מיינסט נישט, שלמה, אַז עס איז אַ רחמנות אויף אַזאַ יונגנמאַן?

ווי וועט ער זיך ארומוואַלגערן איבער דער וועלט? ווען ער וואָלט אפשר דאָ געבליבן, וואָלט ער עפּעס געפונען, וואָס וואָלט אים גליקלעך געמאַכט?

— איך רעד קיינעם נישט צו, יעדער איינער טוט וואָס ער האַלט פאַר נויטיק, — ענטפערט־אָפּ דער מאַן, נישט אויפהייבנדיק זיין בליק פונעם ספר.

## קאַפּיטל 8

# די שרעק פאַר זיך אַליין

די נאַכט נאָך דעם וויזיט ביי פרוי הורוויץ איז זאַכארי מירקין נישט גוט געשלאָפן. עס האָט זיך אים געפּלאָנטערט אַ חלום ווי ער, מירקין, שטייט ביי אַ טיר פון אַן אומהיימלעכן פינצטערן קעלער. אויף יענער זייט קעלער וווינען אָרימעלייט, וועלכע זענען אויסגעמישט געוואָרן אין חלום מיט די שוואַרצע, שאָטנדיקע אומבאַקאַנטע רוחות, וואָס וווינען אין אים אַליין. די אָרימעלייט רייסן זיך צו דער טיר און ווילן אַרויס אין דרויסן. מירקין שטייט מיט אַ גדערע; זיי וואַרפן זיך מיט זייערע לייבער אויף דער טיר פון קעלער און לאָזן זיי נישט אַרויס אין דרויסן. מיטאַמאָל פאַרלאָזן אים אַלע. ער געפינט זיך אַליין ביי דער טיר קעגן די אָרימעלייט, וועלכע ער דריקט־צו מיט אַלע זיינע כוחות, מיט זיין גאַנצן ווילן. זיי אָבער, אויף יענער זייט, זענען שטאַרקער. שוין עפענען זיי אַ שפּאַלט פון דער טיר און מירקין דערזעט אין הינטערגרונט, וואָס ליגט הינטער איר: עס איז אַן אומהיימלעכער געררוימער געוועלב מיט שוואַרצע באַלקנס באַבאַלקנט, די ערד — מיט נעלן זאַמד אויסגעשאָטן. פון די ווינקלען הייבן זיך אָן צו באַוועגן פון זייערע פאַרגליווערטע פאַזיציעס די אָרימעלייט, אידיאָטישע פאַרמרהשחורהדיקע, קריכנדיק און אויסשטרעקנדיק צו אים זייערע הענט מיט צעדרייטע פינגער. עס זענען נישט קיין אָרימעלייט, עס זענען די שוואַרצע אומבאַוווסטע שאָטנס, וואָס לעבן אין די פאַרבאָרגענישן פון זיין נשמה, פאַר וועלכע ער שרעקט זיך אַזוי, וואָס שטרעקן עס אויס צו אים זייערע סקעלעטנדיקע הענט. זיי

קריכן דאָס אַרויס פון קעלער צו אים. ער זעט זיי באַשיינפּערלעך איי־נעם און איינעם, ווי זיי באַוועגן זיך קריכעריש, מיט אידיאָטישע פּני־מער, מיט ווילדע העוויות, מיט שרעק־דערוועקנדיקע אברים. איינצלנע פון זיי זיצן נאָך אין די ווינקלען און וואַרטן אויף עפּעס, שטאַרצן־אַרויס שלעכטס־אָנזאָגנדיקע בליקן. מיט דער גאַנצער קראַפט פון זיין מאַסיוון קערפּער וואַרפט ער זיך אויף דער טיר צו פאַרהאַקן דעם קעלער, אָבער זיי דאָרט, אויף יענער זייט, זענען שטאַרקער און דריקן אים אַוועק. און ער איז איינער אַליין צו היטן די טיר פון די שוואַרצע גייסטער. אַלע האָבן אים פאַרלאָזט. ער רופט נאָך הילף, הילף, הילף — און אַרבעט זיך מיט אַלע כוחות אַרויס פון דעם צושטאַנד, אין וועלכן ער געפינט זיך. ער ווייסט שוין, אַז ער חלומט, נאָר ער קאָן זיך נישט אויפוועקן. ער וויל בייסן זיינע פינגער, כדי אויפצוכאַפּן זיך. די הענט הערן נישט זיין ווילן, ביז ענדלעך — מיט אַ שטאַרקער באַוועגונג פון זיין קאָפּ — ער כאַפּט זיך אויף אינגאַנצן אַ באַגאָסענער מיט קאַלטן שווייס.

— ווו בין איך? — ביסלעכווייז קומט זיין באַוווסטזיין צוריק צו אים. ער דערמאָנט זיך און ווייסט שוין, אַז ער געפינט זיך אין זיין האָ־טעל־צימער אין וואַרשע און נעכטן אָוונט האָט ער פאַרבראַכט אין פרוי הורוויצעס הויז.

פון שלאָפן האָט שוין קיין רייד נישט געקאָנט זיין. ער איז געלעגן מיט פאַרמאַכטע אויגן און האָט זיך צוגעהערט צו דעם אָטעמען פון דער וועלט, צו דעם בליץ־באַוועגלעכן גאַנג פון דער וועלט, וואָס יעדער הערט אין זיך אַליין אין דער שטילקייט פון דער נאַכט. ער האָט זיך געוואָלט דערמאָנען וועגן וואָס ער האָט געחלומט. די איינצלהייטן האָבן אָנגעהויבן אויסצורינען פון געדעכעניש ווי צעלאָזענע פאַרע. איבערגעבליבן איז אַן אַלגעמיינער איינדרוק פון שרעק.

ער האָט געמאַכט ליכט און איז געבליבן ליגן אין זיין בעט מיט אָפענע אויגן.

דערפאַר זענען אים פיל קלאָרער געווען זיינע איבערלעבענישן אין פרוי הורוויצעס הויז. ער האָט מיט אַן אויסערגעוויינלעך בולטער קלאָר־קייט געזען יעדן דעטאַל פון אַלץ וואָס ער האָט נעכטן איבערגעלעבט, אָנ־געזען און אָנגעהערט זיך. עמפּינדונגען, וועלכע זענען געווען פאַרנעפּלט, זענען איצט אין דער שטילקייט פון דער נאַכט אויפגעשטאַנען אין אים

מיט זייער גאַנצער באַלעבטקייט און מיט זייער גאַנצער גוטמוטעונדיקער אכזריותדיקער רעאַלקייט. גאָרנישט איז אים געוואָרן געשאָנקען, גאָר־נישט איז פון אים פאַרהוילן געוואָרן. מיט זייער גאַנצער אומדערבאַרימ־דיקער נאַקעטקייט זענען זיי געשטאַנען פאַר אים... ער האָט פאַרשטאַנען און קלאָר איינגעזען, פאַרוואָס ער האָט נישט געקאָנט אויספירן זיין באַ־שלוס, גלייך פון דער היים ערגעץ־ווו אוועקצופאָרן, אויסצומיידן וואַר־שע...

— גאָט, וואָס פאַר אַ שוואַרצע כוחות לעבן אין מיר! און וווהין וועלן זיי מיך דערפירן? איך בין דאָך אַ קראַנקער מענטש, מיט קראַנקע אילוזיעס. מיין לייב איז אָנגעזאַפּט ווי אַ שוואָם מיט קרענקלעכע עמ־פינדונגען... אין מיר ווינען נישט קיין געזונטע אינסטינקטן. ווער בין איך? אַ שוואַכער, קרענקלעכער, פון אומבאַוווסטע אבות גערירשנט נישט קיין געזונטע אינסטינקטן פאַר אַלעם קרענקלעכן און שוידערלעכן...

איך בין אַנטלאָפן פון איין נעץ, כדי אַריינצופאַלן אין אַן אַנדערער, ווי אַן אָפּגעהעשעטער געיאָגטער הונט, פון זיין אייגענעם אינסטינקט. וואָס האָב איך געהאַט צו זוכן אין וואַרשע?

**
*

מירקין איז איבערגעבליבן אין וואַרשע. צו די הורוויצעס איז ער מער נישט געגאַנגען. ער האָט זיך נישט געטרויט אַליין. נישט איינמאָל האָט ער זיך געפונען נאָענט ביים הויז. און דווקא אין די פאַרנאַכטן, ווי דענסטמאָל, ווען ער האָט פרוי הורוויץ אָנגעטראָפן אַליין. ער האָט געפו־נען אין זיך גענוג שטאַרקייט נישט אַרויפצוגיין... ער איז אָבער נישט געווען גענוג שטאַרק צו פאַרלאָזן וואַרשע. זיינע קרענקלעכע עמפינדונ־גען צו פרוי הורוויץ (ווי ער האָט אָנגערופן זיין שוואַכקייט צו איר) — האָט ער ווי ס׳איז מיטן קראַפט פון זיין ווילן קאָנטראָלירט. אָבער ער האָט געוווסט, אַז עס איז נאָר אויבן־אויף — אָפּגעשראָקן פון זיין גע־וויסן, האָבן זיך די געפילן באַהאַלטן. אָבער עס איז גענוג איין באַרירונג, און זיי וועלן זיך ווידער אַרויסרייסן פון זייערע באַהעלטעניש. דער איינציקער פּלאַן איז צו פאַרלאָזן וואַרשע אויף שטענדיק, אָבער אויס־פירן האָט ער אים נישט געקאָנט. אַן אַנגסטיקע שרעק האָט אים אַרומגע־

גומען פאַר דער גרויסער וועלט, און וועלכער ער געפינט זיך אַליין. וואָס וועט זיין ערגעץ אַנדערש-ווו? זיין גאַנצע קינדישע פאַרלוירנקייט האָט זיך אויפגעוועקט אין אים ביים געדאַנק וועגן פאַרלאָזן וואַרשע. די שרעק פון זיין אומבאַהאָלפנקייט האָט שוואַך געמאַכט זיינע הענט, און ער איז געבליבן זיצן דאָרט, ווו ער איז געווען.

דערווייל זענען די טעג געגאַנגען פוסט-און-פּאַס, אָן גאָרנישט. קיין מענטש האָט אים נישט געקענט און מיט קיין מענטש האָט ער זיך נישט באַקענט, אַ חוץ זיין פּאָטערס אַגענט, צו וועלכן ער האָט זיך געווענדעט נאָך געלט יעדעס מאָל, ווען ער האָט באַדאַרפט.

בייטאָג האָט ער זיך אַרומגעשלעפּט איבער די יידישע גאַסן, צוגע־קוקט זיך צום האַנדל און וואַנדל, וואָס יידן טרייבן. אַמאָל זיך אָפּגע־שטעלט ביי אַ קראָם, אַריינגעקראָכן אין אַ גאַלעוועקער הויף. יידן האָבן געזען זיין קאַראַקולן היטל און זיין קאַראַקולענעם קאָלנער פון פעלץ, האָבן זיי אים אָנגענומען פאַר אַ רוסישן „קופּיעץ” און אָנגעהויבן אים שלעפּן אין געשעפטן אַריין, אין פאַבריקלעך, פאָרגעלייגט אים פאַרשי־דענע סחורות: גאַלאַנטעריע, לעדער און אַנדערע סחורות אים געוואָלט פאַרקויפן, געריסן זיך איבער אים, געקריגט זיך און געמאַכט מיט די הענט. אַמאָל האָט מען אים אַריינגעשלעפּט אין אַ שטוב אַריין און פאַר־געלייגט „לינקע” סחורה. אין אַנדערשמאָל האָט אַ פּיפּיקער ייד אים גאָר פאַרפירט אין אַן אומאָנשטענדיק אָרט... ער האָט געהערט זייערע רייד און נישט פאַרשטאַנען. איבריקנס, האָט זיין רוסיש רעדן אים פיל גע־שטערט צו דערנענטערן זיך צו זיי, האָט ער געפּרוווט רעדן זיין שלעכטן יידיש, האָט מען אים אָנגעקוקט פאַרוווּנדערט, ווי מ'וואָלט פאַר אים מו־רא געהאַט, ווי פאַר אַ גוי, וואָס רעדט יידיש...

ווילנע מיט אירע אַלטע קרומע געסלעך, מיט איר אָרימער יידיש־קייט און די פייערדיקייט פון די ימים־נוראים, האָט געמאַכט אויף אים אַן איינדרוק — מ'קאָן דאָס אָבער נישט זאָגן אויף וואַרשע. די יידן אין די לאַנגע קאַפּאָטעס, אין די שמאָלע היטעלעך מיט די קורצע דעניקלעך, וואָס זעען-אויס, אַזוי ווי זיי וואָלטן אַלע געווען געטראָגן איין אוניפאָרם, ווי אַ „פאָלק”. זענען אים אומאָנגענעם. ער האָט געוווּסט, אַז ער זעט זיי נאָר פון אויבן־אויף; ער קאָן נישט אַריינקוקן אין זיי. אָבער אייסער־לעך זענען זיי געווען ווייט פון עסטעטישקייט... שטענדיק פאַרטראָגן,

פאַריאָגט אין אַ הו־הא פון געוואָלדן און געשרייען. האָט ער געפּרוווט פאַרפירן מיט וועמען אַ געשפּרעך, האָט מען אים קיינמאָל נישט אָפּגע־ענטפערט צו דער זאַך. שמענדיק מיט אַ הינטער־שפּיצל, ווי מ'וואָלט גע־וואָלט פון אים עפּעס אַרויסקריגן, מיט אומצוטרוי, מיט אַ פראַגע אויף אַ פראַגע. געווים האָט ער פאַרשטאַנען, אַז אינערלעך איז עפּעס דאָרט ביי זיי אַן אַנדער לעבן, אַ סימפּאַטיש, אַ שענערס. אָבער ער קען עס נישט, פאַר אים זענען זיי אַזוי ווי ער זעט זיי. „און דאָס איז דאָס יידישע פאָלק, קיין אַנדערס איז נישטאָ" — האָט ער זיך דערמאָנט דעם לערער הורוויצעס ווערטער. דאָס איז זיין בלוט און פלייש, זיין אייגנס — אָרים צי רייך, גוט צי שלעכט — דאָס איז עס די יידישע אָרימקייט, און זיין רעטונג ליגט צווישן זיי...

אָבער ער האָט זיך געפילט אַזוי ווייט און פרעמד פון זיי. זיי זענען געווען פאַרחתמעט פאַר אים מיט זיבן שלעסער. „איך בין דאָך אַ פרעמ־דער צו זיי" — האָט ער זיך געזאָגט. ער האָט פאַרשאָלטן זיין דערצי־אונג, זיין פאַרגאַנגענהייט, זיין אָפּגעריסנקייט. עס איז אים פאַרגעקומען, אַז ער איז אַליין, ער, זאַכאַרי מירקין, איז אַ פאָלק, אַ ראַסע אַליין, אַן אייגענער מין, ער האָט קיינעם נישט. זיין וועלט האָט ער פאַרלוירן, און די וועלט אין וועלכער ער וויל אַריינגיין, איז פאַרשלאָסן פאַר אים.

עס האָט זיך אים געדאַכט, אַז ער איז אויף אייביק פאַראורטיילט צו זיין אַליין, אַ הענגענדיקער אין דער לופטן, צו קיינעם נישט אָנצוגע־הערן, צו קיינעם נישט צו באַלאַנגען.

דערווייל איז זיין מוטיק אַנטלויפן פון דער היים פאַרגעקומען אים אומפאַרשטענדלעך. ס'איז אויסגעוועפּט געוואָרן דער אינהאַלט דערפון און דער טעם דערפון. זיין פּוסט־און־פּאַס אַרומגיין איז אים געוואָרן דער־ווידער. ער איז זיך אַליין פאָרגעקומען ווי אַ חדר־יינגל, וואָס האָט זיך געמאַכט אַ ברוגז, און איז אַנטלאָפן פון חדר. איין וואָך, צוויי וואָכן, וואָס ווייטער? עס בענקט זיך אים נאָך דעם רבינס קאַנטשיק.

דאָרט, אינדערהיים, איז געווען אַ בייטש איבערן קאָפּ: דער פאָטער, אָלגע מיכאַילאָוונע, נינאָטשקע זיין כלה. וואָס ער האָט געטון, צי מיט חשק, צי אָן חשק — איז געווען דיקטירט פון אַ ווילן. פאַר זיינע פיס איז געווען אָנגעצייכנט אַ ליניע פון קרייד און ער האָט נאָר באַדאַרפט געטריי טרעטן אויף דעם קרייד־שניט... און איז זיין לעבן אין בּרייטן

האָריזאָנט געווען פאַרוואָלקנט, די טריט פאַר דער נאָז זענען אָבער געווען קלאָר. די טאָג־טעגלעכע באַשעפטיקונג האָט געוואַרט אויף אים. דאָ וואָס? און ביז ווי לאַנג איז דער שיעור?

ער האָט צו קיינעם נישט גערעדט, נאָר צו זיך אַליין; ער האָט זיך אָפּגעוווינט דאָס צו טון דורך ווערטער, נאָר דירעקט דורך זיינע געפילן און געדאַנקען. די ווילדסטע און קרענקלעכסטע געדאַנקען זענען אים געקומען אין זינען, ווען ער איז געלעגן דורך די שלאָפלאָזע נעכט אויף זיין געלעגער. אָפטמאָל פלעגט ער אויפשטיין ביינאַכט, מאַכן ליכטיק און באַקוקן זיין אייגן לייב. אָפטמאָל האָט ער געהאַט דאָס מאָדנע געפיל, אַז זיין לייב איז ווער אַנדערש און ער איז ווער אַנדערש. האָט ער גערעדט צו זיין קערפּער, ווי צו אַ פרעמדן, געגלעט זיך אַליין, געטרייסט זיך אַליין, ביז ער האָט זיך דערמאָנט ווי קינדיש עס איז...

עס זענען אויך צוריקגעקומען די זעלבסטמאָרד־שטימונגען, וואָס האָבן זיך געדאַכט, אַז זיי זענען שוין אַריינגעגאָסן געוואָרן אין אַ פינצטערן כף־הקלע אַריין, נאָך יענעם זעלבסטמאָרד־פאַרזוך אין פעטערבורג. ער האָט זיך גערופן צום משפט ביינאַכט פאַר די מעשים פון טאָג. און מיטן אָפּגעהאַקטן קאָפּ אין האַנט האָט ער זיך געשטעלט יעדע נאַכט פאַר זיין ריכטער־שטול. — „פאַרוואָס קלאַמערט ער זיך אַזוי קראַמפּהאַפטיק אין לעבן? פאַרוואָס קאָן ער זיך נישט אויסמישן און ווערן איינס מיט יענער אַלצקייט און אייביקער אומענדלעכקייט, וואָס עס שטעלט פאַר דער טויט? פאַרוואָס קאָן ער נישט אַריינגעבוירן ווערן אין טויט אַריין, אַזוי ווי זיין מוטער האָט אים געבוירן אין לעבן אַריין? זיין געבורט אין לעבן איז אויסגערופן געוואָרן דורך אַ פרעמדן ווילן; זיין געבורט אין טויט קאָן דאָך שוין זיין דורך זיין אייגענעם. פאַרוואָס הענגט ער אין לעבן ווי אַ פוילער בלאַט און וואַרט ביז דער טויט וועט קומען אָן אומגערופענער און וועט אים אונטערגריזשען? פאַרוואָס זאָל ער נישט זיין דער געבוטער פון זיין אייגענעם ווילן — ווען נישט אין לעבן, איז כאָטש אין טויט?"

אוז האָט ער ווידער קיין מוט נישט געהאַט אַריינצושווימען אין דער אייביקער נאַכט ווי אַ פרייער נאַכט־בירגער מיט זיין אייגענעם ווילן, — וואָס פאַר אַ רעכט האָט ער צו אַנטלויפן פונעם פוילן שטרויזאַק, וואָס דאָס לעבן האָט אים צוגעוואָרפן? פאַרוואָס איז ער אַנטלאָפן

פון דער היים, פון זיין פאָטער, פון זיין כלה, פון אָלגע מיכאַילאָוונע מיטן שטאָלצן וואָרט, אַז ער „קאָן נישט לעבן מיט אַ לאָך אין הארצן" דענסטמאָל, ווען זיין האַרץ איז ווי אַ זיפּ דורכגעלעכערט מיט קרענקלעכע זינדיקע עמפּינדונגען און פאַרלאַנגען? צוריקצוקערן באַדאַרף ער ווי אַ נאַריש יינגל, און פאַרשעמט זיך צו וואַרפן צו די פיס און מחילה צו בעטן, אַז מ'זאָל אים אָנווייזן דעם אָרימסטן פּלאַץ צווישן זיי, ווען זיי וועלן אים נאָר וועלן צונעמען.

אַזוי אַ געמשפּטער פלעגט ער זיך אויפהייבן יעדן פרימאָרגן, נישט וויסנדיק צו וואָס און פאַרוואָס, געוואָרפן און געשלאָגן ווי אַ ברעט אָן די כוואַליעס פון זיינע אייגענע וועלן.

אין די פרימאָרגנס, באַפרייט פון נאַכט־רוחות, פלעגט זיין געדאַנק ליכטיקער ווערן. ער האָט אַרויפגעוואָרפן די שולד פון זיין אומרו, פון זיין קינדישער פאַרלוירנקייט אויף זיין דערציאונג, אויף זיין מוטערלאָזע קינדהייט, אויף דער נאַקעטער אָפּגעריסנקייט פון אַ צוגעהעריקייט. דאָס פלעגט אים אַפילו נישט קיין סך האָפענונג צוגעבן, אָבער עס האָט געווירקט; ער האָט זיך געטרייסט מיט דעם, וואָס ער האָט, ווי יעדער שוואַכער, אַראָפּגעוואָרפן די פאַראַנטוואָרטלעכקייט פון זיך און אַרויפגעלייגט אויף אַנדערע רוקנס. אָבער קיין אויסוועג איז נישט געווען, סיידן נאָר צוריקצוקערן אַ פאַרשעמטער אַהין, פון וואַנען ער איז אַנטלאָפן און זיך לאָזן אַריינוועבן אין אַ געוועב, וואָס דער גורל האָט געשפּונען פאַר אים.

„וואָס איז דער חילוק? — האָט ער זיך געזאָגט. — נישט אויסגעהאַמערט לעבן דורך אייגענעם ווילן, נאָר געפונענעם דורך אַ צופאַל און מזל — איז דער זעלבער באַטרעף ווי דער טויט.

„ווער וועט באַשיצן מיך פון זיך אַליין? באַשיצן פון יענע פאַרבאָרגענע פרעמדע אינסטינקטן, וואָס וווינען אין מיר און לויערן אויף מיר ווי גזלנים, צו פאַרשלעפּן מיך ערגעץ אין אַ כּף־הקלע אַריין? וווּ זענען די גרענעצן, וווהין זיי וועלן מיך פאַרפירן? און ווער וועט מיר בייַשטיין צו באַקעמפן זיי?"

ער האָט זיך ארומגעקוקט און געפונען זיך איינער אַליין אויף אַ ווילדן סכּנהדיקן וועג. ארומגערינגלט פון שווארצע שאָטנס. וואָס לויערן אויף אים פון טונקעלע ווינקלען אַרויס. אָט באַלד וועלן זיי אַרויסקומען,

צוקריכן פּאַמעלעך, פּאַמעלעך, נאָר זיכער, קומענדיק נענטער צו אים, נענטער, און וועקן אים אַרומרינגלען ווי שאָטנס פון קעלער, וואָס ער האָט געזען אין חלום?

וואָס זאָל ער טון?

אַנטלויפן, קיין אַנדערער אויסוועג איז נישט געווען. אָבער וווהין וועט ער אַנטלויפן? ווער זאָגט אים, אַז ערגעץ־ווו דאָרטן וואַרט נישט אויף אים דער זעלבער גורל? — אַנטלויפן פון זיך, ווען די נאַכט און די שוואַרצע רוחות וווינען אין דיר.

צו קוקן אין פּנים אַריין דער נאַכט און מיט מוט צו קעמפן קעגן דער נאַכט, איבערצובלייבן אין וואַרשע און צו קעמפן מיט זיך?

וועט ער דאָסמאָל שטאַרקער זיין ווי אַן אַנדערשמאָל?

ער האָט שוין איינגעזען, אַז אַליין מיט זיינע אייגענע כּוחות וועט ער זיך נישט אַרויסראַטעווען פון דער נעץ, פון די נעגל פון זיינע בייזע גייסטער. ער האָט געוואָלט גלויבן, ער האָט געמוזט גלויבן אין אַ העכע־רער מאַכט, וואָס קאָן אים העלפן פון זיך אַליין. און ער האָט זי אין דער פינצטערער נאַכט געזוכט. ער האָט זיך דערמאָנט אָן דעם אַלטן ייד פון פּעטערבורג, וואָס האָט אַמאָל אין אַ ליכטיקער נאַכט גערעדט צו אים וועגן דעם אָנבינדן זיין אייגענעם „איך" אָן דעם געדאַנק פון דער וועלט. ער האָט זיך דערמאָנט אָן די געשפּרעכן, צו וועלכע ער האָט זיך צוגע־הערט ביים לערער. ער האָט ערשט איצט דערפילט, אַז אייגנטלעך האָט דער לערער הורוויץ, און דער יונגערמאַן, וואָס זיי רופן דאָרט „זשאַבלי־נער", דאָך אויך גערעדט פון דעם זעלבן כּוח, פון דעם וועלט־און-מענטש-שכל, וואָס דער אַלטער ייד אין פּעטערבורג. יאָ, זי איז דאָ, די העכערע קראַפט, צי אין דער, צי אין אַן אַנדערער פאָרם, און באַוווינט די אָרימע הייזער פון די גערעכטע. זי שיינט און רעגירט אין די הערצער פון די מענטשן. ער האָט איצט אַזוי קלאָר געזען, אַז די לאָגיק, ווי דער לערער הירוויץ רופט עס אָ', שטראַלט־אויס פון זיך שנורן און בינדט זיך אָן אין אַלע הערצער און מוחות פון אַזעלכע מענטשן, ווי עס איז דער לערער הורוויץ. דער „זשאַבלינער", דער אַלטער ייד, און אַוודאי פיל, פיל נאָך, און טרייבט זיי צו טון איר רצון, כּדי צוצוקומען צום גרויסן תּכלית, וואָס איז איר, דער העכערער קראַפט, נאָר אַליין באַוווסט...

„עס איז דאָ דער העכערער ווילן, אין וועלכן מיר אַלע דאַרפן זיין

איינגעשפאנט צו זיינע פינגער, און די, וועלכע פארלירן זיך ארויס פון זיין רשות, ווערן פארפאלן אינעם כף־הקלע פון זייער אייגענער נאכט, — פארשלונגען דורך די שאטנס, וואס לויערן אויף זיי אליין אין זיי אליין, און ווייל ער זיך ראטעווען פון זיך, מוז ער ווערן ווי א קליין שרייפל, אריינגעדרייט אין גאנצן כלל אריין, — ווי א פעדעמל, אריינגעוועבט אין דעם גרויסן געוועבעכטס. דער געדאנק פון דער וועלט איז דער האר פון יחיד.

נאר די ווייסן, וואס צו טון און האבן פאר קיין זאך נישט קיין מורא, וואס זענען אנגעבונדן מיט זייערע הערצער אן די שנירן פונעם וועלט־רצון און ווערן געשלעפט דורכן גרויסן כוח אויף די גלייכע וועגן — צום וועלט־תכלית...

זאל ער פרווון זיך איינשפאנען אין ראד, בלייבן אין ווארשע, סוקן דער געפאר טאג־טעגלעך אין די אויגן אריין? וועט ער קאנען? וועט ער ביישטיין דעם נסיון?

ער האט אויסגעצויגן די הענט אין דער נאכט אריין און געבעטן, ווי מען בעט צו א גרויסן גאט:

— ראטעווע מיך, ראטעווע מיך פון זיך אליין און נעם מיך אויף אין דיין ווילן, אזוי ווי דו האסט צו אנדערע געטון...

## קאפיטל 9

# פרייטיק אוונט

איינמאל, פארנאכט, האט ער זיך ווידער געפונען הינטער דעם הויז פון פרוי הורוויץ, אויף א בלאטיקן טראטואר, צווישן וואכנדיקע געוועלב־בלעך און איילנדיקע מענטשן. א רעגנדיקער הימל, א רעגנדיקע גאס. ער איז דארט געשטאנען, ווייל ער האט נישט געהאט ערגעץ אנדערש־ווו צו שטיין. פון דער גאנצער ברייטער וועלט איז דאס הויז אים געווען דאס איינציקע באקאנטע, און די פרעמד־ע מענטשן, וואס וווינען דארט, וואס ער האט איינמאל אין זיין לעבן געזען — די איינציקע אנגעהעריקע, וואס ער האט פארמאגט. נאענט צום געדאנק צוריקצופארן אהין, פון וואנען

ער איז געקומען, האָט אים זיין געוויסן שוין נישט אָפּגעהאַלטן, און ער האָט, ווי אַ שכור, ווען ער גיט זיך איבער צו שכרות, געפונען אַ תירוץ: „געזעגענען זיך" — און איז אַרויף אויף די קאַרג-באַלויכטענע טרעפּ מיט האַרץ-קלאַפּעניש, אָנגערירט דעם גלאָק. מ'האָט אים נישט אַזוי באַלד געעפנט. דערנאָך האָט אים ווער אויפגעעפנט די טיר. אין קאַרג־באַלויכטענעם קאָרידאָר איז געפאַלן אויף אים אַ שאָטן פון אַ מיידל און באַרירט אים וואַרים.

אַז ער איז אַריינגעקומען אין דער אַלגעמיינער שטוב, וואָס ער האָט אַזוי גוט געקענט פון פריער, האָט אים אַרומגענומען אַ וואַרימקייט און אַ יום־טובדיקייט. דאָס מיידל, וואָס האָט אים אויפגעעפנט די טיר, איז געווען די עלטסטע טאָכטער העלענקע. זעט זיך אויס, אַז ער האָט איר געשטערט. וואָרום זי האָט געהאַלטן אַ בוך אין האַנט, פאַרלייגט מיט אַ פינגער צווישן די בלעטער, האָט געקוקט אויף אים פאַרוואונדערט און איבעראַשט, ווי אויפגעוועקט פון אַ חלום. מיט איינמאָל, ווי זי וואָלט אים דערקענט, האָט זי געשמייכלט, און ס'האָט זיך זאַכאַרין געדאַכט, אַז דער שמייכל קומט פון אירע האָר איבער די אויערן, נישט פון די אויגן, וועלכע ער, אין דער טונקלקייט, האָט נישט געזען.

— כ'בעט, זעצט אייך. די מאַמע וועט באַלד אַריינקומען, אַנטשולדיקט. — און זי איז ערגעץ־ווו פאַרשוווּנדן מיט איר בוך אין אַן אַנדערער שטוב.

זאַכאַרי איז געזעסן ביים באַקאַנטן טיש, זיך אַרומגעקוקט דערשטוינט איבער דער שטוב. עס האָט זיך גאָרנישט געענדערט, אַלץ איז געווען אַזוי ווי פריער. דאָס גלעזערנע שענקל, פון וואַנען עס האָבן אַרויסגעקיקט ביכער־רוקנס, די ברייטע בלאָע פּלושענע קאַנאַפּע, איינגעפּאַסט אין אַ רויטער מאַהאָגענער ראַם, אין וועלכער מ'האָט אָנגעזען, אַז זי האָט אָפּגעדינט איר צייט. שטולן און בענק, געבעטע און נישט געבעטע, פון פאַרשידענע גאַרניטורן, איינגעשאַפט אין פאַרשידענע צייטן. אַ טייל פון זיי האָבן יאָ דערוועקט צוטרוי צו זיך — אַנדערע נישט. די רעפּראָדוקציעס פון בילדער, אין רעמלעך, הענגען אויף די ווענט. אַלץ איז געווען אַזוי ווי פריער, נאָר אַן אומבאַקאַנטע יום-טובדיקייט און וואַרימקייט הערשט אין שטוב, וואָס האָט אים אַנגענעם איבעראַשט. איז עס געווען דער קאָנטראַסט פון דער וואַרימער היים פון שטוב צו דער היימ־

לאַזיקייט פון זיין נשמה, וואָס האָט אים אַזוי באַרירט? ער האָט זיך ניט געקאָנט דערקלערן די יום־טובדיקייט. די פּאָדלאָגע געוואַשן, אויסגעשאָטן מיט געלן זאַמד, ווי דאָס פריערדיקע מאָל. נאָר דאָסמאָל האָט אַלץ אויסגעזען מער פייערלעך, באַגאָסן געווען מיט אַן אַנדער ליכט, ווי די זאַכן אין שטוב וואָלטן דורך עפּעס דערהויבן געוואָרן. ער האָט זיך אַרומגעקוקט, און עס איז אים אויפגעפאַלן דער ווייס־באַדעקטער טיש און די אָנגעצונדענע ליכט אין די צוויי אָפּגעפּוצטע מעשענע לייכטער, וואָס האָבן זיך געפונען אויפן טיש; חלות פאַרדעקט מיט אַ טיכל, און דאָס זילבערנע פּושקע איז אויך געשטאַנען אויפן טיש. דאָס האָבן די ליכט אַזוי באַלויכטן די שטוב מיט אַזאַ פייערלעכן שבתדיקן גלאַנץ.

וואָרום כאָטש פרוי הורוויץ האָט זיך געהאַלטן פאַר אַ פאָרשריטלעכע, און איר מאַן איז דאָך געווען באַרימט אין שטאָט פאַר אַן „אַפּיקורס", וואָס פירט־אָראָפּ פרומע חסידישע יונגעלייט פון וועג, דאָך האָט זיך רחל־לאה ניט געקאָנט אָפּזאָגן פון איר דערציאונג צו האַלטן די יידישע יום-טובים. און וויפל עס איז נישט אָפטמאָל אַרויסגעקומען דורך דעם אַ קאָנפליקט מיטן פראָגרעס־געוויסן — פרייטיק־צו־נאַכטס אָבער איז ביי רחל־לאהן געווען שבת. אַפילו זיך דערפון וואָלט געהייסן ביי איר אָפּזאָגן זיך פון אַ שטיק בעסער לעבן.

באַלד האָט זי זיך אַליין באַוויזן. זאַכאַרי האָט שוין דערהערט דעם גאַנג פון אירע טריט אין איר פרייליכע האָפענונג־דערוועקנדיקע שטימע:

— ווו זענט איר דאָס פאַרפאַלן געוואָרן די גאַנצע צייט? געמיינט, אַז איר האָט אונדז שוין פאַרלאָזט אָז אַ „זייַ־געזונט".

אַזוי ווי איר שטיב, אַזוי איז אויך פרוי הורוויץ היינט אָוונט געווען איניאַנצן פאַרענדערט. איר פיגור האָט אויסגעקוקט נאָך שטאַרקער, שטאָלצער און מוטערלעכער. אָנגעטון — אין עפּעס בלישטשענדיקס שוואַרצעס ווי סאַמעט.

מירקיי האָט גלייך ווידער באַמערקט דאָס געוואַשעוע שפּיצן־קאָלנערל, וואָס האָט אָפּגעזיימט איר ווייסן האַלדז. — רויטע קרעלן האָט ער דערזען. איר פּנים איז פולער געווען, פרייליכער, ליכטיקער, אירע אויגן אָפענער און שוואַרץ־גלאַנצידיק. אַפילו אירע האָר. האָט זיך געדאַכט, זייַנען היינט שטאַרקער מיט די וואָרצלען איז איר שייטל-קאָפּ; איר בוזעם איז היינט געווען פולער, רייפער. זאַכאַרי האָט געקוקט אויף

איר מיט זינדיקייט־באַהאַלטענע בליקן, דערביי האָט זיך זיין אויבער־שטע באַוואַקסענע ליפּ פאַרקרימט אין אַ צערדיקער גרימאַסע, ווי אַ ליידנדיק קראַנק קינד...

ער האָט נישט אָפּגעענטפערט אויף איר פראַגע, נאָר געזאָגט, קוקנ־דיק אָן אַ זייט, מיט אַ באַהאַלטענעם געדאַנק, וואָס מ׳האָט געקאָנט דעם מיין אַראָפּלייענען פון זיין פּנים:

— עס זעט אויס ביי אייך היינט אַזוי יום־טובדיק.

— איר ווייסט נישט, וואָס מיר האָבן היינט? — פרייטיק אָוונט. מיר זענען נישט קיין פרומע, נאָר פרייטיק־צו־נאַכטס צינדן מיר ליכט. אַ געוווינהייט שוין אַזעלכע, — לייגט זי צו פאַרשעמט, ווי פאַרענט־פערנדיק זיך. — גוט, וואָס איר זענט געקומען. איר וועט בלייבן מיט אונדז אויף פיש.

— איך דאַנק אייך. איך בין קיינמאָל נישט געווען אין אַ יידישער שטוב פרייטיק אָוונט. פון מיין קינדהייט געדענק איך נאָר די קריסטלעכע יום־טובים, וואָס אונדזער דינסט האָט געפּראַוועט.

— ווו זענט איר דאָס פאַרפאַלן געוואָרן די גאַנצע צייט? פאַרוואָס האָט מען אייך נישט געזען?

— איך האָב זיך נישט געפילט גוט.

— פאַרוואָס האָט איר נישט געלאָזט וויסן?

זאַכאַרי האָט נישט אָפּגעענטפערט אויף איר פראַגע. ער האָט נישט אויף איין מינוט אַראָפּגעטון זיינע אויגן פון איר בוזעם, פון איר האַלדז. זיינע אויערן האָבן געגליט, און זיינע באַקן, אַרויס פון זיין שוואַרץ־באַוואַקסן באַקן-בערדל, האָבן געגליט, און מען האָט געקאָנט הערן זיין שווער אָטעמען. זיינע פאַרשעמטע בליקן און זיין פאַרלוירנקייט האָבן אויך אָנ-געשטעקט פרוי הורוויץ. זי האָט פאַרשטאַנען, וואָס עס מיינען זיינע בליקן. אירע אויערן האָבן אויך אָנגעהויבן צו גליען און איר בוזעם האָט זיך הויך געהויבן, און זי האָט געזאָגט האַלב אין געלעכטער, דאָך האָט מען דערביי געהערט דאָס ציטערן פון איר האַרץ אין איר שטימע:

— איר קוקט היינט אויף מיר אַזוי מאָדנע.

זאַכאַרי האָט אויפגעעפנט קראַמפּהאַפטיק זיינע ליפּן און געזאָגט מיט אַן אידיאָטישן שמייכל:

— איר זעט היינט אַזוי אַנדערש אויס, פרוי הורוויץ.

— ווי זע איך דאָס אויס? — האָט פרוי הורוויץ געפרעגט, אַליין עפּעס שרעקנדיק זיך פאַר וואָס.

— איך ווייס ניט, — האָט ער געזאָגט פאַרלוירן, — נאָר אַזוי ווייבעריש, מוטערלעך.

— איר ווייסט, וואָס איך וועל אייך זאָגן, פאַניע מירקין? מיט אייער שוואַרץ בערדל, דאַכט זיך מיר, אַז איר זענט נאָך גאָר אַ קינד און מ׳באַדאַרף אייך געבן זויגן.

זי האָט זיך דערשראָקן אַליין פאַר איר וואָרט און איז דערביי אָפּגע־גאָסן געוואָרן מיט רויטקייט. זאַכאַרי איז געבליבן זיצן אַ פאַרשטיי־נערטער.

— שעמט איר זיך ניט? — זאָגט זי. — איך בין אַן אַלטע יידע־נע. אַ יונגערמאַן קוקט ניט אויף אַלטע ווייבער; עס זענען דאָ יינגערע.

זאַכאַרי האָט די נעגל געביסן, און ניט געוווסט ווו זיך אַהינצוטון.

— זייט מוחל, זייט מוחל, — האָט ער געברומט אַ פאַרשטיינטער און אַ פאַרלוירענער. פאַר די אויגן האָט אים אָנגעהויבן צו שווינדלען, און ער האָט ניט געוווסט ווו אַהינצוטון זיך. אַ מינוט האָט געדויערט דאָס שווייגן.

זי האָט געקוקט אויף אים מיט רחמנות, ווי זי וואָלט אַלעס שוין גע־וווסט וועגן אים, און אָנגערופן זיך מיט אַ מוטערלעכער פאַרטרויטער שטימע:

— וואָלט איר זיך צו עפּעס גענומען, וואָלט איר אַן אַלע נאַרישקייטן געוועזן פאַרגעסן, דאָס קומט פון ליידיק גיין. דאָרט, ביי אייך אין דער היים, האָט מען, זעט זיך אויס, פיל צייט געהאַט אָפּצוגעבן זיך מיט אַזעלכע נאַרישקייטן.

— וואָס זאָל איך טון?

— וואָס איר זאָלט טון? צו עפּעס זיך נעמען און גלייך אויפן אָרט. איר האָט דאָך געזאָגט, אַז איר ווילט קומען צוליב דעם קיין וואַרשע.

— איך בין אַזוי אומגליקלעך.

— איר זענט ניט אומגליקלעך, איר רעדט זיך נאָר איין. איר זענט נאָר צעפּיעשטשעט. זיי האָבן אייך צופיל געפּיעשטשעט אינדער־היים, די ניאַנקעס אייערע... מ׳באַדאַרף אייך אָפּגעווויינען, ווי מ׳גע־וווינט־אָפּ אַ קליין קינד פון דער ברוסט, אַז ניט, וועט מען אייך באַ־

דאַרפן פּאַטשן איבער די הענט, — גיט זי אַ מוטערלעכן שמייכל צו אים.

— פאַריאָגט מיך נישט, — בעט זיך זאַכאַרי מיט פאַרחלשטע אויגן, וואָס האָבן געקאָנט אויף אַזאַ הארצבערעכנדיקן אופן ארויסבליקן פון זיין אויסגעבליכט געזיכט, און וואָס עס האָט אַזוי געווירקט אויף פרויען.

— פאַרוואָס זאָל איך אייך פאַריאָגן? — זאָגט זי שוין מיט אַ וואַרים־ווייכער שטימע, צוגעצויגן פון זיין קינדיש־אומבאהאָלפענעם בליק, — איר האָט מיר נישט קיין שלעכטס געטון.

— איך האָב קיינעם נישט אין דער וועלט, — פּיעשטשעט ער זיך פאַר איר. — און עס איז מיר נישט גוט...

— איר זענט נישט קיין בן־יחיד. אַזוי פיל קינדער, וואָס האָבן קיין מוטער נישט געהאַט ווי איר. וואָס זענט איר מער מורנו פאַר זיי? דערפאַר, וואָס איר זענט אויפגעצויגן אין אַ רייך הויז און אַלע האָבן אייך נאָכגעגעבן?

— איר האָט רעכט, איר האָט רעכט, — שעפּטשעט זאַכאַרי.

זיי זענען ביידע שטיל געבליבן, וואָס האָט געדויערט אַ היבשע וויילע.

דאָס געשפּרעך צווישן זיי איז פאַרגעקומען אין דער שטיל; זיי האָבן קוים געשעפּטשעט די ווערטער ביי די שבת-לייכטנדיקע ליכטלעך, ביים ווינקל פון אויוון.

זאַכאַרי האָט נישט געוווּסט וואָס צו רעדן. ער איז געזעסן איינגעבויגן און געפילט ווי עס פאַלן אויף אים שמיץ. נאָר די שמיץ זענען זיס געווען, ווייל עס איז געקומען פון אַ מוטערס אַ האַנט...

פּלוצים האָט זיך פרוי הורוויץ אויפגעהויבן פון איר אָרט, און שוין שטייענדיק האָט זי געזאָגט:

— איר זענט דאָך נישט בייז אויף מיר?

— פאַרקערט, פאַרקערט, — איך דאַנק אייך, איך דאַנק אייך, — איז ער געשטאַנען ווי אַ געשטראָפט קינד.

— פאַרוואָס דאַנקט איר מיר? דערפאַר, וואָס איך האָב אייך אויסגעזידלט? — שמייכלט פרוי הורוויץ.

— פאַר אַלעם, — און ער האָט זיך טיף פאַרבויגן פאַר איר.

— איר ווייסט, וואָס איך וועל אייך זאָגן, פאַניע מירקין? — ווענדט

זי זיך צו אים, נישט אָן אַ קאָקעטיש ווייבעריש שמייכעלע, — אַז איר זענט זייער אַ געפערלעכער יונגערמאַן, איבערהויפּט פאַר עלטערע פרויען. איר באַדאַרפט פאַרזיכטיק זיין מיט אייערע קינדישע העוויות, איך בין נאָר אַ שוואַכע יידענע, — און זי גיט אים אַ שנעלן גלעט מיט דער פלאַכער האַנט איבער זיינע האָר, פאַרלאָזט אים, און גייט אַריין אין קיך.

מירקין האָט זיך אויפגעכאַפּט, געקליבן זיך אַוועקצוגיין. אָנגעטון זיך דעם מאַנטל און געגאַנגען נאָך איר אין קיך אַריין זיך געזעגענען.

— וווהין? — פרעגט זי אים פאַרווּנדערט, באַשפּריצט ביי אירע פיש.

— איך מיין, אַז איך וועל איצט גיין, פאַר היינט וועט עס גענוג זיין, — זאָגט ער, נאָך פלאַמענדיק פאַר רויטקייט.

— איר בלייבט מיט אונדז איבער אויף פיש. שפּעטער וועלן מיר איבעררעדן מיטן „זשאַבלינער". טוט אויס דעם מאַנטל און בלייבט, — האָט זי אים געראָטן.

ער האָט זי געהאָרכט ווי אַ קליין קינד, אויף וועלכן מ'האָט ערשט נאָר־וואָס גוט אָנגעשריגן.

## קאַפּיטל 10

# שבת־זמירות

דער לערער הורוויץ, כאָטש ער איז געווען אַ פריידענקער, באַרימט אין יידישע שטעטלעך, אַז ער פירט־אָראָפּ חסידישע יונגעלייט פון גלייכן וועג — דאָך אַז עס איז געקומען פרייטיק פאַרנאַכט, האָט ער געפילט אַ באַדערפעניש צו גיין אין מקוה און איבערצובייטן אַ העמד, ווי ער איז געוווינט געווען פון קינדהייט אָן. דאָס בלוט פון די פאַרגאַנגענע דורות האָט נישט געלאָזט רוען און געפאָדערט דאָס זייניקע. און האָט ער זיך געמענגט נאָכאַמאָל איבערהזרן די ראַציאָנעלע אויפקלערונגען וועגן דעם אַנטשטיין פון די יידישע יום־טובים און שבתים און צוריקרופן אין זיין זכרון די אַלע פאַרגלייבענישן פון די יידישע מנהגים מיט די מנהגים פון

אַנדערע אַלטע סעמיטישע פעלקער, — עס האָט אָבער נישט געהאָלפן. קוים איז אָנגעקומען אַ יידישער יום־טוב, אַזוי האָט זיך זיין בלוט און געמיט אַרונטערגעוואָרפן אונטער דעם יאָך פון דורותדיקער געוווינהייט, און ער האָט אין זיין גאַנץ וועזן דורכגעפילט די מיסטישע און אומדער־קלערלעכע שטימונגען, וואָס דער באַטרעפנדער יום־טוב האָט ביי אים אַרויסגערופן און געפאַנגען גענומען זיין געמיט.

קוים איז שלמה הורוויץ אַריינגעקומען אין זיין שטוב אַריין דעם פרייטיק־צו־נאַכטס נאָך דער לעצטער לעקציע, האָט ער דערפילט דעם שבת, וואָס זיין ווייב האָט אויסגעשפרייט, ווי אַ טישטוך איבער זיין שטוב. אַ באַגייסטערונג איז אויף אים געקומען, כאָטש צו נעמען אַרויפ־צוּוואַרפן אויף זיך צוריק די אַטלעסענע קאַפּאָטע מיטן שטריימל, וואָס ער האָט אַמאָל געטראָגן, און צו זינגען דעם „שלום עליכם" פאַר די מלא־כים, וואָס האָבן אָנגעפילט זיין שטוב. ער האָט אַראָפּגענומען די ברילן פון זיינע אויגן, איבערגעווישט זיי פונעם טוי פון דער גאַס און אָנגע־הויבן זיך אַרומצודרייען איבער דער שטוב און בּיסלעכווייז איז ער אַריינ־געפאַלן — מיט אייגענעם ווילן צי קעגן אים — אין אַ „רזין־דרזין"־שטימונג. ער איז געווען דורכאויס אַ גלייביקער מענטש, דער לערער הור־וויץ. ער איז איבערגעגאַנגען פון איין גלויבן אין דעם אַנדערן, נישט פאַר־לירנדיק קיין טראָפּן פון זיין אומשולדיקייט און נאַאיווקייט. פונקט אַזוי ווי ער איז אין זיין יוגנט טיף דורכגענומען געוואָרן פון דער יידישער אמונה און כוח פון רבין, אַזוי האָט ער דערנאָך איבערגעטראָגן זיין אמונה צו דער השכלה און כוח פון דער וויסנשאַפט. ער איז געווען איבער־צייגט, אַז אַלץ איז פעסט און וואָר־געשטעלט געוואָרן דורך דער וויסנ־שאַפט און דורך די געלערנטע. עס זענען נישטאָ קיין ספקות און אָפּנויי־גונגען. דאָס, וואָס עס איז נאָך נישט קלאָר, שטייט נאָך פאַר אויפגע־קלערט און אויסגעפונען צו ווערן דורך דער אַנטוויקלונג פון די באַזונ־דערע צווייגן פון דער וויסנשאַפט. דער לעצטער סך־הכל קאָן נאָך נישט געמאַכט ווערן, כל־זמן דער מענטשלעכער געדאַנק איז נאָך נישט צוגע־קומען צו יענער שלימות, וואָס וועט זיין „באַחרית הימים", נאָכדעם, ווי אַלע קוואַלן פון וויסן וועלן ווערן אויסגעגרונטעוועט. ביז דענסטמאָל איז דער חוב פון יעדן איינעם איינצושפאַנען זיך אין וואָגן און צו דינען בלבב שלם דעם פּראָגרעס, אַזוי ווי מען האָט געדינט גאָט. קיין העכערע

זאך פון בילדונג איז גישטאָ פאַרן מענטש. בילדונג פירט דעם מענטש צום לייטער פון פערזענלעכער אויסלייטערונג. ער ווערט דורך איר נישט נאָר צוגעפירט צו די אור־קוואַלן פון שאַפונג, נאָר ער ווערט אויך אַ שותף פון „ימי בראשית". ער העלפט מיטשאַפן און אַרויסרופן די כו־חות, וואָס זענען באַהאַלטן אין דער נאַטור. דורך דעם איז דער מענטש־לעכער שכל — דאָס הייליקע, דאָס איינציקע, וואָס ער פאַרמאָגט, — זיין צווייטע וועלט. ער פאַרבינדט זיך דורך אים מיטן אל־לעבן, מיט דער נאַטור. צוליב דעם איז דער ערשטער חוב פון מענטש צו ווידמען זיך, זיין שכל צו בילדונג, צו אַנטוויקלונג.

יעדעס מאָל, ווען דער לערער הורוויץ פאַלט־אַריין אין אַזעלכע הויכע געדאַנקען, נעמט ער זיך צו זיין ספרים־שענקל דורכצוקלאָפּטערן די ביכער. ער האָט געהאַט וויניק צייט אויף אָפּצוגעבן זיך צו זיינע ביכער איינ־דערוואַכנס, פלעגט ער האָבן אַ גרויס בענקשאַפט נאָך זיי. פרייטיק פאַר־נאַכט, איידער מ'גייט צום טיש, האָט ער ליב, ווי אַ פרומער ייד, צו פאַר־טראַכטן זיך אַ ווײַלע אין דעם אָדער אין יענעם ספר, וואָס ער נעמט־אַרויס פון דער שראַנק. זיין ליבע צו ביכער איז געוועזן אומדערהערט. נישט איין פּאָר שיך פאַר אַ קינד, נישט איין קערץ קאַרטאָפל אָדער קוילן האָבן זיי שוין פון זיין משפחה אַוועקגערויבט. לערער הורוויץ גלויבט אין די ביכער און האָט נישט קיין צייט, צוליב פרנסה, זיך אָפּצוגעבן מיט זיי, ווי ער וואָלט געוואָלט. איז כאָטש יעדע פרייע מינוט צו געבן אַ גלעט, אַ טאַפּ, אַ נאַש, אַ כאַפּ פון דעם און פון יענעם. נאָר לאַנג לאָזט מען אים נישט דאָס פאַרגעניגן אײַנדערוואַכנס. דער ווייזער אויפן שטוב־זייגער־ציפערבלאַט דערקוטשעט, און עס מאָנט די פאַרשטייענדיקע לעקציע. דאָס מאָל איז עס רחל־לאה.

זי שטייט שוין אַ לאַנגע ווײַלע און דערוועגט נישט צו דערמאָנען איר מאַן, אַז די קינדער וואַרטן שוין מיטן עסן. די „כאַליאַסטרע" וועט באַלד אָנקומען. קיינמאָל האָט רחל־לאה נישט אַזאַ דרך־ארץ פאַרן מאַן, ווי ווען ער זיצט איבער זיין ספרים־שענקל. עס דאַכט זיך איר אויס, אַז ער טוט דענסטמאָל אַ הייליקע אַרבעט, אין וועלכער זי טאָר אים נישט שטערן. איר שבת איז אָבער ביי איר טייער, און די פיש זענען אויך אַ שאָד.

— שלמה־לעבן, די פיש שטייען אויפן טיש. די קינדער וואַרטן

שוין. איך האָב דיר אָנגעגאָסן וואַרים וואַסער אין דער וואַש־שיסל: גיי, וואַש זיך אָפּ, — זאָגט זי צו אים אין אַזאַ ווייכן טאָן, וואָס נאָר זי קאָן פון זיך אַרויסברענגען.

אָפּגעוואַשן פון זיך די זאָרג און די אַרבעט פון דער וואָך, איבער־געטון די פרישע וועש, ביי וועלכע רחל־לאה האָט די דאָנערשטיקע נאַכט ביים מילך־שיין פאַרבראַכט זיי אויסצופּאַריכטן, פילט זיך דער לערער נאָך מער שבתדיק. עס גלוסט זיך אים כאָטש זמירות זינגען. אין אַזעל־כע אָוונטן האָט ער שטאַרק ליב הויך פאָרצולעזן פאַר דער משפחה פּאָעזיע פון מיצקעוויטשן, סלאָוואַצקין. לעצטנס אויך אַמאָל פון אַ יידישן שרייַ־בער: פּרץ, ביאַליק, וואָס ער זעצט־איבער פון העברעאיש אָדער לייענט פּראָסט יידיש און דערביי, פאַרשטייט זיך, פאַרפעלט ער נישט צו געבן זיינע אייגענע קאָמענטאַרן.

די משפחה זיצט שוין אַרום דעם וויַיס־באַדעקטן טיש. אַלע זענען זיי פריער דורכגעגאַנגען רחל־לאהס וואַש־שיסל לכבוד שבת. די מיידלעך — אָפּגעצוואָגן די קעפּ, — וואָס עס איז שוין אַ פעסטגעשטעלטער מנהג יעדן פרייטיק. דאָס מאָל איז אויך פאַרבעטן מירקין צו די פיש. דער „זשאַכלינער" האָט פיינט די שבתדיקע צערעמאָניעס, וואָס דער לערער פירט־איין. ער רופט עס אָן רעאַקציע, קליינבירגערלעכקייט. „מיר קעמפן נאָר מיט פרעמדן פאַנאַטיזם — פון אייגענעם האַלטן מיר", — וואַרפט ער פאַר דעם לערער. ער זאָגט זיך אָפּ בייצוווינען די שבתדיקע צערע־מאָניע, כאָטש ער קומט אַריין נאָך די פיש, צוזאַמען מיט דער „כאַ־ליאַסטרע".

די „כאַליאַסטרע" באַשטייט פון אינטעליגענטע יונגעלייט, וואָס זאַמלען זיך אַרום דעם לערער. מייסטנס זענען דאָס אַזעלכע, וואָס זענען אַנטלאָפן בחורוויז פון בית־המדרש; אַנדערע האָבן איבערגעלאָזט עגו־נות אינדערהיים און געקומען אין דער גרויסער שטאָט אַריין און האָבן מיט דער הילף פון לערער הורוויץ, מער אָבער נאָך מיט דער הילף פון רחל־לאה, דערשלאָגן זיך צו עפּעס. טייל פון זיי האָבן אויסגעהאַלטן עק־זאַמענס און זענען געוואָרן אַליין הויז־לערער, אָדער געלערנט אין פאַר־שידענע חדרים־מתוקנים, וואָס האָבן זיך דענסטמאָל געבילדעט. אַנדערע זענען געגאַנגען ווייטער. מוטשענדיק זיך, האָבן זיי זיך צוגעגרייט צו עפּעס העכערס. די מיינסטע אָבער פון זיי זענען ערגעץ שטעקן־געבליבן,

ווי דער „זשאַכלינער" און אַנדערע, אַרייַנגעצויגן געוואָרן אין פּאַרטייען, אין פּאָליטישן קאַמף, צו וואָס זיי האָבן געשאָנקען זייער קאַריערע און זייער לעבן. דער לערער הורוויץ האָט פון תמיד אָן נישט איבריק גערן געהאַט דעם פּאָליטישן קאַמף, און זייט זיין זונס אַרעסט, האָט ער אים באַטראַכט ווי אַ צעשטערטער און פאַרניכטער פונעם מענטשלעכן אידעאַל פון בילדונג. נישט קוקנדיק אויף דעם גאַנצן אידעאַליזם און פּערזענלעכע אָפּפערונג פאַרן מענטשלעכן ווילזיין, וואָס דער פּאָליטישער קאַמף האָט מיט זיך געבראַכט, האָט אָבער לערער הורוויץ געטראַכט, אַז די איינציקע באַפרייאונג פון דער מענטשהייט קאָן קומען נישט דורך קאַמף, נאָר דורך בילדונג. ווען דער מענטשלעכער שכל וועט ווערן אויסגעשליפן, וועט ממילא אַלעס שלעכטס פון זיך אַליין אַנטרינען. דער רעטער פון דער מענטשהייט איז די וויסנשאַפט. דערפאַר באַדאַרף זיך יעדערער איר ווידמען. „נישט קיין סיסטעמען זענען גוט אָדער שלעכט, — פלעגט ער זאָגן, — נאָר מענטשן, און אַזאַ זאַך ווי „גוט" אָדער „שלעכט" איז נישטאָ. עס איז דאָ וויסן און אומוויסן. יעדער וויסנדער מענטש איז ממילא שוין דורך דעם אַליין אַ נאָבעלער מענטש. ער קאָן אַמאָל טון שלעכטס אויס נויטווענדיקייט, אָבער קיינמאָל נישט אויס שלעכטקייט. פאַרשטייט זיך, אַז ער האָט נישט געהאַט די קלענסטע ידיעה וועגן דעם, וואָס עס קומט־פאָר צווישן זיינע אייגענע משפּחה־מיטגלידער מיט זיין ווייב אין דער שפּיץ.

אין די פּרייטיקדיקע אָוונטן האָט ער נישט צוגעלאָזט צו קיין פּאָליטישער דיסקוסיע. זיי זענען געווען רעזערווירט פאַר „זמירות" זאָגן, ווי זיין ווייב רחל־לאה האָט אָנגערופן די דעקלאַמאַציעס און די פאָרלעזונגען פון פּאָעזיע און שיינער ליטעראַטור, וואָס דער לערער פלעגט גערן האָבן אין די אָוונטן פאָרצולעזן פאַר זיינע משפּחה־מיטגלידער און פריינט. די פּרייטיקדיקע אָוונטן זענען דורכדעם ביים לערער הורוויץ פאַרוואַנדלט געוואָרן אין ריכטיקע פאַמיליע־אָוונטן, ווו די היימלאָזע יונגעלייט האָבן איין אָוונט אין דער וואָך פאַרבראַכט אין אַ פאַמיליען־אַטמאָספערע, אין אַ וואַרימער היים. נאָך אַלעמען זענען אַלע, וואָס זענען זיך דאָ צוזאַמענגעקומען, געווען פאַרבונדן צווישן זיך דורך איין גורל, ווי אין איין משפּחה־געפיל. און אַלעמען האָט עס געצויגן צו דער שטוב, אין וועלכער זיי האָבן געגאָסן דאָס ערשטע לעפל זופּ און דער־

הערט דאָס ערשטע מענטשלעכע וואָרט, ווען זיי האָבן געשטעלט זייערע טריט אין דער גרויסער פרעמדער שטאָט...

שוין ביים עסן האָט דער לערער הורוויץ גרויס חשק געהאַט פאַר־צולעזן פאַר זיינע שטוב־מענטשן צום הונדערטן מאָל די גרויסע אימפּראָ־וויזאַציע פון מיצקעוויטשעס „דזשאַדי", וואָס ער פלעגט עס טון יעדעס מאָל, ווען ער האָט געפילט אַ באַזונדערע עלית נשמה. דאָס ביכל איז פאַרווערט געווען אין די צאַרישע צייטן אין קאָנגרעס־פּוילן. עס האָט זיך ביי אים אויפגעהאַלטן, מיט נאָך אַנדערע אַזעלכע ביכלעך ווי „קאָנראַד" פון מיצקעוויטשן, „ליסטאָפּאַדאָווע נאָכט" פון וויספּיאַנסקין, וואָס באַ־וויינען די פּוילישע טראַגעדיע און וועקן די פּוילישע „טאַט", — בחדרי־חדרים, אין די טיפסטע פאַרבאָרגענישן. אַ פרומער ייד היט נישט אָפּ מיט אַזאַ יראת־הכבוד אַ ספר-תורה, ווי דער לערער האָט אָפּגעהיט די ביכלעך, וואָס זענען געווען געדרוקט אויף ביבולע און אַריינגעגנבעט קיין פּוילן. פון זיי פלעגט ער שעפּן באַגייסטערונג, מוט און גלויבן אין שווערע מינוטן, און פון זיי פלעגט ער פאָרלעזן זיין משפּחה אין די יום־טובדיקע נעכט, אין די דערהויבנסטע מאָמענטן. ער האָט אָבער אַביסל זיך גע־פילט אומבאַקוועם פאַר דעם פרעמדן יונגנמאַן, וואָס איז געזעסן ביים טיש, און פאַרשטייט נישט קיין פּויליש. אָבער צום סוף איז זיין חשק צום פאָרלעזן אַזוי געשטיגן, אַז נישט קוקנדיק אויף זיין געפיל פאַר גאַסט־פריינטלעכקייט, האָט ער אַרויסגענומען דאָס ביכל, וואָס ער האָט שוין געהאַט אָנגעגרייט אין זיין טאַש. איבריקנס איז דאָס געווען די איינצי־קע געלעגנהייט פאָרצולעזן פון „דזשאַדי" פאַר זיין משפּחה ביים טיש. די „כאַליאַסטרע" האָט שוין געזונגען אַנדערע לידער...

ער האָט אַרויסגענומען דאָס ביכל און אָנגעהויבן פאָרצולעזן. צו־ערשט שטיל, שטיל, דערנאָך וואָס אַמאָל שטאַרקער, מיט אַ שטימע, אין וועלכער עס האָט זיך געהערט טרערן:

---

„...גאָט, גאַנץ פּוילן, דאָס יונגע
איבערגעגעבן אין די הענט פון הורדוס!
וואָס זע איך? — לאַנגע ווייסע וועגן, פאַרקרייצטע לויפן
לאַנגע וועגן, נישט דערזעענע, דורך מדבריות, דורך שנייען.
אַלץ ציט צום צפון. דאָרט — דאָרט אין ווייטע לענדער

פליסן ווי טייכן,
פליסן ווען גלייך צו דעם אייזערנעם טויער,
ווי שטראָמען, וואָס פאַלן פון שטיינער אין אָפּגרונטן —
דאָרט, צום אויסגאַנג צום ים, זע, זע, איבער די וועגן לויפן
מחנות פורן, ווי וואָלקנס, געיאָגטע פון ווינט.
אַלץ דאָרט — אין איין זייט.
אַך, גאָט? דאָס זענען אונדזערע קינדער,
דאָרט, אויפן צפון, גאָט, גאָט —
צי דאָס זאָל זייער גורל זיין? פאַרטריבענע
וועסטו זיי לאָזן אַלע אונטערגיין יונג —
אונדזערע דורות פאַרטיליקן ביז צום ענד!"

ער האָט אויפגעהערט צו לעזן. עס האָט אים עפּעס געשטיקט און נישט געוואָלט זיך אַרויסגעבן פאַר אַ פרעמדן, האָט ער זיך אָנגערופן צו מירקינען אין אַ שפּאַס:

— דאָס מיינט מען דאָס לאַנד, פון וואַנען איר קומט, — פּאַניע מירקין, — סיביר.

מירקין איז רויט געוואָרן, געפונען זיך שולדיק, כאָטש פאַר רום-לאַנדם מעשים, — מיט אַזאַ טאָן און שטאָך-אַנצוהערעניש זענען דעם לערערס ווערטער געזאָגט געוואָרן.

— אָבער, שלמה, הער מירקין פאַרשטייט דאָך נישט קיין פּויליש,
— וויל רחל-לאה גוט מאַכן איר מאַנס אָנצוהערעניש.

— יאָ, איך פאַרשטיי. כאָטש נישט יעדעס וואָרט.

— פון וואַנען?

— אַזוי ווי כ'בין נאָר געקומען קיין פּוילן, האָב איך געפונען מיין פליכט צו לערנען זיך די פּוילישע שפּראַך.

— דאָס איז ריכטיק, — אַנדערע טוען עס ליידער נישט, העלפן צו אונדזערע שונאים, — זאָגט דער לערער.

מירקין איז דורך דעם, וואָס ער לערנט זיך פּויליש, דערהויבן גע-וואָרן אין לערערס אויגן. ווי אַ מיסיאָנער, וואָס וויל געווינען אַ נשמה פאַר זיין גלויבן, אַזוי האָט דער לערער מיט אַמאָל גענעבן זיך אַ נעם צו מירקינען, אויפצוקלערן אים, און געבן אים צו פאַרשטיין ווען וואָס

עס האַנדלט זיך. מיט אַ באַגייסטערונג, וואָס ווייזט אַרויס פּיזיש פאַר־געניגן, האָט דער לערער פונאַנדערגעוויקלט פאַר מירקינען די גאַנצע טראַגעדיע פון דער פּוילישער נאַציע. דעם קאַמף פאַר פרייהייט פון די „זעכציקער" — דעם גורל פון די אויפשטאַנדלער, זייער פאַרשיקונג אין סיביר, די באַדייטונג פון מיצקעוויטשעס ווערטער און דאָס וואָס מיר־קין איז אַ נייער מענטש, איז פאַר דעם לערער געווען אַ גינסטיקער באָדן איבערצוחזרן זיינע געפילן וועגן פּוילנס טראַגעדיע, וועגן איר גורל און וועגן אירע האָפנונגען.

די קינדער, וואָס האָבן שוין געהערט די ווערטער צענדליקער מאָל, זענען אומגעדולדיק געוואָרן, מיען זיך איינצוזיצן אויף די ערטער, וואָס זיי טוען עס מיט אָנגעשטרענגטקייט, נאָר פאַר מורא און אַכטונג צום מאַטן. און דענסטמאָל, ווען דער טאַטע איז אין מיטן בעסטן פלאַם וועגן דעם אידעאַל פון די פּאַרטריבענע, וואָס האָבן געבראַכט דעם גרעסטן קרבן פאַרן פאָטערלאַנד און „געגרויטלט מיט זייער בלוט די ווייסע שנייען פון סיביר", — רופט זיך אָן דער גימנאַזיע־תלמיד אין דער שטיל צו זיין מוטער אין ווינקל:

— וואָס פאַרדרייט ער דאָרט אַ קאָפּ מיט אידעאַליזם? די „פּאָוו־סטאַנצעס" זענען דערנאָך געוואָרן קאַפּיטאַליסטן, פאַרכאַפּט דאָס רייכ־קייט פון סיבירישע גרובנס און עקספּלואַטירט דעם סיבירישן פּראָלע־טאַריאַט...

— וועסט שווייגן? — האָט די מאַמע געגעבן אַ ברום־אונטער צו אים, — ער וועט דאָך דערהערן.

דערווייל איז דער טאַטע אַריינגעקומען אין דער העכסטער באַגייס־טערונג. ער האָט שוין קיינעם נישט געזען, נאָר זאַכאַרין, אין וועלכן ער האָט געוואָלט מיט איינמאָל זיין פּוילישקייט אַריינגיסן, און צורוקנ־דיק זאַכאַרים שטול צו זייגעם, האָט ער אים פאָרגעלייענט פון דער אימ־פּראָוויזאַציע פון „דזשאַדי". דערביי האָט ער אויפגעהויבן זיין שטימע אויף דער העכסטער אָקטאַווע און ער האָט גערעדט מיט באַגייסטערטע אויגן, ווי ער וואָלט געוואָלט פון יעדן אַרויסגעזאָגטן וואָרט אויסנאָגן דעם גאַנצן טעם און מיין דערפון:

— הערט דאָס, פּאַניע מירקין, הערט דאָס (און דער לערער הוסט זיך צוערשט אויס).

„...איצט האָב איך מיין נשמה אין מיין פאָטערלאַנד פאַרלייבט.
מיטן לייב האָב איך די נשמה פאַרצערט.
איך און דאָס פאָטערלאַנד זענען איינס.
איך רוף מיך מיליאָן, ווייל פאַר מיליאָנען
לעב איך אין ווייטיק, יסורים.
איך קוק אויף דעם אָרימען פאָטערלאַנד,
ווי אַ זון, וואָס קוקט אויפן פאָטער, וועלכער איז געפאַנגען
אין אַ ראָד.
איך פיל די גאַנצע ליידן פון פאָלק, אַזוי ווי אַ מוטער, וואָס
פילט אין איר לייב די ווייטיקן פון איר פרוכט.
לייד איך און ווער ווילד פאַר שמערץ...״

ער האָט אויפגעהערט צו לעזן און אָנגעלענט זיין קאָפּ אויף זיינע הענט, פאַרמאַכט די אויגן און ערגעץ־ווו אַוועקגעשווומען אין אַן אַנדער, אין אַ גייסטיק פאָטערלאַנד...

דער גימנאַזיע־תּלמיד האָט דערווייל געגעבן אַ ברום אונטערן טיש:

— איך וואָלט געוואָלט וויסן, אויב דאָס פאָטערלאַנד וועט מיר אַ פּאָר הויזן געבן, ווען איך וועל עס באַדאַרפן.

— דו באַדאַרפסט עס שוין, — האָט אים די שוועסטער צוגעוואָרפן.

— דאָס פאָטערלאַנד אָנערקענט נאָר די קינדער, וואָס האָבן דיקע בייכלעך, — ברומט דער גימנאַזיע־בחור.

— וועסט נישט אויפהערן? — האָט די מאַמע אים צוגעשריגן, — דער טאַטע זינגט דאָך „זמירות״.

***

באַלד האָט מען געקלונגען אין דער טיר, און עס איז אַריינגעקומען מיט אַ ברייטן גוט־שבת זלמן קעניגשטיין, דעם לערער הורוויצעס יוגנט־פריינט און זיין בעסטער קאַמעראַד.

כאָטש דער לערער הורוויץ איז געווען אַ פאַרברענטער קעגנער פון ציון, און יעדעס גוט וואָרט פאַר ארץ־ישראל האָט אים ממש אַרויסגע־בראַכט פון געדולד, האָט ער פונדעסטוועגן נישט געקאָנט לעבן אָן זיין אַלטן גוטן פריינט קעניגשטיין, וועלכער איז, פונקט דער היפּוך פון אים,

דווקא געווען אַ פאַרברענטער חובב-ציון פון אַמאָליקע יאָרן און אַן אי־בערגעגעבענער פּלאַמענדיקער ציוניסט פון היינט. זייער צוזאַמענטרעפן האָט שטענדיק געמוזט אַרויסרופן כמעט אַ קאַטאַסטראָפע, מ׳האָט זיך געהאַלטן אין איין אַרומקריגן, אין איין אַרומשלאָגן זיך מיט אַרגומענטן פאַר און קעגן. יעדעס צוזאַמענקומען האָט זיך געענדיקט באַלד מיט אַ פּערזענלעכער באַליידיקונג, נאָר צוזאַמענטרעפן האָט מען זיך געמוזט. נעכטן איז מען זיך צעגאַנגען אויף מעסער־שטעך, און היינט איז מען שוין געגאַנגען איינער צום אַנדערן באָרגן אַ בוך, אויפקלערן איינער דעם אַנדערן אַ שטיקל הארבן פּילאָזאָפישן ענין, אַרומרעדן יידישע געשיכטע, אַמאָל זיך שפּאַרן איבער אַ שטיקל „אבן עזרא", אָדער אויסרעדן זיך די הערצער און אָנדערציילן זיך פון די נויטן, וואָס האָבן געדריקט; באָרגן איינער פון אַנדערן דאָס נויטיקסטע, וואָס מ׳באַדאַרף, אָדער זיך מישב זיין מיט אַן עצה.

זייער פריינטשאַפט איז געווען רירנדיק: דאָ האָט מען זיך צעקריגט און אָנגערופן איינער דעם צווייטן מיט די ביטערסטע נעמען, מיט קולות, וואָס זענען אַרויפגעגאַנגען אין הימל אַריין. און קוים האָט זלמן פאַר־לאָזט די טיר מיט אַ קלאַפּ, האָט זיך דער לערער אָנגערופן צו דעם ווייב:

— רחל־לאה, זלמן געפעלט מיר נישט היינט: האָסטו געזען ווי ער זעט שלעכט אויס? וואָס טוט מען? — שאָקלט דער לערער מיטן קאָפּ מיט ווייטיק.

— אַז איר עסט איינער דעם אַנדערן די לעבער, איז אַ וואונדער? — זאָגט דאָס ווייב.

נישט נאָר מ׳האָט זיך געטיילט מיט די לעצטע גראָשנס, נאָר מיט די ספרים, וואָס זענען בייביידע טייערער ווי דאָס לעבן. אויף יום־טוב האָט איינער דעם אַנדערן געבראַכט אַ ספרל אַ מתנה. אין רואיקע מי־נוטן, ווען דאָס „ציוניסטישע משוגעת" האָט זיי אָפּגעלאָזט (ווי רחל־לאה האָט אָנגערופן זייערע חלוקי־דעות), זענען זיי געזעסן איינער נעבן דעם אַנדערן און דורכגערעדט זיך מכוח זייערע משפּחות, וועגן פרנסה, וועגן טאָג־טעגלעכעליידן און פריידן. זיי האָבן זיך מיט אַלעם געמוזט טיילן. און קוים איז וועמען חלילה עפּעס וואָס נאָר געווען, האָט מען זיך נאָך דער ערשטער הילף געווענדט צום פריינט. פאַרן פריינט האָט מען פאַר־

טרויט זיך דאָס, וואָס מ׳האָט פאַר דעם אייגענעם ווייב נישט געוואָלט אויסזאָגן.

— גוט־שבת, — הערט זיך אַ ברייט קול, וואָס קומט־אַרויס פון נישט קיין גאַנץ געזונטע לונגען, וואָס מ׳דערקענט באַלד אין הוילן קלאַנג, און פאַרן טיש בלייבט שטיין אַ הויכער מיטל־יעריקער ייד מיט אַ שוואַרץ באַוויסט בערדל, איינגעהויקערט אביסל, וואָס מ׳זעט, אַז ס׳איז אים געקומען פון זיין שטענדיקן זיצן איבערן טיש. זיין הויכער רוקן, וועלכער האָט זיך נישט אויף וואָס אָנצושפּאַרן, בייגט זיך איין ווי אַ שטרויזאַנג. צוויי רויטע „רויזן״־פלעקן בליען אויף זיינע באַקן, און עס קוקן־אַרויס דורך דער דינער הויט די קין־באַקן-ביינער פון פּנים. דאָס בערדל זיצט אַן איינגעפאַלנס און בילדעט אַ בריק איבער די צוויי האַלדז־לעכער, וואָס דריקן זיך איין אונטער זיין גאָרגל.

— וואָס הערט מען עפּעס נייעס, זלמן? — פרעגט דער לערער.

— איך האָב עפּעס פאַר דיר, שלמה, וועסט עס זען, וועסטו זיך אויך פרייען.

—קודם־כל באַקענט אייך, זלמן. דאָס איז הער מירקין פון פּעטערבורג, — זאָגט רחל־לאה.

— אָ, דאָס איז דער יונגערמאַן, וועגן וועלכן דו האָסט דערציילט, רחל־לאה? — נישט נאָר צווישן זיך, נאָר מיט די ווייבער זענען זיי אויך געוועזן אויף „דו״.

— זייער אָנגענעם, — ציט ער אויס אַ דינע ביינערדיקע האַנט פון אַזאַ אומנאַטירלעכער לענג, אַז עס שרעקט. אָפּגעפּטרט זיך, זענען שוין ביידע פריינט צוזאַמען, און זלמן נעמט אַרויס פון בוזעם־טאַש אַן אויסשניט פון אַ העברעאישער צייטונג פון ארץ־ישראל און שטעקט זי אַרונטער אונטער דער נאָז מיט די ווערטער:

— נאַ, לעז עס, און ווער... — זאָגט ער מיט אַ טריאומפירנדיק ליכט, וואָס לייכט־אַרויס פון זיינע באַלעבטע אויגן.

הורוויץ זעצט־אַרויף די ברילן און לעזט דעם אויסשניט פון דער העברעאישער צייטונג, צוערשט אויף העברעאיש פאַר זיך, דערנאָך זעצט ער דאָס איבער אויף יידיש מיט אַ שפּאָטישקייט, וואָס מאַכט פריילעך זיין פּנים, פאַר די שטוב־מענטשן.

— הערט, הערט די גרויסע נייעס: „אין דאָרף חדרה האָבן זיך אָפּ־

געקעלבט צוויי קי, האָט מען איין קעלבל גערופן „השחורה" (די שוואַרצע), און דאָס צווייטע האָט מען אַ נאָמען געגעבן „הנאוה" (די שיינע). שרייבט מען דערפון אין דער צייטונג.

— דאָ גייט נישט וועגן די קעלבלעך, דאָ גייט וועגן די נעמען, — רופט־אויס מיט פרייד זלמן. — איינס הייסט „השחורה" און דאָס צווייטע הייסט „הנאוה", פאַרשטייסט. עס איז דאָך צוקער־זיס.

דער לערער הורוויץ איז געשטאַנען און געקוקט סאַרקאַסטיש אויף זיין פרייַנט און געשאָקלט צו אים מיטן קאָפּ מיט באַדויערן:

— זלמן, זלמן, אַזאַ אַלטער ייד און מאַכט זיך צום נאַר, אַז אין ארץ־ישראל האָבן זיך אָפּגעקעלבט צוויי קי, דאַרף כל־ישראל וויסן דערפון. וויפיל קי קעלבן זיך אָפּ אַ נאַכט אין פוילן?

— אָבער „השחורה" „והנאוה" — דו פאַרשטייסט? עס איז דאָך שיר השירים, עס איז דאָך ביבל, עס איז דאָך ישעיהו הנביאס צייטן...

— וואָס מיינט איר טאַקע, אַז עס קעלבט זיך אָפּ אַ קו אין ארץ־ישראל, באַדאַרף מען טאַקע וועגן דעם שרייבן אין די צייטונגען. עס איז טאַקע אַ וויכטיקע געשעעניש, אַז אין ארץ־ישראל קאָן זיך קעלבן אַ קו, — זאָגט דער „זשאַבלינער", וואָס איז אַריינגעקומען פון דער צווייטער שטוב.

— אַהאַ, דער איז שוין דאָ, — זאָגט קעניגשטיין. — און איך זאָג אייך, אַז אַ קו קעלבט זיך אָפּ אין ארץ־ישראל האָט עס אַ באַדייטונג פאַרן גאַנצן כלל־ישראל. יעדעס קעלבל אין ארץ־ישראל טראָגט אין זיך פיל מער ווערט פאַרן קיום פון יידישן פאָלק, ווי אַ סך יידן דאָ אין גלות, — זאָגט זלמן מיט אַ ברען, פון וועלכן די רויטע פלעקן אויפן פּנים צעהיצן זיך נאָך מער.

— הייסט עס, ווילסט דערמיט זאָגן, אַז אַ קעלבל אין ארץ־ישראל האָט פיל מער חשיבות ווי אַ ייד אין גלות. נאַ, זעסט, דאָס זענען די ציוניסטן, — שרייט־אויס דער לערער.

— אַהאַ, אַהאַ. עס הייבט זיך שוין אָן. אפשר וועט מען רעדן אַביסל רואיקער, — דערמאָנט דאָס ווייב.

— נישט אַלע יידן, פאַרשטייט זיך, — קילט דאָס פייער זלמן, — נאָר פאַר אַזעלכע יידן ווי ער, — ווייזט ער אויפן „זשאַבלינער", — האָט עס געוויס אַ גרעסערע באַדייטונג.

— נאָ, דאָ האָסטו איינעם פון דיינע, — ווייזט דער לערער אויף מירקינען צו זלמנען, וועלכער האָט זיך באַרואיקט דורך דעם, וואָס ער האָט געוואָרפן דאָס פעקל אויפן „זשאַכלינער", וועלכער איז געווען אין דעם הויז דאָס „כפרה־הינדל" פאַר אַלע זינד. — ער וויל אויך אַראָפּ־פאָרן קיין ארץ־ישראל און האַקן די שטיינער, וואָרים עפּעס אַנדערש וואַקסט נישט דאָרט.

— שרעקט אייך נישט פאַר זיי, — זאָגט זלמן, אַרויפליייגנדיק זיין לאַנגע האַנט אויף זאַכאַריען, ווי קאַמעראַדן, שוין צוגעבנדיק אים מוט, — און איך זאָג דיר, אַז איר וועט נאָך אַלע קומען צו גיין צו די שטיינער. דאָס איז דאָס איינציקע אָרט, וואָס מיר פאַרמאָגן אויף גאָטס ערד. מיר האָבן נישט מער, נאָר די שטיינער. און דו וועסט קומען, און זיי וועלן קומען, — ווייזט ער אויפן „זשאַכלינער".

— מיר וועלן שוין לאָזן די שטיינער פאַר דיר, זלמן. מיר וועלן דיר אָפּשרייבן אונדזער חלק אויך — זאָגט דער לערער.

— השחורה והנאוה, — רעדט זלמן פאַר זיך און מאַכט זיך נישט הערנדיק, וואָס יענע זאָגן, און זאָגט די ווערטער מיט ליבע צווישן זיינע ליפּן.

— דאָס דאַרף מען, ברודער, פילן, — ווענדעט ער זיך צום „זשאַכ־לינער", — כדי צו פאַרשטיין וואָס דאָס מיינט השחורה והנאוה.

— יאָ, יאָ. שוואַרץ בין איך, אָבער מיאוס, — קרימט אים נאָך דער „זשאַכלינער" אין אַ חדרדיקן שיר השירים.

דערווייל האָט זיך אָנגעהויבן צונויפצוקומען די „כאַליאַסטרע". פון „בית־המדרש" איז אַריינגעקומען אַ יונגערמאַן, וועלכן די שטוב־מענ־טשן האָבן גערופן איטשעלע. געאַרבעט אַ גאַנצע וואָך, דערפאַר האָט מען אים ביז איצט נישט געזען. ער איז געווען דער צווייטער סוב־לאָקאַטאָר, וואָס האָט באַוווינט, צוזאַמען מיטן „זשאַכלינער", דאָס „בלינדע" שטיבל ביים לערער.

דאָס איטשעלע איז שוין אויסגעווען אַ וועלט. שטודירט אין דער שווייץ, אין בעלגיע, אין פראַנקרייך און אויסגעפונען, אַז אַלץ איז בלאָ־טע. איז צוריקגעקומען קיין וואַרשע און געוואָרן אַ געוועלנלעכער איינ־בינדער, אַ מלאכה, וואָס ער האָט זיך מיטגעבראַכט פון אויסלאַנד. מיט דעם, וואָס ער איז געוואָרן אַ געוועגלעכער בעל־מלאכה, האָט ער באַוויזן

אַ גרויס בריהשאַפט. דאָס גאַנצע יידישע פאָלק דאַרף אים דערפאַר זיין דאַנקבאַר. ער האָט זיך גענומען דאָס רעכט יעדן איינעם צו זאָגן, וואָס ער דענקט וועגן אים ביי דער ערשטער באַגעגעניש, יעדן איינעם שיקן אין אַ ווערקשטעל, און ביי יעדן צווייטן וואָרט לאָזן צוויסן מיט וואָס ער באַשעפטיקט זיך — „איך בין טאַקע גאָרנישט מער נאָר אַ געוועגלע־כער אַרבעטער". דערביי פלעגט ער דאָס זאָגן אין אַזאַ טאָן, ווי מען וואָלט אים דערפאַר געדאַרפט געבן אַ קגיפ אין בעקל. ער האָט אַמאָל גע־האַט גרויסע אַמביציעס, דאָס איטשעלע. ער האָט זיי נישט געקאָנט אויס־פירן דערפאַר, ווייל ער איז געווען צו יונג שוין אַ באַווייבטער און באַ־קינדלטער, ער איז אַרומגעגאַנגען אין איין באַדויערן, וואָס מען האָט אים צו פרי אָנגעטון אַ כאָמוט אויפן האַלדז. „ווען איך וואָלט נישט גע־האַט קיין ווייב מיט קינדער, וואָלט איך דאָך שוין היינט אַ דאָקטאָר געווען", פלעגט ער זיך אָפט באַרימען. מיט איטשעלען איז אַריינגעקו־מען אַ חסידישער יונגערמאַן, אָנגעטון אין אַ צעריסענער, האַלב־זיידע־נער קאַפּאָטע און נישט געוואָלט אויסטון דאָס סאַמעטענע היטל. געווען אַ פרומער חסידישער אַרבעטער. אַ גאַנצע וואָך פאַרבראַכט אין אַ פאַר־שפּינוועבט טריקאָטן־פאַבריקל ביי „בערל פאַבריקאַנט" אויפן זעלבן הויף, ווו פרוי הורוויץ וווינט. ער האָט זיך לעצטנס אָנגעהויבן צו רייבן צווישן די „אחדות־לייט". די אמונה אין זיין רבין האָט אָנגעהויבן צו וואַקלען, האָבן אים חברה געוואָלט איבערקערן, אָפּרייסן אים פון רבין און מאַכן פון אים אַן „אויפגעקלערטן". אַ לאַנגע צייט האָט דער יונגער־מאַן זיך נישט געלאָזט פאַרפירן, געקעמפט קעגן זיי, כאָטש זינט ער איז געוואָרן אַן אַרבעטער, האָט די אומגערעכטיקייט, אין וועלכער ער האָט געלעבט, צעפירט דעם פונדאַמענט, אויף וועלכן ער איז געשטאַנען. ער האָט זיך צוגעקוקט צו זיינע ברידער, חסידישע אַרבעטער, צו זייער לעבן, צו זיין אייגן לעבן און געזוכט דעם תירוץ אויף דער אַלטער פראַגע פון צדיק און רשע. ער האָט געזוכט אַן אַנדערן גלויבן. אפשר ביי זיי... אי־טשעלע האָט אים שוין אַרויפגעבראַכט אַ פאָר מאָל צום לערער אין די פּריוויטיקדיקע אָוונטן. דער יונגערמאַן האָט זיך צוגעהערט צו די „תורות" פון זיינע נייע רביים. ער האָט געוואָלט זיך אַראָפּרעדן פאַרן לערער, וועל־כן ער האָט געהאַלטן פאַר אַ נייעם רבין, און נישט געוואַגט זיך, איז ער אַרומגעגאַנגען אַ בלאָנדזשענדיקער און צוגעהערט זיך צו די געשפּרעכן

און געטראַכט בײַ זיך: „עפּעס פעלט דאָך בײַ זײַן; עס איז נישט ווי בײַם רבין, עס פעלט שמחה. אַפּנים זײַ האָבן קײן אמונה נישט...״

עס איז אויך אַראָפּגעקומען פון דער הויף, פון פאַן קוויאַטקאָווסקיס ווײַנונג, דער יונגערמאַן, וואָס הײסט גדליה — דער, פאַר וועלכן רחל־לאה איז אַרומגעלאָפן אײַנשאַפן אַ קוואַרטיר. עס איז אים שוין באַלד נישט געווען צו דערקענען. די באָרד און פּיאות שוין פאַרלוירן, די לאַנגע קאַפּאָטע אונטערגעהאַקט און צוגעשניטן ווי אַ „פּרינץ אַלבערט״. זײַן לאַנגער האַלדז איז נאָך לענגער געוואָרן און אַרויסגעוויזן אַ קראַק, וואָס האָט געשראָקן. דער לערער הורוויץ האָט איצט געהאַלטן פון אים אַ וועלט. נאָכדעם, ווי דער יונגערמאַן האָט אים פאַרגעלעזן פון זײַן שרײַבעכץ, האָט אים דער לערער זײער מקרב געווען, און יעדן אָוונט אָפּגעשפּאַרט אַ האַלבע שעה פון זײַן צײַט און געלײענט מיט דעם יונגנמאַן די פּוילישע קלאַסיקער, וואָס ער האָט פאַרטײַטשט יעדעס וואָרט און אויסגערעדט, אַזוי ווי עס וואָלט זיך געווען געהאַנדלט וועגן רש״י אָדער אַ שטיקל גמרא. איז רחל־לאה נאָך מער שטאָלצער געוואָרן אויף אים. דער יונגערמאַן איז איבערהויפּט געבוירן געוואָרן אין אַ ײדן העמדל, טרפה גליק געהאַט. נישט נאָר האָט ער באַקומען בײַם פּאַליאַק פאַן קוויאַטקאָווסקין אַן אומזיסטע קוואַרטיר, נאָר חזיר צו פרעסן איבערן מויל. די גובערנאַנטקע, די שטילע פּאַני אַנטאָניאַ, האָט אין אים אַרײַנגעשטופּט טרפות, וויפיל עס האָט זיך נאָר געלאָזט, מיט דער שטילער האָפענונג, טאָמער וועט זיך דער בחורל שמדן. דער בחור גדליה האָט אָבער נישט געקאָנט פאַרטראָגן דאָס טרפהנע און פלעגט יעדעס מאָל נאָכן עסן אַראָפּגײן אויף די טרעפּ און עס אָפּגעבן, — אויסגעגאַנגען נאָך אַ לעפל היימישן באָרשט, וואָס ער פלעגט זיך דערכאַפּן דאָס האַרץ בײַ רחל־לאהן.

די שטוב בײַם לערער הורוויץ איז באַלד פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ בית־המדרש. אַלע האָבן דיסקוטירט, גערעדט צוזאַמען און געמאַכט מיט די הענט. עס האָבן, זעט זיך אויס, געהערשט צוויי גרופּעס: אײנע פון לערער הורוויץ מיט זײַן פרײַנט קעניגשטײן, וועלכע, ווי זײ זענען נישט געווען צעטײלט צוליב ארץ־ישראל, זענען אָבער געווען פאַראײניקט וואָס שייך דער „השכלה״. זײ האָבן זיך נאָך געהאַלטן שטאָל און אײַזן בײַ דער ציוויליזאַציע און פּראָגרעס, געשעצט בילדונג העכער איבער אַלע ערדישע און הימלישע גליקן. און די צווייטע גרופּע, די נײַע, וואָס איז

אַנטשטאַנען לעצטנס, דאָס איז געװען דעם „זשאַכלינערס" מיט דעם יונגנמאַן, װאָס מ'האָט גערופן איטשעלע, װעלכע האָבן געפּריידיקט אַר־בעט. די צװײ גרופּעס האָבן האַרטנעקיק געקעמפט װעגן די נײַע נשמות, װאָס זענען אַרײַנגעפאַלן פון דער פּראָװינץ אין דער גרױסער שטאָט. די אַלטע האָבן זײ געשלעפּט צו השׂכּלה, צו בילדונג, און די יונגע האָבן זײ פּאַרפירט אין די װערקשטעלן. און מען קאָן נישט זאָגן, אַז אײן גרופּע האָט זיך באַצױגן צו דער אַנדערער מיט גרױס טאָלעראַנץ.

דער חסידישער יונגערמאַן האָט זיך געדרייט פון איין גרופּע צו דער אַנדערער, צוגעהערט זיך צו די געשפּרעכן. פאַרן לערער הורװיץ האָט ער געהאַט גרױס יראת־הכּבֿוד און געװאָלט בײַ אים עפּעס פרעגן. נישט גע־װאָגט זיך, ביז ענדלעך האָט ער זיך געמוטיקט, צוגעגאַנגען צום לערער מיט גרױס דרך־ארץ און געפרעגט אין דער שטיל:

— זײַט מיר מוחל, פּאַניע הורװיץ, איך האָב אײַך געװאָלט עפּעס פרעגן. איך הער זיך צו צו אײַערע רייד, אװדאי איז עס שײן און רעכט. יושר איז אַ גרױסע זאַך. איך האָב אָבער געװאָלט װיסן, איך האָב גע־װאָלט פרעגן װעגן אַן ענין.

דער לערער הורװיץ, װאָס האָט צו אַלע זאַכן און מענטשן אױף דער װעלט אַרױסגעװיזן אַ באַװוּנדערונגס־װערטע געדולד פון אַ לערער, אַ חוץ צו „ציוניזם" און „ציוניסטן", האָט דעם חסידישן יונגנמאַן מקרבֿ געװען, מוט אים צוגעגעבן.

— אדרבה, פרעגט.

— איך װאָלט נאָר געװאָלט װיסן איין זאַך. נאָך אײַך נאָך, איך מײן, נאָך אײַער אמונה, איז דאָ חלק לעולם הבא, אָדער עס איז נישטאָ? איז דאָ שׂכר ועונש אױף יענער װעלט, אָדער ס'איז נישטאָ? װעגן אַלעם האָב איך געהערט בײַ אײַך רעדן. נאָר װעגן דעם עיקר, װעגן דעם גרױסן תּכלית, װעגן „באַחרית הימים", האָב איך גאָרנישט געהערט בײַ אײַך רעדן.

דער לערער איז שטײן געבליבן. אױף אַזאַ פראַגע האָט ער זיך נישט געריכט. דער לערער האָט דעם יונגנמאַן גענומען אין אַ װינקל אַרײַן, אװעקגעזעצט זיך מיט אים, און האָט פאַר אים אױסגענוצט זײַן גאַנצע לערערשע געדולד. ער איז אױך אַרײַנגעפאַלן אין אַ גמרא־ניגון, מיט װעלכן דעם יונגנמאַנס טאַן האָט אים אָנגעשטעקט.

— אַלץ, וואָס מיר ווייסן, — זאָגט דער לערער, — איז וועגן דער וועלט. פון דער צווייטער וועלט איז נאָך קיינער נישט צוריקגעקומען אונדז זאָגן, אויב זי איז דאָ. נאָר, יונגערמאַן, ווען מענטשן וועלן זיין אַזוי קלוג און געבילדעט, ווען די חכמה וועט זיך צעגיסן איבער דער וועלט ווי אַ ים, גלויבט מיר, וועלן מיר נישט דאַרפן ערשט גיין אויף דער צווייטער וועלט זוכן דעם גן־עדן. אַלע מענטשן וועלן זיין ווי ברי־דער; עס וועלן פאַרשווינדן די נאַציעס, אָפּגעמעקט ווערן די גרענעצן. איין מענטש וועט דערקענען דעם צווייטן. „באחרית הימים" וועט דער גן-עדן זיין אויף דער וועלט.

דער חסידישער יונגערמאַן האָט אויסגעהערט פרום דעם לערערס רייד און געשאָקלט זיך דערביי אין עקסטאַז, און דערנאָך זייער, זייער טרויעריק געוואָרן און געזאָגט צום לערער מיט אַ קרעכץ און באַדויערן:

— אַז נישט פון יענער וועלט, וואָס באַדאַרף מען ווידער דעם גאַנצן עסק? די וועלט, — זאָגט ער מיט חוזק, — איז אויך אַ וועלט, פון וועל־כער עס לוינט זיך צו רעדן?!

## קאַפּיטל 11

# נייע זמירות

אַמאָל אין אַנדערע יאָרן, האָט מען אין די פּרייטיקדיקע אָוונטן ביים לערער הורוויץ פאַרגעלעזן פון די פּוילישע קלאַסיקער: מיצקע־וויטשן, קראַשינסקיס תהלים. אָרזשעשקאָוואַ איז געווען אַ געטין. די לעצ־טע יאָרן אָבער האָבן די נייע יונגעלייט פאַרטראָגן צום לערער אין הויז די יידישע ליטעראַטור. אין די פרייטיקדיקע אָוונטן לעזט מען שוין פאָר פּרצן און אַנדערע יידישע שרייבער. פּרץ איז געוואָרן דער אָפּגאָט אַנ־שטאַט אָרזשעשקאָוואַ. אָבער די יידישע ליטעראַטור האָט לעת־עתה נאָר געפונען איר אָרט ביי רחל־לאַהן אין קיך. אינעם עס־צימער האָט נאָר גע־הערשט די פּוילישע ליטעראַטור. אַמאָל האָט מען אין די זונטיקדיקע אָוונטן געזונגען לידער, זענען די זינגער געווען דער אַלטער דור: דער לערער, זיין פריינט זלמן, און געזונגען האָט מען העברעאישע לידער. האָט

מען אַמאָל דערמאָנט אַ יידיש ליד, איז עס געווען אַן אַפּיקורסיש, ווו מען האָט זיך אָפּגערעכנט מיטן רבין. היינט האָבן די חברה באַליאַסטרע פאַרשלעפּט צום לערער אין די פּרייטיקדיקע אָוונטן גאָר גאַנץ אַנדערע לידער, וועלכע דער עלטערער דור — דער לערער און זיין פריינט — האָבן נישט גערן. דערפאַר קלויבט מען זיך צונויף ביי רחל־לאהן אין קיך.

רחל־לאה איז אַריין אין איר ריכטיקער ראָלע. זי טיילט טעפּלעך טיי מיט שטיקער קוכן, וואָס זי האָט בייטאָג, צוליב דעם דאָזיקן צוועק, אָנגעבאַקן. איטשעלע, וואָס איז אַ מזיק אויף זינגען, ברענגט יעדן פרייטיק־צו־נאַכטס צו רחל־לאהן אין קיך אַן אַנדער ליד פון דער ווערקשטעל. מען זיצט אַרום אויף קליינע קיך־בענקלעך, אַמאָל אויף דער פּאָדלאָגע (רחל־לאה מיט דער ברייטער שירץ און ליכטיקן פּנים, אין מיטן), איטשעלע הייבט אָן און אַלע העלפן־צו. עס איז דאָ דער „זשאַבלינגער", וואָס אַליין קאָן ער נישט זינגען, מאַכט ער מיטן לאָמען הענטל ווי אַ קאַפּעלמייסטער; דער יונגערמאַן פון „פּאַן קוויאַטקאָווסקי"; היינט האָט זיך אויך פאַרקליבן מירקין; רחל־לאהס קינדער — די מיידלעך און דער גימנאַזיסט. דער לערער הורוויץ האָט טאַקע דערפון גרוים עגמת־נפש, וואָס דורך דעם יידיש רעדן אין זיין הויז, וואָס די יונגעלייט פאַרשלעפּן, מאַכן זיי קאַליע די קינדער דעם פּוילישן אַקצענט. נאָר העלפן קאָן ער זיך שוין נישט. ער זעט, אַז די צייט איז שטאַרקער פון אים. און ער האָט אויפגעגעבן דעם קאַמף. אַליין האַלט ער זיך אָבער שטאָל און אייזן.

איטשעלע זינגט איין ליד נאָך דעם אַנדערן. צוערשט די פאָלקסלידער, וואָס זענען געוואָרן אַזוי פּאָפּולער ביי רחל־לאהן אין קיך; דערנאָך די רעוואָלוציאָנערע לידער, איבערהויפּט דאָס וויג־ליד, וואָס איז געוואָרן אַזוי באַליבט אין די ווערקשטעלן:

„דו זאָלסט, מיין קינד,
שטיין פאַר דיינע ברידער,
וועלכע גייען אין קאַמף פאַר רעכט.
דו זאָלסט, מיין קינד,
העלפן שטירצן נידער
הערשער, הענקער, אומרעכט".

דאָס מאָל איז עס געווען א לאָדזשער וועבער־ליד, וואָס איטשעלע האָט מיטגעבראַכט, וואָס האָט געמאַכט א גרויסן רושם:

„רוסלאַנד, מיר וועבן
תכריכים פאַר דיר,
א דרייפאַכיקע קללה
אין זיי וועבן מיר.
— — — — — — — —
מיר וועבן, מיר וועבן
תכריכים פאַר דיר איצט".
— — — — — — — —

די לידער צינדן־אָן די געמיטער. רחל־לאה ווערט אויפגעברויזט, קאָן זיך נישט צוריקהאַלטן, און קאָמאַנדעוועט אליין מיט די הענט. דער „זשאַכליגער" שטייגט אויף די העכסטע אָקטאַווע, און פאַלט שטענדיק ארויס פון טאָן און בלייבט־איבער דער לעצטער. דער גימנאַזיסט, וועלכער האָט זיך ערשט לעצטנס אויסגעלערנט יידיש, קייעט שווער די ווערטער, און דאָס וואָס ער קאָן נישט דערזאָגן, ברומט ער מיטן נגון.

דערנאָך קומט דאָס האַרצרייסנדיקע:

„פראָלעטאַרישע שוועסטער מיינע,
ווער האָט געראויבט די ערע דיינע?
ווייל דיך האָט די נויט געטריבן,
די נויט.
— — — — — — — — — — —

דו ביסט געגאַנגען אַרבעט בעטן,
האָבן זיי דיך געטרעטן,
א קרבן האָבן זיי פון דיר געמאַכט,
אוי, געמאַכט—"

— — — — — — — — — — —

רחל־לאה קאָן זיך נישט איינהאַלטן, ווישט־אָפּ א טרער מיט דער שערץ.

און דאַן קומט די גרויסע נקמה. איטשעלע שטעלט-אָן — און אַלע נאָך אים:

„טראָגט-אַרויס די הייליקע פאָן
פון איר פינצטערן געצעלט,
מיר קומען צו נעמען נקמה,
צו באַפרייען די גאַנצע וועלט.
— — — — — — — —
צו באַפרייען די אָרימע שקלאַפן,
וואָס ליידן הונגער און קעלט.
די שטראַלן פון פרייהייט
זאָל זיי דינען
פאַר דעם אָפּפער, וואָס זיי
האָבן געשטעלט".
— — — — — — — — —

דערווייל, ווען אין דער קיך אַרום רחל-לאהן ווערן געזונגען די שרעק-לעכע ווערטער. זיצן די צוויי פּריינצט, דער לערער הורוויץ מיט קעניגשטיי-נען, אין וווינצימער ביי דעם שרענקעלע ספרים, וואָס זיי ביידע קוקן-דורך, און זענען פאַרנומען אין אַן ערנסטן שמועס.

— דו ווייסט, וואָס איך וועל דיר זאָגן, שלמה, — רופט זיך אָן צו אים זיין פריינט, — איך האָב ביי מיר אָפּגעמאַכט, באַלד נאָך פּסח, אם ירצה השם, (זיי קאָנען זיך דערפון נישט אָפּגעוווינען), וועל איך זיך אַראָפּלאָזן. צוערשט אַליין. — איך וועל זען, אפשר וועל איך זיך קאָנען צו עפּעס דערשלאָגן.

דער לערער קוקט-אָן זיין פריינט פאַרוואונדערט. ער שפּאַרט זיך שוין נישט מיט אים. אינעם טאָן דערפילט ער די ערנסטקייט — קוקט אים אָן פאַרוואונדערט און מיט באַדויערן:

— און וואָס רעכנסטו דאָרט צו טון? דאָרט דאַרף מען נישט קיין העברעאישע לערער. עס איז אַ „טלית שכולו תכלת".

— אַ לערער, גיי, זאָל מיך גאָט אָפּהיטן. איך וועל זיך אוועקשטעלן אויף די פעלדער, און וועל זיך נעמען צום שפּאַדל מיטן רידל!

הורוויץ קוקט-אָן זיין פריינט, ער וויל עפּעס זאָגן. נאָר באַמערקנ-

דיק די פלאַמענדיקע רויטע פלעקן אויף זיין פּנים, וואָס זאָגן-עדות אויף זייגע לונגען, דאָס הייליקע פייערל אין זיינע אויגן און די ערנסטקייט אויף זיין פּנים, האָט ער דאָס מאָל פאַרבויגן. ער האָט נאָר אַ טיפן קרעכץ געטון. עס איז געווען די ערשטע קאָנצעסיע, וואָס דער לערער האָט געמאַכט פאַר ארץ־ישראל, און דאָס נישט, חלילה, צוליב ארץ־ישראל, נאָר צוליב זיין קראַנקן פריינט, אויף וועלכן ער האָט איצט גרויס רחמנות געהאַט.

— און וואָס זאָגסטו, שלמה? — פרעגט אים דער פריינט.

דער לערער האָט זיך פאַרטראַכט, געמיט זיך אויסצוגעפינען אַ וואָרט און אַ טאָן, וואָס זאָלן אַמווייניקסטן וויי־טון זיין פריינט.

— און וואָס וועסטו טון מיט דיינע לונגען? איך מיין, וואָס וועלן דיינע... — ענדיקט דער לערער נישט דעם זאַץ.

— מיינע לונגען? ווער הערט זיי? נאָר איינער, אין ארץ־ישראל ווערט מען צוריק געזונט — שרייבט מיר אַ פריינט פון אַ קבוצה. סוכאָטעס דאָ געהאַט, שוין נישט געגעבן קיין צווייער פאַר אים, — געזונט געוואָרן פון דער אַרבעט. וועסט מיך נאָך זען, שלמה, וועסט מיך זען שטיין מיט אַ האַק און אַ רידל איבער די פעלדער פון יהודה, און איך וועל אויפגראָבן די ארץ־ישראל-ערד — אָט מיט די הענט. — און קעניגשטיין ציט־אויס אַ פּאָר שטעקנס, וואָס דערוועקן אַ שרעק און אַ ווייטיק מיט זייער קרענקלעכער דינקייט. — וועסט מיך נאָך זען — איך בין אַ געזונטער מענטש — — — און ער צעהוסט זיך אַזוי, אַז דער לערער מיינט, אַז ער גייט שוין אויס אונטער זיינע הענט.

דער לערער האָט געשוויגן, פאַרטראַכט געקוקט אויף זיין פריינט מיט אַ ווייטיקדיק מיטלייד, געזען זיינע שוואַכע הענט, די רויטע רויזן אויפן פּנים און געהערט דעם הוסט, וואָס האָט אים געשטיקט, געקלערט, געקלערט און זיך אָנגערופן:

— פאַרוואָס זאָלסטו אייגנטלעך נישט קאָנען באַאַרבעטן די ערד ווי יעדער איינער? היינט דאַרף מען נישט דווקא זיין אַ פּויער דערצו. די וויסנשאַפט האָט אויסגעפונען אַנדערע מיטלען, ווי אַזוי די ערד צו באַאַרבעטן, אַזעלכע מאַשינען, וואָס דער מענטש דאַרף דערביי גאָרנישט טון, נאָר באַנוצן זיין שכל. אין אַמעריקע באַאַרבעט מען שוין אַזוי די ערד.

— דו הערסט, שלמה, — איז קעניגשטיין אַריין אין התפּעלות און שיעור זיך נישט געוואָרפן אויף זיין פריינט האַלדזן, — ווען איך האָב הונדערט רובל מיין אייגנס, הונדערט רובל, לאָז איך איבער ווייב־און־קינדער, און לאָז זיך אַראָפּ בלויז אָנקוקן נאָר. אַז איך לעז וועגן דאָרטן, ווי זיי גייען אַרויס אינדערפרי צו דער אַרבעט מיט געזאַנג, קאָן איך נישט רואיק איינזיצן. איך וואָלט עס נאָך געוואָלט דערלעבן צו זען איין־איינציק מאָל מיט מיינע אויגן, איידער איך וועל שטאַרבן. גאָט! — האָט זיך דער אפּיקורס פאַרגעסן, אַרויסגעשריגן דאָס שרעקלעכע וואָרט און פאַרהאַלטן זיך מיט די הענט די אויגן.

דער לערער האָט אים געלאָזט שוין אַלץ אַרויסשרייען און אים צוגעגעבן טרייסט:

— פאַרוואָס אייגנטלעך זאָלסטו דיין אידעאַל נישט דערגרייכן? וואָס, ס׳ליגט הינטער די הרי־חושך? אין היינטיקע צייטן, איבער אָדעס, ווי ווייט איז עס גאָר? אָבער וואָס, דו מיינסט עס טאַקע מיט אַן ערנסט?

— שלמה, איך קאָן נישט לענגער אויסהאַלטן דאָ! איך קאָן נישט. עס שטיקט מיך דער גלות!

— ווען רעכנסטו צו מאַכן די נסיעה?

— באַלד נאָך פּסח. אַז איך זאָל וויסן אפילו צופוס צו גיין. איך וויל אַלצדינג פאַרקויפן.

— עס איז אויך נישט אַזאַ טייערע נסיעה, — האָט זיך שוין דער לערער איינגאַנצן פאַרגעסן. — וואָס קאָסט זי איינגאַנצן? און דאַרפסט טאַקע פאָרן אויך. יאָ בלייבן, נישט בלייבן — כאָטש אָנקוקן. איך וואָלט נישט געפאָרן. עס איז נישט פאַר מיר. נאָר דו דאַרפסט טאַקע יאָ פאָרן.

— וואָלסט אויך געפאָרן. גלויב מיר, וואָלסט אויך געפאָרן, ווען דו וואָלסט דיר עס נאָר געקאָנט דערלויבן. אָנקוקן מעגסטו דאָך סיי־ווי־סיי.

— און אפשר וואָלט איך אויך געפאָרן, — גיט דער לערער שוין אַלץ נאָך זיין פריינט. — עס וואָלט דאָך מיך נישט טרייף געמאַכט.

— שלמה ברודער! — איז זלמן אַרויף אויפן האַלדז פון זיין פריינט, — לאָמיר פאָרן, לאָמיר צוזאַמען פאָרן. דו געדענקסט, ווי מיר זענען געזעסן צוזאַמען אין בית־המדרש און מיר האָבן געלערנט פּאה, ווי מ׳גיט מעשר פון די פעלדער? שלמה! עס זענען דאָך צוריקגעקומען די גמראס

ציימן. יידן באַארבעטן די ערד פון ארץ־ישראל, גיבן מעשר, האַלטן שמיטה. אין הויף לויפן דיר אַרום צוויי קעלבלעך, איינס הייסט „השחו־רה", דאָס צווייטע הייסט „הנאוה"... לאָמיר פאָרן, שלמה.

דער לערער האָט זיך דערמאָנט, אַז נאָך אַלעמען איז ער צו־ווייט פאַרקראָכן צוליב דעם סענטימענט צו זיין פריינט. ער האָט דערפון עגמת־נפש געהאַט און פלינק זיך אַרויסגעכאַפּט פון דעם עסק:

— הער נאָר, זלמן, מיך לאָז צורו מיט דיין ארץ־ישראל. דו זאָגסט, אַז דו מוזט פאָרן און איך זע דאָך טאַקע, אַז דו מוזט פאָרן. ביסט פאַר־כאַפּט געוואָרן פון דער קליפּה — פאַר דיר געזונטערהייט, ווי ווייט איך וועל קאָנען, וועל איך דיר צוהעלפן. נאָר מיך לאָז־אַרויס פון עסק. וואָס האָב איך דערמיט צו טון?

— שלמה, איך האָב מורא, אַז דו האָסט דערמיט יאָ צו טון, — מאַכט ער צו אים מיטן פינגער אויף דער נאָז, ווי ער וואָלט אים געוואָלט שרעקן.

שפּעטער, אַז דער לערער איז געבליבן אַליין מיט זיך, האָט ער גע־מאַכט אַ חשבון־הנפש, צי ער האָט, חלילה, נישט געזינדיקט קעגן דעם פּראָגרעס און צי עס איז געווען אין הסכם מיט זיין געוויסן דאָס, וואָס ער איז דאָס מאָל געווען אַזוי שוואַך קעגן זיין פריינט און נישט רעאַ־גירט אויף דעם רעאַקציאָנערן שריט, וואָס זיין פריינט גייט טון, מיט זיין גאַנצער שאַרפקייט? נאָר ווען דער לערער האָט זיך דערמאָנט אָן די רויטע פּלעקן, וואָס האָבן געבליט אויף די שפּיץ־באַקן־ביינער פון זיין פריינטס פּנים, און דאָס ליכט, וואָס האָט אַרויסגעשיינט פון זיינע אויגן בשעת־מעשה, ווען ער האָט גערעדט וועגן „השחורה" און „הנאוה", האָט ער געגעבן אַ מאַך מיט דער האַנט. דאָס איז געווען די ערשטע זינד קעגן דעם פּראָגרעס, וואָס דער לערער האָט גענומען אויף זיין געוויסן...

דערינען, ביי רחל־לאהן אין קיך, האָט מען נאָך אַלץ געהאַלטן אין איין זינגען די רעוואָלוציאָנערע לידער מיט פלאַם און פייער. נאָר ווען דער לערער האָט פון זיין שטוב דערהערט די שרעקלעכע ווערטער „רוס־לאַנד" און „רויטע פאַן", האָט ער זיך אויפגעהויבן און איז אריין אין קיך און געפרעגט:

— אפשר אביסעלע שטילער?

דאָס האָט איבערגעריסן דעם הויכן טאָן, און די לידער האָבן זיך

אָנגעהויבן אויסצולעשן. דענסטמאָל האָט רחל־לאה גערופן אין איר ווינקל אַריין איר לעצטן פּראָטעזש, דעם בחור, וואָס וווינט ביי „פּאַן קוויאַט־קאָווסקי״:

— איך האָב אייך שוין לאַנג נישט געזען. אפּנים דער גאַספּאָדיניעס חזיר שמעקט אייך בעסער ווי מיינע באָרשטשן. — וואָס הערט מען ביי אייך?

דער יונגערמאַן איז רויט געוואָרן, נאָר ער איז שוין געווען מער דרייסטער, שוין געקוקט ווייבער גלייך אין פּנים אַריין, ווען ער האָט גע־רעדט מיט זיי.

— אַלץ וואָלט גוט געווען, — זאָגט ער אין אַ גמרא־ניגון. — איך האָב, ברוך־השם, אַ נאַכטלעגער, צו עסן אויך. זיי זענען צו מיר זייער גוט, די גויים. אָבער וואָס וועט דער תכלית זיין דערפון? — פרעגט ער אַ באַ־זאָרגטער.

— וואָס מיינט איר?

— איך מיין מכוח לערנען. אינדערהיים איז מען כאָטש געזעסן איבער דער גמרא. גוט צי שלעכט, האָט מען געמיינט, אַז עס איז אַ תכלית, מען טוט עפּעס. דאָ דרייט מען זיך אַרום — צו שלאָפן האָט מען, צו עסן האָט מען אויך — און מכוח אַ תכלית זאָרגט מען גאָרנישט; אַז איך שעם זיך אַזוי אָפּט פאַר די גויים צו זיצן ביי זיי אין שטוב אומ־זיסט, צו געניסן פון זייער גוטס — אַז מ'באַלמוטשעט און מ'טוט גאָר־נישט.

— וואָס ווילט איר טון?

— איך בין דען אַהער געקומען גלאַט אַזוי צו זיין אין וואַרשע? איך בין דאָך אַהער געקומען זיך צו לערנען, עפּעס צו טון. וואָס קומט מיר אַרויס, אַז איך האָב אַלץ, — אַז איך האָב נישט דעם עיקר? דער הער הורוויץ גיט מיר אַמאָל אַ האַלבע שעה. אוודאי איז עס זייער גוט — אָבער דעם גאַנצן טאָג פּוסט־און־פּאַסט, און טיילמאָל מיין איך, אַז איך האָב שלעכט געטון, וואָס איך בין געקומען אַהער. אינדערהיים איז דאָך כאָטש געווען די גמרא, און דאָ איז דאָך גאָרנישט. איך האָב שוין טאַקע געוואָלט רעדן מיט אייך. איר זענט אַזאַ גוטער מענטש.

רחל־לאה האָט געקלערט אַ מינוט, עס איז איר עפּעס איינגעפאַלן און זי האָט געזאָגט צום יונגנמאַן:

— ווארט נאָר אַ מינוט.

צוגעגאַנגען צו מירקינען, אים גענומען אונטערן אָרעם, אַזוי ווי עס וואָלט פריער גאָרנישט געווען צווישן זיי, צוגעפירט אים צום יונגנמאַן און געזאָגט צו אים:

— אָט דאָ האָט איר וואָס צו טון. איר האָט מיך געפרעגט וועגן דעם. נעמט זיך אָן פאַר דעם יונגנמאַן, גיט אים לעקציעס.

— אונטער איין תנאי, — זאָגט מירקין.

— און דאָס?

— אַז ער זאָל מיר אויך געבן לעקציעס. איך וועל אים לערנען גוי־איש, און ער זאָל מיך לערנען יידיש, — באַמיט זיך זאַכאַרי צו זאָגן די ווערטער אין יידיש.

— איר האָט געהערט? — פרעגט פרוי הורוויץ. —

— אַז דער פּאַן זאָל נאָר וועלן, וועל איך אוודאי באַשטיין. פון ווען אָן?

— כאָטש פון מאָרגן — אָפּגעמאַכט?

— אָפּגעמאַכט.

— און דאָס איז נאָך נישט אַלץ, — זאָגט פרוי הורוויץ. — פּאַניע „זשאַבלינער", קומט נאָר דאָ אַהער.

דער „זשאַבלינער" האָט זיך דערנענטערט.

— דאָ האָט איר אַ מענטש, — זאָגט פרוי הורוויץ, — וואָס האָט פיל צייט, קאָן אַ סך און וויל עפּעס טון. נעמט אים אין די הענט אריין, — ווייזט זי אויף מירקינען.

— אַז ער זאָל נאָר וועלן, וועט זיך שוין געפינען וואָס צו טון.

— איך בין אויף אַלעם גרייט, — זאָגט מירקין.

— איך לאָז אייך אַליין און רעדט זיך דורך, — זאָגט פרוי הורוויץ, לאָזט זיי אַליין אין ווינקל און נעמט זיך צו די אַנדערע.

נאָר איידער מירקין פאַרלאָזט איר שטוב מיט די אַנדערע, קושט ער איר האַנט. זי לאָזט זיך און זאָגט צו אים אין דער שטיל, ווי אין אויער אריין. אַ סוד פאַר אים אַליין:

— איר זענט דאָך נישט בייז אויף מיר?

— פאַרוואָס? — פרעגט זאַכאַרי דערשטוינט.

— דערפאַר, וואָס איך האָב אייך פריער אויסגעזידלט.

זאַכאַרי ווערט רויט און זאָגט פלינק:

— איר האָט מיך אויסגעהיילט, — און לויפט שנעל אַרויס פון דער שטוב.

רחל־לאה רופט אים נאָך אין קאָרידאָר:

— און זייט מיר נישט מער קיין גאַסט, אַז ־נישט וועל איך זיין בייז.

אַז ער איז אַראָפּגעקומען פון די טרעפּ, האָט ער פּלוצים דערזען, אַז פון אַלע פענצטערלעך פונעם הויף האָבן אַרויסגעשיינט שבת־ליכט־לעך. דער הויף פון פרוי הורוויץ, וואָס האָט אים שטענדיק אויסגעזען אַזוי אָרים, האָט זיך דעם אָוונט פאַרענדערט. דער שבת האָט אַרויסגעשיינט פון די יידישע שטובן און דעם שבת האָט ער אויך געפילט אין זיך...

## קאַפּיטל 12

# אַ דאָרשטיקער ביים ברונעם

פאַרוואָרט מען וועמען צו וועבן זיין לעבן אין רעאַלקייט, געפינט ער אַן אַנטרינען אין פאַרבאָרגנדיקע אויסגעטראַכטקייטן, אין וועלטן, וואָס ער שאַפט זיך אַליין.

מירקין האָט אויסגעפונען, אַז אַ מענטש באַדאַרף אייגנטלעך קיי־נעמען נישט, נאָר בלויז זיין אייגן לייב...

עס איז געווען אַן אַנטדעקונג, וואָס האָט אים פאַרווונדערט, פאַר־וואָס איז ער שוין לענגסט נישט געקומען דערויף.

ביינאַכט, אָן שלאָף. די וועלט דרייט זיך אַרום אים. ער הערט דעם גאַנג פון איר באַוועגונג אַרום איר אַקס. ער פאַלט — ווי דורך אַ הויי־לער רער פון איין אַטמאָספער אין דער אַנדערער, — וועלטן פאַלט ער אַדורך. ווו איז דער אָפּהאַלט? נישטאָ קיין אָפּהאַלט — אַזוי וועט ער פאַלן און פאַלן, ווי אַ לויזגעריסענער שטראַל פון אַ פּלאַנעט. וואָס איז דער צוועק פון דעם פאַלן? נישטאָ קיין צוועק. אָן אַ פאַרוואָס און אָן אַ פאַר וועמען. ער וויל נישט פאַלן. ער וויל שטיין, פילן זיין געוויכט, און זיין צוגעפעסטיקייט. ער איז דער צענטער. — אַרום אים באַוועגן זיך די פּלאַ־נעטן און די וועלטן. ער וויל זיך אַנטדעקן.

ער מאַכט ליכט. דאָס ארומיקע קריגט געוויכט און צוגעהעריקייט צו צייט און רוים. — און ער ווערט דער הערשער איבער אַלע וועלטן — אזוי ווייט ווי זיי דערגרייכן אין די גרענעצן פון זיינע באַגרייפונגס־מעג־לעכקייטן...

ליגט ער ביים שיין פון מילכיק נאַכט־ליכט און באַוואונדערט זיין לייב, וואָס באַוויזט זיך אין שפּאַלטן אויף זיין בעט, צווישן ווייסע לייוונט. ווייסע לייוונט איז דאָס נאַטירלעכע מענטשן־קלייד. — ווייסע לייוונט איז די פאָרזעצונג פון אייגענער הויט. און ער געפינט זיך, ווי ער וואָלט פונאַנדערגעטרענט געוואָרן פון זיין אייגן לייב. ער איז דער איך פון אַ באַגריף. — נישט צייטלעך, נישט וועלטלעך. זיין לייב איז דאָס פּאָזיטיווע, וואָס ליגט דאָ אין בעט. און ער קאָן עס באַזיצן, באַהערשן, באַנעמען — ווי עס וואָלט געווען אַן אָפּגעטיילט „עטוואָס" פון אים. ער באַרירט מיט זיין האַנט זיין לייב. — דער לעבעדיקער פּולס פון זיינע בלוט־צעלן, וואָס צאַפּלען אונטער דער קאַלטער גלאַטער הויט, קומט אים פאָר ווי אַ פרעמד, צווייט לעבן. און ער באַצווינגט דאָס צו אַ פרעמדן געהערנדיקע לעבן, ער באַהערשט עס, ער באַזונפט עס מיט דער באַרי־רונג פון זיין האַנט.

פּלוצים דערפילט ער, אַז זיין האַנט און זיין אייגענער קערפּער זענען צוויי באַזונדערע זאַכן. זיין האַנט ווערט דער „איך" — זיין איי־גענע פּערזענלעכקייט. זיין לייב, דער בויך — די זייטן — די היפטן, זיין גלאַטיקע הויט, זיינע וואַכנדע בלוט־צעלן — דאָס באַלאַנגט צו אַ צווייטן ווילן, אַן אַנדערס וועזן — און ער באַהערשט מיט באַזאַנפטע באַרירונגען דאָס צווייטע לעבן. —

דאָס ליכט שטערט אים אין זיין אינטימיטעט. לעשט ער אויס און ווערט פאַרפאַלן אין אַן אויסגעבעטענער נאַכט, ווי צווישן די בריסטן פון אַ גרויסער אָנגעזעענער מוטער. זיין לייב ווערט פאַרוואַנדלט אין פי־לע לייבער. יעדער טייל פון זיין קערפּער — פאַרוואַנדלט זיך אין באַ־שטאַנד פון אַ צווייטער פּערזענלעכקייט. — זיין „איך" — זיין האַנט — באַזאַנפט זיי. — אויף זיינע אויגן פאַלן טויען פון קאַלטע מוטער־לייבער. ער האָט זיי איינע און איינע אין זיין באַזיץ. וועמען אַרט עס. וועמען גייט עס אָן, וואָס אַ מענטש שאַפט זיך אין זיין פאַנטאַזיע אי־לוזיעס — צו פאַרלירן זיך אין זיי פון זיין אייגענער פאַרלוירנקייט?...

אָבער שפּעטער שעמט ער זיך. פאַלט אין כּף־הקלע פון זיין אייגענער חרטה. פילט זיך איינגעשלאָסן אין ראַנד פון זיין קללה, גישט אַרויסצו־קומען.

וואַרפט ער זיך — ווי אַ רעטונג — אין אַ פרעמדער וועלט. די וועלט, וואָס פרוי הורוויץ האָט פאַר אים געשאַפן.

דורך זיין אַרבעט פילט ער זיך דאָך אָנגעשלאָסן אין איר...

***

ער האָט זיך צוגעכאַפּט צו זיין נייער באַשעפטיקונג, צו לערנען מיט די יונגעלייט, וואָס פרוי הורוויץ האָט אים צוגעשטעלט, מיט אַן אימפּעט און אַ דאָרשט, ווי דאָס וואָלט געווען די איינציקע רעטונג זיינע.

קודם־כל האָט פרוי הורוויץ געזאָרגט דערפאַר, אַז ער זאָל זיך אַרויס־ציען פון איינזאַמען האָטעל און וווינען ביי אַ פאַמיליע, ביי וועלכער זי האָט אָפּגעדונגען פאַר אים אַ צימער, און וווּ ער האָט זיך געפילט מער באַקוועם, היימלעכער ווי אין האָטעל. זי האָט אים אויך באַזאָרגט מיט מיטאָגן אין דעם הויז און מיט אַנדערע באַדערפעניש, ווי: וועש וואַשן, טיי צו יעדער צייט. פרוי הורוויצעס גוטסקייט האָט מירקינען גערירט. זיינע שטימונגען האָבן זיך געענדערט. עס האָבן אויפגעהערט די וויזיעס און די שלעכטע חלומות ביינאַכט, און דאָס לעבן ביי טאָג האָט שוין גע־האַט מער זינען. ער האָט אויך איינגעזען, אַז זיינע זעלבסטמאָרד־איד־דעען זענען אפשר געווען אַ רעזולטאַט פון זיין איינזאַמקייט אין די קאַל־טע האָטעל־צימערן, אין וועלכע ער האָט זיך אַרומגעוואַלגערט, זינט ער האָט פאַרלאָזט זיין פּעטערבורגער היים.

ער האָט צוריקגעקראָגן זיין אינטערעס צום לייענען, און דאָס נייע לעבן, מיט וועלכן ער האָט זיך באַקענט, די נייע אַטמאָספערע, אין וועל־כער ער איז אַריינגעפאַלן, האָבן פאַרגרעסערט זיין חשק צו באַקענען זיך מיט די אַלע פראַגן און פּראָבלעמען, וואָס האָבן אינטערעסירט זיין אומ־געבונג. ער האָט זיך געפרייט ווי אַ קינד מיט יעדן נייעם געווינס, וואָס ער האָט זיך דערוואָרבן אין קעניטשאַפט פונעם יידישן לשון, פונעם יידישן לעבנסשטייגער, יידישן שאַפן פון די יידישע מאַסן. צוגעהערט זיך ווי אַ געטרייער תלמיד צו אַלע דיספּוטן וועגן יידישע פראַגן ביים לערער הור־

וויץ און אויך ערגעץ אַנדערש-ווו. ער האָט אויפגעהאַלטן דעם בחור נאָ־טע־לייב, וואָס פרוי הורוויץ האָט אים רעקאָמענדירט פאַר אַ תלמיד, גאַנצע שעהען לאַנג אויסגעפרעגט אים וועגן יידישן לעבן, וועגן יידישע יום־טובים. דאָס דייטש, וואָס ער האָט געקענט פון דער היים, איז אים צוגוץ געקומען ביים לערנען די יידישע שפּראַך. נאָר נאָך מער פון יידיש האָט ער געלערנט ביים ישיבה־בחור וועגן דעם יידישן אופן דענקען, וועגן דעם יידישן לעבנסשטייגער, וואָס ער האָט באַוואונדערט און פאַרגרעסערט זייער שיינהייט און ווערט, ווי ס'איז די טבע פון יעדן „צוריקגעקומענעם".

מיט דעם בחור נאָטע־לייב האָט ער זיך איבערהויפּט זייער דער־נענטערט. דער בחור האָט אים אַמוזירט און אינטערעסירט, ווייל ער האָט דורך אים, ווי דורך אַ שויבן־פענצטער אַריינגעקוקט אין יידישן מוח, ווי ער נעמט־אויף איינדריקן און באַאַרבעט זיי לויט זיין שטייגער. דער בחור נאָטע־לייב, וואָס האָט מיטגעבראַכט פון דער פּראָווינץ אַ געשלי־פענעם גמרא-שכל, האָט אים אויך געוואָלט אָנווענדן צו די נייע לימו־דים, וואָס ער האָט זיך איינגעשאַפט אין דער שטאָט: געפרעגט קשיות, געדרייט אַ פּלפּול, ווי ביים פּשטל אין דער היים. אַממיינסטן אָבער האָט דער בחור אַרויסגעוויזן זיין אַנטוישונג אין די נייע לימודים ביים באַקע־נען זיך מיטן וועזן פון אונדזער זונען־סיסטעם, געוויר ווערנדיק פון מיר־קינען, אַז אונדזער וועלט איז גאָרנישט אַזאַ מורנו, אַז אפילו אונדזער זון איז נישט קיין בת־יחידה ביי גאָט, און די הימלען, וואָס מיר זעען, זענען נאָך נישט קיין ריכטיקע הימלען, אַז אינעם אוניווערס געפינען זיך אָן אַ שיעור זונען־סיסטעמען, אַרום וועלכע עס דרייען זיך גרעסערע און קלענערע וועלטן, ברענענדיקע און אויסגעלאָשענע, אַטמאָספעריקע און נישט אַטמאָספעריקע. און עס קאָן גאַנץ גוט געמאָלט זיין, אַז ער־געץ־ווו לעבן אַנדערע ברואים, ענלעך צו אונדז אָדער נישט ענלעך, צו־געפּאַסט לויט די אַטמאָספערישע באַדינגונגען פון זייערע „וועלטן", וועל־כע שטייען אפשר פיל העכער אין שכל, ווי אונדזערע „מענטשן". ער איז געבליבן אַ דערשטוינטער און אַ פאַרוווּנדערטער. ער האָט געמיינט, אַז די נייע לימודים, צו וועלכע ער האָט אַזוי געגאַרט און צוליב וועלכע ער האָט אָוועקגעוואָרפן זיין קליינשטעטלדיק רואיק לעבן, וועלן אים צוריק־געבן אַ נייע אמונה, וואָס וועט אים אויפקלערן בדרך הטבע דעם סוד פון דער יצירה, — און דאָ איז ער געבליבן שטיין פאַר דעם זעלבן „אין־

סוף", ווי אין דער אַלטער אמונה, נאָר מיט דעם חילוק, וואָס נאָך דעם „אין־סוף" פון דער אַלטער אמונה איז געשטאַנען אַ גרויסער גאָט, וואָס האָט געטראָגן אין זיין האַנט דעם פונדאַמענט פון דעם אַלעם, און דאָ אונטער דעם „אין־סוף" איז אַ גרויסע פוסטקייט און אַ גרויסע אומפאַר־שטענדלעכקייט.

— וואָס קומט מיר אַרויס, אַז איר האָט מיר אויפגעדעקט אַ „טפח" פון דער יצירת אלקים, אַז איך זע, אַז אַביסל ווייטער איז דער גאַנצער „אין־סוף" דאָ. דער מענטש זעט דאָך נאָר זיינע ד' אמות פאַר זיך, זיין שטיקעלע וועלט און די פאָר שטערן און די זונען, וואָס אונדזערע פאַר־גרעסערונגס־גלעזער קאָנען פאַרלויפיק דערגרייכן. ווייטער, אין דעם „אור־ניווערס", וואָס איר רופט, איז דאָך ווידער דאָ זונען און וועלטן, וואָס דרייען זיך אַרום זיי, איז דאָ דער „אין־סוף". און ווי אַזוי קאָן דער מענטש לעבן אינעם „אין־סוף" אָן אַ גאָט? ס'נעמט דאָך אָן אַ שרעק? — האָט דער בחור געפרעגט מיט פחד אין די אויגן.

אויף דער דאָזיקער פראַגע האָט אים מירקין נישט געקאָנט געבן קיין ענטפער. דאָס איינציקע, וואָס ער האָט אים געקאָנט זאָגן, איז געווען: אַז די וויסנשאַפט לייקנט נישט אָפּ די עקזיסטענץ פון גאָט. פאַרקערט, די וויסנשאַפט איז אַ לאָמפּ, וואָס באַלויכט די פאַרבאָרגענישן פונעם געטלעכן שאַפן, וואָס מיר רופן „נאַטור". דעם עצם „גאָט" אַליין זענען מיר זיך נישט ביכולת, מיט אונדזערע היינטיקע דערוואָרבענע חושים, אויפצוקלערן, פונקט אַזוי ווי מיר זענען נישט בכוח מיט אונדזערע ער־דישע, באַשרענקטע חושים אויפצוקלערן, אָדער צו באַגרייפן דעם „אין־סוף". דער מענטש איז נאָר די אַנטוויקלטע חיה, וואָס געפינט זיך אויף דעם קליינעם שטויבעלע ערד. אפשר געפינט זיך אין דעם אוניווערס אַזאַ וועלט, וואָס איז אָן אָן ערך עלטער פון אונדזערע, און לויט די אַטמאָס־פערישע באַדינגונגען פון יענער „וועלט" געפינען זיך דאָרטן אַזעלכע אַנטוויקלטע ברואים, וואָס האָבן זיך שוין דערוואָרבן אינסטינקטן, מיט וועלכע זיי קאָנען באַגרייפן, וואָס עס הייסט „אָן־ענד", און קאָנען באַ־גרייפן, וואָס עס איז „גאָט". אונדזערע איידלסטע חושים, דורך וועלכע מיר נעמען אויף קענטענישן און איינדרוקן, אונדזערע געהירן און נערוון זענען דאָך אויך נאָר פּראָדוקטן פון כעמישע שטאָפן, וואָס טראָגן שוין

אין זיך דעם טויטנדן סם „באַגרענצונג", וואָס עס טראָגט אין זיך די ערד, אויף וועלכער מיר לעבן.

דעם בחורס אומרואיקייט, זיין אייביק זוכן אין יעדער זאַך, וואָס ער האָט געלערנט, דעם תכלית, האָט מירקינען אויפגעקלערט זיין אייגענע אומרואיקייט און זיין אייגן זוכן. „דאָס איז דער כאַראַקטער־שטריך פון דער ראַסע", — האָט ער זיך געזאָגט. „מיר קאָנען נישט לעבן אויף הפקר, אויף דערוויילן: מיר מוזן וויסן אַ פאַרוואָס און אַ פאַר־ווען".

צוליב דעם בחור האָט ער געקראָגן אַן אינטערעס צו דער יידישער פילאָזאָפיע און יידישער עטיק. ער פלעגט אַרויפקומען איצט אין די אָוונטן צום לערער הורוויץ, כדי מיט אים צו פאַרפירן געשפּרעכן איבער די דאָזיקע טעמעס, צו קריגן פון אים ידיעות און איינצושאַפן זיך דורך דעם לערער די נייטיקע ספרים פון יידישן דענקען. דער לערער, וואָס האָט ביי מירקינען געפונען אַ גינסטיקן באָדן פאַר זיינע ידיעות, האָט מיט זיין גאַנצן לערער־חשק זיך גענומען מירקינען אויפצוקלערן איבער יידישער געשיכטע און מיטל־עלטערישער יידישער פילאָזאָפיע. ער האָט אים דערציילט — וואָס מירקין האָט גערן געהאַט — איבער דעם אייגנ־אַרטיקן יידישן דענקען פון די שפּאַנישע און דייטשע רעליגיע־פילאָזאָפן. דער לערער האָט דאָ געהאַט אַ געלעגנהייט אויסצולאָדן אַלע זיינע ידי־עות, מיט וועלכע זיין לערער־חשק האָט אים גענויט זיך צו טיילן. קיין זאַך האָט הורוויצן נישט געקאָנט מאַכן מער גליקלעך און מער צופרידן, ווי צו געפינען אַ פּאָר נייע, פרישע, אומבאַרירטע אויערן פאַר זיינע קענ־טענישן. מירקין, פאַרשטייט זיך, האָט זיך צוגעהערט מיט גרויס אויפ־מערקזאַמקייט צו זיינע געשפּרעכן, אויפקלערונגען און קאָמענטאַרן, וואָס דער לערער האָט צעלייגט אויף טעלערלעך. און ווען רחל־לאה האָט היני־טער דער טיר פון איר קיך דערהערט ווי איר מאַן לערנט מיט מירקינען „תורה", האָט זיך איר האַרץ אין איר געפרייט, נישט קאָנענדיק זיך דער־קלערן די סיבה דערפון, און איר גאַנץ פּנים האָט געשטראַלט מיט גליק, פונקט ווי עס וואָלט געווען איר אייגן קינד.

אַ חוץ מיטן בחור נאָטע־לייב, האָט נאָך מירקין געלערנט מיט עט־לעכע עקסטערנעס אַלגעמיינע גימנאַזיע־לימודים. פרוי הורוויץ האָט שוין איצט צוגעשיקט צו אים יעדן בחור, וואָס האָט זיך געווענדעט צו איר.

די אַלע לעקציעס האָט ער געגעבן ביי זיך אין צימער צו איינצלנע אָדער צו גרופּן, וואָס זענען נישט מער באַשטאַנען ווי פון צוויי, כדי זיי זאָלן נישט אַרויסרופן קיין אויפמערקזאַמקייט מצד דער פּאָליציי, אַז מ'גייט צופיל צו אים.

דער „זשאַכלינער" האָט אים אויך אין די אָוונט־שעהען אייניקע מאָל געהאַט אַוועקגעפירט אויף פאַרשידענע וווינונגען. יעדעס מאָל אויף אַן אַנדערע, אין די אָרימסטע קוואַרטאַלן פון דער שטאָט, ווו ער האָט געלערנט מיט אַרבעטער־גרופּעס עלעמענטאַרע לימודים, אָדער פאָרגע־לייענט פּאָפּולערע לעקציעס איבער פיזיק, באָטאַניק און אַנדערע אַזעלכע לימודים. די לעקציעס זיינע זענען פאָרגעקומען פאַר גרופּן, וועלכע זע־נען אַמאָל באַשטאַנען פון דער אַרבעטער־יוגנט, אָפטמאָל געמישט אויך מיט עלטערע מענטשן פון ביידע געשלעכטער, מייסטנס אין ווערק־שטעלן, ביי אַ סטאָליער אָדער ביי אַ בייטל־נייער, כדי אין פאַל פון אַ פּאָליציייִשן איבערפאַל, זאָלן די אָנוועזנדע זיך כאַפּן צו די מאַשינען און אַרבעטס־טישן.

דאָ און דאָרט האָבן אַרויסגעקוקט צו אים פון די קאַרג־באַלויכטענע שטיבער גלאַנצנדיקע אויגן אונטער אַ יידיש שוואַרץ היטל, וואָס האָבן געגאַרט נאָך עפּעס; אין אַנדערש מאָל אַ פּאָר פרעגנדיקע בליקן פון אונ־טער אַ צעשויבערטן מיידלשן שטערן, וועלכע האָבן עפּעס געוואָלט דער־גיין אַ סוד. אַ טייל עלטערע, אויסגעמאַטערטע אַרבעטער זענען איינגע־שלאָפן אויף די ערשטע בענקלעך און הויך געכראָפּעט ביי זיינע לעק־ציעס. אַנדערע האָבן געקוקט אויף אים נאַאיוו. זייערע בליקן האָבן אַרויס־געוויזן מער נייגעריקייט איבער אים אַליין איידער איבער דער עצם־זאַך, וועגן וועלכער ער האָט גערעדט. זאַכאַרי אַליין האָט געהאַט אַ דאָרשטיקן פאַרלאַנג זיך צו באַקענען מיט זיינע צוהערער, צו קענען יעדן פון זיי באַזונדער, צו רעדן מיט זיי און אויסצוגעפינען ווער זענען דאָס די, פאַר וועלכע ער שטייט.

מ'האָט אים קיינמאָל נישט איבערגעלאָזט מיט זיינע צוהערער אַליין. מירקין האָט קיינמאָל נישט געוווּסט, ווען און ווו ער וועט האַלטן זיינע לעקציעס. מען איז אים געקומען נעמען, און מען האָט אָפּגעוואַרט די גאַנצע צייט פון זיין פאָרלעזן. דערנאָך האָט מען אים אַוועקגעפירט. מען האָט זיך גאָרנישט געשעמט אַרויסצווייזן דעם אומצוטרוי, וואָס

מ׳האָט נאָך צו אים. פאַרקערט, מ׳האָט זיך געמיט צו געבן אים אָנצוהע־רעניש אויף שריט און טריט, אַז ער איז דאָ אַ פרעמדער און באַלאַנגט צו אַן אַנדער וועלט, און מען באַנוצט זיך מיט זיין אָפּפערווויליקייט דערפאַר, ווייל ער, מירקין, האָט דאָך סיי־ווי־סיי גאָרנישט עפּעס בע־סערס צו טון, און מ׳האַלט אים ביז מ׳וועט זיך קאָנען באַגיין אָן אים.

ער האָט נישט פאַרשטאַנען דעם אומצוטרוי, וואָס מ׳האָט צו אים, און עס האָט אים געקרענקט אויך. קודם־כל האָט מען אים געלאָזט צורו, ווען מ׳האָט נאָר געקאָנט. אַ חוץ אויף לעקציעס, האָט מען אים אין ער־געץ נישט גערופן. ער האָט באַלד אויסגעפונען — און עס איז נישט שווער געוועזן דאָס אויסצוגעפינען — אַז מ׳האָט עפּעס ספקות וועגן די מאָטיוון פון זיין האַנדלען. שוין דאָס רעדן צו אים איז נישט געוועזן ווי צו אַן איי־גענעם. מ׳האָט קיינמאָל נישט פאַרגעסן צוצוגעבן אים דעם טיטל „הער״ צו זיין נאָמען, און דאָס האָט זיך אָנגעהויבן פון „זשאַכלינער״ ביז צו די תלמידים זיינע. אַלע האָבן גערעדט מיט אַ געוויסן דרך־ארץ. ער האָט געקאָנט גלייך באַמערקן, אַז ער איז דער איינציקער זאַטער צווישן זיינע נייע באַקאַנטע. כמעט אַלע זיינע תלמידים זענען געקומען מיט הונגעריקע מאָגנס אויף זיינע לעקציעס. אַ סך מאָל האָט ער זיך געשעמט פאַר זיין זאַטקייט. אָבער ער האָט נישט געוווסט, ווי זיך קענגן דעם צו העלפן.

צוערשט האָט ער זיך זשעניִרט פאַרצולייגן די בחורים, וואָס זענען געקומען אויף זיינע לעקציעס, אַז זיי זאָלן נעמען שטיצע פון אים, מיי־נענדיק מיט זיין נאַאיוווקייט, אַז זיי וועלן זיך דורך דעם פילן באַליי־דיקט. דערנאָך, אַז ער האָט דאָס געפּועלט ביי זיך (אַנדערע האָבן אים אויף אַזוי פיל פאַרלייכטערט זיינע שוועריקייטן דורך דעם, וואָס זיי האָבן אַליין ביי אים געבעטן) — האָט ער באַלד איינגעזען, אַז די, וועל־כע ער וואָלט געוואָלט העלפן און וועלכע נייטיקן זיך אַממיינסטן, האָבן דווקא אויסגעמיטן זיין באַרייטווויליקייט און זיך אָפּגעזאָגט, און דאָס אין אַזאַ פאָרם, אַז זיי האָבן אים קלאָר געגעבן צו פאַרשטיין, אַז פון אים ווילן זיי קיין הילף נישט אָננעמען. אַנדערש וואָלט געווען, ווען ער וואָלט געווען אַן איינגענער.

זיין פּאָטערס וואַכיק אויג האָט מירקינען באַגלייט דורך דעם גאַנצן וועג, ווו ער איז געגאַנגען, זינט ער איז אַוועק פון דער היים. יעדן ערשטן האָט מען אים — ווו ער האָט זיך געפונען — צו וויסן געגעבן פון אַ

געוויסן ביורא, וואָס איז געווען אַ דירעקטע פּיליע פון זיין פאָטערס גע-שעפט, אַז עס זענען דאָ פאַר אים גרייט געוויסע סומעס געלט. מירקין האָט נאָר אַזוי פיל גענומען פון זיין ביורא, וויפל זיין באַשיידן לעבן האָט געפאָדערט. מ'האָט אים געגעבן צו פאַרשטיין, און ער האָט עס גאַנץ גוט געוווסט, אַז מ'וועט זיך נאָר פילן גליקלעך, ווען ער וועט אויס־נוצן זיין גאַנצן קרעדיט, וואָס איז אָפן פאַר אים אָדער אַפילו זיין קרע־דיט איבערצוציען. ווי יעדער פאַרזאָרגטער מענטש, וואָס האָט קיינמאָל נישט געהאַט דאָס געפיל פון נאַקעט און הונגעריק, האָט ער גאָרנישט פאַרשטאַנען די וויכטיקייט דערפון. ער האָט אָנגענומען דעם אייזערנעם בריק, אויף וועלכן ער איז געגאַנגען, און די וואַנט, וואָס באַשיצט אים, פאַר אַזעלכע פאַרשטענדלעכע זאַכן, אַז ער האָט נישט אייַנגעזען קיין אורזאַך, אַז צוליב דעם זאָל אים ווער קאָנען מקנא זיין, אָדער מ'זאָל צוליב דעם נישט האָבן קיין צוטרוי צו אים. אים האָט זיך געדאַכט, אַז דאָס איז אַזאַ נאַטירלעכע זאַך, ווי דער הימל איבערן קאָפּ און ווי די לופט, וואָס מ'שעפּט־איין. געוויס האָט ער זיך גאַנץ גוט אָפּגעגעבן אַ רעכענונג, אַז די אַלע, וואָס זענען אַרום אים, זענען מענטשן פון דער גאַס, מענטשן אָן היימען, וואָס האָבן גאָרנישט, אַ חוץ זייער איינגע־שטיקט לעבן און זייער בלויז לייב. אָבער פאַר אַזאַ איינעם האָט ער זיך דאָך אויך געהאַלטן, און ווי יעדער זאַטער, האָט ער נישט געוווסט, אַז די פיזישע פאַרזאָרגונג, וואָס זיין קערפּער האָט, זאָל אויף אַזוי פיל אויסמאַכן, זאָל אויף אַזוי פיל זיין וויכטיק, אַז צוליב דעם זאָל מען אים אונטערשיידן פון אַנדערע.

עס האָבן אָנגעהויבן אַרומצוגיין ווערן אים לעגענדעס, אַז ער איז אַ מיליאָנערס אַ זון, וואָס האָט אַוועקגעוואָרפן זיין פאָטערס הויז און איז געקומען לעבן צווישן די יידישע מאַסן. מ'האָט עס נאָך באַפּוצט מיט לעגענדעס, וואָס די מענטשלעכע פאַנטאַזיע פאַרפעלט קיינמאָל נישט צו וועבן אַרום אַ גינסטיקן באָדן. מ'האָט דערציילט וועגן אים פאַרשידענע מעשיות. און עס איז גענוג געווען, אַז ער זאָל זיך ערגעץ באַווייזן, וווּ מ'האָט אים געקענט, און מ'זאָל אויפהערן יעדעס געשפּרעך און פילן זיך אומבאַקוועם אין זיין קעגנוואַרט. ער האָט צוליב דעם נישט געקאָנט מאַכן קיין נייע באַקאַנטשאַפט און געפילט זיך אַזוי איינזאַם, אָפּגעזונדערט, ווי פריער.

א חוץ דאָס הויז פון פרוי הורוויץ האָט ער קיין אַנדער הויז אין וואַרשע נישט געקענט. נאָר אַפילו דאָרט, ביי דעם לערער הורוויץ, האָט ער דערפילט, אַז די איינציקע, וואָס באַציט זיך צו אים איינפאַך, מוטערלעך, איז געווען די פרוי הורוויץ. אַלע איבעריקע שטוב־מענטשן, פונעם לערער ביז צו די טעכטער זיינע, און מער פון אַלע זייער יינגסטער זון, דער גימנאַזיסט, האָבן זיך נישט נאָר צו אים באַצויגן קאַלטלעך, נאָר מ'האָט באַשיינפּערלעך געקאָנט פילן זייער אומצופרידנקייט צו אים. יעדעס מאָל, ווען ער איז אַריינגעקומען און נישט געפונען פרוי הורוויץ, האָט ער נישט געקאָנט לאַנג פאַרבלייבן, אַזוי ווי די בליקן וואָלטן אים אַרויסגעטריבן. דאָס ערשטע וואָרט, מיט וועלכן מ'האָט אים מכבד געווען ביי דער טיר איז געווען: „די מאַמע וועט באַלד אַריינקומען", אָדער „די מאַמע איז נישטאָ", אַזוי ווי מ'וואָלט אים מיט דעם געוואָלט געבן צו פאַרשטיין, אַז א חוץ דער מוטער, האָט קיינער דאָ אין הויז נישט קיין אינטערעס פאַר אים. דער אומצופרידנקייט צו אים האָט אים וויי־געטון, און ער האָט זיך געפילט ווי פריער איינזאַם און אַליין.

## קאַפּיטל 13

# דער ערשטער „מי שברך"

איינמאָל האָט דער „זשאַבלינער" אוועקגעפירט מירקינען אויף א פאַרלעזונג. עס האָט געזאָלט זיין א פּאָפּולער־וויסנשאַפטלעכע לעקציע איבער סאָציאַל־עקאָנאָמישע ענינים. מירקין האָט עס געזאָלט האַלטן פאַר אַרבעטסלאָזע, וואָס מ'האָט געוואָלט שטילן זייער הונגער מיט פאַרטראַגן. די לעקציע איז פאָרגעקומען ערגעץ אין אַן אַנשטאַלט, וואָס מירקין האָט זיך נישט געקאָנט דערקלערן וואָס דאָס איז: א ווערקשטעטל, צי א נאַכטלעגער פאַר אָרימע. עס איז געווען אין א קעלער פון א סטאָלעריי, אָנגעשטעלט מיט לאַנגע ווערקשטעטל־טישן, מיט מכשירים, הובלעכץ, טעפּ מיט קלעבעכץ, פון וועלכע ס'האָט זיך געפילט א שלעכטער ריח, אַזוי ווי פון א זויער־געוואָרענעם, איבערגעשטאַנענעם געקעכץ. פון אַלע ווינקלעך האָבן אַרויסגעקוקט אייזערנע בעטלעך. א טייל זענען געווען אויפ־

געשטעלט און באַנוצט געוואָרן פאַר בענק. אויף צווייפּלהאַפטיקע בעט־געוואַנט און טונקעלע שמוציקע קאָלדרעס זענען געזעסן פאַרשידענע מענטשן, וועלכע ער האָט נישט גוט געזען אין דעם קאַרגן שיין פון דער גאַז־באַלויכטונג, מיט ראָזעווע פּאַפּיר באַהאָנגען, וואָס האָט באַלויכטן דאָס געוועלב־קעלער.

פון דער ערשטער מינוט אָן, ווען ער האָט זיך באַוויזן אין דעם קעלער, האָט מירקין גלייך דערפילט אַ שלעכט־אַנזאָגנדיקן אומצוטרוי צו אים, וואָס האָט אַרויסגעקוקט פון אַלעמענס בליקן אויף אים. מירקין האָט שוין דענסטמאָל גערעדט אַביסל יידיש, כאָטש נאָך זייער רוסיפיצירט, מיט פיל גרייזן. צו אַזעלכע לעקציעס האָט ער זיך צוגעגרייט און דווקא זיך געוואָלט אויספּיינען מיט זיין יידיש. אַזוי ווי ער האָט אָבער נישט געקאָנט גוט יידיש רעדן, איז זיין שפּראַך געווען אַ שלעכט דייטש (וואָס ער האָט געמיינט, אַז עס איז יידיש), געמישט מיט רוסישע ווערטער. מירקין האָט די פאָרלעזונגען זיינע פאַר אַרבעטער גענומען זייער ערנסט און געמיט זיך צו באַלעבן זיינע ווערטער מיט ביישפּילן פון זיין אייגענער דערפינדונג. נאָר קוים האָט זיך דערהערט באַלד ביים אָנהייב זיין פאַרדייטשט יידיש, איז געוואָרן אַ געלעכטער אין די ווינקלען. דער קאָנטאַקט צווישן דעם רעדנער און די צוהערער האָט זיך פאַרלוירן. מירקין איז דערשטוינט געבליבן אַ ווײַלע, אָבער ער האָט זיך מיט אַן אומבאַהאָלפענעם שמייכל פאַרענטפערט פאַר זיין שלעכטן יידיש און צוגעזאָגט, אַז אין דער צוקונפט וועט ער זיך מיען אויסצובעסערן זיין לשון, און געפּרוווט ווייטער אָנגיין מיט זיין לעקציע. דער עולם אָבער האָט אים שוין נישט געהערט. מ'האָט גערעדט אין די ווינקעלעך און נאָכגעקרימט יעדעס שלעכט־אַרויסגעזאָגט וואָרט זיינס. מירקין, וועלכער האָט געגלויבט, אַז ער טוט אַ וויכטיקע און הייליקע אַרבעט, האָט זיך געמיט נישט צו לאָזן זיך באַאיינפלוסן פון דער גרינגשעצונג און אויפצוהאַלטן דעם פּאַטעטישן טאָן, וואָס ער פלעגט שטענדיק איינשלאָגן אין זיינע לעקציעס. אָבער אין די ווינקעלעך צווישן דעם צוזאַמענגעקומענעם הונגעריקן עולם, וואָס האָט אין מירקינס אויגן אויסגעזען ווי איין מענטש מיט אַ סך גופים, האָט מען שוין גערעדט הויך. איינער האָט איבערגעפרעגט דעם אַנדערן: ווער איז ער, דער יאָלד? און אָפּגעענטפערט עפּעס נישט זייער קיין חניפהדיקס אויף זיין אַדרעס. מירקין איז צוערשט גע־

וואָרן בלאָס, געהאַלטן אין איין אידיאָטיש שמייכלען, און נישט גע־וווסט ווי אַרויסצוקריכן פון דער סיטואַציע. ער האָט געפּרוווט ווייטער אָנגיין מיט זיין רעדן. פּלוצים האָט זיך אויפגעשטעלט איינער פון הינטן, וואָס איז געווען מרדכי דער הויקער, און געפרעגט שוין הויך:

— יאָך פאַרשטיי נישט. מיר האָבן געמיינט, אַז מ'האָט אונדז דאָ צוזאַמענגעבראַכט צו הערן עפּעס אַ ריכטיק וואָרט, און דאָ האָט מען אונדז אַראָפּגעבראַכט עפּעס אַ בורזשוק, וואָס וויל טון פילאַנטראָפּישע אַרבעט צווישן די מאַסן. זאָל ער גיין אין דער יידישער גמינע אַריין אויף גזשיבאָווסקע.

— ער הערט דאָך, — ציט אים פון הינטן הענעך דער סטאָליאַר, וואָס זיין ווייך האַרץ האָט נישט געקאָנט צוזען דעם צער פון מירקינען.

— זאָל ער הערן, וואָס האָב יאָך מורא פאַר ווועמען.

מירקין האָט אויפגעהערט צו רעדן: ער האָט זיך אַרומגעקוקט צע־מישט, בלייך, מיט אַ אָפן מויל, געריבן זיך מיט די בלייכע הענט די וואַנצעלעך. ער האָט געוואָלט עפּעס זאָגן און נישט געוווסט וואָס.

די אידעאַליסטישע מאַסע קאָן זיין אַכזריותדיק ברוטאַל, ווען זי געפינט איר קרבן. צי איז דאָס געווען זיין אויסטיילן זיך פון די אַרומי־קע מיט זיין בכבודיקער באַקליידונג צווישן דעם האַלב־אָפּגעריסענעם עולם, וואָס האָט זיי געמאַכט אַזוי ביטערלעך געשטימט קעגן אים? וואָס מער מירקין האָט זיך פאַרלוירן און נישט געוווסט ווי אַרויסצוגיין פון דער לאַגע, וואָס בלייכער און אומבאַהאָלפענער ער איז געוואָרן, אַלץ מער האָט עס גערייצט דעם אָנפאַל־אַפּעטיט פון די פאַרזאַמלטע אויף אים.

— יאָך וואָלט נאָר געוואָלט וויסן, ווי עס האָבן אים געשמעקט די קאָטלעטן היינט ביים מיטאָג-עסן? — זאָגט אַ בלייכער יונגערמאַן און ווייזט אַרויס זיינע ציין־פאַרלוירענע יאַסלעס אין געלעכטער.

— גלייב מיר, וואָס דאָס אַכלט־אויף אויף איין מאָלצייט, וואָלט פאַר אונדזערס איינעם גענוג געווען אויף דריי טעג.

— מיטן ווייב און קינד צוגעלייגט, — זאָגט אַ האַלב־פאַרשלאָפע־נער, נישט ראַזירטער מיטל־יעריקער אַרבעטער, מיט רויט־באַפּאַרבטע הענט, אין אַ פלעגמאַטישן טאָן, פוילנדיק זיך אַפילו דערביי צו לאַכן.

— הערט אויף, עס איז דאָך אַ רחמנות אויף אים. זעט, ער איז אַזש בלייך געוואָרן, — זאָגט אַ דערשלאָגן מיידל.

— וואָס ברענגען זיי צו אונדז אַזעלכע יאָלדן?

שפּעטער, אַז מירקין איז אַהיימגעגאַנגען מיטן „זשאַבלינער" דורך די באַשנייטע גאַסן אין געלן ליכט, וואָס האָט אַרויסגעשיינט פון די עלעקטרישע לאָמפּן פון די געוועלבלעך, האָט זיי דער „זשאַבלינער" פאַרענטפערט:

— מענטשן זענען פאַרביטערט. שוין דעם צווייטן חודש, ווי עס איז קיין אַרבעט נישטאָ ביי דער לעדער־בראַנזשע, אין די טריקאָטן־שפּינע־רייען, צווישן די שאַבטל-מאַכערס. מ'דאַרף נישט פאַראיבל האָבן — זיי זענען הונגעריק.

— און אַז זיי זענען הונגעריק, וואָס בין איך שולדיק? — פרעגט דער ביטער געוואָרענער מירקין.

— איר האָט אַמאָל געהונגערט, פאַניע מירקין? — פרעגט אים דער „זשאַבלינער", אָפּשטעלנדיק זיך אין מיטן גאַנג.

מירקין איבערלייגט זיך, קלערט אַ ווײַלע און גיט צו מיט שעמעוודיקייט:

— ניין.

— זעט איר, און זיי דערפילן דעם, וואָס האָט נישט געהונגערט.

— צוליב דעם, וואָס זיי הונגערן, איז נאָך נישט באַרעכטיקט זייער האַנדלען קעגן מיר. איך ווייס נישט, וואָס עס וועט אַרויסקומען, ווען איך וועל אויך הונגערן? נאָך אַלעם בין איך דאָך נישט געקומען צו זיי שלעכטס־טון, אַז ס'קומט מיר דעריבער אַזאַ ברוך הבא.

— פאַניע מירקין, — ענטפערט דערויף דער „זשאַבלינער", — צווישן אונדז און אייך שטייט אַן אייזערנע וואַנט, איר וועט אונדז קיינמאָל נישט קאָנען פאַרשטיין. ווי אַזוי קאָנט איר אונדז פילן, אַז איר האָט זיך קיינמאָל נישט געפונען אין דער סיטואַציע פון אונדזערס איינעם? וואָס ס'זאָלן נישט זיין די מאָטיוון, וואָס האָבן אייך געבראַכט צו אונדז, — זאָגט דער „זשאַבלינער", וועלכער האָט ליב געהאַט צו רעדן און געוואַרט נאָר אויף אַ געלעגנהייט, — און איך צווייפל נישט אין דער אויפריכטיקייט פון זיי, — וועט איר קיינמאָל נישט פילן, נישט פאַרשטיין און נישט באַגרייפן אונדז. ווייסט איר פאַרוואָס? טאַקע דערפאַר, ווייל איר האָט

קיינמאָל נישט געהונגערט, ווייל איר האָט קיינמאָל נישט איבערגעלעבט אָט דאָס, ווען איר שטייט איינער אַליין אין דער גאַס און פאַרמאָגט גאָר־נישט, נאָר אייער נאַקעט לייב. האָט איר אַמאָל געקלערט וועגן דעם, ווי איר וועט היינט אָוונט באַהאַלטן אייער קערפּער? האָט איר אַמאָל געהאַט דאָס געפיל צו גיין אין גאַס און צו זען צו הייזער און הייזער, באַלויכטענע פענצטער אַרויסקוקן פון אומעטום, און נישט האָבן קיין איין טיר, ווו אַריינצוגיין? עס האָט שטענדיק ערגעץ־ווו געוואַרט אַ וואַרים בעט אויף אייך. איר האָט קיינמאָל נישט קיין מינוט געלעבט אָן אַן אַדרעס. פאַר־שטייט איר, וואָס ס׳הייסט אַרומצודרייען זיך אין די גאַסן, אָן אַן אַדרעס?... איר האָט קיינמאָל נישט געטראַכט וועגן אייערע טאָג־טעגלעכע נויטן. אייך קומט־פאָר, אַז דאָס פאַרזאָרגן מיט שפּייז פאַר אונדזער קערפּער, איז אַזאַ נאַטירלעכע זאַך, ווי די זון, ווי די לופט, ווי דער הימל איבער אונדזער קאָפּ. זאָל מען אייך אויף איין טאָג, אויף איין שעה אַריינזעצן אין אַ לופט־ענגן צימער, וועט איר פון גאַרנישט קלערן, נאָר ווי אַזוי אויסצו־האַקן אַ לאָך אין דער וואַנט, כּדי איר זאָלט באַקומען לופט. דאָס זענען די געדאַנקען פון אַ הונגעריקן מענטש. ער קלערט וועגן גאַרנישט עפּעס אַנדערש, נאָר פון עסן און ווו צו שלאָפן. דאָס איז די וואַנט, וואָס שטייט צווישן אונדז און אייך.

— אפשר טאַקע דערפאַר, וואָס איך האָב קיינמאָל נישט געהאַט אָט די טעגלעכע זאָרגן, וואָס איר רופט־אָן דאָס זעטיקן מיינע פיזישע נויטן, איז מיין קומען צו אייך אַרויסגערופן געוואָרן דורך אַ פיל העכערן אידעאַל, ווי די נויט, דורך אַן אינערלעכן טרייב, — זאָגט מירקין.

— עס איז נישטאָ קיין מער אינערלעכער טרייב, קיין מער אידעאַליס־טישער און העכערער מאָטיוו, ווי די נאַקעטע נויט. דאָס איז דער פּאַס, וואָס די מאַסן אָנערקענען — צוצולאָזן צו זיך. און דאָס איז די איינ־ציקע גאַראַנטיע, אַז דאָס קומען איז אַן אמתדיקס און אַ שטענדיקס, גע־בונדן דורך איין גורל מיט אַלעמען. וואָרים נאָך אַלעמען, וואָס האַלט אייך, אַז איר זאָלט אין אַ שיינעם טאָג נישט אָוועקגיין פון אונדז, פּונקט אַזוי ווי איר זענט געקומען צו אונדז? אייער קומען איז נישט אַרויסגע־רופן געוואָרן דורך אַ נויטווענדיקייט, נאָר דורך אַ קאַפּריז, זאָל זיין אַן אידעאַלער קאַפּריז, און מאָרגן קאָנט איר האָבן אַן אַנדערן קאַפּריז. אַ

טירל שטייט שטענדיק אָפן פאַר אייך, און ערגעץ־ווו וואַרט אַ וואַרימע היים פאַר אייך.

— איז דאָס די סיבה פון אייער אומצוטרוי צו מיר, דאָס, וואָס איך בין צופעליק פאַרזאָרגט מיט מיין חיונה? איך גלויב נישט, אַז דאָס איז אַ ריכטיקע מאָס צו מעסטן מענטשן, אויב זיי זענען הונגעריק אָדער זאַט. הונגעריק ווי זאַט זענען אויסערלעכע צושטאַנדן, און דער מענטש קאָן זיין אין יעדן צושטאַנד גוט אָדער שלעכט, גערעכט אָדער אומגערעכט. איבריקנס, אַז מ׳זאָל משפטן מענטשן דערפאַר, וואָס זיי זענען פאַרנומען נאָר מיט זייער חיונה, וואָלט מען באַדאַרפט פאַרדאַמען אַלע גאָטס באַשעפענישן. די גאַנצע גאָטס וועלט ווערט געפירט אין אַ בורזשואַזער אָרדענונג. אַלע פייגל און אַלע חיות, אַלע בלומען און געוויקסן זענען נאָר פאַרנומען מיט איין זאַך: זיי זאָרגן נאָר, ווי אַזוי זיך צו באַשאַפן חיונה און ווי אַזוי איבערצולאָזן דער שפּעטערדיקער וועלט זייער פאָרזעצונג.

— אָבער גאָטס באַשעפענישן קלייבן נישט אָן קיין ירושות, לעבן נישט פון אָנגעקליבענע פאַרמעגנס, וואָס זייערע עלטערן האָבן אָנגעזאַמלט. זיי קעמפן־אויס זייערע ביסנס מיט די נעגל, קלייבן־אָן חיונה, איינצל אָדער קאָלעקטיוו, מיט אייגענע כוחות.

— דאָס איז אונדזער עודף איבער דער בהמה און חיה. פאָרלויפיק האָבן מיר דעם אָנקלייב און דער ירושה צו פאַרדאַנקען אונדזער גאַנצע ציוויליזאַציע.

— אַז איר רופט דאָס אָן „ציוויליזאַציע”, ענטפערט דער „זשאַכלינער” פאַרביטערט.

— קיין אַנדערע האָט די מענטשהייט נאָך נישט אויסגעקלערט, און כל־זמן מיר האָבן נישט קיין אַנדערן אָנהאַלט, איז דאָס אונדזער ביסל אָרימקייט, אַז נישט, וועלן מיר גאָר פאַרווילדעוועט ווערן.

— איך בין נישט אַזוי געבילדעט ווי איר, — רופט זיך אָן צום סוף דער „זשאַכלינער”, — נאָר איינס ווייס איך, אַז טאַקע דאָס „אָנקלייבעכץ” איז די וואַנט, וואָס שטייט צווישן אונדז און אייך, און דורך דער וואַנט וועלן מיר נישט דורכשפּרייזן.

זיי זענען זיך צעגאַנגען ברוגזלעך.

## קאַפּיטל 14

# איבערגעשניטן דעם נאַפּל

דערווייל האָט זיך געמאַכט עפּעס אַ זאַך, וועלכע האָט פון אונטער מירקינען אונטערגעשניטן די צווייג, אויף וועלכער ער איז אַזוי זיכער געזעסן, פיל פריער ווי ער האָט עס אַליין גערעכנט. ער איז אַ סך פריער אָנגעוויזן געוואָרן אויף זיך אַליין, איידער ער האָט נאָך צייט געהאַט זיך צוצוגרייטן דערצו. ער איז געקומען אין קאָנטאַקט אַריין פון זיין פּאַטערס אַגענט אין וואַרשע איינצואָרדענען מיט אים וועגן די געלט-אָנגעלעגנ־הייטן אין דער צוקונפט. דער אַגענט האָט אים איבערגעגעבן אַ פאַר־מאַכטן בריוו, וואָס איז אָנגעקומען פאַר אים.

— מיר האָבן אייך אַרומגעזוכט און נישט געקאָנט געפינען. דער בריוו ליגט שוין פאַר אייך אַ געוויסע צייט. אין האָטעל, וואָס איר האָט פאַרלאָזט, האָט איר נישט געלאָזט אייער אַדרעס.

מירקינען האָט דער בריוו אינטריגירט. ער האָט דערקענט דעם פּאַ־טערס האַנטשריפט אויפן קאָנווערט. זינט ער האָט פאַרלאָזט פּעטערבורג, איז עס געווען דער ערשטער צייכן פון יענעם לעבן, און דאָס האָט אין אים אויפגעוועקט אַלטע דעראינערונגען. כדי אַן ענדע צו מאַכן, האָט ער בדעה געהאַט נישט צו עפענען דעם בריוו, אָפּצושיקן אים אומגעלייענט. די נייגעריקייט האָט אָבער אין אים געזיגט, ער האָט אים אויפגעעפנט און געפונען אַ קורצע ידיעה מיט זיין פּאַטערס אייגנהאַנטיקער אייליקער שריפט:

„איך האָב געפונען פאַר נייטיק צו פאַרריכטן דאָס שלעכטס, וואָס דו האָסט אָנגעמאַכט. לעצטן נאָוועמבער האָבן מיר זיך פאַרבונדן אין אַ חתונה־באַנד מיט נינאַ סאַלאָמאָנאָוונאַ".

דאָס בלוט האָט געגעבן אַ זעץ אין זיין פּנים. די הענט האָבן אים אָנגעהויבן צו ציטערן. פאַר כעס האָט ער זיך שאַרף איינגעביסן די ליפּ. ער האָט געבעטן טינט און פעדער און אָנגעשריבן אויף זיין פּאַטערס אַדרעס די דאָזיקע ווערטער:

„איר זענט אַ פּאָדליעץ, און איך וויל גאָרנישט האָבן מיט אייך וואָס צו טון".

פאַרמאַכט דאָס שרייבן און געבעטן דעם אַגענט איבערצושיקן עס דעם פאָטער זייגעם.

— און וואָס טון מיט דעם געלט פאַר אייך? דער פעטערבורגער קאָנטאָר באַרעכטיקט אונדז אייך אויסצוצאָלן טויזנט רובל אַ מאָנאַט. מיט די פריערדיקע געלטער, וועלכע איר האָט נישט אינגאַנצן אויסגע־נוצט, האָט זיך אָנגעזאַמלט אַ היפּשע סומע.

— טוט וואָס איר ווילט, פון מיינעטוועגן קאָנט איר זיי צוריקשיקן. געוויס, שיקט זיי צוריק צוזאַמען מיטן בריוו.

דער דירעקטאָר פון דער טראַנספּאָרט־געזעלשאַפט, וואָס איז געווען אין וואַרשע דער קאָרעספּאָנדענט פון זיין פאָטערס קאָנטאָר, האָט אים אָנגעקוקט דורך זיינע פינקלדיקע ברילן, און דער איינגעלייגטער שטיי־פער קאָלנער פון זיין געפּרעסט העמד האָט זיך זייער געפינקלט. ער האָט מירקינען באַטראַכט מיט איבערלייגונג און אָפּגעענטפערט:

— יעדנפאַלס וועל איך האַלטן די געלטער צו אייער דיספּאָזיציע. מען קאָן נישט וויסן, אפשר וועט איר זיי וועלן באַנוצן.

מירקין, נישט געפינענדיק זיך קיינמאָל אין נויט, האָט נישט פאַר־שטאַנען די וויכטיקייט דערפון און דעם גרויסן חילוק, וואָס די פאַר טויזנט רובל וועלן מאַכן פאַר אים, האָט ער אים אָפּגעענטפערט:

— איך האָב אייך שוין געזאָגט — טוט דערמיט, וואָס איר ווילט.

— אייער אַדרעס בלייבט דאָך פאַרלויפיק דער זעלבער? — פרעגט דער דירעקטאָר מיט אַ כיטרען הינטער־געדאַנק.

— צו וואָס באַדאַרפט איר דען וויסן?

— איך מיין, עס קאָן זיך אַמאָל טרעפן. אפשר קאָן אָנקומען אַ בריוו פאַר אייך פון פעטערבורג.

— איך דערוואַרט נישט קיין בריוו פון פעטערבורג, — האָט מירקין אָפּגעענטפערט און פאַרלאָזט דעם דירעקטאָר מיט אַ נויג.

— יעדנפאַלס שטייען מיר שטענדיק גרייט צו דינען. מיר וועלן זיין גליקלעך, — האָט דער דירעקטאָר אָפּגעענטפערט, באַגלייטנדיק אים צו דער טיר.

מירקין האָט זיך געדרייט איבער די וואַרשעווער גאַסן אין פאַלנדיקן שניי מיט אַן אַרויפגעשטעלטן קאָלנער פון זיין פאַלטאָ און געפילט זיך לייכטער ווי פריער.

פאַרנאַכט האָט ער זיך ווידער געפונען ביי פרוי הורוויץ. עס איז געווען אַזאַ פאַרשטענדלעכע זאַך צו איר צו גיין, ווי אַ קינד, וואָס גייט אַהיים. ער האָט זי געטראָפן אין קיך, ווו זי איז געשטאַנען ביי דער אויפגערוקטער פייערקע און האָט געשאַרט מיט אַן אייזן צווישן די פאַרברענטע קוילן, כדי אויפצולעבן דאָס פייער פון קיך. פון די צעהיצטע קוילן האָט געזעצט אַ רויטלעכער שיין און באַגאָסן דאָס שטאַרקע פּנים פון פרוי הורוויץ. זי האָט זיך אַביסל פאַרשעמט ביי זאַכאַרים אַריינקומען און איבערגעווישט זיך מיטן פאַרטוך דעם שווייס פון איר שטערן.

— מאַדאַם הורוויץ, איצט, צי איך וויל יאָ, צי איך וויל נישט, מוז איך מיר אַליין פאַרדינען מיין שטיקל ברויט, אַז נישט, וועט אויסקומען צו הונגערן.

— געמיינט, כאָטש מיט איינעם בין איך אויסגעזאָרגט, — זאָגט פרוי הורוויץ מיט אַ שמייכל, — וואָס איז דאָס אַזוינס געשען?

מירקין האָט נישט געענטפערט. אָנשטאָט אַן ענטפער, האָט ער עפּעס געזוכט אין די טאַשן, צונויפגענומען דאָס גאַנצע געלט, וואָס ער האָט געהאַט ביי זיך, סיי גרויס און סיי קליינס, און געגעבן אַ וואָרף אַריין אין פייער.

— משוגע דאַרף מען נישט זיין, — רופט אויס רחל־לאה, און פאַרגעסנדיק זיך, גיט זי אים אַ פּאַטש מיט איר פינגער איבער זיינע הענט.

זי האָט זיך אַליין דערשראָקן פאַר איר טאַט און אָנגערופן זיך מיט אַ געלעכטער:

— זייט מיר מוחל. איך האָב זיך פאַרגעסן. איך האָב געמיינט, אַז עמיצער פון מיינע קינדער טוט דאָס. — און זי האָט זיך נאָך מער גערויטלט איבער דעם וואָרט, ווי איבער דעם פּעטשל, וואָס זי האָט אים געגעבן.

מירקין האָט נישט געוואָגט צו קוקן איר אין פּנים אַריין, נאָר בויגנדיק זיין בליק אין פייער, האָט ער געזאָגט ווי צו זיך:

— איך דאַנק אייך.

דעם אָוונט איז ביים לערער הורוויץ פאָרגעקומען אַ גרויסע דיסקוסיע וועגן דעם ציל פון לערנען און צוועק פון מענטשן, — ווידער אַרויסגערופן דורך דעם בחור נאָטע־לייב. דער בחור איז געווען זייער אומגעדולדיק; ער האָט קוים געהאַלטן ביים אלף־בית פון זיין נייער תורה, און

שוין געוואָלט דערגיין דעם תכלית. דער תכלית האָט אַלץ דעם בחור נישט געלאָזט איינרוען. ווען ער איז אַנטלאָפן פון דער גמרא אין דער נייער וועלט אַריין, האָט ער געזוכט אין דער נייער תורה די צוועקלעכקייט און די זיכערקייט, וואָס די אַלטע אמונה האָט אים געגעבן. ער האָט עס אָבער נישט געקאָנט זען, ער האָט נאָר געפילט אַ פוסטקייט, און ער האָט זיינע ספקות אויסגעדריקט פאַרן לערער דעם אָוונט; ס'איז אויך געווען דערביי דער „זשאַכלינער".

— דאָרט אין דער היים, אין די אַלטע ספרים, האָט זיך אַמאָל אַנטפּלעקט ווי אַ ליכט די אויפגאַבע פון מענטשן וואָס צו טון, כדי צו פילן זיך אָנגעבונדן אין תכלית, אין אַ צוועק. מען איז געווען פאַרזיכערט. דאָ, — זאָגט ער, — אין דער נייער אמונה, וואָס ער לערנט, איז מען אינגאַנצן אָנגעוויזן אויף זיך אַליין. גוט, איך וועל שוין וויסן, אַז אַזוי פיל און אַזוי פיל אינדזלען געפינען זיך אויפן מיטללענדישן ים; איך וועל קאָנען אויסרעכענען אַלע טייכן פון אַפריקע, אָדער האָבן אַ ידיעה אין דער נאַטור פון דעם בלימל אָדער פון יענעם פליגעלע. דאָס איז דאָך נאָר איין קליינער פרט אין גרויסן כלל. עס גייט דאָך אַריין אין חשבון פון „ששת ימי בראשית". עס זענען נאָר פרטים. ווו געפינט זיך אָבער אין דעם נייעם לימוד דאָס גרויסע, וואָס שטייט אונטער דעם כלל? — דעם תכלית פון דעם אַלעם? אָפטמאָל נעמט מיך אַרום אַ שרעק. עס איז אַזוי ווי די ווייבער זאָגן: „איך האָב געלאָזט פאַלן אַ דעק, און קלייבאויף די פעדערן". מען פילט זיך ווי הפקר: מען נעמט דיך און מען שיקט דיך איינעם אַליין אַרויס אין אַ ווייטן, אומענדלעכן וועג.

דער לערער הורוויץ האָט מיט אַ לערערשער געדולד אויסגעהערט די טרעומות אויף זיין תורה פונעם ניי־אָנגעקומענעם, געשלעפּט די ברילן פון דער נאָז און שטאַרק זיי געריבן מיט דעם טיכל און אים אָפּגעענטפערט: דווקא דאָס, וואָס ער האָט געהאַט אין דער היים, איז געווען אַ שפּיל אין אַ „בלינדע קו", אַ גלויבן אויפן וואָרט. דער גרויסער תכלית ליגט דאָ, — ווייזט דער לערער אויף זיין ספרים־שראַנק. — און ווילסטו זיך אָנבינדן אָן דעם גרויסן תכלית, קאָנסטו נאָר דורך דעם כוח פון זיי. דער פרט קאָן זיך נאָר אויפהייבן צו יענער הויך פון גאַנצן כלל דורך דעם כוח פון מענטשלעכן שכל. מיט דעם, וואָס מיר באַקענען זיך מיט אַזעלכע גייסטער ווי ספּענסער, דאַרווין און זייערס גלייכן, ווערן מיר אַ טייל

פון זיי, אונדזער איינענער שכל גייט-אַרויס פון זיינע ענגע ד׳ אמות און שוועבט אריין אין דעם ליכט פון וועלט-גייסט. מיר בינדן זיך דורך דעם אָן אָן דעם איינציקן און אייביקן תכלית, וואָס איז דאָס דערקענען, דאָס ווייסן. צוליב דעם ווערן מיר שותפים פון „ששת ימי בראשית". מיר זע־נען נישט קיין קליינע בלינדע קנעכט, וואָס דינען אַ געוויסן ריטואַל, — דער אַזוי, און די אַנדערע — אַנדערש, כדי דורך דעם צו געפעלן עפּעס אַן אויסגעטראַכטן כוח, וואָס יעדער שבט האָט אים געכאַפּט אין אַרענ־דע. דאָס איז געצנדינסט, דאָס איז נישט קיין תכלית. דער גרויסער תכלית איז דער פון שפּינאָזא: „ווען דו ווערסט אַליין אַ שותף אין ששת ימי בראשית", און צו דעם תכלית קאָנסטו נאָר צוקומען דורך דעם, וואָס דו בינדסט דיך אָן אינעם גרויסן וועלט-שכל, וואָס האָט זיך אַנטפּלעקט ביי די גרויסע גייסטער. „גאָט", אָדער די „נאַטור" איז בלינד. דער מענטשלעכער שכל האָט אים אויגן געגעבן.

— אָבער ווער האָט באַשאַפן דעם שכל? ווער האָט באַשאַפן דעם שכל? — וויל דער בחור נישט אָפּלאָזן.

רחל-לאה איז דערביי געזעסן ביים טיש. זי האָט פאַרצערעוועט אַ זאָק ביים מילך-שיין פונעם לאָמפּ, ווען די מענער האָבן זיך געשפּאַרט. אַז די ווערטער האָבן דערגרייכט אין די הויכע הימלען, האָט זי אויפגע־הערט צו צערעווען, אונטערגעלייגט איר שטאַרקע קין אונטער איר האַנט און צוגעהערט זיך צום געשפּרעך מיט אַן איינגעקנייטשטן שטערן. און כאָטש זי האָט נישט פאַרשטאַנען וועגן וואָס עס האַנדלט זיך, האָט זי אָבער אין איר גאַנצן אינערלעכן וועזן געפילט אַ דערהויבנקייט. זי האָט צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ אויף איר מאַנס רייד, ווי זי וואָלט מסכים געווען דערויף.

דער „זשאַכלינער" האָט אָבער געמיינט, אַז דאָס זענען אַלץ בור־זשואַזע רייד.

— וואָס הייסט, זיך צו פאַרלאָזן אויפן איינענעם שכל? — האָט ער געפרעגט. — ווו קאָן דיך דער שכל פאַרפירן? דער שכל שלעפּט דאָרט, ווו דער מאָגן וויל. דער שכל איז אויך נישט קיין אומאָפּהענגי־קער נפש. ער איז אַ טייל פונעם גוף און ער באַדינט מיט איינפאַלן און כיטרעקייט אויסצוגעפינען די זאַכן, וואָס דער גוף וויל. ביי אַ טייל ליגט דער שכל אין מאָגן, אין טאַש, ביי אַנדערע ליגט דער שכל אין די הענט

פון אַ קאַפּריז, פון אייגענע בייזע כוחות, וואָס לעבן אין מענטש. אַ מענטש קאָן נאָר דענסטמאָל ווערן אויסגעלייזט, ווען ער לייזט זיך אויף אַלס יחיד און שפּאַנט זיך איין אַלס אַ קליינער טייל פון אַ כלל. דו ווייסט, אַז דו געהערסט צו אַ כוח, וואָס שלעפּט דיך און ביסט נישט הפקר, לויפסט נישט אַרום אַליין מיט דיין נאַקעטקייט.

מירקין האָט געמוזט שמייכלען ביי די קלאָרע און פעסטע אַנטוואָרטן, וואָס סיי דער לערער און סיי דער „זשאַבלינער" האָבן דעם בחור אָפּגעענטפערט אויף זיין אייביקער פראַגע. קיין ספקות זענען פאַר זיי נישט געווען, קיין נעפּל; זיי האָבן געזען זייער וועג קלאָר און אויף אים זענען זיי געגאַנגען.

ער האָט זיך געטראַכט:

— ווען איך וואָלט געקאָנט אַזוי גלויבן ווי זיי, וואָלט איך דאָך, אייגנטלעך, געווען אַ גליקלעכער מענטש. דאָס איז דאָך, אייגנטלעך, וואָס פעלט מיר: „אַ רינג אין דער נאָז", ביי וועלכן דער מענטש זאָל געשלעפּט ווערן ווי אַן אָקס. אַלע טראָגן זיי אים — דער לערער, דער „זשאַבלינער", קעניגשטיין דער ציוניסט. נאָר ער איז הפקר. אָבער ער איז שוין מיד געוואָרן פון זיך אַליין. און אפשר איז דאָס דער דרך. דער מענטש מוז געפירט ווערן ווי דער אָקס ביים רינג. וואָס איז דער חילוק ווער עס טוט אים אָן, אַבי דער פירער פירט אויף אַ גלייכן וועג, אויף אַוועלכן ס'איז וועג, אַבי נאָר פון דעם זיג־זאַג אַרויס.

גערעדט אָבער האָט ער אַנדערש. ער האָט זיך געוואַגט אָנצורופן מיט אַ שמייכל:

— איר גיט דעם יונגנמאַן אַזעלכע קלאָרע אַנטוואָרטן אויף אַ פראַגע, וואָס איז אַזוי אַלט ווי די וועלט און וועלכע קיינער האָט נאָך נישט פאַרענטפערט. ווי קאָנען מיר ענטפערן אויף געוויס, ווען מיר באַזיצן נישט דעם גאַנצן סכום פון וויסן, וואָס זאָל אַריינדרינגען אין אַלע פאַרבאָרגענישן, כאָטש אין די, וועלכע מיר טאַפּן־אָן אין דער פינצטער, אָדער מיר דערפילן מיט אונדזערע אינסטינקטן, שוין אָפּגערעדט פון אַזעלכע, פון וועלכע מיר ווייסן נישט, נאָר זיי לויערן אַרום אונדז אין דער שוואַרצער נאַכט, אין וועלכער מיר באַוועגן זיך. וואָס איז שכל? וואָס איז אפילו אינסטינקט, אָדער דער איידלסטער אינסטינקט, וועלכער דער מענטש באַזיצט, — אינטואיציע? ווי ווייט קאָן ער גאָר דערגיין? אין

דרויסן ליגן מיליאָנען וועלטן: אין דרויסן ליגט דער „אין־סוף״, וואָס דער יונגערמאַן רופט־אָן (ווייזט ער אויף דעם בחור), וועלכער איז פאַרהוילן פון אונדז מיט דער אייביקער נאַכט. און וואָס איז עפּעס דרויסן? קענען מיר זיך אַליין? ווייסט איר אַלע אייערע פאַרבאָרגענישן? און די, וועלכע איר קענט, קענט איר זיי דערקלערן? ווייסט איר, וואָס איר וועט טון אַ מינוט דערנאָך? דער „זשאַכלינער״ האָט עס זייער באַקוועם, — שמייכלט מירקין, — ער וואַרפט די אחריות אויף אַנדערע, ער רעדט וועגן מבטל זיין זיין ווילן און אָנשליסן זיך אָן כּלל. — דאָס איז זייער פּראַקטיש, און איך וואָלט עס אויך געוואָלט טון. אָבער ווער איז דער כּלל? ערשטנס, זענען אין אונדזער לעבן דאָ פיל כּללים, און ווער זאָגט מיר, אַז דער כּלל האָט רעכט? דער כּלל ווערט דאָך אויך געפירט פון מענטשלעכן שכל, פּונקט אַזוי ווי דער פּרט. אָפטמאָל איז דער כּלל פיל מער אומגע־רעכטער ווי דער פּרט. קעגן דעם פּרט קאָן מען כאָטש נאָך אַמאָל מעיז־פּנים זיין, פּראָטעסטירן, רעוואָלוציעס מאַכן. קעגן דעם כּלל קאָן מען דאָך גאָרנישט טון. מ׳טאָר דאָך נישט קעגן אים מעיז-זיין, מעג ער ווי אומגערעכט זיין.

די ווערטער האָבן געווירקט, ווי אַ באָמבע וואָלט געפּלאַצט. דער לערער האָט אין זיי געזען געפערלעכע אַנאַרכיסטישע געדאַנקען. דער „זשאַכלינער״ האָט אָבער געמיינט, אַז דאָס איז אַ כאַראַקטעריסטישער, וויל־טעגלעכער בורזשואַזער אינדיווידועלער פוילנצער־מיסטיציזם. אין דרויסן ליגן זיך וועלטן — זאָלן זיי זיך ליגן געזונטערהייט. וואָס גייען זיי אונדז אָן? מיר קענען נאָר דאָס לעבן און די וועלט, אין וועלכע מיר געפינען זיך, און וואָס האָבן געקאָנט פאַרוואַנדלט ווערן אין אַ גן־עדן, ווען מענטשן וואָלטן נישט אַזעלכע עגאָאיסטן געווען און געקאָנט דער־פילן דאָס גליק נישט נאָר בלויז פון אייגענעם „איך״ אָדער משפּחה, נאָר פון גאַנצן קאָלעקטיוו. דער כּלל איז דער, וואָס טראָגט די זאָרגן פון קאָלעקטיוו.

— לאָזט איבער די אַנדערע וועלטן פאַר די אַסטראָנאָמען, — שרייט ער אויס. — די אינערלעכע וועלטן פאַר די פּסיכאָלאָגן. איר דער־פילט נאָר די וועלט און זאָרגט נאָר, אַז זי זאָל זיין אַ היים נישט נאָר פאַר אייך בלויז, נישט נאָר פאַר אייער אייגענער משפּחה, נאָר פאַר

אייער חבר אויך, דענסטמאָל וועט איר דערפילן דאָס גרויסע גליק, וואָס די וועלט גיט אייך, מער פון אַלע אַנדערע וועלטן.

***

שפּעטער, ווען מירקין האָט געטראָפן דעם „ליטוואַק" אין אַ זייט, האָט ער געזאָגט צו אים מיט אַ שמייכל:

— מיינט נישט, אַז איך בין אייך נישט מקנא; גלויבט מיר, איך וואָלט אויך געוואָלט אַזוי גיין אין שפּאַן. פאַר מיר איז דאָך דאָס, אייגנטלעך, דער איינציקער אויסוועג. אפשר וואָלט איר מיך אויך מיטגענומען?

— אייך מיטנעמען? וווהין?

— אין שפּאַן.

— איר ווילט גיין אין שפּאַן? — וווּנדערט זיך דער „זשאַבלינער".

— טיילמאָל קלער איך דערפון. עס איז דאָך, אייגנטלעך, דער איינציקער אויסוועג פון זיך אַליין פּטור צו ווערן.

— מיט דעם וועג וועט איר נישט ווייט דערגיין. עס גייען נאָר אין שפּאַן די, וואָס מוזן, וואָס די נויט ברענגט זיי אין שפּאַן אַריין.

— עס האַנדלט זיך נישט וועגן מוזן, עס האַנדלט זיך וועגן קאָנען, — זאָגט מירקין.

— די קאָנען, וואָס קאָנען זיך אַליין באַזיגן. דאָס איז דער ערשטער געבאָט.

— דאָס איז עס דאָך טאַקע, וואָס איך זוך, — זאָגט זאַכאַרי, רויט ווערנדיק, — איך בעט אייך, העלפט מיר דערין.

— די טירן שטייען אָפן פאַר יעדן.

זיי האָבן זיך ביידע די הענט דערלאַנגט און זיך צעגאַנגען.

שפּעטער, ווען מירקין איז געגאַנגען פאַרלאָזן דעם לערערס שטוב, האָט אים פרוי הורוויץ געכאַפּט אין אַ ווינקל.

— זאָגט נאָר, יונגערמאַן, האָט איר נאָך אַ פּאָר גראָשן אויף אַ טראַמוויי? איר האָט אייער גאַנץ געלט געוואָרפן אין פייער.

מירקין איז געוואָרן דערשטוינט פון דער פראַגע. ווען דעם האָט ער גאָרנישט געקלערט. עס איז אים עפּעס פאָרגעקומען אַזוי מאָדנע צו געפינען זיך אין אַזאַ לאַגע.

— קיין סך האָב איך ניִשט. נעמט דערווייל די פּאָר גילדן, — שטעקט זי אים אין האַנט אַריין זילבער־געלט.

— אָבער פרוי הורוויץ, — גיסט זיך מירקין אָפּ מיט רויטלעכקייט אונטער די אויערן.

— נו, אַז איר קווענקלט זיך, וועט איר גיין צופוס.

מירקין איז אַרויס פון איר קיך אַ צעטומלטער.

— אָבער פאַרגעסט נישט מאָרגן אויף מיטאָג צו קומען, ווען מיר איבערערדן מיטן מאַן, וואָס מ׳קאָן טון פאַר אייך. איך האָב מורא, אַז איר וועט איצט דאַרפן אויך קנעלן ווי די אַנדערע.

ווען מירקין האָט געהאַט פאַרלאָזט איר שטוב, האָט זי זיך גענומען צום „זשאַכלינער״. זי האָט שוין געוווּסט, אַז דאָס איז זיין קאָפּ. מן־הסתם האָט ער אין אים עפּעס אַריינגערעדט, צוליב וואָס מירקין האָט געטון אַ נאַרישקייט, און דעם יונגנמאַן וועט אויסקומען איצט צו הונ־גערן, איז זי איצט אָנגעפאַלן אויף אים.

— גיב נאָר אַ קוק, מיינע גאָטס סטראַפּטשעס! ער האָט עס נישט געקאָנט צוזען, טאָמער האָט איינער וואָס צו עסן. וואָס, די וועלט וועט שוין דערפון אויסגעלייזט ווערן, ווען ער וועט זיך פּייניקן ווי אונדזערס איינער? נאָך אַלעמען איז ער דאָך נישט געוווינט דערצו.

— זאָל ער זיך צוגעוווינען. פאַרוואָס איז ער מער מורנו פאַר אונדז? ווען ער וויל זיין מיט אונדז, זאָל ער פילן דאָס, וואָס מיר פילן.

— עס איז דאָך זיין געלט; ער האָט עס דאָך געירשנט פון זיין מוטער.

— וואָס הייסט געירשנט? פאַרוואָס קומט אים דאָס צו ירשענען? פאַר וועלכע מעשים טובים? און וואָס הייסט זיין געלט? געגנבעט געלט איז עס! געראַבעוועט געלט, געגזלט, פון בלוטיקן שווייס פון זיין פאָ־טערס אַרבעטער. אוועקגעריסן ברויט פון קליינע קינדערס מיילער איז עס! — האָט זיך דער „זשאַכלינער״ צעקאָכט. — וואָס הייסט זיין געלט? איר ווייסט ווי אַזוי מ׳זאַמלט אָן פאַרמעגנס? לייענט, לייענט און איר וועט וויסן. אָפּגעשפּאַרטע שעהען פון מענטשנס לעבן, נישט דער־שלאָפענע נעכט, נישט דערלעבטע טעג. אָנגעזאַמלט מענטשן־בלוט, מענ־טשן־שווייס, — צעקאָכט זיך דער „זשאַכלינער״.

— הערט נאָר, הערט נאָר, וואָס מיינט איר, אַז איר רעדט פאַר אַ

פאַרזאַמלונג פון אַרבעטער? איך ווייס שוין. פּיסקעווען קאָנט איר שוין גוט. איך וואָלט וואָלט נאָר געוואָלט זען אייך, אויב איר וואָלט זיך אויך אָפּ־געזאָגט פון אַ ירושה, ווען עס וואָלט אויף אייך אָנגעפאַלן.

דער „זשאַכלינער" האָט זיך אַרויסגערוקט פון אונטער אירע הענט.

## קאַפּיטל 15

# אַ הונגעריקער ביים טיש

— נאָך אַלעמען איז דער מענטש אַמנאָענטסטן צו זיין אייגן לייב, — האָט זיך מירקין געזאָגט. — און אפשר האָט דער „זשאַכלינער" רעכט: דער איינציקער און אמתער פאַקטאָר אין לעבן איז די קאַלטע נויט.

זינט ער האָט זיך געפילט אָפּגעשניטן פון נאָפּל, — ווי ער האָט אויסגעדריקט זיין ענדגילטיק צערייסן מיט זיין פאָטער, — און איז געוואָרן אַנטקעגנגעשטעלט זיינע באַדערפעונישן צו דער נאָענטסטער צייט, האָט ער פון קיין זאַך נישט געקאָנט קלערן, נאָר ווי אַזוי זיך צו פאַר־זאָרגן. די פראַגע פון מאָרגן, פון נאַכטלעגער, פון מיטאָג עסן האָט אוועק־געשטויסן אַלע איבעריקע פראַגעס. עס האָט אפילו אויסגעלאָשן זיין אויפרעגונג קעגן דעם פאָטער, פאַרשטומט אַלץ, און זיין גאַנצער געדאַנק איז געווען קאָנצענטרירט אויף איין זאַך: ווו צו נעמען אויפן נאָענטסטן מיטאָג. אַלעס איבעריקס איז אָפּגעטראָטן און פאַררוקט געוואָרן אָן אַ זייט, וואַרטנדיק אויף אַן אַנדערע צייט.

ער האָט נאָך אפילו געהאַט ווו צו וווינען. פאַר דער דירה ביי דער אַלמנה פון דאָקטאָר איז געווען באַצאָלט ביז ענדע חודש. דאָך האָט ער זיך שוין געפונען ווי אַרויסגעשטעלט אויף דער גאַס. נישט פיזיש, נאָר גייסטיק געפילט אַ מינדערוועדטיקייט און אַ געפאַלנקייט, פונקט אַזוי ווי זיין לייב און לעבן וואָלטן מיט איינמאָל געפאַלן אין פרייז און קיינער וויל זיי נישט קויפן, — כאָטש זיין לאַגע איז גאָרנישט געווען אַזאַ פאַר־צווייפלטע, ווי ער האָט געמיינט. מענטשן, וועלכע זענען נישט געוווינט צו זאָרגן וועגן זייערע טעגלעכע גייטן, ווערן ביי דעם פלוצלינגן געפינען

זיך מיטן פּנים צו דער נויט, אַזוי פאַרלוירן ווי אומבאַהאָלפענע קינדער, וואָס מ׳שטעלט צום ערשטן מאָל אַוועק אין מיטן אַ טייך. פריער, אַז ער האָט זיך נישט געבייטיקט, איז אים גאָרנישט איינגעפאַלן, אַז אַ מיטאָג עסן איז אַזאַ וויכטיקע זאַך, אַז מ׳באַדאַרף זיך אויף דעם אָפּשטעלן. ווען מ׳האָט אים געבעטן מיטצועסן ביי די הורוויצעס, האָט ער עס גענומען פאַר אַזאַ נישטיקייט ווי אַ טרונק וואַסער. איצט אָבער האָט זיך אים אויסגעדאַכט, אַז עס שטייט ביי אים אויפן שטערן אָנגעשריבן, אַז ער איז הונגעריק, און קוים וועט ער נאָר אַריינקומען צו דער פרוי הורוויץ אין שטוב, וועלן אַלע שוין אַראָפּלייענען פון זיין פּנים, צו וואָס ער איז געקומען. ער האָט זיך צוליב דעם אַרומגעדרייט אין גאַס און אָפּגעוואַרט ביז אים איז אויסגעקומען, אַז דאָרט ביי די הורוויצעס האָט מען שוין לאַנג אָפּגעגעסן. קוים אָבער האָט ער געעפנט די טיר, האָט אים אַנט־קעגנגעשלאָגן אַ ריח פון אַ בוריקע־באָרשטש, וואָס האָט אים געבראַכט דאָס וואַסער אין מויל אַריין. ער האָט געפונען די פאַמיליע אַרום טיש ביי דעם אָנגעצונדענעם לאָמפּ. אַלע האָבן געגעסן מיטאָג. קיינמאָל האָט פרוי הורוויצעס שטוב נישט אַרויסגערופן ביי אים אַזאַ וואַרים געפיל פון היים און צוגעהעריקייט, ווי איצט. די משפחה זיצט אַרום דעם גע־דעקטן טיש, ווו דער שיין פון מילך־לאָמפּ איז געפאַלן איבער די פּנימער און איבער די שיסלען מיט די עסנס, אַ פאַמיליענדיקע וואַרימקייט האָט געהערשט אַרום דעם טיש. פרוי הורוויץ מיט איר מוטערלעך אָפן פּנים, וואָס ווייסט, דאַכט זיך, פון אַלצדינג שוין, אַז ער האָט היינט נישט גע־האַט אין מויל, און אַז ער איז זייער הונגעריק, איז געזעסן אַ באַלעבטע אַרום איר גרויסן טעלער מיט קאַרטאָפל און קרויט און געטיילט פּאָרציעס מיט אַ גאָפּל און אַ לעפל, וואָס זי האָט געהאַלטן אין אירע ענערגישע הענט. אַ געשמאַק צוזאַמען מיט אַ פּאָרע זענען אויפגעגאַנגען פון די טעלער און צעלייגט זיך איבער דעם טיש, איבער דער שטוב. דער גע־שמאַק פון רויטן באָרשטש און מיט פלייש־זאַפט און ציבעלע־אָנגעריי־שעכטס באַגאָסענע קאַרטאָפלעס זענען אויך דערגאַנגען צו אים, און האָבן אויפגעוועקט און אויפגעעפנט אַלע זיינע אָדערן, און אַלע צעלן פון זיין הויט האָבן געזוכט צו טרינקען דעם געשמאַק און פּאָרע פון עסן, כאָטש אַזוי אַרום זייער הונגער צו שטילן. זיין מויל איז פול געוואָרן מיט וואַ־רימלעכן גאַוועך; זיינע נאָזלעכער האָבן זיך פאַרשפּרייט, און אַלע זיינע

חושים און געדאַנקען זענען פאַרנומען געװען מיט אַ װילדן פאַרלאַנג אויך אַרײַנצושטעקן זײַן גאָפּל אין דעם טעלער, פון װאַנען עס גייט אויף די פּאַרע, און אײַנצובײַסן. מירקין האָט זיך אַזש פאַרשעמט פאַר זיך אַליין. ער האָט קיינמאָל גאָרנישט געװוּסט, אַז עסן איז אַזאַ װיכטיקער ענין, װאָס קאָן דיך מאַכן װילד; אַז ברויט מיט קימל באַשאָטן, װאָס ער זעט איצט פון טיש אַראָפּ, איז אַזאַ טייערער ביסן, און אַז געפּיקלט פלייש און קאַרטאָפל, אַפילו רעשטן בוריקע-באָרשטש אין אַ שיסל, זענען אַזעלכע געשמאַקע זאַכן, אַז עס קאָן דיך אָן אַלצדינג מאַכן פאַרגעסן, און אַפילו אַ מיאוסע זאַך אָפּצוטון, אַבי זיי צו דערגרײַכן.

— גוט, װאָס איר זענט געקומען, מיר האָבן געװאַרט אויף אײַך מיט מיטאָג. נישט געקאָנט דערװאַרטן. קומט פלינקער אַהער צום טיש, — זאָגט פרוי הורװיץ, און מאַכט שוין גרייט פאַר אים אַ פּלאַץ, אויף װעלכן זי שטעלט שוין אַװעק אַ טעלער.

אין מירקינען האָט זיך געגעבן אַ װעק דער אַפּעטיט, װי בײַ אַ הונגעריקן הונט, װאָס דערזעט אַ ביין. ער האָט אַראָפּגעשלונגען דאָס װאַסער פון מויל און געזאָגט:

— אַ שאָד, נישט געװוּסט, אַז איר װאַרט. ערשט נאָר־װאָס אָפּ־געגעסן אין דער היים.

— װאָס דערצײלט איר פאַר אַ מעשיות? איר האָט דאָך אָפּגעזאָגט אײַערע מיטאָגן אין דער היים. קומט אַהער צום טיש.

מירקין איז רויט געװאָרן. עס האָט זיך אים שוין איצט אויסגע־װיזן, אַז זײַן הונגער האָט אים פאַרראַטן פאַר אַלעמען אין די אויגן. ער האָט װי אָנגעשריגן אויף זײַנע אַפּעטיט־חושים און אָנגערופן זיך מיט אַ זיכערן טאָן:

— איך װאָלט זיך געװען געשעמט בײַ אײַך צו עסן, װען איך װאָלט הונגעריק געװען? — האָט ער זיך באַמיט צו שמייכלען.

פרוי הורװיץ האָט אים אָנגעקוקט מיט איין אויג און געזאָגט צו אים מיט אַ גוטמוטיקן געלעכטערל:

— איז עס נאָר אמת?

— מאַמע, — האָט די עלטסטע טאָכטער געצויגן די מוטער בײַ דער שירץ.

מירקין האָט שוין באַהערשט זיינע אַפּעטיטן און געקוקט ערנסט אויף זיינע שפּיץ פינגער.

— איך גלויב, אַז הער מירקין איז דערוואַקסן גענוג צו עסן, ווען ער איז הונגעריק, — קומט דער לערער אים צו הילף, — נאָר ווייבער זענען שוין אַזוי. זיי האָבן אַ טבע דיך צו קאָרמענען, צי דו ווילסט יאָ, צי דו ווילסט נישט, — זאָגט דער לערער, און כדי אַרויסצוגעמען מירקינען פון דער אומאַנגענעמער סיטואַציע און כדי אַרויפצופירן דעם געשפּרעך אויף אַן אַנדערער טעמע, — האָט ער זיך ווייטער געווענדעט צו מירקינען:

— מיין ווייב האָט מיר געזאָגט, אַז איר ווילט זיך ווידמען אונדזער פּראָפעסיע.

— יאָ, איך ווייס נישט, אויב ס'איז מיין באַרוף, נאָר איך מיין, אַז איך וואָלט עס גערן געהאַט.

— דאָס איז שוין פיל, גערן צו האָבן אַ זאַך. עס וועט נישט זיין שווער. נאָך דערצו פאַר אייך, וואָס האָט געענדיקט אוניווערזיטעט. איר וועט דאַרפן אָפּגעבן אַן עקזאַמען און ווערן באַשטעטיקט פונעם אינספּעקטאָר, דערנאָך וועט איר קאָנען האָבן לעקציעס אין שולן.

— ער וואָלט באַלד באַדאַרפט האָבן אַ פּאָר שטונדן אין פּריוואַטע הייזער אַלס קאָרעפּעטיטאָר. דאָס איז די ערשטע זאַך, — זאָגט דאָס ווייב.

— נו, נו, איך קאָן נאָך וואַרטן אַביסל.

ער האָט זיך גערויטלט ביי די ווערטער, ווי ער וואָלט זיך מודה געווען אין עפּעס, וואָס איז נישט ריכטיק.

— איך קאָן אויך פרעגן אין די הייזער, וווּ איך קום. איך גלויב, אַז עס וועט נישט זיין שווער צו געפינען שטונדן, — זאָגט דער מאַן.

— עס איז זייער ליבנסווירדיק פון אייך. נאָר איך ווייס ווירקלעך נישט, וואָס איר האָט זיך צו מיען; אַזוי שלעכט האַלט עס נאָך נישט ביי מיר.

די לעצטע ווערטער זענען אַרויסגעזאָגט געוואָרן אין אַזאַ פאַרלוירענעם טאָן, אַז עס האָט פאַרראַטן זיין גאַנצע סיטואַציע, און אַלע זענען עפּעס מיט איינמאָל שטיל געוואָרן ביים טיש.

אין אַ ווײַלע אַרום, אַז אַלע האָבן שוין געשוויגן און געוואָלט שוין

איבערגיין אויף עפּעס אַנדערש, האָט זיך אָנגערופן די עלטסטע טאָכטער העלענע:

— פאַרוואָס זאָל הער מירקין נישט געבן ביי אונדז אין שולע קיין לעקציעס פון רוסיש? אונדזער רוסיש-לערער איז אַן אומוויסנדער טשי־נאָווניק. די קינדער מאַכן נישט קיין פּראָגרעס. איך מיין, אַז ווען מען זאָל אָנווענדן פּראָטעקציע, כאָטש דורך דער דאָקטאָראָווע זילבערשטיין, קאָן מען באַקומען די דערלויבעניש פון אינספּעקטאָר דאַרויף. מיר האָבן שוין אַ פּאָר מאָל געהאַט אַזעלכעס.

— דעם רוסישן לערער האָט דער אינספּעקטאָר אַריינגעזעצט נישט פאַר לערנען, נאָר פאַר בשרקייט ווענן. איך גלויב נישט, אַז ער וועט צו־לאָזן אַן אַנדערן רוסישן לערער אין אונדזער שולע.

— מיר וועלן אים באַצאָלן זיין געהאַלט, און לעקציעס וועט געבן הער מירקין. ער וויל דאָך נישט מער סיי־ווי־סיי נאָר זיין געהאַלט, — זאָגט די יינגערע זאָשקע, וואָס איז שטענדיק געווען אין אַזעלכע זאַכן דערפינדעריש, — וועלן זיי דערפון כאָטש עפּעס האָבן, ווען מען מוז שוין לערנען די רוסישע שפּראַך.

דער לערער האָט געשוויגן. די טאָכטער האָט אָנגערירט אַ דעלי־קאַטע פּראַגע. די שולע האָט זיך קוים אויסגעהאַלטן, און שטענדיק האָט מען געלעבט אין זאָרגן. נאָך נעמען אויף זיך אַן איבעריקע הוצאה, וואָלט געווען אַ שווערע זאַך.

מירקין איז די גאַנצע צייט געזעסן, ווען דאָס געשפּרעך איז אָנגע־גאַנגען וועגן אים, ווי אויף שפּילקעס. זיין גאַנץ פּנים האָט געפלאַמט. מ'האָט אָנגעזען, אַז דער יונגערמאַן קאָכט זיך אין זיין אייגן בלוט. אָלע האָבן דאָס געפילט. און דער לערער הורוויץ, כדי דערפון אַן ענדע צו מאַכן, האָט אָנגעהויבן צו רעדן מיט זיין משפחה וועגן הויזלעכע זאַכן.

די גאַנצע צייט, וואָס מירקין איז געזעסן און גערעדט מיט דער משפחה, האָט ער דערפילט אַ פּאָר וואַרימע אויגן, וואָס רוען אויף אים. ער איז געזעסן אין געהאַקטע צרות און פאַרגעוואָרפן זיך זיין קינדישע שוואַכקייט און פאַרלוירנקייט. ער איז דערווידער פאַרגעקומען זיך אַליין:

— טויזנטער און טויזנטער מענטשן געפינען זיך אין דער זעלבער סי־טואַציע, וואָס איך, און קיינער קומט זיך נישט קלאָגן. ער האָט זיך גע־רויטלט אין זיין שוואַרצער באָרד אַריין און געזוכט אַ וועג, ווי פון דאַנען

ארויסצוקריגן זיך מיט דעם געדאנק, קיינמאָל נישט מער צוריקצוקומען, צו באַשטראָפן זיך אַליין פאַר זיין אַנוואַרפן זיך אויף פרעמדע מענטשן.

— נאָך אַלעמען, ווער איז דאָס מחויב אַנטייל צו נעמען אין מיי־נע צרות? און וואָס לויף איך דאָס אַרום און פּויק זיי פאַר אַלעמען אויס?

ער איז זיך פאַרגעקומען נאָך ביליקער און נאָך מער געפאַלן ביי זיך, ווי ווען ער איז אַריינגעקומען, און נאָר געזוכט אַ געלעגנהייט ווי אויפ־צוהייבן זיך פונעם טיש און אַרויסצוקומען פון דאַנען.

און דאָ איז נאָך צוגעקומען דער וואַרימער בליק אויף אים. ער האָט דורך דער הויט פון זיין פּנים דערפילט אירע וואַרימע אויגן און דעם רחמנותדיקן, כמעט ווייטיקדיקן ברען פון אירע אויגן.

— וואָס קוקט זי אַזוי? וואָס וויל זי? — האָט ער זיך געשאָלטן.

ער האָט אויפגעהויבן זיינע אויגן איר איינמאָל פאַר אַלעמאָל אָפּ־צוענטפערן מיט געבייזער און שטאָלצקייט. זיין בליק איז פאַרשטאַרט געוואָרן. עס האָבן געקוקט אויף אים אַ פּאָר קלאָרע, אָפענע, ברייטע בלויע אויגן, וואָס האָבן זיך אַנגעהאַנגען אויף אַ בלייך מיידלש געזיכט. איר בליק איז נישט געווען קיין רחמנות־בליק, נאָר אַ טיף זוכנדיק, אַן עקשנותדיק בליקן דערפאַר, ווייל זי וויל אַזוי. דערביי איז איר געזיכט אַזוי ערנסט געווען. וואָס מער מירקין האָט זי געפּרוווט אָפּוועגדן, אַלץ ערנסטער און טיפער האָט זי אים אַריינגעקוקט אין די אויגן אַריין, אַזוי דירעקט און אַזוי בכיוונדיק, אַז ער האָט זיך דערשראָקן, ס'זאָל נישט אַרויסרופן קיין אויפמערקזאַמקייט. ער האָט פלינק אַוועקגענומען זיינע בליקן, כאָטש ער האָט געמוזט שוין קוקן אין איר ריכטונג. זיין אויג האָט איצט דערגרייכט ביז צו איר האַלדז און איז געפאַלן אויף אירע פלאַכע אָרים־מיידלשע בריסטן. אַנגעטון אין אַ שוואַרץ־וויים געקעסטלט קליידל, וואָס האָט זיך אים אויסגעוויזן אַזוי היימיש און באַקאַנט פון ערשטן מאָל נאָך, ווען ער האָט געזען איר מיידלשע פיגור, האָט זי געשניטן אַזאַ אָרימע ליניע, אַז זי האָט דערוועקט רחמנות צו זיך ווי אַ טויב. אַלץ אין איר פיגור איז געווען מיידל־אָרים און נישט אַנרירעוודיק. דאָס געפיל פון רחמנות האָט געוועקט די פלאַכקייט פון איר ברוסט און אירע אַראָפּ־פאַלנדיקע אָרעמס. מירקינען האָט זיך געדאַכט, אַז ער האַלט צווישן זיי־נע פינגער אַ דין באַפעדערט העלדזל און מורא געהאַט, אַז ער זאָל נישט ווייטון. ער האָט מורא געהאַט צו קוקן אויף איר, אַפילו אויף איר

קאַפּטאַנדל, אַז ער זאָל זי נישט צעקאַליעטשען מיט זיינע בליקן. ער האָט זיך גענומען צו טראַכטן װעגן עפּעס אַנדערש, כאָטש װעגן עסן, װאָס װאַלגערט זיך אַרום אױפן טיש. נאָר דער אַפּעטיט האָט זיך אַצינד װי איינגעשטילט און ער האָט געקלערט:

— פון װאַנען נעמט זיך אין אַזאַ מיידלשן שװאַכן קערפּער אַזאַ שטאַרקייט אין בליק? — און כדי אָפּצוהאַקן, האָט ער נאָר אָפּגעװאַרט ביז דאָס מיטאָג װעט זיין פאַרביי און געקליבן זיך אַװעקצוגיין.

פרוי הורװיץ האָט אים פאַרהאַלטן ביי דער טיר.

— איך װעל אייך זאָגן מיט אַן אמת, פאַניע מירקין, אַז אַזאַ פירן זיך האָט אפשר געפּאַסט אין יענע ערטער, פון װאַנען איר קומט, װו מ'האָט נישט געהאַט עפּעס בעסערס צו טון, נאָר צו שפּילן זיך אין צע־רעמאָניעס. שיין װאָלטן מיר געװען אױסגעזען, װען מיר װאָלטן זיך איינער פאַרן אַנדערן געשעמט מיט אַזעלכע זאַכן. װי אַזױ װאָלטן מיר געװען געלעבט? װי אַזױ װעלן מיר זיך קאָנען אַמאָל װענדן צו אייך נאָך עפּעס, װען מיר װעלן זיך געפינען אין אַ נױט, אַז איר רעכנט זיך מיט אַזעלכע קלייניקייטן װי אַ מיטאָג אָפּעסן? דאָס איז אפשר גוט פאַר רייכע מענטשן, מיר קאָנען זיך נישט דערלױבן אַזעלכע זאַכן.

— איר האָט רעכט, — האָט זאַכאַרי זיך מודה געװען.

— אַנומלט האָב איך געהאַט אַ פּאָר גילדן, האָט איר נישט געװאָלט נעמען. הייגט האָב איך נישט מער װי גראָשנס. נעמט עס און גייט אַריין אין אַ מילכיקן רעסטאָראַן און עסט אָפּ, — זאָגט זי, אַרױסנעמענדיק פון איר שערצן־טאַש קליינגעלט, און אים אַריינגעשטעקט. — איר זענט דאָך הונגעריק; איך װייס דאָך.

מירקין האָט צוגענומען די קופּערנע מטבעות, װאָס זי האָט אים געשטעקט אין האַנט אַריין.

— אפשר דאַרפט איר עס פאַר אייך? איך װעל מיר קאָנען באָרגן װו עס איז.

— װו װעט איר זיך באָרגן? איך װעל זיך פלינקער אַן עצה געבן פאַר אייך.

— איך דאַנק אייך.

— שמירט אייך אױס די שיך. און געדענקט, אַז מ'בעט צו מיטאָג

און מ׳איז הונגעריק, עסט מען מיט. אַז נישט, לויפט מען אַרום מיט אַ הונגעריקן מאָגן.

מירקין האָט געשוויגן.

— וואַרט נאָר אַביסל. דעם עפּל קאָנט איר מיטנעמען אויפן וועג, — זאָגט זי און דערלאַנגט אים אַן עפּל, וואָס זי האָט אַרויסגענומען פון איר קיך־שענקל.

זאַכאַרי האָט געשמייכלט אין זיין בערדל אַריין, און דעם עפּל באַהאַלטן אין זיין טאַש.

## קאַפּיטל 16

# אַרויסגעטריבן דעם מפּונק

ווען מירקין איז אַראָפּגעקומען פון פרוי הורוויצעס טרעפּ, האָט זיין פּנים געברענט פאַר בושה. אין דער האַנט האָט ער געהאַלטן די פּאָר האַרטע קופּערנע מטבעות, וואָס פרוי הורוויץ האָט אים אין דער האַנט אַריינגעשטופּט. אין דער טאַש — דעם עפּל. ער איז זיך פאָרגעקומען ווי אַ בעטלער, וואָס גייט איבער די הייזער. זיין גאַנצער משפחה־שטאָלץ האָט זיך אויפגעוועקט אין אים, און ער איז זיך פאָרגעקומען ווי ער וואָלט באַגאַנגען אַ שענדלעכע זאַך, וואָס שטופּט אים אַרויס פון דער ריי פון זיין משפחה אויף אַלע צייטן.

ער איז בייז געווען אויף זיך פאַר די געפילן. — וואָס פאַרא מפּונק בין איך דאָס? וואָס פאַר אַן איידעלער יונגערמאַנטשיק, — האָט ער זיך געזידלט. — און וואָס פאַרא שייכות האָב איך מיט דעם, וואָס איז געווען אַמאָל?

ער האָט געוואָלט עפּעס טון אַ זאַך, וואָס עס זאָל אים איינמאָל פאַר אַלעמאָל אָפּשניידן פון זיין גאַנצער פאַרגאַנגענהייט. ער האָט געפילט אַ באַדערפעניש זיך אַליין צו באַשטראָפן, אָפּצוטויטן אין זיך די נאַרישע, אומבאַדערפטיקע געפילן פון משפחה־שטאָלץ, פון אייגענעם שטאָלץ. — וואָס איז שטאָלצקייט? — האָט ער זיך געפרעגט. — דאָס איז דאָך אַן איבעריקער פּוסטער באַלאַסט, איינגעשאַפּט זיך דורך ווויל־

טאָג. וואָס איז ערע? — אַן אינסטינקט פון פריווילעגירטע. מיליאָנען מענטשן, וואָס מוזן לעבן מיט קאַרג־נויטווענדיקס, קאָנען זיך נישט דער־לויבן דאָס געפיל פון שטאָלצקייט און נישט דעם לוקסוס פון ערע. צו וואָס דאַרף איך עס? פאַרוואָס קאָן איך נישט לעבן אָן זיי, ווען איך מוז?

ער האָט געזוכט אַ מיטל ווי אַזוי זיך אַליין צו דערנידעריקן. ס'איז ביי אים אויסגעקומען כאָטש צו גיין און אָוועקשטעלן זיך אין מיטן גאַס און אויסצושטרעקן אַ האַנט און בעטן אַ נדבה. דער שכל האָט עס מחייב געווען. מענטשן לעבן אין קאָלעקטיוו, ווי אין אַטמאָספערע. איינצל, פאַר זיך, קאָן דער מענטש נישט עקזיסטירן. דאָס גיט דעם יחיד דאָס רעכט צו פאָדערן פון רבים. ס'זענען נאָר די רייכע, וואָס לעבן ווי איינזאַמע חיות פון דעם אָנגעזאַמלטן גוטס. די אָרימע, וואָס די נויט ברענגט זיי צו זאָרגן טאָג־טעגלעך פון שעה צו שעה איבער זייער חיונה — זיי לעבן סיי־ווי־סיי דורך דער קאָלעקטיווער הילף, וואָס זיי גיבן איינער דעם אַנדערן בתורת־הלוואה, אָדער גמילות־חסד, מיט דער האָפענונג, אַז אין אַ שעה פון נויט וועט מען צוריקגעבן, אַזוי ווי פרוי הורוויץ האָט אים היינט געזאָגט. ס'זענען נאָר די רייכע, וואָס שעמען זיך מיט זייערע נויטן איינער פאַרן אַנדערן, ווייל ס'עקזיסטירט ביי זיי נישט דאָס געפיל פון קאָלעקטיוו. די אָרימע שעמען זיך נישט מיט זייערע נויטן איינער פאַרן אַנדערן, ווייל זיי לעבן, אומבאַוווסט, אין אַ סאָציאַל־קאָלעקטיוו לעבן.

אויסשטרעקן די האַנט נאָך אַ נדבה — וועט ער נישט. ער נייטיקט זיך נישט. ער האָט די פאָר קופערנע מטבעות, וואָס פרוי הורוויץ האָט אים געגעבן אויף אַ מאָלצייט. דער אָרימאַן דאַרף נישט מער זאָרגן ווי וועגן נעכסטן מאָלצייט. דאָס געלט וועט אים גענוגן אויף אַ מילכיק עסן אין אַ מילכיקן רעסטאָראַן, וווּ ער איז איצט אַהינגעגאַנגען. אָבער טון דאַרף ער עפּעס, כדי צו ברעכן זיין שטאָלץ, ניין, אַרויסצושלאָגן פון זיך דעם מפונק — צו באַצווינגען זיך.

ער ווייסט, וואָס ער וועט טון. ער וועט גיין פאַרביי דער ביליקער קיך.

דאָס בלוט אין אים שטראָמט, באַוועגט זיך האַסטיקער. ער פילט ווי עפּעס אין אים וועט נישט צולאָזן, אַנטקעגנשטעלן זיך, — וועט מען דאַרפן זיך ראַנגלען.

אויפן וועג צום רעסטאָראַן געפינט זיך אַ שטאָטישע ביליקע קיך.

יעדעס מאָל, ווען מירקין האָט געזען די האַלב־נאַקעטע פאַרפוילטע מענטשן, ווי עס וואָלט אויף זיי שטיקער פלייש געפוילט, וועלכע וואַרטן אין זייערע רייען פאַר דער טיר פון דער ביליקער קיך, — האָט ער גע־מוזט שטענדיק אַריבערגיין אויף דער צווייטער זייט טראָטואַר, כדי ער זאָל נישט דערפילן די שווייצנדיקע פּאַרע, וואָס שלאָגט פון דער קיך אַרויס, אַזוי ווי פון אַן איינגעפּאַרעטער באָד אַרויס. אין זיין מחשבה האָט ער זיך קיינמאָל נישט געקאָנט פאַרשטעלן זיך אַליין אַמאָל אין די רייען פון די, וואָס וואַרטן אויף אַ ביליק מיטאָג. עס האָט זיך אים גע־דאַכט, אַז ער וואָלט פריער געשטאָרבן, ווען עס וואָלט אויסגעקומען דאָס צו טון. דאָס מאָל אָבער, פאַרבייגייענדיק די קיך, איז אים איינגעפאַלן אַ קאַפּריז דווקא אַהין אַריינצוגיין, אַוועקשטעלן זיך מיט די בעטלער און אָפּעסן אַ ביליק מיטאָג פאַר זעקס גראָשן. עס איז נישט געווען בלויז דער הונגער, וואָס האָט אים געשלעפּט צו דער קיך. דער הונגער אויך. דער עפּל, וועלכן ער האָט שוין געהאַט אויפגעגעסן אין מיטן גאַס, האָט נאָר אויף אַ ווייל פאַרלאָשן דעם דאָרשט. אין זיין ליידיקן מאָגן האָט ער אָבער געווירקט ווי אָפּגעקאָכטער עסיג. נאָכן אויפעסן דעם עפּל האָט ער נאָך מער איצט דערפילט די פּוסטקייט פון זיין מאָגן און אַ לערקייט אין זיינע געדערים, וועלכע זענען זיך צונויפגעפאַלן; דאָס מויל האָט געוואַסערט, אַז ער האָט דערשמעקט דעם זיסלעכן שוויים־געשטאַנק, וואָס שלאָגט פון דער ביליקער קיך. נאָר ער האָט זיך איינגערעדט, אַז עס ווירקט נישט אַזוי אָפּשטויסנד און דערווידער, ווי אַן אַנדערשמאָל. פאַר־קערט, דער קיך־געשמאַק האָט גערייצט זיין הונגער. און ער האָט אָפּגע־מאַכט ביי זיך, אַז דאָס דאַרף מען טון.

מיט שרעק האָבן זיך אַלע זיינע אינסטינקטן „צוגעקוקט", ווי מיר־קין גייט־צו צו דער ביליקער קיך. ער שטופּט זיך צווישן די אָרימע. אַלצ־דינג האָט אָנגעהויבן אין אים איצט צו שרייען און צו פּראָטעסטירן. די נאָז האָט דערשמעקט די געשמאַקן. דאָס וואַסער אין מויל איז וואַרימ־לעך געוואָרן. אַ שטיקנדיקע ענגע לופט האָט אָנגעפילט זיין האַלדז, אָבער ער האָט אויף גאָרנישט געקוקט. עס איז געווען אַן אויספּרווון זיך אַליין, אַ נויטן זיך אַליין, אַ שלעפּן זיך אַליין, אַ געראַנגל מיט זיינע איינגע־בוירענע נייגונגען און צוגעוווינטער באַקוועמלעכקייט. מ'מוז זיי איינ־מאָל פאַר אַלעמאָל פאַרניכטן, באַזיגן און נויטן זיי צו דער דערנידערונג.

עס האָט זיך אים געדאַכט, אַז מיט דעם, וואָס ער וועט שטיין אין איין ריי מיט בעטלערס און גאַס־מענטשן, וועט ער מיט איינמאָל אָפּשניידן מיט זיין גאַנצער פאַרגאַנגענהייט. און אַזוי ווי אַלע זיינע חושים האָבן נאָך פּראָטעסטירט קעגן דעם אַטענטאַט אויף זייער וויל־געבווירנקייט, וואָס ער גייט ברענגען אויף זיי, האָט ער זיי מיט גוואַלד אַריינגעשלעפּט אין דער „ביליקער קיך”. ער האָט באַצאָלט זיינע זעקס גראָשן און גע־נומען אַ צינענעם טעלער און אַן אָפּגעריבענעם, שוואַרץ־פאַרדעכטיקן לעפל, וואָס ווער ווייסט, ווער עס האָט פאַר אים מיט אים געגעסן, און אַוועקגעשטעלט זיך אין דער רייע. פאַר אים זענען געשטאַנען בעטלער מיט שטיקער לייבער, וואָס האָבן אַרויסגעקוקט פון זייערע שמוציקע וועש און קליידער, באַוואַקסן מיט בלאָטע און אַנדערע מיאוסקייטן. הינטער אים זענען געשטאַנען פאַרדעכטיקע פאַרשוינען מיט פאַרטרוקנטע פּני־מער, אַרויסגעזעצטע אויגן, אָנגעשוואָלענע נעזער, פון וועלכע עס האָט זיך געטראָגן ריחות פון שנאַפּס און פאַרלעגענעם קאָלבאַס. פון דער קיך, ווו די קעסלען מיט עסנס האָבן זיך געקאָכט, האָט געזעצט אַ פּאַרע און אַ געשטאַנק, ווי עס וואָלט זיך דאָרט נישט קיין געקעכטס געקאָכט, נאָר שמוציקע וועש און צעלאָזענע זייף. אין וואָלקן פון רויך זענען געזעסן אַרום אַ לאַנגן טיש, באַלויכטן מיט אַ רויכערנדיקן לאָמפּ, ברואים, וואָס האָבן אויסגעזען ווי דריי פערטל מענטשן, ווי האַלבע מענטשן. די אַנ־דערע טיילן האָבן געפעלט פון זיי... און מיט התמדה, וואָס האָט פאַר־ראַמן קרענקלעכקייט, האָבן זיי אויסגעלעקט מיט די לעפל די רעשטע טראָפּנס געקעכטס פון זייערע שיסלען און אויפגעשניפּט מיט די נעזער און מיילער יעדעס קרישל ברויט, וואָס איז אַראָפּגעפאַלן איבער זייערע קליידער.

ווען זיי האָבן דערזען אַזאַ שיין אָנגעטוענעם פּריץ צווישן זיך אין דער ריי, האָבן אויף מירקינס אַדרעס אָנגעהויבן צו פאַלן פאַרשידענע באַמערקונגען און געלעכטערס. מירקין האָט זיך נישט געמאַכט דערפון; געשטאַנען מיט זיין טעלער אין האַנט און צוגערוקט זיך צו דער קיך. זיי־נע שכנים האָבן אָבער געקאָנט מאַכן אַזעלכע געשיקטע מאַנעווערס, אַז ער איז יעדעס מאָל אַרויסגעשלאָגן געוואָרן פון זיין פּלאַץ און פאַררוקט געוואָרן אויף הינטן. מירקין האָט אַלץ איבערגעקומען, געשטופּט זיך לייב

און לייב מיט שמוציקע גופים, ביז ער האָט ענדלעך זיך דערשלאָגן צו דער קיך.

דער קוכער, אַ גוי מיט פּוילנדיקע וואָנצעס און קרענקלעך רויטע באַקן, האָט אים אָנגעקוקט מיט באַזויפנדע אויגן און מיט זיין קאַרטאָפל־נאָז, געשאָקלט דעם קאָפּ אויף אים, ווי ער וואָלט עפּעס געוואָלט זאָגן, נאָר פאַרשוויגן.

ער האָט אים געגעבן אַ גרעסערע פּאָרציע זופּ און אויסגעזוכט אין קעסל אַ וואָגעדיקן ביין, געזוכט אויך אַ גרעסער שטיק ברויט און דער־לאַנגט אים. מירקין האָט זיך צוזאַמען מיט די אַנדערע, אַוועקגעזעצט ביים טיש, גענומען עסן די זופּ מיט ברויט, כאָטש ס'איז נישט געקראָכן אין מויל אריין. ער האָט זיך גענויט צו קריגן אַפּעטיט צו זיי, צו וואָס דער הונגער האָט אים אויך צוגעהאַלפן; געמאַכט זיך עסן מיט געשמאַק און זיך איינגערעדט, אַז ס'איז גאָרנישט אַזוי שלעכט. פאַרקערט, עס האָט אים זייער געשמעקט.

געשטילט זיין הונגער, איז ער געוואָרן צופרידן פון זיך ווי אַ יינגל, וואָס האָט אויסגעהאַלטן דעם עקזאַמען. ער האָט זיך געזאָגט: נאָך אַלעם, איז עס גאָרנישט אַזאַ שווערע זאַך צו הונגערן. דאָס זאָל עס זיין אינ־גאַנצן?

ער איז אַרויסגעקומען אין גאַס. דער פרישער, קילער ווינט האָט אים גוט געטון. ער האָט געשמאַק געאָטעמט די לופט. פּלוצים איז גע־קומען עפּעס איבער אים פון אינעווייניק אַרויס, וואָס איז שטאַרקער גע־ווען פון זיינע פילאָזאָפיעס, און מעכטיקער פון זיין קאָנטראָל. פאַר די אויגן האָט אים אָנגעהויבן צו שווינדלען, אין מויל איז אָנגעקומען אַן אָנגעוואַרימט שפּייעכץ. ס'האָט אים אָנגעהויבן נישט גוט צו ווערן, און ווי אַן אומבאַהאָלפן קינד, האָט ער צוריקגעגעבן אין מיטן גאַס אַלצדינג, וואָס ער האָט גענאָסן אין דער ביליקער קיך...

מענטשן זענען פאַרבייגעגאַנגען און אָפּגעטראָטן דעם וועג פון אים, געשאָקלט אויף אים מיטן קאָפּ.

— אַזאַ פיינער מענטש, אַזוי שיין אָנגעטון און שעמט זיך נישט צו שכורן, — זאָגט אַ פאַרבייגייענדיקע יידענע.

אַנדערע פאַרבייגייער האָבן אים אויסגעמיטן אָפּטרייסלענדיק זיך.

מירקין האָט זיך פאַרשעמט, פלינק זיך געבראַכט אין אָרדענונג און אַנטלאָפן פון דעם אָרט ווי אַ גנב.

— וואָס פאַר אַ פאַרשאָלטענער מפונק איך בין דאָס? — האָט ער זיך געזידלט. — אַ נדבה געמען געקאָנט, קהלשן אָנשטאַלט באַנוצן געקאָנט, נאָר נישט אויסגעהאַלטן.

אַ יאושדיק, אומבאַהאָלפן געפיל האָט אים ווידער אַרומגענומען.

— וואָס קומט אונדז אַרויס פון אַלע אונדזערע טעאָריעס, וואָס מיר מאַכן זיך, און פון אַלע אונדזערע באַשלוסן, וואָס מיר נעמען אָן, אַז מיר זענען אָנגעבונדן אין אונדזער חיונה, ווי די קו צו דעם גראָז? אַ ליאַדע וואָס — און מיר פאַלן ווי צום טויט־פאַראורטיילטע פליגן. אַלע זענען מיר אָנגעבונדן מיט אַ שטריק ערגעץ צו אַ דרענגל. מיר קאָנען פליען, לויפן איין צאָל, צוויי צאָל — אַזוי לאַנג, ווי ס'איז אין אונדז דאָ דאָס ביסל חיונה. באַלד שלעפט מען אונדז צוריק צו דעם דרענגל, צו וועלכן מיר זענען צוגעבונדן דורך אונדזערע קהלשע שטריק...

פאַרשעמט זיך פאַר זיך אַליין פאַר דער אומבאַהאָלפנקייט, וואָס איז אים איבערפאַלן, האָט ער צוגעלייגט:

— אויף אַלע אופנים וועט מען דאַרפן דעם מפונק פון זיך אַרויסשלאָגן, מיט אַ קלין אַרויסשלאָגן, ווען עס וועט נישט גיין אַנדערש.

## קאַפּיטל 17

# איינגעקויפט זיך אין מילכיקן רעסטאָראַן

אינעם מילכיקן רעסטאָראַן האָט ער אָנגעטראָפן זיינע באַקאַנטע. עס איז געווען נאָך דער געוועגלעכער עס־שעה, נאָך דער צייט, ווען דער רעסטאָראַן איז באַזעצט מיט פרעמדע מענטשן.

עס איז שוין געווען שפּעטלעך. אין רעסטאָראַן זענען געבליבן די פאָר אינטעליגענטן. האַלבע אָדער גאַנצע פּאָליטישע טוער, אַ פאָר לערער־עקסטערנעס, אָדער גלאַט אַזוי יונגעלייט, וואָס האָבן נישט געהאַט קיין וואַרימע היים, קיין איינגעהייצטע שטובן און קיין ליכטיקע טישן,

ארום וועלכע זיי זאָלן זיך באַהאַלטן פון דער גאַסנדיקער קעלט. זיי אַלע האָבן זיך באַנוצט מיט דער גאַסטפריינטלעכקייט פונעם באַלעבאָס פון רעסטאָראַן, וואָס איז אַליין געווען אַן אייגענער מענטש, אַן אינטעליגענט און אַ שטיקל ליטעראַט. אינעם רעסטאָראַן איז געווען האַלב־טונקל. אַ שאָד געווען ליכט אויסצוברענען פאַר די ווייניק פּרנסה־ברענגענדיקע קונדן, האָט דער באַלעבאָס אויסגעלאָשן די אַלגעמיינע ליכט און גע־לאָזט נאָר ברענען די עלעקטריע אַרום טישל, וואָס איז געווען באַזעצט מיט מירקינס נייע באַקאַנטע.

דער באַלעבאָס, אַ שיינער ייד, מיט אַ ברייטער גראָער באָרד, אַ הדרת־פּנים פון אַ געלערנטן, אויף וואָס עס האָבן עדות געזאָגט זיין הויכער גלאַנצנדיקער שטערן און זיינע ברילן אויף דער נאָז, איז געווען פאַרנומען הינטערן קאַנטאָר, ביי זיין גרויס ווערק, אויף וועלכן ער האָט געאַרבעט אַ העלפט פון זיין לעבן. אַ ווערק, וואָס האָט געזאָלט פאַרשווינען די מענטשהייט פון מלחמות. ער האָט יעדעס מאָל אויפגעהויבן זיין בליק פון הינטער די ברייטע ברעמען, אַרויפגעשאַרט די ברילן אויפן שטערן און אָנגעקוקט די קעזלעך, די טעלערלעך סמעטענע, רעטעך, הערינג און אַנדערע עסנווארג, וואָס זענען געשטאַנען פאַר אים אויפן קאָנ־טאָר, ווי ער וואָלט געוואָלט פון זיי אַרויסזויגן די אידעע, דעם געדאַנק פון אייביקן שלום, פאַר זיין ווערק. אַלץ איז שוין געווען ביי אים אין בוך פּיקס־און־פאַרטיק: דאָס וועלט־געריכט, ווו די מלוכות זאָלן זיך קענען משפּטן, די אָרגאַניזאַציע פון דער וואָלונטיר־אַרמיי, וואָס זאָל האָבן די אויפגאַבע צו נויטן די מלוכות אויסצופירן דעם פּסק־דין פונעם פעל־קער־משפּט (ער האָט שוין אַפילו אָנגעהויבן צו ווערבירן וואָלונטירן פאַר דער אַרמיי צווישן די אינטעליגענטן, וואָס פאַרקערן אין זיין קאַפע). עס האָט נאָר געפעלט אַ קלייניקייט — ווי אַזוי צו נויטן די פעלקער און די מלכים אָנצונעמען דעם יידנס שלום־פּראָיעקט, אַזוי ווי ער האָט אים אָנגעוואָרפן אין זיין ספר. ער האָט אַרויפגערוקט זיינע ברילן איבער דעם הויכן גלאַנצנדיקן שטערן און טיף און לאַנג זיך איינגעקוקט אין זיין מילכיקס, וואָס איז געשטאַנען פאַר אים, ביז ער האָט דערזען מירקינען אַריינקומען, און גוטפריינטלעך צוגעשמייכלט צו אים. מירקין, כאָטש ער האָט זעלטן זיך באַוויזן אין רעסטאָראַן, איז שוין אָבער געווען גוט באַקאַנט און גוט אָנגעזען צוליב זיין יחוס, וואָס אַלע האָבן שוין גע־

וווסט דערפון, און איבער דער געהיימניש פון זיין אויפטויכן צווישן די קרייזן.

ביים טישל איז אָנגעגאַנגען אַ הייסער וויכוח, ביי וועלכן דער באַלעבעטסטער אָנפירער איז געווען דער „פילאָזאָף". דאָס איז געווען אַ זעלטענער מענטש, וואָס האָט שוין לאַנג געהאַט צוגעצויגן מירקינס אויפמערקזאַמקייט. ער פלעגט זיצן אינעם קאַפע־הויז און גערן האָבן צוצוהערן זיך צום „פילאָזאָפס" רייד. נישט שטענדיק אָבער פלעגט דער „פילאָזאָף" זיך אַריינלאָזן אין געשפּרעכן אָדער אָנטיילנעמען אין דיסקוסיעס, וואָס פלעגן אָפטמאָל אין די אָוונט־שעהען זייער הייס אויסדערבאַטירט ווערן אינעם רעסטאָראַן, מיטן אָנטייל פונעם באַלעבאָס. מייסטנס פלעגט ער זיצן, דער „פילאָזאָף", איינער אַליין פאַר זיך ביי אַ טישל ביי זיין וואַרים גלעזל מילך מיט אַ סוכאַרקע און אַריינקוקן אין אַ ביכל ביים קאַרגן עלעקטרישן ליכט פון זיין טישל, אָדער פאַרקלערן זיך, קוקנדיק אויף איין פונקט פונעם באַלקן שעהען־לאַנג. דער בייניקער יינגלשער גוף פון דעם מיטליאָריקן מענטש האָט זיך אין זיך אַליין איינגעקאָרטשעט, ווי ער וואָלט געוואָלט זיך אַליין אַרומנעמען. פאַרלייגט אַ פוס אויף אַ פוס, — וואָס ער האָט זיי געקאָנט אַקראָבאַטיש צוזאַמענפלעכטן ווי קיין אַנדערער נישט, — אַזוי אויך אַרומגעוויקלט זיינע דאַרע שטעקלדיקע הענט אַרום זיין שמאָלן, כמעט קינדישן קערפּער, האָט ער אַזוי געקאָנט אָפּזיצן שעהען־לאַנג, פאַרקוקט אין איין פונקט ווי אַן אינדישער פרוש. דערביי פלעגט אויף זיין אויסגעבליכט פנים אָפּשפּיגלען זיך אַ קינדישער גוטער שמייכל, וואָס ער האָט אַרויסגעהויבן פון די וועלטן, אין וועלכע ער האָט זיך איצט געפונען... אַן אַנדערש מאָל פלעגט ער יאָ נעמען אַן אָנטייל אין געשפּרעך, אָבער שטענדיק מיט אַזאַ פילאָזאָפישער רואיקייט, אַז עס האָט נישט האַרמאָנירט מיט די באַלעבטע הייסע דיסקוסיעס, וואָס האָבן זיך געפירט אַרום אים, און עס האָט דענערווירט מיט דער איינגעהאַלטנקייט און נעימותקייט. קיינער האָט נישט געוווסט, פון וואָס עס לעבט דער „פילאָזאָף", ווו ער וווינט, און פון וואָס פאַראַ פאַרהעלטענישן און אומשטענדן ער קומט אַרויס. ער האָט קיינמאָל ביי קיינעם קיין קליינגעלט נישט געבאָרגט, כאָטש מ'האָט געוווסט, אַז ער נייטיקט זיך אָפט, און ער האָט קיינמאָל נישט אָפּגעזאָגט, ווען עס האָט זיך ווער געווענדעט צו אים ווענן אַ גמילות־חסד.

מ׳האָט נישט געוווסט, פון וואַנען ער נעמט עס. מ׳האָט זיך אָנגעשטויסן, אַז ס׳מוז ווער זאָרגן פאַר אים. וואָרום, ווי קליין זיינע באַדערפענישן זענען נישט געווען, האָט ער דאָך געהאַט די מעגלעכקייט אויסצובאָרגן קליינגעלט, ווען עס האָט זיך ווער געווענדעט צו אים, — וואָס האָט באַוויזן זיין אומאָפּהענגיקייט. דאָס האָט אים געמאַכט פאַר אַן אויסנאַם אינעם קרייז, און מען מוז צוגעבן — פאַר נישט קיין זייער סימפּאַטישן אויסנאַם.

דעם אָוונט האָט ער יאָ גערעדט. אין רעסטאָראַן, ווי געזאָגט, איז כמעט, אַ חוץ דער קליינער גרופּע, קיינער נישט געווען. אָנגעלענט אויף אַ טישל אין אַ ווינקל, איז אַ קעלנערקע געשלאָפן. די צווייטע איז געשטאַנען, די הענט פאַרלייגט אין די טאַשן פון איר ווייסער שערץ און זיך צוגעהערט צום געשפּרעך פונעם „פילאָזאָף״ צוזאַמען מיט דער גרופּע.

בײַ מירקינס אַריינקומען האָט דער „פילאָזאָף״ גערעדט וועגן האַרמאָניע פון נשמה און גוף; אַז דער מענטש איז דער פּאַרמיטלער צווישן זיין נשמה און גוף, און ער דאַרף נויטן זיין נשמה, אַז זי זאָל זיך נישט גרויסן קעגן זיין גוף, נאָר לעבן אין האַרמאָניע מיט אים, אונטער וואָסערע אומשטענדן דער מענטשלעכער חומר זאָל זיך נישט געפינען, ווייל מיינסטנס איז דאָס די נשמה, וואָס בריקעוועט זיך און רייסט זיך. דער גוף קאָן פיל מער איבערטראָגן, ווי די נשמה — סיי גוטס, סיי שלעכטס. ער אַליין האָט שוין געמאַכט דעם גרויסן שלום אין זיך. דורך דעם האָט ער געפונען די מנוחה און האַרמאָניע.

— און וואָס טוט מען, ווען מ׳הונגערט? — האָט ווער געפרעגט אויפגערעגט איבער דעם „פילאָזאָפס״ רואיקייט.

— עס איז נישטאָ אַזאַ זאַך ווי הונגער, — האָט דער „פילאָזאָף״ דערקלערט געלאַסן, איבערציִענדיק מיט זיין דאַרער האַנט איבער זיינע קאַרגע וואָנסעלעך. — הונגער איז אַ צושטאַנד פונקט אַזוי ווי זאַטקייט, און עס איז נישטאָ קיין צושטאַנד, וואָס דער מענטש זאָל נישט זיין ביכולת צו נויטן זיין נשמה צוצוגעוווינען זיך צו אים. עס איז נישט דער גוף, וואָס ליידט, עס איז די נשמה, — און די נשמה קאָן מען אָפּווענדן פונעם צושטאַנד, אין וועלכן זי געפינט זיך אומבאַקוועם און זי אַריינאַרבעטן אין אַ העכערן צושטאַנד. נעמט, למשל, הונגער. ווייסט איר, אַז הונגער האָט אַ מוזיק? יעדער צושטאַנד האָט אַ שאָטן, וואָס

באַגלייט אים, פּונקט אַזוי ווי דער שאָטן — דעם מענטש. איך וואָלט עס אָנרופן די מוזיק פון צושטאַנד. און פּונקט אַזוי ווי אָריענטאַלישע חכמים האָבן זיך באַהאַלטן פון דער זון אין שאָטן אַריין, כדי דאָרט רואיקער צו קאָנען געפינען דעם צוזאַמענהאַנג מיט דער נשמה, אַזוי דאַרף דער מענטש אַנטלויפן פון דעם צושטאַנד, אין וועלכן ער געפינט זיך — אין זיין שאָטן אַריין. וואָרום צושטאַנד איז אַ קאַפּעדיקע זאַך. עס ברענט, עס עסט דיך, עס וואַרימט דיך, אָדער קילט דיך. מיט איין וואָרט — דערקוטשעט דיר. דער שאָטן פון צושטאַנד איז שוין אָפּגעקילט. דאָרטן, אין אים, קאָנסטו מער אים תופס זיין און מער באַהערשן. די חכמים געפינען זיך קיינמאָל נישט אין עצם צושטאַנד, נאָר שטענדיק נעבן אים. דורך דעם באַהערשן זיי די אומשטענדן, אונטער וועלכע זיי זאָלן זיך נישט געפינען.

דער באַלעבאָס, וואָס איז געזעסן הינטער דעם קאָנטאָר, האָט אַרויפגערוקט די ברילן איבערן שטערן, וואָס איז געווען אַ סימן, אַז ער האָט אויפגעהערט צו שרייבן און געוואָלט עפּעס פרעגן פון זיין אָרט אַרויס דעם „פילאָזאָף". נאָר עס האָט אים ווער אויסגעכאַפּט צו־פרי:

— איך בעט אייך איבער, וואָס איך וועל אייך עפּעס פרעגן, — האָט זיך דער „זשאַכלינער" געווענדעט צום „פילאָזאָף". — איר האָט שוין ווען ס'איז אַמאָל געהונגערט, אמת געהונגערט, נישט וואָלונטעריש, נאָר דערפאַר ווייל איר האָט פשוט נישט געהאַט מיט וואָס אייער הונגער צו שטילן, איר האָט זיך אַרומגעדרייט אין גאַס און פשוט נישט געהאַט אויף קיין זעמל?

— איך קאָן אייך נישט ענטפערן אויף דער פראַגע, — האָט דער „פילאָזאָף" אָפּגעענטפערט אויף זיין רואיקן שטייגער. — איך ווייס נישט וואָס עס הייסט זאַטקייט. ווי איך האָב שוין דערקלערט, געפין איך זיך קיינמאָל נישט אין עצם צושטאַנד, נאָר אַרום אים.

— איך האָב פּונקט אַזוי אַמאָל פילאָזאָפירט וועגן צושטאַנד, ווען איך בין זאַט געווען. היינט אָבער, ווייס איך, אַז ס'זענען נישטאָ קיין זייטיקע שאָטנס. ס'איז דאָ „אמתער צושטאַנד" און דאָס איז: „זאַט אָדער הונגער". און די וועלט איז צעטיילט צווישן אָט די צוויי צושטאַנדן.

מ'האָט זיך אומגעקוקט אויף דעם, וואָס האָט גערעדט די ווערטער.

מ'האָט זיך די אייגענע אויגן נישט געוואָלט גלייבן — ס'איז געווען מירקין, וואָס האָט עס געזאָגט.

נאָר מירקין האָט שוין איצט אַלעמענס בליקן איבערגעטראָגן. און — ווונדער איבער ווונדער: ער האָט זיך מער נישט געדרייטלט ווי אַ כלה־מיידל. ס'האָט ביי אים גאָרנישט מער אויסגעמאַכט, וואָס מ'קוקט אויף אים. ער האָט שוין געהאַט פאַרלוירן די בושה...

דער עולם האָט פאַרשטאַנען, אַז ס'איז עפּעס־וואָס געשען מיטן יונגנמאַן. מ'האָט זיך גענומען רעדן וועגן אַנדערע טעמעס.

נאָכן געשפּרעך מיטן „פילאָזאָף" — האָט זיך צו מירקינען צוגע־שאַרט דער „זשאַבלינער". ער איז עפּעס געווען אויסערגעוויינלעך פריינט־לעך צו אים. ער האָט אים געפרעגט:

— וואָס הערט מען עפּעס ביי אייך, מירקין?

מירקין האָט אים אָנגעקוקט פאַרוווּנדערט.

— גאָרנישט, קיין אויסטערלישעס, — האָט ער אים אָפּגעענט־פערט מיט אַ שמייכל.

— טאַקע נישט? — ווונדערט זיך עפּעס דער „זשאַבלינער" און פרעגט מירקינען אין דער שטיל:

— זאָגט נאָר, מירקין, האָט איר שוין היינט געגעסן?

דאָס נאָך נישט צוגעוווינטע בלוט אין מירקינס אָדערן האָט זיך ביי דער דאָזיקער פראַגע געגעבן אַ וועק־אויף פאַר אויפרעגונג און גע־קומען צולויפן מירקינען אין פּנים אַריין. אויך האָט נאָך זיין נישט גאַנץ באַזיגטער משפּחה־שטאָלץ געגעבן אַ פּראָטעסטיר אין אים. מירקין האָט זיי אָבער באַלד בארויקט ווי מען באַרויקט נאָכגעגעבענע קינדער, און ער האָט צו זיך אַליין געזאָגט: וואָס איז דאָ געשען? און ווי להכעיס זיי, און ווי זיי צו באַשטראָפן, צו צוגעוווינען זיי צו עפּעס, האָט ער דעם „זשאַבלינער" אָפּגעענטפערט: יאָ, איך האָב געגעסן אין אַ שטאָטישן אַנשטאַלט.

אַ נערוו האָט אַ ציטער געגעבן אין „זשאַבלינערס" אינערן: מירקין אין אַ שטאָטישן אַנשטאַלט, מיט בעטלערס צוזאַמען! ער האָט גאָרנישט געזאָגט, פאַרשטייט זיך, נאָר אָנגעקוקט אים פאַרוווּנדערט און אַזוי ווי מירקין וואָלט פאַרשטאַנען זיין פרעגנדיקן בליק — האָט ער געזאָגט צו דעם „זשאַבלינער":

— וואָס וווּנדערט איר זיך אַזוי? וואָס, דאָרט, מיינט איר, עסן נישט קיין מענטשן?

— ניין, ניין. איך וווּנדער זיך נישט, — ענטפערט דער „זשאַבלי־נער". — איך האָב אייך נאָר געוואָלט פרעגן: איר זענט שוין געוואָרן פאָרגעשטעלט פאַרן באַלעבאָס פון דאַנען, פאַר דעם הער שניאורזאָן?

— ניין, — זאָגט מירקין.

— קומט, וועל איך אייך פאָרשטעלן פאַר אים. עס איז אַן אייגענער מענטש. עס וועט אייך צונוץ קומען. טאָמער וועט איר אַמאָל נישט האָבן קיין געלט, קאָנט איר נעמען אויף באָרג. מיר אַלע טוען אַזוי. פּאַניע... שניאורזאָן — דאָ האָט איר נאָך אַ וואָלונטיר פאַר אייער אַרמיי פון שלום. איר קאָנט שוין אונדזער נייעם פריינט. דאָס איז מירקין, זאַכאַרי מירקין.

— אפשר פון די רייכע פּעטערבורגער מירקינס? — פרעגט דער באַלעבאָס און גיט זיך מיט די פינגער אַ קעם דורך די לאַנגע שפּיצן פון זיין באָרד. געווען דער באַלעבאָס אַ גרויסער קענער פון אַלע יידישע גבי־רים פון רוסלאַנד.

— ניין, — שאָקלט זאַכאַרי מיטן קאָפּ.

— אַ, ווי קומט ער צו זיי? — זאָגט דער „זשאַבלינער". — אַן אייגענער מענטש.

— איך האָב נאָר געמיינט, — זאָגט דער באַלעבאָס.

— איר פאַרשטייט דאָך וועגן וואָס עס האַנדלט זיך, פּאַניע שניאור־זאָן. הער מירקין זוכט באַשעפטיקונג. לעקציעס אַוודאי. ער וועט זיי קריגן היינט, מאָרגן. דערווייל, איידער וועט און וואָס, נייטיקט ער זיך אין אַביסל קרעדיט.

— מילא, וואָס קאָן מען מאַכן? — גיט דער באַלעבאָס אַ טיפן קרעכץ, לאָזט אַראָפּ די ברילן פון שטערן איבערן נאָז און נעמט זיך ווי־דער צו זיין ווערק וועגן „אייביקן שלום".

— חברמע מאַניע, דערלאַנגט דאָ אַהער אַ טעצל מיט קעז און סמע־טענע. דער באַלעבאָס ווייסט דערפון, — רופט דער „זשאַבלינער" צו דער קעלנערקע.

— ניין, אַ גלעזל טיי, — זאָגט מירקין פאַרשעמט. — איך האָב אַזאַ ביטערן טעם אין מויל.

— דאָס קומט פון לאַנגן תענית. דאָס איז דער הונגער־געשמאַק, איך קאָן אים, — זאָגט דער „זשאַכלינער" אין געלעכטער.

***

פון דענסטמאָל אָן האָט זיך זאַכאַרי איינגעקויפט אין חברה פון „מילכיקן רעסטאָראַן". ער איז דורך דעם דער חברה אָן ערך געפעלן געוואָרן. ער איז אוים מיוחס געוואָרן. מ'האָט זיך אויפגעהערט מיט אים צו אינטערעסירן און פאַררעכנט אים פאַר אַן אייגענעם.

## קאַפּיטל 18

# אין דער שולע

פרוי הורוויץ האָט שוין געהאַט פאַר אַלצדינג געזאָרגט. צו אירע טאָג־טעגלעכע נויטן איז נאָך צוגעקומען נאָך אַ קלאָפּאָט — דער יונג־גערמאַן פון פּעטערבורג (ווי זי האָט אים גערופן). עס איז איר געלונגען צו באַקומען פאַר אים ביי אַ בעסערן שניידער אַן אומזיסטע דירה אַלס סובלאָקאַטאָר — פאַר לעקציעס, וואָס ער האָט געגעבן זיינס אַ יינגל אַ גימנאַזיסט (אַרויסהעלפנדיק אים אין רוסיש און אַריטמעטיק). מיטאָגן האָט ער דערוויייל געגעסן ביי איר און פון איר האָט ער אויך פּאַרלויפיק באַקומען דאָס טאָג־טעגלעכע קליינגעלט, וואָס ער האָט באַדאַרפט אויף הוצאה, ביז די ערשטע באַצאָלונגען פאַר צוויי פּריוואַט־לעקציעס, וואָס דער לערער הורוויץ האָט פאַרשאַפט, וועלן איינפליסן. דערפאַר האָט זאַכארי מירקין אויסגעפּרוווט זיינע כוחות אַלס לערער ביי הורוויצן אין דער שולע. ער איז אויך צונויץ געקומען. די שולע האָט קיינמאָל נישט געהאַט גענוג לערער. די לערער, וואָס די שול־אינספּעקציע האָט באַשטימט אָדער אַריינגעזעצט, זענען געווען מער טשינאָווניקעס און שפּיאָנען, ווי לערער. אַזוי ווי מירקין איז געווען אַ „געענדיקטער" מיט אַן אוניווערזיטעט־דיפּלאָם, האָט אים דער אינספּעקטאָר גאַנץ לייכט באַשטעטיקט מיטן תנאי, אַז דער אַלטער רוסישער לערער זאָל ווייטער באַקומען זיין געהאַלט.

ער האָט געלערנט אַלצדינג: די רוסישע שפּראַך, פיזיק, מאַטעמאַטיק און נאַטור־וויסנשאַפט. דער לערער הורוויץ האָט אפילו באַמערקט, אַז מירקינען וועט אין אָנהייב זיין שווער צו באַהערשן די קינדער פון זיין שולע. ער האָט זיך נישט געהאַלטן געגוג חשוב פאַר די קינדער ביי די לעקציעס און צופיל זיך אריינגעלאָזט מיט זיי אין דיספּוטן. דורך דעם האָט ער צעבראָכן די דיסציפּלין, וואָס דער לערער הורוויץ האָט איינגע־פירט אין זיין שול. ער האָט זיך אָפּטמאָל פאַרלוירן, ווען דער כיטראַק, משהלע „לויז", אַ יינגל אַ קונדס, וואָס איז געווען באַקאַנט איבער זיינע שטיקלעך, וואָס ער האָט אָנגעטון די לערער, האָט אים אונטערגערוקט כיטרע פראַגן. דער לערער הורוויץ האָט מירקינען אין אַן אָוונט גענומען אָן אַ זייט און אים געגעבן אַ לעקציע אין פּעדאַגאָגיק: „אַנדערש איז אַ חברישער שמועס, וואָס מ'פירט מיט דערוואַקסענע, און אַנדערש זע־נען לעקציעס פאַר קינדער". דערביי האָט פאַר אים דער לערער הורוויץ געהאַלטן אַ גאַנצן פאָרטראַג מכוח פּעדאַגאָגיק: אַז אַ לערער מוז שטענ־דיק אין אַלע פאַלן אויסקוקן ביי די קינדער אַלס אַן אויטאָריטעט. ער טאָר קיינמאָל נישט לאָזן באַמערקן זיין שוואַכקייט. קינדער זענען קליי־נע טיראַנען, וואָס וואַרטן נאָר אויף דער מינדסטער געלעגנהייט, אַז זיי זאָלן קאָנען אָנפאַלן אויף דיר און דיך אַרויסשטעלן פאַר אַ נאַר. צוליב דעם דאַרף דער לערער, אין דער קעגנוואַרט פון קינדער, שטענדיק זיין אויף דער וואַך, שטענדיק זיין באַוואָפנט. — גרייט אויף אַ קעגן־אָנגריף.

— מירקין האָט אויסגעהערט, גענומען זיך אין קאָפּ אריין, אָפּגעמאַכט ביי זיך אַזוי און אַזוי. אָבער שוין ביי דער ערשטער לעקציע, וואָס ער האָט געגעבן אַליין פאַר די קינדער, האָט ער איינגעזען, אַז ער וועט זיי נישט קאָנען באַהערשן און האָט זיך געשראָקן, אַז ער וועט זיך דערפאַר אָפּזאָגן פון זיין נייעם באַרוף און זוכן עפּעס אַנדערש.

די קינדער פון לערער הורוויצעס שולע זענען באַשטאַנען פון די אָרימסטע שיכטן פון דער אָרימסטער יידישער געגנט. אַ סך פון זיי זע־נען געוואָרן — צוליב די אָרימע אומשטענדן, אין וועלכע זיי האָבן זיך געפונען — באַפרייט פון שכר־לימוד. פאַר זיי האָט באַצאָלט אַ קאָמי־טעט, וועלכער האָט אין געהיים פונעם אינספּעקטאָר אונטערגעשטיצט די שולע, וואָס האָט געהאַט דעם צוועק צו פאַרשפּרייטן בילדונג צווישן די אָרימע יידישע שיכטן. מיט די קינדער איז נאָך געווען אַ האַלבע

צרה: נידערגעשלאָגן פון אָרימקייט, שטענדיק הונגעריקע, פּריוּרנדיקע אין די קאַלטע היימען, האָבן זיי באַטראַכט די שול ווי אַ גן־עדן, און דער לערער הורוויץ איז פאַר זיי געווען אַ גאָט. זיי איז געווען גרינג צו באַ־הערשן. שווער איז אָנגעקומען מיט די האַלב־פאַרמעגלעכע. דאָס זענען געווען אומדערצויגענע קינדער פון גראָבע עלטערן, פון פיש־הענדלער און קצבים, מאַרק־זיצערינס און אַנדערע קרעמער. דאָס שכר־לימוד איז געווען זייער שווער פון זיי אַרויסצוקריגן און עס איז אָנגעקומען רחל־לאהן מיט ביטערער נויט אָפּצונעמען דאָס שכר לימוד אין נאַטור: מיט פיש אויף שבת, מיט פלייש און מיט גרינוואַרג. די עלטערן פון די קינ־דער האָבן געמיינט, אַז ניסשט דער לערער זיי, נאָר זיי דעם לערער טוען אַ גרויסע טובה, וואָס זיי לאָזן זייערע קינדער גיין אין שולע, און מען דאַרף זיי דערפאַר נאָך צוצאָלן. און די קינדער, דערפאַר וואָס זייערע עלטערן באַצאָלן שכר־לימוד פאַר זיי, האָבן זיך געהאַלטן פאַר פּריווי־לעגירטער פון די אַנדערע קינדער און דערלויבט זיך פרייהייטן. עס איז נאָר אַ דאַנק דער גענינטקייט און דער אומדערהערטער געדולד פון לע־רער הורוויץ, וואָס ער האָט געקאָנט צווישן זיי אַריינברענגען ווי עס איז דיסציפּלין און אָרדענונג.

די ערשטע לעקציעס, וואָס מירקין האָט געגעבן אין שול, זענען מער אָדער ווייניקער דורכגעגאַנגען רואיק און נאָרמאַל. די קינדער האָט נאָך געריצט די נייגעריקייט צו באַקענען זיך מיט דעם נייעם לערער. כאָטש דאָ און דאָרט האָט די דיסציפּלין זיך שוין באַשיינפּערלעך גע־בראָכן דורך די ביטערע שטיקלעך פון משהלע „לויז" און פון חיימל „מאָנדראַק", וואָס זענען געווען די ראשי־בריונים אין דער שול. זיי האָבן אונטערגעשטעלט חזירישע פיסלעך און פאַרשידענע שטיקלעך מיר־קינען, — וואָס ער האָט נאָך ניסשט באַמערקט. די קינדער האָבן געלאַכט. ער האָט געוווסט, אַז דאָס לאַכט מען איבער אים און ניסשט געוווסט ווי אַזוי דאָס צו פאַרמיידן.

מירקין האָט זיין פּראָפעסיע גענומען זייער ערנסט. קודם־כל איז ער געווען אַן ענטוזיאַסט. איבערגייענדיק מיט די קינדער דאָס עלע־מענטאַרע וויסן וועגן פיזיק און נאַטור־פאָרשונג, האָט ער זיך נאָך אַמאָל באַגייסטערט און איצט דערינען דערזען די דערהויבנקייט און די וווּנדער פון דער נאַטור פיל מער, ווי ווען ער האָט עס געלערנט אַליין. ער האָט

נאָך אַמאָל איבערגעלעבט זיינע קינדערשע יאָרן. ביי די לעקציעס איבער הימל־קענטשאַפט האָט ער זיך אַזוי באַגייסטערט, אַז ער האָט פאַרגעסן, אַז ער האָט צו טון מיט שול־קינדער, וועלכע וואַרטן נאָר אויף אַ געלעגנהייט אַוועקצושטעלן זייער לערער אין אַ קאָמישער לאַגע און דורך דעם זיך אויסצובריקן פון זיין דיסציפּלין און אָרדענונג. די קינדער האָבן גערופן דעם נייעם לערער מיט אַ צונאָמען: „די טשערעפּאַכע", דערפאַר וויייל מירקין האָט ליב געהאַט פאַר די קינדער צו דערקלערן נאַטור־דערשיינונגען מיט גרויס באַגייסטערונג און אַריינגעלאָזט זיך אין ענטוזיאַזם. ביי יעדער געלעגנהייט האָבן זיי אים עפּעס געפרעגט וועגן אַ „טשערעפּאַכע". אין מיטן דער לעקציע וועגן דער צוציאונגס־קראַפט פון דער ערד, ווען ער האָט געהאַלטן אין מיטן בעסטן דערקלערן וועגן ניוטאָנס עקספּערימענטן, הויבט זיך אויף משהלע און שטעלט אַרויס צוויי פינגער פון דער האַנט, אַז ער האָט עפּעס צו פרעגן.

— וואָס האָסטו צו פרעגן?

— פּאַניע לערער, וויפיל פיס האָט אַ טשערעפּאַכע?

זאַכאַרי איז בלייך געוואָרן פאַר כעס. די פראַגע איז געוואָרן געשטעלט אַזוי אומשולדיק. משהלע האָט דערביי אַרויסגעשטאַרצט זיינע תמעוואַטע שוואַרצע אייגעלעך, אַז מ׳האָט אייגנטלעך גאָרנישט געקאָנט האָבן קעגן אים. נאָר דער גאַנצער ענטוזיאַזם איבער די וווּנדערלעכע דערשיינונגען פון דער צוציאונגס־קראַפט פון דער ערד, וועגן די אַלע פאַרבאָרגענע כוחות פון דער נאַטור, אַלע אויסטערלישע וועלט־דערשיינונגען — אַלץ האָט געפּלאַצט מיט איינמאָל און עס איז געבליבן ליגן אויפן טיש — אַ טשערעפּאַכע.

— ווי קומט דאָ אַהער אַ טשערעפּאַכע אין מיטן דערינען? — פרעגט זאַכאַרי בייז.

— איך האָב זיך געשפּאַרט מיט חיימען וועגן דעם. איך האָב געזאָגט, אַז אַ טשערעפּאַכע האָט פערצן פאָר פיס און ער זאָגט נאָר אַכט פאָר — האָב איך געמיינט, אַז איר ווייסט — איך וועל דעם לערער פרעגן.

מירקין האָט פאַרביסן די ליפּן און ווייטער זיך געלאָזט אַריין אין זיינע באַשרייבונגען וועגן די שטערן, כאָטש דער ענטוזיאַזם און די גאַנצע פּאָעזיע זענען שוין פאַרשוווּנדן.

— פאניע לערער, א „בראבאנזש” האט איין קאפ צי צוויי קעפ?

— האט איצט געפרעגט חיימל, וועמענס ריי עס איז געווען, לויט דער אפגעמאכטער זאך צווישן זיך, כדי דעם לערער צו דערקוטשען.

דאס איז שוין געווען צו פיל, מירקין האט זיך פארלוירן, איז צו־געלאפן מיט דער נאקעטער האנט צום יונג. דער יונג איז ארויסגעשפרונ־גען פון דער באנק. אין א מינוט ארום האבן זיך שוין לערער און שילער צוזאמענגעפלאכטן אין איין קנויל, און דער גאנצער קלאס איז געגאנגען באדראם.

אין צווייטן צימער, ביי די מיידלעך, האט געגעבן פוילישע לעקציעס די עלטערע טאכטער העלענקע. דערהערט א גערודער אין דעם קלאס פון די עלטערע יינגלעך (דער פאטער איז נישט געווען), האט זי פארשטא־נען, אז עס איז עפעס געשען מיטן נייעם לערער. נאך א קליינעם ישוב־הדעת מיט זיך אליין האט זי איבערגעלאזט איר קלאס אונטער דער אויפ־זיכט פון אן עלטסטער און איז אריין אין קלאס פאר יינגלעך געוווי־ווערן וואס עס האט געטראפן.

פון דער גאנצער וועלט איז זי געווען די יעניקע, פאר וועלכע מיר־קין זאל אמווינציקסטן וועלן זיך נאקעט־שטעלן אין זיין גאנצער אומבא־האלפנקייט. ווען א גרוב וואלט אפן געווען פאר אים, וואלט ער געווים ארייינגעשפרונגען. ס'האבן זיך אים געשטעלט טרערן אין די אויגן, וואס ער האט זיי קוים באהערשט. ער איז געבליבן שטיין בלייך, אומבא־האלפן, און נאך א פיל מער דערשראקענער, ווי די קינדער ארום אים.

— אנטשולדיקט, — האט מירקין געשטאמלט בלייך.

— פאני לערערין, פאני לערערין, דער נייער לערער האט אונדז געשלאגן און דער פאן דירעקטאר האט פארווערט אונדז צו שלאגן, — האבן די יונגען געשריגן.

— אויף די ערטער, די מינוט אויף די ערטער, — האט זי קאמאנ־דעוועט. און א וואונדער: די יינגלעך האבן ווי געצווימטע לייבלעך צוגע־הערט זיך צו איר באפעל און צעזעצט זיך צוריק אויף די ערטער.

זי האט זיך געווענדעט צו דעם בלייבן, פארלוירענעם מירקינען מיט א בארואיקנדיקן שמייכל און צוגעווארפן אים א ווארט.

— דאס טרעפט זיך.

— איך בין שולדיק, — זאגט מירקין פארלוירן.

זי האָט געגעבן אים אַ געהיימען ווונק, אַז די קינדער זאָלן נישט זען, אַז ער זאָל נישט רעדן. דערנאָך האָט זי זיך געווענדעט צו די קינדער מיט אַן אויטאָריטעטן-באַפעל, וואָס מירקין האָט זיך געוואונדערט, פון וואַנען עס נעמט זיך צו איר.

— דער גאַנצער קלאַס דאַרף דעם לערער איבערבעטן. אויפגעשטעלט זאָל ווערן! — האָט זי געגעבן אַ קאָמאַנדע.

די ייִנגלעך האָבן זיך אויפגעשטעלט אין איין רייע.

— דעם לערער איבערבעטן! — האָט זי ווידער געגעבן אַ קאָמאַנדע.

די ייִנגלעך האָבן געבויגן די קעפּ צו דער ערד, און אַלע אין איין קול:

— מיר בעטן איבער דעם לערער מירקין.

— און פּאַר אַ שטראָף ווערט היינט מער נישט געלערנט. די ביכער פּאַקן און אַהיים!

— פּאַני לערערין, מיר זענען נישט שולדיק. דאָס האָבן משהלע און חיימל געטון, נישט מיר, — האָבן זיך אַ טייל אָנגעהויבן צו בעטן. — מיר ווילן ווייטער זיך לערנען. דער לערער האָט אַזעלכע שיינע מעשיות דערציילט וועגן דער ערד און שטערן.

— נישט גערעדט זאָל ווערן, אַהיים די מינוט, — האָט זי געהייסן.

די קינדער האָבן מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ די ביכער איינגעפּאַקט און ווי קליינע גנבימלעך אַרויסגעגנבעט זיך פון שול.

מירקין איז נאָך אַלץ געשטאַנען נידערגעשלאָגן און נישט געוווּסט וואָס צו טון. ענדלעך, ווען זיי זענען געבליבן אַליין, איז זי צוגעגאַנגען צו אים און האָט אָנגעהויבן צו קוקן אין זיינע אויגן מיט ערנסטקייט, אַזוי ווי זי האָט עס געטון ביים טיש.

— עס איז מיין שולד. איך האָב מורא, אַז איך בין נישט פּעאיק צו דער פּראָפעסיע. איך וועל מוזן אייער פאָטער זאָגן.

— דעם פאָטער זאָגט נישט.

— פאַרוואָס?

— מ'דאַרף נישט. איך וועל שוין זאָגן.

— איך האָב מורא, אַז איך וועל קיינמאָל נישט קאָנען מיט קינדער לערנען.

— איר וועט קאָנען, — זאָגט זי און שטרעקט־אויס צו אים איר האַנט און ציט אים נאָך זיך, — קומט אַריין מיט מיר אין מיין קלאַס. איר וועט זען, ווי אַזוי איך טו עס.

אָנגענומען אים ביי דער האַנט, האָט זי אים אַריינגעבריינגט אין איר קלאַס און פאָרגעשטעלט אים פאַר די קינדער.

— קינדער, דאָס איז אונדזער נייער לערער, הער מירקין. הויבט אייך אויף, קינדער!

די מיידלעך האָבן זיך אַלע אויפגעהויבן מיט איינמאָל און באַגריסט זאַכאַרין.

זי האָט אים אַוועקגעזעצט נעבן איר לערער־טיש און גענומען זיך ווייטער צו איר איבערגעריסענער פּוילישער לעקציע.

מירקין האָט נאָך אַלץ נישט געקאָנט קומען צו זיך פון דער פריערדיקער געשעעניש. ער האָט זיך געטראַכט:

— וואָס פאַרא שלים־מזל בין איך! און פאַרגעוואָרפן זיך, אַז ער טויג איבערהויפּט צו קיין זאַך נישט. — פאַרפאַלן, אויפגעצויגן אַ „באַרין" צו זיין. — דערביי אָבער האָט ער זיך נישט געקאָנט באַפרייען פון אַן אַנדערן איינדרוק, וואָס ער האָט ערשט נאָר וואָס איבערגעלעבט. עס איז געווען דער איינדרוק פון דעם מיידלס האַנט. ער פילט נאָך איצט די קאַלטקייט און די גלאַטיקייט, אַזוי ווי זיין האַנט וואָלט זיך געווען געוואַשן אין שניי, אין פריען ערשטן שניי.

נאָר באַלד האָט ער אָן אַלעם פאַרגעסן. פון אַלע ווינקלען האָבן צו אים אָנגעהויבן צו קוקן קינדערשע אויגן. קיין גאָטס באַשעפעניש קאָן נישט אַזוי טרויעריק, אַזוי אָן האָפענונג פאַרלוירן קוקן, ווי קינדער. עס זענען געווען מיידלעך פון די אָרימסטע יידישע שכנים, ווו הורוויצעס שולע האָט זיך געפונען — מיידלעך צווישן אַכט ביז צוועלף, ביז פערצן יאָר. אָבער ווער האָט געקאָנט ציילן יאָרן אין זיי? פאַרלוירענע אייביקייטן האָבן אַרויסגעקוקט פון זייערע שוואַכע צעקאַליעטשעטע אויגן, וואָס זענען איינגעפאַסט אין שאַרפע קינדערשע באַקן־ביינער... ווי זיי וואָלטן געטראָגן אין זייער בליק די גאַנצע אומגוצלעכקייט און אומבאַדערפעניש פון זייער געבוירן־ווערן. נאָך וואָס האָט מען זיי אַרויסגערופן פון דעם אייביקן שווייגנדיקן נישט־זיין אין דעם ליידיקן לעבן אַריין? אָבער ניין, זייער בליק האָט נישט געפרעגט. זיי האָבן געקוקט רעזיגנירט

און גלײַכגילטיק. נישט זייערע פּאַטערס אײביק מאַטערן זיך, נישט די מוטערס אײביקע פאַרזאָרגטע פּנימער, נישט קיין קאַלטע היימען, נישט קיין הונגעריקע טיש און בענק, נישט קיין צרות פון קראַנק זײַן, אָרים זײַן און פאַרלאָזן, האָבן געקאָנט אַרויסברענגען די טרויעריקייטן פון די קינדישע בליקן. עס איז געווען אַ טיפע, אַן אײביקע, אַן אָן־סיבה־דיקע טרויעריקייט, אַזוי ווי אויף די ראַנדן פון זייערע אויגן וואָלט נאָך געוועז געהאָנגען די שרעק פאַר דער אײביקער נאַכט, וואָס זיי האָבן מיטגעבראַכט מיט זיך פון אַן אַנדערער וועלט, פון וועלכער זיי זענען ערשט נישט לאַנג געקומען...

אָנגעטון אין טאַטע־מאַמעס איבערגעמאַכטע קליידער, טייל מיט פאַרבונדענע אויערן, געשוואָלענע הענטלעך, אַנדערע מיט קינדערשע לײַבלעך, אַרויסלאַכנדיקע פון אומגעלומפּערטע, קאָמיש־צוזאַמענגעשטעלטע קליידלעך. מיט שפּילצייג־פּיסלעך, אומבאַהאָלפענע פויגלדיקע קעפּלעך, רחמנות דערוועקנדיקע טויבן־העלדזלעך, ווי דאָס וואָלט זיך געבעטן: „ווערג מיך נישט". פּנימלעך פאַרשווינדן, קינדערשע לײַבלעך אין טאַטע־מאַמעס איבערגעמאַכטע קליידלעך פליען־אַוועק — און עס בלײַבן זיצן אַרום די לערן־בענק נאָר אויגן און אייגעלעך...

און צווישן די אויגן שטייט זי, די לערערין. זי איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין איינע פון זיי. דאָס שוואַרץ־ווײַס־געקעסטלטע קליידל, אין וועלכן עס איז אַריינגעגאָסן איר דינער קערפּער, זעט אויך אויס ווי פון טאַטע־מאַמעס אַן איבערגעמאַכט מלבוש. און פּונקט אַזוי ווי איבער די קינדער, אַזוי ליגט אויך איבער איר גאַנצן קערפּער, פון שייטל־קאָפּ ביז צו די פיס, — די צוויי גלײַך־האַלטנדיקע פיס, — אַ פריש־מאָרגנדיקער טוי, ווי איבער אַ פלוים, וואָס לאָזט זיך נישט אָנרירן. איר קעפּל אויף איר דינעם האַלדז בויגט זיך אויך אַזוי הילפלאָז און מאַכטלאָז איין אָן אַ זײַט.

זי הייבט אָן אַרומצושפּרינגען פון איין אָרט צום אַנדערן, רופט־אָן יעדעס מאָל אַן אַנדער מיידל ביים נאָמען. ער הערט איר היימישע לאַכנדיק־פליסענדיקע שטימע ווי אויס אַ פרישן, אומבאַריטן קוואַל. און מירקין באַמערקט שוין ווי איינציקווייז פאַרשווינדט און פאַרגייט די טרויעריקייט פון די קינדערס אויגן און אָנשטאָט דעם הייבן זיך אָן אָנצוצינדן לאַכנדיקע פײַערלעך אין זיי. די פּנימלעך ווערן באַלעבט, רויטלעכער,

פרישער. זיי הייבן שוין אָן אויסצוזען שטיפּערישער, מונטערער. די גופֿ־לעך באַוועגן זיך שנעלער. קינדישער, און אַפּילו די טאַטע־מאַמעס אומגע־לומפּערטע קליידער אויף זיי נעמען־אָן אַ קינדישן חן, ווי אַ צויבער וואָלט אַריינגעקומען צווישן זיי. דאָ און דאָרט הייבט אָן צו מורמלען אַ שטראָמל וואַסער צווישן פאַרשטעלטע צווייגלעך און באַוואַקסן גראָז. דאָס לאַכט אַ קינדישע ווייַנענדיקע שטימע: קינדישע הענטלעך הייבן־אָן אויפצו־פלאַמען ווי ליכטלעך, צעפלעכטן זיך ווי יונגע באַבלומטע צווייגן. דער גאַנצער קלאַס ווערט מיט איינמאָל אָנגעפּילט מיט קינדישער פרייד און מיט קינדישן שפּיל...

— ווי אַזוי מאַכט זי דאָס? — טראַכט ער זיך, און ער זעט נישט און באַמערקט נישט ווי אין דעם כשוף־קלאַנג פון קינדישע שטימען איז ער אַליין אַריינגעכאַפּט געוואָרן, און ער אַליין לאַכט־מיט אינעם כאָר, און פאַרשפּילט זיך ווי אַ קינד. אַלע זאָרגן ווערן אויסגעלאָשן. דאָס גאַנ־צע דערוואַקסענע לעבן פאַרשווינדט ערגעץ אין אַ כף־הקלע. אויך ער זיצט אויף דער לערן־באַנק.

— ווי אַזוי מאַכט איר דאָס? ער באַמערקט נישט, ווי אָן זשעניִרן כאַפּט ער זי אָן ביי איר קליינער האַנט, ווען זי דרייט זיך אויס צו אים.

— וואָס מיינט איר?

— איר לאַכט, איר שפּילט, איר טאַנצט — און זיי לאַכן מיט.

— דאָס זענען מיינע פריינט, — זאָגט די לערערין ערנסט. — גי־טעלע און מרים, — ווייזט זי אויף קינדישע קעפּלעך. — חוהלע טויבענ־שלאַג און מאַטעלע פּאָמעראַנץ, — מיר קענען זיך שוין פון לאַנג, — זאָגט זי נישט אָן שטאָלץ, — פון ערשטן טאָג אָן, ווען זיי זענען אין שולע געקומען, זענען מיר באַלד גוטע פריינט געוואָרן. מיר האָבן איינע פאַר די אַנדערע קיין סודות נישט. — נישט וואָר, חוהלע? — ווינקט זי צו אַ מיידל.

אַ קינדיש קעפּל פון הינטער אַ באַנק שאָקלט מיטן קאָפּ אויף יאָ.

— אָבער ווי אַזוי מאַכט איר דאָס?

— דאָס קומט שוין אַליין פון זיך. קינדער דערפילן באַלד, ווער עס וויל זיין מיט זיי גוט־חבר און זיי שליסן באַלד פריינטשאַפט. אָט האָב איך דאָ אַ פריינדין, מירעלע, אַ מיידל פון אַכט יאָר. ווען זי איז געקומען אין שולע אַריין, האָט זי פאַר אַלעמען מורא געהאַט. מ'האָט זי געשלאָגן

אינדערהיים. פאַר יעדער קלייניקייט האָט מען זי געשלאָגן: דער טאַטע, די מאַמע, די ברידער, די שוועסטער, און זי האָט זיך געהאַלטן שטענדיק אין איין באַשיצן מיטן הענטל פון קלעפּ. זי האָט געמיינט, אַז יעדער איינער וויל איר ווײ טון. עס האָט מיר לאַנג גענומען, ביז איך האָב זי איבערצייגט, אַז איך וויל איר נישט קיין שלעכטס טון, אַז זי דאַרף זיך נישט פאַר מיר באַשיצן. זי האָט מיר אַלץ נישט געוואָלט גלויבן, ביז איינמאָל האָב איך גערעדט צו איר און געקוקט איר אין פּנימל אַריין און געזאָגט צו איר: מירעלע, איך וועל דיך נישט שלאָגן, קיינמאָל נישט, קיינמאָל נישט, קיינמאָל נישט. זי האָט מיר געקוקט אין פּנים אַריין און געגלויבט מיר. און פון דענסטמאָל אָן האָב איך זי אָפּגעוווינט פון באַשיצן זיך פאַר מיר. איר ווילט זי זען? מירעלע, מירעלע, קום נאָר אַהער! — רופט זי צווישן די שפּילנדיקע, רווישנדיקע קינדער.

פון אַ קנויל קינדער שיילט זיך אַרויס איינס מיט שווערע שיך אויף דינע שטעקן־פיסלעך, גייט־צו צו דער לערערין. זי איז אָנגעטון אין אַ קאַפּטנדל, וואָס איז איבערגעמאַכט פון אַן אַלט קלייד, וואָס פאַרקליידט זי ווי אַ פאַרשטעלטע יידענע. צוערשט איז זי געגאַנגען פריילעך, נאָר קומענדיק נעענטער צו דער לערערין, האָט זי דערזען דעם פרעמדן. האָט זי זיך אָפּגעשטעלט אין פאַמעלעכן גאַנג, ווי זי וואָלט פאַר וועמען מורא געהאַט און אויסגעשטאַרצט אירע שרעקנדיקע גרויסע אויגן פון דעם דינעם שוואַרץ־באַשאָטענעם פּנימל, אַזוי שאַרף, אַז עס האָט זיך געדאַכט, זיי בלוטיקן זיך אין זייער קוק.

— מירעלע, האָב נישט קיין מורא, קום צו מיר נעענטער.

מירעלע האָט אַלץ געהאַלטן אין איין קוקן מיט אומצוטרוי אויף זאַכאַרין און זיך צוגעגרייט זיך צו באַשיצן מיט איר הענטל פאַר אַ קלאַפּ. דערביי האָט זי אַזוי געלענקט אירע טריט, אַז זי זאָל שטענדיק זיין נעענטער צו דער לערערין. מירעלע איז געשטאַנען ביי איר לערערינס קני נאַטירלעך ווי יעדעס אַנדערע קינד, מיט די הענטלעך אַראָפּ. נאָר קוים האָט זי די לערערין געהייסן זיך באַגריסן מיט זאַכאַרין, צוגעשטופּט זי נעענטער צו אים, האָט מירעלע אויפגעהויבן דאָס אָרעמל און פאַרשטעלט זיך מיטן הענטל איר באַק. אירע שוואַרצע גרויסע אייגעלעך האָבן אומרואיק אָנגעהויבן זיך צו וואַרפן, יעדן אויגנבליק געשלאָסן די הייטלעך איבער זיי, ווי זי וואָלט זיך גערוכט אויף עפּעס בייז.

— מירעלע, דאָס איז אונדזער נייער לערער, און ער איז אַ גוטער מענטש. ער וועט דיך נישט שלאָגן, מירעלע. קיינמאָל נישט, קיינמאָל נישט. נעם־אַראָפּ דאָס הענטעלע פון באַק.

מירעלע האָט געקוקט אויף מירקינען מיט אומצוטרוי און נישט געטרויט זיך צו דערנענטערן זיך צו אים מיט דער אומבאַשיצטער באַק.

— מירעלע, אַז דו האָסט מיך ליב, נעם־אַראָפּ דאָס הענטעלע פון באַק, אַז נישט וועל איך זיין ברוגז מיט דיר, — זאָגט די לערערין צום קינד.

מ׳זעט, אַז דעם קינד קאָסט אָנשטרענגונג, צו געהאָרכן איר לערערין. זי פּרוווט צו אַנטבלויזן איר בעקל. אָבער זי האַלט איר הענטל גרייט אויף אַלע אופנים.

זאַכאַרי נעמט דאָס קינד אויף זיינע קני. דאָס קינד קוקט אים אין די אויגן אַריין, וויל אויספאָרשן זיינע אַבזיכטן, און האַלט שוין ווידער דאָס הענטל נעבן איר בעקל.

— מירעלע, דאָס איז אַ גוטער מענטש. איך האָב דיר געזאָגט, אַז ער וועט דיך קיינמאָל נישט שלאָגן, קיינמאָל נישט, קיינמאָל נישט. גלויבסטו מיר נישט?

מירעלע איז געשטאַנען ביי זיינע קני און געקוקט דער לערערין אין פּנים אַריין. זי האָט געגלויבט איר לערערין און אַראָפּגענומען דאָס הענטל פון איר בעקל.

— ווי אַזוי טוט איר דאָס? — רופט אויס מירקין גערירט.

— עס איז גאָרנישט אַזוי שווער. מען דאַרף זיי נאָר ליב האָבן.

— איך פאַרשטיי אייך; איך וועל עס קיינמאָל נישט קאָנען.

— אָ, אָ, איר וועט עס קאָנען, איר קאָנט עס שוין. האָט איר זיי דען נישט ליב אַזוי ווי איך, אַזוי ווי מיר אַלע? — קוקט זי אים אין די אויגן אַריין.

— געוויס, וואָס דען אַנדערש האָב איך אין מיין לעבן?

העלענקע קוקט אים ווידער אָן אַ לאַנגע ווײַלע מיט איר עקשנות־דיקן בליק. דאָס מאָל אַזוי ווי עס וואָלט געגאַנגען אין אַ געוועט, ציהאַלט ער אויס איר בליק.

— ווער זענט איר דאָס אַזעלכעס? — פרעגט זי אים פּלוצים.

מירקין איז פאַרווונדערט געוואָרן פון דער פראַגע.

— איר זעט נישט, אַ מענטש! ווען מען קאָן אַזעלכן אָגרופּן, — שמייכלט ער.

— עס איז עפּעס אַזאַ געהיימניש אַרום אייך, — זאָגט דאָס מיידל.

— ווי מיינט איר דאָס?

— עס קוקט עפּעס אַזעלכעס פון אייערע אויגן אַרויס, ווי איר וואָלט קיינעם נישט געהאַט אין דער וועלט, נאָר זיך בלויז אַליין.

ער איז דערשטוינט געוואָרן פון אירע רייד. ער האָט זיך געוואָלט אויפהויבן און פאַרלאָזן זי. עס איז זיך נישט געווען וואָס צו בייזערן. זי האָט עס געזאָגט מיט אַזוי פיל אַנטייל, מיט אַזוי פיל ליבע, אַז ער האָט זיך נישט געקאָנט העלפן. ער האָט געפילט ווי ער ווערט מיט איר אַריינגעוועבט.

— פאַרוואָס קוקט איר מיך אַזוי אָן? — פרעגט ער זי, ווען זי האָט נישט אַוועקגענומען דעם בליק פון אים.

זי האָט אים דערויף נישט אָפּגעענטפערט. אָנשטאָט דעם, האָט זי געזאָגט צו אים:

— קומט מיט מיר שפּעטער אין גאָרטן אַריין; איך גיי דאָרט דורך אויף מיין לעקציע, יאָ?

## קאַפּיטל 19

## ייִנגליש און מיידליש

מען קאָן נישט זאָגן, אַז מירקין האָט ביז איצט געשאָנקען זייער פיל אויפמערקזאַמקייט די טעכטער פון דעם לערער. האָט ער דאָס געטון אין אַ געוויסער מאָס, וויפיל זיין צוריקגעהאַלטענע נאַטור האָט אים דערלויבט, — האָט ער עס געטון בנוגע צו דער יינגערער, צו זאָשקען. זאָשקע איז געווען מיט אַ פּאָר יאָר יינגער פון איר שוועסטער, דאָך האָט דאָס ווייב שוין אַרויסגעקוואָלן פון איר קערנדיקן, אין מילך דורכגעקנעטע-נעם קערפּער. פאַר מירקינען האָט זי באַזיצן גאָר אַ באַזונדערן רייץ. זי האָט דערמאָנט אין איר מוטער. שוין די הויט פון איר לייב, ווי זי האָט זיך נאָר באַוויזן, האָט געשימערט פון העלקייט — ווי איר מוטערס, דער-

ביי אזוי יונג, און נאָך איינגעהילט אין זיין מיידלשן חלום. ווו איר האַלדז האָט נישט געשמעקט — האָט ער דאָך באזיצן יענע אויסגעבעטענע קילע ווייכקייט, אין וועלכן עס גלוסט זיך דאָס פנים איינצונאָרען. זי איז גע־ווען נאָך אירע יאָרן אויסערגעוועגלעך אנטוויקלט נישט נאָר אין איר מוט און כאַראַקטער, נאָר אויך ריין קערפּערלעך. די ברוסט — שטראַמף און מעכטיק, אירע הענט האָבן געלאָזט פילן זייער מוסקולירטע קראַפט ביי יעדער באַוועגונג. און נישט איינמאָל ווען מירקין האָט זי געטראָפן מיט באָרוועסע פיס וואַשן מיט נאַקעטע אַרויפגעשאַרטע אָרעמס די פּאָדלאָגע פון שטוב — האָט אים אַ שטראָם בלוט געשלאָגן אין פנים, — וואָס דאָס אויסערגעוויינלעכע העלקייט פון די אנטפּלעקטע טיילן פון איר נאַ־קעט לייב האָבן אויפגעוועקט אין אים...

די קליינע זאָשקע האָט, איבריקנס, נישט נאָר בלויז מיט איר אוי־סערלעכקייט דערמאָנט אין איר מוטער. זי האָט פאַרמאָגט יענעם באַ־פעלנדן טאָן — וואָס מ׳האָרכט פון איר מוטער. זי האָט קיינמאָל נישט געבעטן — נאָר געהייסן. באַפוילן, — נישט נאָר אירס גלייכע, נאָר על־טערע פון איר. די מוטער איז נישט איינמאָל אויסגעקומען איר צו וויסן לאָזן, אַז הערשן קומט איר גיכער. דערפאַר אָבער האָט זי איינגאַנצן באַ־הערשט די עלטערע שוועסטער.

זי האָט די עלטערע שוועסטער געמאַכט אַרבעטן פאַר איר, — צו־גרייטן איר די אויפגאַבן פון דער שול, אויסגענוצט די שוועסטערס נאָכ־גיביקייט און צוגענומען איר די קליידלעך, אַן איבריק שטיקל בענדעלע, אָדער די בעסערע פּאָר שיך, וואָס איז געקומען לויט די יאָרן — דער עלטערער צו טראָגן.

פאַרשטייט זיך, ווי אויף יעדן שוואַכן כאַראַקטער, האָט די יינגערע שוין מיט איר ענערגיע און לעבנס־קראַפט געצויגן זאַכאַריס אויפמערק־זאַמקייט. פאַרקערט, די עלטערע, העלענקע — האָט ער גאָרנישט באַ־מערקט.

איבערהויפּט איז העלענקע געווען פון יענע נאַטורן, וועלכע קאָנען אַדורכגיין דורך דעם לעבן אומבאַמערקט. עס זענען דאָ פּערזענלעכקייטן, וועלכע קאָנען זייער עקזיסטענץ פאַרוואַנדלען אין לופט. זיי זענען מיט אונדז — און דאָך קאָנען זיי זיך באַהאַלטן פון אונדזערע אויגן. זיי הילן זיך איין אין אַ שאָטן, וואָס באַגלייט זייערע פּערזענלעכקייטן — און

גייען־אַדורך פֿאַר אונדז אומבאַמערקט. אָבער טאָמער אַנטדעקט מען אַזא פֿערזאָן און מען ווייסט אים ווי אַרויסצולאָזן פֿון זיין באַהעלטעניש, וווּנ־דערט עס אונדז — ווי אַזוי איז עס געווען, אַז מיר האָבן נישט באַ־מערקט די פּערזענלעכקייט ביז איצט?

העלענקע האָט זיך געקאָנט באַהאַלטן. באַהאַלטן זיך — אַ געפֿונע־נע. פֿאַרהוילן זיך — אַ געזעענע. ערשטנס, האָט זי זיך מיט קיין זאַך נישט אויסגענומען. זי האָט געקאָנט שטיל זיין, אַז עס איז מענלעך גע־ווען אין איר קעגנוואַרט צו פֿילן זיך אַליין. אַלעס, האָט זיך געדאַכט, אין איר שלאָפֿט. דער שלאָף האָט געוועבט אַ הילע אַרום איר יונגן אומרייפֿן מיידלשן קערפּער. איר שמאָלער פֿויגלדיקער פּנים־קאָפּ איז געשלאָפֿן צווישן אירע רונדיקע פּלייצעס. נאָך אַממערסטן, האָט זיך געדאַכט, שלאָפֿן אירע פּלייצעס, — מען האָט געקאָנט אָנרירן דעם שלאָף, וואָס ליגט אויס־געשפּרייט אויף זיי. דער שלאָף ליגט אויף איר שייטל האָר. אירע הענט האָט זי געהאַלטן נעבן זיך — איינגעוויקלט אַרום זיך — ווי אַן עמבריאָן אין דער מוטערס בויך — זי האָט זיי מורא געהאַט אַרויסצושטעלן פֿאַר זיך. דער שלאָף איז געלעגן איבער איר דינעם בויך — איבער אירע אומ־אַנטוויקלטע, כמעט יינגלישע ברוסט — זי איז געגאַנגען, זי האָט זיך באַוועגן אין אַ שלאָף...

זי האָט גאָרנישט געהאַט אַזעלכעס, מיט וואָס אַרויסצורופֿן זאַכא־רים אויפֿמערקזאַמקייט אָדער וועמען עס איז אַנדערנס. דאָך קאָן מען נישט זאָגן, אַז זאַכאַרי האָט זי נישט באַמערקט — ער האָט זי, איינגנט־לעך, יאָ דערזען, אָבער מען קאָן נישט זאָגן, אַז איר דערשיינונג האָט אַרויסגערופֿן ביי אים עפּעס חשקדיקס און דערפֿרייענדיקס. גיכער מורא. ער האָט אַנגסט געהאַט פֿאַר איר. און דאָס איז געווען דורך דעם, וואָס העלענקע האָט אים אין אַ געוויסער הינזיכט דערמאָנט אין זיין מוטער. ער האָט זיך פֿאָרגעשטעלט אין זיין פֿאַנטאַזיע, אַז זיין מוטער האָט גע־מוזט מיידלווייז אַזוי אויסזען, פֿאַרהוילן זיין אין אַ שלאָף־וואָלקן. דאָס איז אים, עפּעס צוליב נישט קיין אויפֿגעקלערטער אורזאַך, פֿאַרגעקומען אומאָנגענעם. ער האָט נישט גערן געהאַט, ער האָט פֿיינט געהאַט אַלצ־דינג וואָס האָט אים דערמאָנט אין זיין מוטער. די דעראינערונג אין זיין מוטער — האָט זיך איצט פֿאַרוואַנדלט ביי אים אין עפּעס אומאָנגענע־מעס. ער קאָן עס זיך נישט קלאָר דערקלערן, פֿאַרוואָס דאָס איז אַזוי. —

נאָר אַזוי איז עס געווען. זיין מוטערס ווערטער, וואָס האָט אין זיינע קינדישע יאָרן באַהערשט זיין לעבן — האָט אַרויסגערופן אין די איצטיקע יאָרן ביי אים פאַרדריסלעכקייט און ווידערווילן — ער האָט עס געמוזט מודה זיין, אַז עס איז אַזוי... עס האָט זיך אים אויסגעוויזן, אַז אין זיין גורל איז שולדיק זיין מוטער. איר נאָר אַליין האָט ער צו פאַרדאַנקען דעם שוואַכן כאַראַקטער זיינעם און די אומזיכערקייט זיינע. און אַזוי ווי ער האָט זיין אייגענעם כאַראַקטער געהאַסט, אַזוי האָט ער געהאַסט זיין מוטערס ווערטער איצט, און אַלעם וואָס דערמאָנט אים אין איר.

***

קיין גרויסן חשק צו באַגלייטן העלענקען דורך דעם גאָרטן אויף איר לעקציע, — ווי זי האָט אים געבעטן צו טון — האָט זאַכאַרי נישט געהאַט. אין אַ געוויסן זין איז עס אים געווען אויך דערווידער; דאָך איז ער געגאַנגען, געצוווּנגען דורך אַן אומפאַרשטענדלעכן און מעכטיקערן כוח ווי ער איז, ווי ער וואָלט באַפוילן געוואָרן דורך זיין גורל. אומבאַוווּסט האָט ער געהאַט אַן אָנונג — ווען עס וועט אים באַשערט זיין צו טיילן מיט וועמען זיין לעבן, וועט עס נישט זיין פון די פערזענלעכקייטן, נאָך וועלכע ער בענקט — ענלעך עפּעס צו פרוי הורוויץ, — אונטער וועמענס כוח ער זאָל אויפגיין, נאָר דווקא פון יענע נאַטורן, וואָס טראָגן אין זיך אונטערטעניקייט און שוואַכקייט, ווי ער איז אַליין — ווי זיין מוטער איז געווען. ער האָט זיך אויסגעהיטן און מורא געהאַט דערפאַר.

און דאָך איז ער געגאַנגען. ער האָט זיך, פאַרשטענדלעך, נישט אַזוי ווייט די זאַך פאַרגעשטעלט, ער האָט זיך גאָרנישט פון דעם אומשולדיקן שפּאַצירגאַנג פאַרשפּראָכן. נאָר דאָס קוקן אין די אויגן אריין, די געהיימע בליקן — און די פּאַסירונג היינט פאַר מיטאָג ביי דער לעקציע אין שול — זענען געווען גענוג, אַז ער זאָל זיך פאַר עפּעס שרעקן. ווי יעדע שוואַכע נאַטור, האָט ער דעם שאָטן אָנגענומען פאַרן קעגנשטאַנד, פיל פאַרגרעסערט די געפאַר. — און אייגנטלעך, וואָס וואָלט געווען איינפאַכער און לייכטער, ווי פּשוט נישט אויסצופירן דעם פאַרלאַנג, וואָס אַ שוואַך מיידל האָט אים געבעטן טון? נאָר דאָך מיט פּראָטעסט און געבייזער אויף זיך אַליין — האָט ער דאָך אויסגעפירט דאָס, וואָס זי האָט אים געבעטן.

***

ווען העלענקע איז אַראָפּגעקומען פון שטוב, נאָכן עסן, צו גיין אויף אירע נאָכמיטאָגדיקע שטונדן, האָט זי שוין מירקינען אָנגעטראָפן אויפן גאַס. זי איז געווען אָנגעטון אין איר געוועגלעכן טאָג־טעגלעכן מאַנטל, וואָס האָט פאַרלוירן דעם קאָליר צוליב אַלטקייט, מיטן אויסגעקראָכענעם געלן פוקסענעם קאָלנער, אין אַ טוכענעם, ברייטראַנדיקן אַראָפּפאַלנדיקן הוט, וואָס זי האָט זיך אַליין אויסקאָמבינירט פון אַן אַלטן מענערשן טור־כענעם קאַפּעליוש. מירקין האָט זי אַזוי געזען טאָג־טעגלעך. די האָר פאַר־דעקן די אויערן, די באַלעבטע, שאַרף־אונטערגעצייכנטע ברעמען, דאָס שאַרף־אַרויסשניידנדיקע נעזל און די צוויי אַרויסשטאַרצנדיקע קין־באַקן — נאָר מיידליש און שוואַך. יעדן טאָג האָט ער זי געזען אַזוי. אָבער היינט איז אים דער גרויער, האָר־שטעכיקער מאַנטל פאָרגעקומען אַזוי ווי ער וואָלט אים צום ערשטן מאָל געזען. דער מאַנטל האָט געלעבט. ער האָט אין זיך געהאַט אָפּגעגאָסן אַלע באַוועגונגען פון איר מיידלשן קער־פּער, די גאַנצע מיידלשע נשמה. דער איבערגעמאַכטער מענערשער קאַ־פּעליוש איז אים פאָרגעקומען אָריגינעל. אַ מיידלשע קאָקעטישקייט, וואָס ער האָט נאָך קיינמאָל נישט געזען. אפילו די וואָלענע געשטריקטע הענטשקעס אויף די הענט, מיט וועלכע זי האָט געהאַלטן אַ פּאַק ביכער אונטערן אָרעם, האָבן געהאַט דעם מיידלשן אָנבליק פון איר. ער האָט געוואָלט עפּעס זאָגן. זי האָט אים שטיל געמאַכט מיט אַן אויסטערלישן גליקלעכן בליק און אַ פּליסטער אין אַן אויער.

— נישט אויף דער גאַס, קומט אין גאָרטן. איך האָב אַ האַלבע שעה צייט.

דער ווינטער האָט זיך שוין געהאַט געשטעלט. די פּרעסט האָבן צו־געפרוירן די בלאָטעס אויף די טראָטואַרן און ברוקן. עס איז געווען שליט־וועגס, ווינטער פאַרנאַכטלעך. פון די געוועלבער האָבן אַרויסגעשיינט די עלעקטרישע לאָמפּן און פאַרוואַנדלט די שניי־באַהויכטע לופט אין אַ געלן וואָלקן, אין וועלכן אַלץ האָט זיך באַוועגן און געפינקלט...

ווען זיי זענען אַריינגעקומען אין גאָרטן, האָט זיך אויפגעעפנט אַ נייע וועלט פאַר זיי. דאָ איז דער שניי געלעגן איבער די ביימער און אָפּגעצאַמטע פעלדער־בייטן, כמעט אומבאַרירט, אָפּגעטאָקט, אָנגעשאָטן. גאָרנישט האָט געפעלט פון זיין וואָג און מאָס, אַזוי ווי גאָט האָט אים געגעבן. אין דער פאַרנאַכטלעכער, שימערירנדיקער לופט האָט אַלץ אויס־

געקוקט וואָר און נישט-וואָר. די עלעקטרישע לאָמפּן, באַלויכטנדיק דעם ווייסן שניי, האָבן נאָך מער צוגעגעבן אַ פאַנטאַסטיש אויסזען דער וועלט אין גאָרטן. אַ קאַלטער ווינט האָט אויפגעהויבן דעם שניי־פּוך פון דער אויבערפלאַך און צעטראָגן צעפלאָשעטע שניי־שפּרינקעלעך פאַרביי די עלעקטרישע ליכטער, אין וועמענס שיין זיי זענען פאַרוואַנדלט געוואָרן אין צעשאָטענע, פליענדיקע בריליאַנטן־נעצן. די לופט איז געווען פול אָנגעזאַפּט מיט עלעקטרישע שטראָמען, אין וועמענס געווירבל עס האָבן זיך אָנגעצונדן און אויסגעלאָשן מיליאָנען קרישטאָלענע פינטעלעך, ווי גאַנצע וואָלקנס פון גלי־ווערים וואָלטן זיך געטראָגן אין דער לופטן... היימישע שטימען האָבן פריילעך אָפּגעקלונגען פון ווינטערלופט. באַלעבאַטע מענטשן אין פאַרנעפּלטע אַלעען. קיין זאַך און מענטש האָט מען אָבער נישט געזען בולט. פאַרמען זענען פאַרווישט געוואָרן, נאָר טונקעלע סילוועטן. מען האָט נאָר געהערט שטימען, מ'האָט נאָר געפילט אין דער לופט זייער באַוועגונג. בוים און מענטש זענען געווען פאַרטראָגן אין שימערירנדיקע ווינטער־נעפּלען...

ער האָט דערפילט איר קאַלטע מיידלשע האַנט אין זיינער, וואָס עס האָט אים געוואַרימט. נישט קיין וואָרט אויסצורעדן, האָט זי אים פאַרפירט אין אַן אָפּגעלעגענע קליינע אַלעע, ווו זי האָט זיך אוועקגעזעצט מיט אים אויף אַ באַנק.

עס האָט זיך אויפגעעפנט פאַר זיי, פון דעם אָרט, ווו זיי זענען געזעסן, אַ הערלעכע פּאַנאָראַמע אויפן גליטש, וועלכער איז איצט באַלויכטן געווען, און עס האָבן זיך פון אים געטראָגן פריילעכע שטימען פון מענטשן, וואָס האָבן זיך געגליטשט אויף אים. ווייטע אויסגייענדיקע פרייד־געשרייען, ווייט פאַרפלאָכטענע ליכט, וואָס גייט־דורך דורך זיפּן פון נאַקעטע צווייגן. די באַלייכטונג פון דעם גליטש האָט זיי געגעבן די מעגלעכקייט צו זען די רויטע קרוינען־באַשיינטע צווייגן־ביימער, וואָס האָבן פון דעם שימערירנדיקן פאַרנאַכטלעכן וואָלקן־ליכט אַרויסגעקוקט ווי פאַנטאַסטישע פאַרזילבערטע חלומות־געשטאַלטן. זיי זענען געזעסן זייט ביי זייט, געקילט צוזאַמען פון איין ווינט, באַהויכט צוזאַמען פון איין הויך: זיי האָבן זיך דורך דעם געפילט ווי זיי וואָלטן ביידע פון איין דעק געוואָרן צוגעדעקט. ער איז שוין צוריק אַ קינד געוואָרן ווי זי. פאַרגעסן וועגן אַלעם און דווקא געוואָלט וויסן, וואָס זי האָט געפונען אין זיינע

אויגן אַזעלכעס, וואָס זי האַלט אין איין זוכן מיט איר בליק. דערפאַר, ווייל ער איז אַזוי נייגעריק געווען צו וויסן וועגן זיינע אויגן, האָט זי נישט געוואָלט דערפון רעדן. זי האָט געוואָלט רעדן וועגן די ביימער.

— זי האָט ליבער די ביימער, — זאָגט זי, — אין ווינטער פיל מער, ווי אין זומער. אין זומער פאַרשטעלן זיי זיך, באַבלימען זיי זיך און ווייזן נישט אַרויס זייערע פּנימער... אין ווינטער שטייען זיי נאַקעטע. עס דאַכט זיך, אַז ביימער זענען פאַרוואַנדלטע מענטשן, וועלכע מען האָט צוגעבונדן, צוגעשמידט צו זייערע ערטער אויף שטענדיק און שטענדיק. זיי שטעקן־אַרויס צום הימל זייערע פינגער. — זעט, וויפיל פינגער זיי האָבן, — ווייזט זי אים אויף די נאַקעטע צווייגן.

ער האָט געפילט איר נאַקעטע נאָענטקייט דורך דעם, וואָס ער האָט זיך צוגערירט מיט זיין נאַקעטער האַנט צו איר קאַלט־האַריק מאַנטעלע.

— צי ער ווייסט נישט, וואָס ביימער טוען ביינאַכט, ווען קיינער זעט זיי נישט? — פרעגט זי אים פּלוצים.

— ניין, ער ווייסט נישט, — שמייכלט ער.

— דער טאַטע זאָגט, אין די פרומע יידישע ספרים שטייט געשריבן, אַז ביימער דאַווגען ביינאַכט, ווען קיינער זעט זיי נישט. נאָר איר דאַכט זיך, אַז זיי רייסן זיך דענסטמאָל אַרויס פון זייערע צוגעשמידטע פּלעצער, גייען איינער צום אַנדערן מיט אַ וויזיט, — לאַכט זי אים דערביי אין פּנים אַריין, — יעדער צו זיין באַשערטער און רעדן וועגן דעם לעבן, וואָס זיי האָבן געפירט אַמאָל. — מיינט ער נישט אַזוי?

— ער האָט קיינמאָל נישט געקלערט וועגן דעם. וואָס גייען אים ביימער אָן? דאָס איינציקע, וואָס ער וויל וויסן, איז, פאַרוואָס זי קוקט אים אַזוי טיף אין די אויגן אַריין? וואָס וויל זי דאָס דערגיין?

— זי האָט זיך ליב אַריינצוקוקן אין זיינע אויגן. ווייל זיי זענען קינדיש.

זאַכאַרי קאָן עס נישט פאַרשטיין און פרעגט אַ נאַרישע פראַגע:

— קינדיש? — פרעגט ער איבער.

— איך האָב געמיינט, אַז איר זענט אַזוי זיכער אין זיך, אַזוי ווי אייך קאָן גאָרנישט געשען. נאָר אַנומלט האָב איך געגעבן אַ קוק אויף אייך, דאָס איז געווען דענסטמאָל, ווען איר זענט אַריינגעקומען צו אונדז, ווען מיר האָבן געגעסן מיטאָג. אייערע אויגן האָבן געציטערט ביי אייך

אזוי שוואך, ווי ביי א קליין קינד, און אייערע ליפּן האָבן געציטערט. עס האָט זיך מיר געדאכט, אַז איר זענט נאָך גאָר א קליין קינד. וואָס האָט זיך פאַרבלאָנדזשעט...

ער האָט געמוזט שמייכלען אין זיין בערדל אריין ביים וואָרט „קינד". וואָס איז דאָס אין אים אַזוינס קינדיש, אַז אַלע פילן עס ארויס פון אים?

— און איר זענט שוין א דערוואַקסענע? — פרעגט ער זי און נעמט איר האַנט אין זיינע.

זי קוקט אים אָן פאַרוווּנדערט.

— וואָס דען בין איך, א קינד? איך האָב דאָך שוין אַן אייגענעם קלאַס.

— פאַרוואָס האַלט איר מיך דאָס פאַר א קינד? איך בין דאָך עלטער פון אייך, און מער געלעבט פון אייך.

— איך ווייס נישט פאַרוואָס, — זאָגט זי, — נאָר אַז מ'קוקט אויף אייך, דאַכט זיך, אַז איר זעט־אויס ווי א פאַרלוירן יינגל, ווי איינע פון מיינע מיידלעך, וואָס קומען צום ערשטן מאָל אין שולע אריין, אפילו מיט אייער בערדעלע.

— זעט זיך אויס, אַז עס מוז זיין זייער פיל נארישעס אין מיר, אַז אַלע דערזעען אין מיר נאָר דאָס „קינד".

— קינדער זענען נישט נאַריש, — זאָגט זי ערנסט. קינדער זענען די קלוגסטע גאָטס באַשעפענישן. ווען קינדער ווילן עפּעס — וועלן זיי שטענדיק באַקומען.

— איר זענט עס. — און זי נעמט איר האַנט אַרויס פון זיינע און הייבט אים אָן צו גלעטן איבער זיין פּנים.

זאַכארי ווערט בלייך. ער כאַפּט־אָן איר האַנט און פרעגט אין דער שטיל:

— וואָס טוט איר?

— איך ווייס נישט וואָס איך טו.

דערויף ווערן זיי ביידע שטיל.

— קינדער זענען שטאַרק, — זאָגט זי ווי פאַר זיך.

— דאָס שוין נישט, — זאָגט זאַכארי.

— אָ, יאָ, איך ווייס עס, זענט איר נישט שטאַרק?

זאַכאַרי שמייכלט. — איך?

— איך ווייס אַלץ וועגן אייך. איר האָט דאָך מיט אַלעמען אָפּגעשניטן, און אָנגעהויבן פון זיך אַליין.

דאָס איז געווען אַן אַנטדעקונג פאַר אים.

— פון מיר אַליין, זאָגט איר?

— געוויס, איר האָט אַלצדינג איבערגעלאָזט נאָך זיך, און זענט אַוועק אָנצוהייבן פון זיך אַליין. פיל וואָלטן עס געטון אויף אייער אָרט?

— איך ווייס גאָרנישט, אויב דאָס איז געווען אַזאַ וויכטיקייט. מענטשן טוען נישט זאַכן, ווייל זיי זענען גוט אָדער שלעכט. מענטשן טוען דאָס, וואָס די אומשטענדן, די נויט צווינגט זיי צו טון.

— באַדויערט איר דאָס, וואָס איר האָט געטון? — פרעגט זי אים.

— איך באַדויער נישט, נאָר איך זע נישט די וויכטיקייט דערפון, אפשר אויך נישט דעם ציל.

ער האָט אָפּגעהאַקט אין מיטן.

זי האָט איצט גענומען זיין האַנט אין אירער.

— פאַרוואָס מיינט איר אַזוי?

— איר זאָגט, איך בין אין אָנהייב, און מיר דאַכט זיך, איך בין אין ענד. אָנהייבער ווייסן וואָס זיי ווילן און גייען דירעקט צו זייער ציל. זיי האָבן קיין ספקות נישט, זיי זעען קיין שאָטן נישט. אייער פאָטער איז אין אָנהייב. זיין פריינט, דער ציוניסט, דער „זשאַבלינער", אייער מוטער — געוויס. זיי זעען אַזוי קלאָר און דייטלעך זייערע וועגן פאַר זיך. אַנדערש איז עס מיט מיר. קוים שלים איך זיך אָן צו איין זאַך, זע איך באַלד דעם שאָטן דערפון. און איך הייב אָן צו צווייפלען. מיר דאַכט זיך שטענדיק: אפשר האָט דער צווייטער אויך רעכט? ביי אייך זענען אַלע אַזוי זיכער אין דעם, וואָס זיי זאָגן. איך בין קיינמאָל נישט זיכער.

— וואָס איז דאָ שלעכטס? — פאַרקערט.

— דאָס איז אפשר גוט פאַר אַזעלכע, וואָס ווילן שטיין אָן אַ זייט, אָבער נישט פאַר די, וואָס ווילן זיך איינוועבן אין לעבן, וואָס ווילן נוצן ברענגען.

— און פאַרוואָס קאָנט איר נישט גיין אייער וועג איינער אַליין אַזוי, ווי איר זעט אים?

— דאָס איז גוט פאַר שטאַרקע. שוואַכלינגען מוזן האָבן אַ רינג אין

דער נאָז און אַ קאַנטשיק איבערן לייב, אַז נישט ווערן זיי פאַרשלעפּט פון זייערע אייגענע רוחות רעות, די גוטע יאָרן ווייסן וווהין.

עס איז מער געוועזן דער ווייטיק אין דעם טאָן פון זיין שטימע, ווי די ווערטער אַליין, וואָס האָט איר האַרץ אַ טרייסל געגעבן. זי האָט דערפילט דעם אומדערקלערלעכן צער, וואָס האָט זיך אַרויסגעריסן פון אים. זי האָט אָנגענומען זיין האַנט, צוגעטוליעט זיך צו אים מיט איר גאַנצן קערפּער און געקוקט אים אין פּנים אַריין און געפּרעגט מיט בעטנדיקע אויגן.

— וואָס איז אייך? פאַרוואָס רעדט איר אַזוי?

— וואָס זאָל מיר זיין? גאָרנישט איז מיר.

— ניין, אייך איז עפּעס, פון אייך רייסט זיך אַרויס אַזאַ צער. אָפּטמאָל דערהער איך פון אייך אַזאַ ווייטיקדיקע מעלאָדיע. וואָס איז אייך? זאָגט מיר!

— אפשר זיצט אין מיר אַן אָרקעסטער, וואָס שפּילט, נאָר איך ווייס נישט דערפון? — לאַכט זאַכאַרי.

— רעדט נישט אַזוי, איך בעט אייך, רעדט נישט אַזוי. איר ליידט!

— עס איז זייער פיין פון אייך, נאָר איך פאַרזיכער אייך, אַז מיין לייד איז נישט ווערט אייער מיטלייד.

— פאַרוואָס רעדט איר אַזוי? פאַרוואָס רעדט איר אַזוי? — און זי האָט פּלוצים צוגעבויגן איר קאַלט פּנים צו זיינעם, און זאַכאַרי האָט דערפילט אויף זיין מויל, אין זיינע אויגן דעם טוי פון איר אָטעם, וואָס האָט זיך געטראָגן פון איר אָפן וואַרים מויל.

— פאַרוואָס טוט איר דאָס? — פרעגט זאַכאַרי דערשראָקן.

— איך ווייס נישט, איך ווייס נישט, — זאָגט דאָס מיידל מיט פאַרמאַכטע אויגן, טוליענדיק זיך צו אים און אויסשטרעקנדיק אירע פאַרחלשטע ליפּן צו זיין פּנים.

— טוט דאָס נישט, טוט דאָס נישט.

— איך וויל... איך וויל... — האָט זי געשעפּטשעט און אַלץ געהאַלטן אויסגעבויגן אירע אָפענע פאַרחלשטע ליפּן צו זיין פּנים.

— טוט דאָס נישט.

— איך וויל!...

זאַכאַרי האָט געפילט די פאַסן האָר, וואָס האָבן זיך אַרויסגעריסן פון

איר מענערשן הוט איבער אירע אויגן; ער האָט געזען דעם נאַקעטן קאַרק, וואָס האָט זיך אונטערגעהויבן פון איר פאַלנדיקן קאָפּ. ער האָט אויפגעהויבן זיין האַנט און אַרויפגעלייגט אויף איר דינעם אַקסל.

אַ פּאָר אויפגעריסענע אויגן, אַזוי פריש און פייכט, ווי מען וואָלט זיי געוועזן אויפגעשניטן צום ערשטן מאָל, האָבן אים געקוקט מיט ווייטיקדיקער פאַרציקטקייט אין פּנים אַריין...

## קאַפּיטל 20

# מיטן קאַנטשיק אויפן לייב

ווילן, צי נישט ווילן — שרעק און גלוסטונג האָט זיך אויסגעמישט צוזאַמען.

זיי האָבן זיך אָנגעהויבן אַרומשלעפּן און אַרומוואַלגערן איבער בלאָטיקע גאַסן, זיצן אין גאָרטן ביי פּראָסטיקע ווינטן און האַלטן זיך ביי די הענט, ווי אַ יינגל מיט אַ מיידל. מירקין איז, נישט נאָר יונג געוואָרן; מירקין איז, ווי יעדער פאַרליבטער, נאַריש געוואָרן. אַז זי איז געגאַנגען אויף די לעקציעס, האָט ער זיך נאָכגעשלעפּט, אַבי צו האָבן די געלעגנהייט צו זיין נעבן איר. אויף דער נאַקעטער גאַס אָפּגעשטאַנען אַ שעה אַ לאַנגע אין אַ טויער קעגנאיבער דעם הויז, וווּ זי איז פאַרשוונדן, כדי אָפּצוּוואַרטן ביז זי וועט צוריק אַרויסקומען. עס האָט נישט נעהאָלפן קיין וואָרעניש פאַר פאַרקילן זיך. דאָס זיין נעבן איר, זען אירע קאַלטע באַקן אַרויסקוקן פונעם פוקסענעם קאָלנער מיט דעם ווייסן מענערשן הוט, וואָס האָבן פאַרטרונקען איר פּנים, איז געווען אַזאַ הויכער, וויכטיקער ציל, אַז ער האָט פאַר דעם פאַרנאַכלעסיקט אפילו זיין באַשעפטיקונג. דאָס באַרירן איר האַריק-שטעכיקן, ווינט-אויסגעשאַרטן מאַנטל — האָט געהאַט דעם רייץ פון גלאַטיקן נאַקעטן לייב... דאָס רוען פונעם בליק אויף איר שייטל גלאַטיקן קאָפּ — דאָס גליק פון דער דערהויבנסטער שלימותדיקער האַרמאָניע...

עס איז טאַקע ביים טיש אָנגעגאַנגען אַן איבערקוקן זיך, איצט נישט אַזוי דרייסט אָפן, נאָר באַהאַלטן, גנביש. נאָכן רעגעל: „אויפן גנב ברענט

דער הוט" — האָבן זיי געמיינט, אַז אַלע באַמערקן, ווייסן און קאָנען לעזן זייערע געדאַנקען. איז דאָס קוקן אָנגעגאַנגען מיט הפסקות, מיט מורא; כאָטש דאָס האָט אַרויסגערופן מער חשד ווי פריער, און דער טאַטע איז שוין טאַקע אַמאָל אין אַ פּריוויטיק־צו־נאַכטס, ביי אַ פּאָרלעזן, אויפמערקזאַם געוואָרן אויף דעם אָנקוקן זיך און גענומען דערנאָך די טאָכטער אויף אַ פאַרהער. רחל־לאה מיט איר קלוגן קאָפּ האָט אַרויסגעראַטעוועט פון דער סיטואַציע; זי איז אָנגעפאַלן אויפן מאַן — „וואָס טשעפּעט ער זיך צום קינד, וואָס ווייסט נישט פון קיין שום שלעכטס, און צו אַן אָנשטענדיקן יונגנמאַן, וואָס ווייסט נישט פון וואָס צו זאָגן".

— וואָס ווילסטו, וואָס? אַ בחור מיט אַ מיידל, זיי האָבן אויגן — קוקן זיי. דו האָסט אויך געקוקט, ווען דו ביסט געווען אַ יונגערמאַן, — האָט זי געמאַכט פון דער גאַנצער מעשה אַ חוזק און אויסגעלאַכט דעם מאַן.

ער וואָלט שוין לענגסט געווען אונטערגענומען דעם נויטיקן שריט, וואָס זיין ווילן און געוויסן האָבן אים דיקטירט צו טון און דערקלערן זיך פאַר אירע עלטערן, ווען זיין גוט־בירגערלעכע דערצויגנקייט וואָלט אים נישט געווען אונטערגעזאָגט, אַז ער האָט נישט קיין רעכט דאָס צו טון. זיין גוט־בירגערלעכע דערצויגנקייט האָט אים געלערנט, אַז אַ מענטש קאָן נישט נעמען אויף זיך קיין התחייבותן, סיידן ער קאָן זיי באַצאָלן. זי, די גוט־בירגערלעכע דערצויגנקייט, וואָס האָט זיך אים נאָכגעשלעפּט ביז צו די טרעפּ פון די הורוויצעס הויז, און וואָס אפילו זיין „ביליקער"־מיטאָג האָט נישט געקאָנט אַרויסשלאָגן פון אים, האָט אים געפרעגט: וואָס פאַרא רעכט האָט ער צו קלערן פון נעמען אַ ווייב, ווען ער קאָן זי נישט באַזאָרגן מיט אַלעם נויטיקן? וואָס פאַרא רעכט האָט ער צו קלערן וועגן גליק, ווען ער האָט נישט קיין אייגענע שטוב, ווו אַריינצוברענגען זיין גליק? קיין קאָלדרע זיין גליק צוצודעקן, און אויף קיין פּוד קוילן נישט זיין גליק אָנצוווארימען? זיין גוט־בירגערלעכע דערצויגנקייט האָט נאָך נישט געוווּסט, אַז גליק איז אָפּטמאָל היימלאָז און געפּרווירן, כאָטש זאַכארי אַליין האָט שוין געהאַט געמאַכט די אַנטדעקונג...

עס איז אים שפּעטער געקומען אויפן געדאַנק, אונטערגעזאָגט פון זיין ענגאַאיזם, אַז ער זאָל צוריקפאָדערן דאָס, וואָס ער האָט זיך אַזוי

לייבט אָפּגעזאָגט — פון זיין מוטערס ירושה. דער געדאַנק איז נאָך נישט געווען געגנוג רייף, אַז ער זאָל אַרויסרופן די טאַט. ער איז נאָר געווען אויף אַזוי פיל רייף, וואָס ער האָט איינגעזען, אַז זיין שריט אַזוי ווויל־יונגע־ריש אָפּצושיקן זיין פאָטער דאָס געלט, וואָס באַלאַנגט צו אים, איז גע־ווען איבערגעאיילט און אַרויסגערופן פון ערשטן אימפּולס: „יעדנפאַלס איז אים, דעם טאַטן, פאַר דער מעשה, וואָס ער האָט חתונה געהאַט, נישט געקומען מיין מאַמעס זאַק געלט אין קאָפּ אַריין", — האָט ער זיך גע־זאָגט. „רעאַגירן דערויף האָב איך באַדאַרפט, נאָר אויף אַן אַנדערן אופן".

נאָר באַלד האָט זיך אין אים זיין כעס אָנגעצונדן. ער איז בייז גע־וואָרן אויף זיך, וואָס ער האָט געקאָנט וועגן דעם גאָר קלערן. אַן עקל און אַ דערווידער האָט אים אָנגענומען פאַר אַלץ, וואָס שטינקט מיט פּעטער־בורג, מיט דעם הויז, פון וואַנען ער קומט, מיט זיין גאַנצער דערציאונג, מיט זיין גאַנצן פריערדיקן לעבן.

— נאָר נישט דאָס, נאָר נישט דאָס! — האָט ער זיך דערפון אָפּגע־שאָקלט מיט עקל, ווי ער וואָלט זיך געהאַט אָנגערירט אַן עפּעס נישט־אָנגענעמס.

נאָר איינמאָל איז געשען אַ זאַך, וואָס האָט אים געמאַכט אַנדערש קלערן.

זייער ביז־איצטיק נאָענט באַגעגענען זיך איז שטענדיק פאָרגעקומען אויף דער גאַס, אין גאָרטן, אין קאַלטן ווינט. ער איז נישט נענטער גע־קומען צו איר, ווי צום האַריק־שטעכנדיקן מאַנטל, וואָס כאָטש ער האָט זיך זאַכאַרין אויסגעוויזן, אַז ער טראָגט אין זיך אַלע חן־גריבעלעך און מיידל־קנייטשעלעך און לייב־געשמאַק פון העלענקעס פיגור — האָט ער אָבער אויך איינצייטיק געטראָגן אין זיך די ווינטן און די קעלט פון דער גאַס... דער אָפּגעטראָגענער, אויסגעפּליקטער געלער פוקס איז שוין געגנ־טער געווען. ער האָט אין זיינע צעקנייטשטע האָר געטראָגן די וואַרימ־קייט פון איר מיידל־האַלדז. נאָך נענטער איז געווען דאָס מענערשע ווייכע קאַפּעליושל. עס האָט געהאַט אין זיך „אוויגישעס" פון איר אויג און „האָ־ריקעס" פון אירע האָר. אָבער אַלץ איז געווען גאַסיש און קאַלט.

ער האָט שוין געהאַט געוווינט אין זיין נייער וווינונג, אין אַ קליין אַלקערל, פון וועלכן אַ פענצטער איז אַרויסגעגאַנגען אויף אַ באַלויכטע־נעם הויף, און וואָס ער האָט געהאַט באַקומען פאַר די לעקציעס, געגעבן

צו א גימנאזיסט, א יינגל פון א רייכן פּריוואַט־שניידער. זיין שטיבל איז געווען קליין, נאָר גענוג זויבער און סטודענטיש געהאַלטן. זי איז נאָך קיינמאָל נישט געווען ביי אים. זיין גוט־בירגערלעכע דערצויגנקייט האָט אים פאַרווערט אפילו צו טראַכטן וועגן דעם...

אין א פאַרנאַכט, ווען ער איז געזעסן ביים לאָמפּ־באַלויכטענעם טיש איבער א בוך, הערט ער, ווי עס פרעגט זיך ווער אויף אים אין קאָרי־דאָר. איידער ער האָט נאָך צייט געהאַט זיך אויפצוהויבן, באַווייזט זי זיך, אָן א קלאַפּ אין דער טיר.

זי איז געווען אָנגעטון, ווי שטענדיק, אין איר האָריק־שטעכעדיק מאַנטעלע, אינעם פוקסענעם קאָלנער און אין מענערשן הוט. אונטער איין אָרעם האַלט זי די פּאָר העפטן און לערן־ביכלעך פון דער לעקציע, אין א צווייטער האַנט — א קליין בינטל פּיילכן, פון וועלכן עס שטאַרט אויך אַרויס א שטיקעלע געלע מימאָזע.

— איך האָב געוואָלט זען אייער צימער, ווי איר וווינט, — פאַר־ענטפערט זי זיך מיט א שולדיק־מודהדיקן טאָן אויף זיין פריילעך־איבער־ראַשנדיקן בליק.

ער נעמט די ביכער און די העפטן פון איר אָרעם. די פּיילכן מיט דעם שטיקעלע מימאָזע־צווייגל האַלט זי נאָך אין דער האַנט און ווייסט נישט וואָס צו טון דערמיט. ענדלעך מאַכט זי זיך מוט און לייגט עס אַרויף אויפן אָפענעם בוך, וואָס ליגט פאַרן לאָמפּ.

קיין סך בענקלעך זענען נישטאָ אין דעם שטיבל, בלויז דאָס איינע, פון וועלכן ער האָט זיך אויפגעשטעלט. דערפאַר שטייט א בעט, איבער־געדעקט מיט א וואָלענער געקעסטלטער דעקע, וואָס ער האָט זיך מיטגע־בראַכט פון דער היים — דער איינציקער אָנדענק פון זיין רייכן הויז.

ער זעצט זיך אויפן בעט און רוקט־צו דאָס בענקל פאַר איר: צי זי קאָן נישט אויף א מינוט אויסטון דעם מאַנטל? זי וועט זיך צוקילן.

אין שטיבל איז וואַרים, און עס באַהאַלט זיך אין וואַרימען פאַר־מעט־שאָטן פון דעם גרינעם אַבאַזשור פונעם טיש־לאָמפּ.

— צי ער קאָן נישט אַריינברענגען א גלאָז אָדער א טעפּעלע מיט וואַסער פאַר דעם בינטל פּיילכן? זיי וועלן פאַרטריקנט ווערן.

ער גייט אין קיך אַריין בעטן דאָס גלאָז וואַסער. אַז ער קומט צו־ריק, געפינט ער זי שוין אינעם שוואַרץ־ווייס געקעסטלטן קליידל, אין

גאַקעטן קאָפּ, מיט די צעפּ האָר פאַרלייגט איבער די אויערן, און — אָנשטאָט אויפן הארטן בענקל, זיצט זי אויפן בעט ביי א ווינקל און האלט זיך צו מיט ביידע הענט ביי דעם בעט־לייסטל.

ער רוקט צו דאָס בענקל צו איר, הארט ביז צו אירע קינדערשע קני.

א יינגל־מיידל — קוקן זיך אין די אויגן.

אָנשטאָט דאָס גאַסן־מאַנטעלע — דאָס שטוב־קליידל; אָנשטאָט דאָס דרויסנדיקע מענערשע קאַפּעליושל — דער נאַקעטער קאָפּ מיטן גאַנצן אויפגעדעקטן פּנים, מיט די אויפגעשניטענע ווייטיק־קוקנדיקע אויגן. בלאָע קאַכנדיקע פינטלען באָדן זיך און שווימען ארום אין בלוט־אָדערן באַצויגענע אויג־אַפּלען. קאַלטע פרישע כלהדיקע באַקן, אַן אויפגעשניטן פאַרחלשט מויל, וואָס זוכט עפּעס, און א דינער מיידלשער האלדז, וואָס ציט זיך א נאַקעטער ארויס פונעם קליידל און בעט זיך צו האַלדזן.

א שטום יינגל־מיידליש שפּילן זיך מיט הענט, מיט פינגער, א שטום יינגל־מיידליש קוקן זיך אין די אויגן.

באַלד זוכן זיך די ליפּן און טרינקען איינס דאָס אַנדערע.

אין האַלדזן דערפילט ער איר קיילעכדיק־קנאַקנדיקן קערפּער אונטער דעם קליידל. ער האָט נישט געוווסט, אַז א מיידליש לייב קאָן זיין אזוי הארט קיילעכדיק. ער האָט גאָרנישט געוווסט, אַז אַזעלכע דינע מיידלשע גלידער קאָנען אזוי בחוריש מעכטיק קלאַמערן. דאָס גאַנצע אָנגעצויגענע מיידלשע לייב שפּראָצט־ארויס זיין גלוסטונג דורכן שוואַרץ־ווייס געקעסטלטן קליידל...

מיטן האַלדזן זיך רוקט זיך אַראָפּ דער אויסשניט פון איר קליידל. עס אַנטבלויזט זיך א רונדיק־מיידלשע פּלייצע ווייס, טויאיק, נישט אָנצורירן. עס אַנטפּלעקט זיך אַן אויסגעהעפּט שטיקל העמד, וואָס זוימט־אָפּ א מיידליש בריסטן־ברעטל. פון דעם שטיקל אָפּגעזוימטן העמד אַנטפּלעקן זיך אָן א שיעור מיידלשע סודות.

זאַכאַרי ווערט שכור און טרינקט דעם מיידל־קערפּער מיט מויל און אויג.

עס געדויערט א מינוט — אייביקייט. און לייב באַרירט לייב.

באַלד רייסן זיך פון ווילן אָנגעגאָסענע הענט. מיט שמערץ און פּיין צעשיידט זיך לייב פון לייב. און א פּאָר רויטע אויגן, אין שרעק גע־פּלאָגט, קוקן אויף איר:

— העלענקע, קום אין גאַס אַרויס.

אירע אויגן ווערן גרויס. איר פּנים בלייך. אין דער לופטן בלייבן הענגען די מיט קראַפט אָנגעגאָסענע אָרעמס.

— פאַרוואָס, זאַכאַרי?

דאָך טוט זי אָן געהאָרכזאַם דאָס האָריג מאַנטעלע, וועלכעס ער האָט פאַר איר.

## קאַפּיטל 21

# אַ וואַרשעווער פאַבריקאַנט

אין שכנות, אויפן זעלבן הויף, וווּ עס האָט געוווינט פרוי הורוויץ, האָט זיך געפונען אַ טריקאָטן־פאַבריקל, מיט וועלכע עס ווימלען אַלע הויפן אין וואַרשע. דאָס פאַבריקל איז געווען אַ חסידיש, דאָס הייסט, אַז אַלע פּערזאָנען, וואָס האָבן דאָרט געאַרבעט, זענען געווען פרומע יידן. דאָס פאַבריקל האָט באַלאַנגט צו אַ באַלעבאָס, וועמען מ'האָט גערופן אין הויף „בערל פאַבריקאַנט". די געשיכטע פון „בערל פאַבריקאַנט" איז געווען פאָלגנדיקע:

אַמאָל איז בערל געווען אַ חסידישער יונגערמאַן, געטראָגן אַ געהאַקטע וואַרשעווער קאַפּאָטע און אַ וואַרשעווער קליין היטעלע מיט אַ קליינטשיק, קליינטשיק דעניקל און דאַשיקל, וואָס די פירמע „בריפטרעגער" פון די נאַלעווקעס אַרבעט־אויס פאַר די וואַרשעווער פּראָנטן. דעמאָלט איז בערל נאָך געווען אַ חסידישער בחור, געקאָנט אַביסל לערנען, און צוליב דעם פּאָטערס שלעכטע געשעפטן איז ער געצווונגען געווען צו ווערן אַ בעל־מלאכה. אַ בעל־מלאכה נישט, נאָר זיך אויסגעלערנט שטריקן אויף אַ מאַשין טריקאָטן, — וואָס עס איז דעמאָלט געווען זייער „מאָדערן" פאַר חסידישע בחורים, וואָס ווילן זיך נישט אַראָפּלאָזן און ווערן פּראָסטע „שניידערס און שוסטערס"... בערל האָט געאַרבעט ביי אַ ייד, וואָס האָט געהאַט איינגאַנצן צוויי מאַשינען. אויף איינער האָט ער געשטריקט, און ביי דער צווייטער איז געווען פאַרנומען דעם יידס אַ טאָכטער, אַ בונגרתדיק מיידל, וואָס האָט געגאַרט, ווי איר פאָטער, אַ שידוך צו

טון. זי האָט זיך טאַקע אָנגעזאַמלט נדן דערמיט, וואָס זי האָט אויסגע־צאָלט די מאַשין, אויף וועלכער זי האָט געאַרבעט, און אַ האַלב „פּאַב־ריקל" איז געווען אירס. בערל, וואָס האָט זיך ביי דעם ייד (אגב אויך אַ חסיד, — שמואל פינטשעווער, האָט געדאַוונט מיט זיין פאָטער אין איין שטיבל) אויסגעלערנט די מלאכה, איז באַלד געוואָרן דער אַרבע־טער און דער פירער פונעם פאַבריקל. בערל האָט נישט נאָר געקאָנט גוט די מלאכה; בערל האָט געוווסט ווי אַזוי צונויפצושטעלן קאָלירן, אַז זיי זאָלן געפעלן די ווייבער...

בערל האָט באַלד איינגעשלונגען דאָס פאַבריקל און איז געוואָרן דער פירער דערפון. אויף דער טאָכטער פון דעם „פאַבריקאַנט" האָט ער גע־מאַכט אַ גרויסן איינדרוק פונעם ערשטן אויגנבליק אָן. זי איז געווען אַ פליישיקע בלאָנדינקע מיט אַ רייפן פולן האַלדז, וואָס האָט פון איר רייפן, ווייסן לייב אַרויסגעשריגן דעם באַגער נאָך אַ מאַן (און, אגב, איז שוין צייט געווען אויך...). עס האָט זיך איר אויפן פנים, פון אויפגעקאָכטן, אויפגעוואַכטן בלוט, אַרויסגעזעצט פרישצעס און געשווירלעך.

די יונגע מענטשן האָבן זיך שוין לאַנג געהאַט דורכגעווונקען, און איידער דעם ערשטן שדכן איז איינגעפאַלן וועגן דעם שידוך, האָבן זיי שוין אין די שבתדיקע פאַרנאַכטן שפּאַצירט איבער די וואַרשעווער גאַסן: ער איז, צוליב דער לאַנגער קאַפּאָטע, געגאַנגען פאָראויס און זי נאָך אים, ביז זיי זענען אַרויסגעקומען אויף די פעלדער ביים יידישן שפּי־טאָל, פאַרקראָכן אין די ראָוון און אָפּגעטון אַנדערע זאַכן אויך...

אַז דער שדכן איז אונטערגעקומען (וואָס, אגב, בערל און דאָס מיידל האָבן אונטערגעשיקט צו זייערע עלטערן) רעדן וועגן שידוך, האָבן בערלס עלטערן נישט אַנדערש געוואָלט, נאָר די צוויי מאַשינען פון פאַבריקל אין נדן, אי דער טאָכטערס (די נדן־אויסגעצאָלטע), אי דעם טאַטנס — אַזוי איז דאָס טאַקע פון חתן־כלה אָפּגערעדט געוואָרן אויף זייערע געהיימע שפּאַצירן. בחנם האָט דער טאַטע זיך געצאַפּלט אונטער בערלס הענט: „און וואָס זאָל איך טון? איך דאַרף דאָך אויך עסן". בערל האָט געהויבן מיט די אַקסלען, די כלה האָט זיך געמאַכט תמעוואַטע. דער סוף איז געווען, אַז די פרומע טאַטע־מאַמע, וואָס זייער איינציקער ווונטש אין לעבן איז געווען זייער טאָכטער צו זען אונטער דער חופּה, האָבן געמוזט נאָכגעבן (אגב, האָט אים די טאָכטער אַנגעוויינט דעם קאָפּ

אויך געגוג) — בערל האָט געקראָגן אין נדןביידע מאַשינען — אי דער כלהס און אי דעם טאַטנס, — און דער טאַטע, דער „פאַבריקאַנט”, האָט זיך אוועקגעשטעלט נאָך דער חתונה אַרבעטן אַליין ביים איידעם אויף וואָכן-געלט...

נאָך דער חתונה האָט זיך בערל גענומען „מעלקן” זיינע מאַשינען. ער האָט אַריינגענומען נאָך אַ לערן־„יינגל” — אַ דערוואַקסענעם ייד מיט אַ בערדל, וועלכער האָט שוין געהאַט אַ ווייב מיט אַ קינד, און וואָס האָט זיך געוואָלט אויסלערנען די מלאכה. צוגענומען אַ פּאָר יינגלעך, וואָס האָבן געוויקלט אין די האַלבע נעכט אַריין די וואָל אויף די שפּולערס. בערל איז געווען אַ מזיק. ער האָט געקאָנט צוזאַמענשטעלן מוסטערן ווי קיינער ניט, געוווסט וואָס פאַראַ קאָלירן עס זענען מאָדערן. בעזש מיט אָראַנזש — פאַר יונגע, און דאָס ערנסטע גראָע מיט שוואַרץ געוואָרפן — פאַר עלטערע. געוווסט אויסצוטראַכטן פאַרשידענע חנעוודיקע קעלנערלעך, פאַסיקלעך, אָפּצוזיימען מיט אַנדערע פאַרבן די קאַנטן, אָנצופּלעכטן פראַנזן, וואָס זענען ווייבער זייער געפעלן. די סחורה האָט מען ביי אים געריסן פון די הענט און באַוואָרפן אים מיט וועקסעלעך, וואָס ער האָט פאַר אַ גרויסן פּראָצענט איינקאַסירט אין אַ קליין חסידיש בענקל.

אין אָנהייב האָט ער נאָך אַליין געאַרבעט, אָנגעטריבן מיט זיין ענערגיע און אַרבעטזאַמקייט דעם אַלטן שווער, וואָס איז איצט געשטאַנען איינגעשפּאַנט צו איין מאַשין; דעם יונגנמאַן, דעם חסיד, וואָס ער האָט אַריינגענומען אויף די לער, און די לערן־יינגלעך, וואָס האָבן געאַרבעט ביי די שפּולערס. ער האָט פאַר זיי „געהויבן די אויגן”, מיט אַן אומדערהערטער געשיקטקייט געשפּאַנט די פערדים, צוגעוואָרפן די שפּאָלערס פאַרשידנפאַרביקע וואָלן, וואָס זיי האָבן באַדאַרפט דורכשיסן דורכן „פאַך” מיט פאַרשידענע פאַנטאַזיעס, אַבי עס זאָל זיי נאָר פלינקער נעמען. באַלד אָבער האָט ער אַריינגעשטעלט נאָך אַ פּאָר מאַשינען אינעם קליינעם שטיבל, וואָס ער האָט איבערגענומען פונעם שווער, און צוגענומען נאָך אַ פּאָר חסידישע יונגעלייט אויף דער לער. ער האָט געהאַט אַ גוטן שם אין גאַס. זיין סחורה האָבן די אַגענטן, וואָס זענען געקומען איינקויפן פאַר דער פּראָווינץ, געריסן פון די הענט — האָט ער געקראָגן קרעדיט ביים מאַשינען־אַגענט, ביי די וואָל־סוחרים און אין קליינעם חסידישן בענקל פאַרן „אייזערנעם טויער”. ער האָט שוין אויפגעהערט אַליין

צו אַרבעטן און ער האָט נאָר אַכטונג געגעבן און צוגעיאָגט זיינע לערן־יידן. ער האָט נאָר אָנגעוויזן מיט וואָס פּאַראַ קאָלירן צו מאַכן, וואָס פּאַראַ פּאַנטאַזיעס צו באַנוצן. אַזוי האָט זיך בערל איצט נאָר אָפּגעגעבן מיטן געשעפט, מיט די וועקסעלעך, וואָס ער האָט שוין איצט אָנגערופן מעשה גרויס־סוחר: „מיין פּאָרטפעל". ער האָט אָנגעהויבן ביסלעכווייז שניידן די קאַפּאָטע און צו טראָגן געפּרעסטע קאָלנערס און אַביסל פאַר־גלייכן דאָס בערדל. הייגט גייט ער שוין אינגאַנצן קורץ געקליידעט, מיט אַן אויפגעשטעלטן קאָלנער און אַ קאַפּעליושל. דאָס בערדל געשוירן מיט אַ שפּיצל „אַלאַ נאַפּאָלעאָן דער דריטער", מיט אַ פּאָר אָנגעדרייטע וואָנצע־לעך. דאָס ווייב האָט זיך באַלד נאָך דער חתונה אָנגעהויבן צו פאַר־שפּרייטן אין דער דיק. איר ווייס, פליישיק לייב, וואָס האָט ביז צו דער חתונה זיך נאָך געהאַלטן אין מיידלשע ראַמען, האָט באַלד נאָכדעם ווי זי האָט געקראָגן אַ מאַן, ווי עס וואָלט איר איצט שוין דערלויבט געווען, אָנגעהויבן אַרויסצוזייערן מיט דער גאַנצער פרייהייט פון איר מיידלשן צוים... און צום מייסטן — פונעם האַלדז און פונעם ברוסטן־ברעט... פאַר יוצא־וועגן טראָגט זי נאָך אַ שייטל, אָבער עס ווערט וואָס אַמאָל מער קלענער און פאַרטרונקען אין די אייגענע האָר, וועלכע זי ווייסט אַזוי גע־שיקט אַרויפצוקעמען אויפן שייטל, אַז מען זעט עס גאָרנישט אָן. טראָגט טריקאָטאַזשן פון דער אייגענער „פאַבריק", מיט פאַנטאַזיעס, און סיי זומער, סיי ווינטער — מעשה נגידיתטע פאַר קרעדיט וועגן — אַ ברייטן קאַראַקולענעם מאַנטל...

דאָס פאַבריקל האָט אין דער חסידישער וועלט געהאַט אַ שם פאַר אַ פרומס נאָך פון שווערס צייטן אָן. קיין ווייבער האָבן דאָרט נישט גע־אַרבעט, נאָר בלויז מאַנספּערשוינען, און דער באַלעבאָס האָט געלאָזט דאַוונען מנחה אין די זומער־טעג און מנחה־מעריב אין די ווינטער־טעג. זענען דערפאַר פרומע חסידישע מענטשן, וואָס די נויט האָט געבראַכט צו דער שוועל פון אַ מלאכה, גערן דאָרט אַהין געגאַנגען אויף דער לער. אויף די אַרבעטס־בירזשעס זענען די חסידישע יידן נישט געגאַנגען, מאַרקס האָט נאָך נישט עקזיסטירט פאַר דעם „פאַבריקל" און די „חברה אחדות", די יונגען מיט די מוידן, וואָס בונטעווען זיך קעגן קייסער, האָבן דאָרט קיין צוטריט נישט געהאַט. מען האָט געאַרבעט אָן אַ צייט־רעכע־נונג, ווי לאַנג מען האָט געוואָלט. מ׳איז אַנידערגעפאַלן אויף דער מאַשין,

אַ דרימל געכאַפּט און ווידער זיך אויפגעכאַפּט און געקלאַפּט מיט דער „קאַלבע".

היינט איז עס שוין טאַקע אַ גרויסע פאַבריק. מ'וווינט נאָך אַלץ אין שווערס דירה, צוליב מזל ברכה. ווייל דאָס געשעפט איז גוט געגאַנגען, האָט מען מורא צו בייטן די וווינונג (פאַר אַן „עין הרע"). מ'האָט צו־גענומען דאָס קיכל — דעם שווער אַרויסגעזעצט אויף אַ בוידעם־שטיבל — און עס פאַרוואַנדלט אין אַ „פאַבריקל".

צוועלף מאַשינען שטייען אָנגעשטעלט איינע אויף די אַנדערע, אַז עס איז זיך נישט אַ ריר צו געבן. צופוסנס די מאַשינען שטייען די שפּאָל־רעדלעך, ביי וועלכע עס זיצן אונטער די יידנס קאַפּאָטעס לערן־ייִנגלעך און שפּאָלן־אָן די וואָל אין דער פינצטער, באַנוצנדיק דערביי די אויגן אי פאַר זען, אי פאַר באַלייכטונג... צוועלף יידן אין לאַנגע קאַפּאָ־טעס מיט פאַרפעדערטע בערד, שטייען ווי צוגעקייטלט צו די שטריק־מאַשינען און בויגן זייערע הויכע שטעקענע קערפּערס איבער די „אויגן־אויפכאַפּערס". מ'זעט קיין פנימער נישט, נאָר שוואַרצע פּלייצעס און שוואַרצע היטעלעך ווי שוואַרצע שאָטנס. פון ביידע זייטן רוקט זיך אַרויס אַ לאַנגער אייזערנער שטאַנג מיט העקעלעך, אַז עס דאַכט זיך, אַז דער אייזערנער שטאַנג איז אַ טייל פון דעם מענטש. האַלב מענטש, האַלב אייזערנע מאַשין — אַזוי זענען מענטשן־קערפּער און מאַשין־קערפּער צו־זאַמענגעפלאָכטן, צוזאַמענגעשמידט. פון הינטער דעם מענטשלעכן קער־פּער הערט זיך אַ ווייכער אייל־באַשמירטער מאַשין־געוויש פון צאַפּלדי־קע העקעלעך אַרויסשפּרינגען, אַראָפּשפּרינגען. אַ פּלעמל קאָלירטע וואָ־לענע שנור שיסט אַ סעקונדע דורך ווי אַ פלינק מייזל, אויפכאַפּנדיק די אויגן־העקעלעך. מענטש און מאַשין זענען אין דער טונקלקייט פון קאַפּאָ־טע און שטוב אַזוי צוזאַמענגעגאָסן, אַז עס דאַכט זיך, אַז דער אייל־באַשמירטער מאַשין־געוויש איז זיין אָטעם און די הונדערטער אויגן־העקעלעך, וואָס שפּרינגען אַרויף־און־אַראָפּ, זענען אומגעציילטע נעגל פון פינגער. אָבער אָפטמאָל ווערט אין דער טונקלקייט אינגאַנצן פאַרלוירן די מאַשין הינטער די שוואַרצע געבויגענע רוקנס. עס דאַכט זיך, אַז יידן שטייען איינגעהויקערט איבער גמרא־מאַשינען און שאָקלען זיך ווי זיי וואָלטן געשטאַנען און געדאַוונט טעג און נעכט, אָן אָן אויפהער, אָן אַן ענד...

דאָס פאַבריקל איז איינצייטיק אויך דער סקלאַד פאַר די סחורות און דער קאַנטאָר. איבער דעם האַלבן באַלקן פאַרהאַקט, איבער די אויבערשטע פענצטער געשטעלט, ווו גאָר אַ ווינקל, ווו גאָר אַן עק, ווו גאָר אַ שפּאַרע, שטאַרצן־אַרויס פאַרשטויבטע וואָלענע סחורות אין פּאַפּירן געפּאַקט, אויף פּאָליצעס פאַרשטעקט און הינטער די פאָרהענגלעך געררוקט. פון מאַשינען און שפּאָלערס טראָגן זיך וואָלענע פעדים, באַפּעצט מיט אייל־שמירעכץ, אין דער לופטן: זעצן זיך אויף מענטשישע פּנימער, פלעכטן זיך איין אין בערד, פאַרקנוילן זיך אין וואָל־באַלעמס און פאַרקלעבן דעם באַלקן, די פענצטער, דאָס עלעקטרישע ליכט, יעדע שפּאַרע, יעדעס ווינקל, יעדן געזימס — פילן־אָן דעם גאַנצן חלל. אַז דו אָטעמסט, אָטעמסטו מיט וואָל־פעדים, און אַז דו עסט, עסטו די וואָל־פעדים, און אַז דו רעדסט, רעדסטו מיט וואָל־פעדים... די גאַנצע וועלט לעבט אין וואָל־פעדים.

אין דעם וואָל־שניי שטייט בערל הינטער דעם „קאַנטאָר". דער „קאַנטאָר" איז אַ קונציקער אויפטו; אַוועקגערויבט אַ שטיקל פּלאַץ פון דער טיר־עפענונג און דעם איבריקן פּלאַץ געגומען פון אַ מאַשין־באַשטאַנד, — אַזוי, אַז דו קומסט אַריין אין פאַבריקל, פאַלסטו גלייך אַרויף אויפן „קאַנטאָר"־טיש. הינטער דעם טיש, וואָס איז אַזוי קונציק געוואָרן אַריינגעקניימשט אין דער טיר־עפענונג, שטייט בערל מיט דעם שפּיציקן בערדל „אַלאַ נאַפּאָלעאָן דער דריטער", אינעם שטייפן קאָלנער מיט די אָפּגעבויגענע שפּיץ, צווישן וועלכע זיין דין העלדזל פייניקט זיך, און האַנדלט־אונטער מיט די קונים פון דער פּראָווינץ, וואָס געפינען זיך אויף יענער זייט טיר אין קאָרידאָר. (צוליב דעם קומט־פאָר אַ שטענדיקע מחלוקת מיטן אויפזעער פונעם הויז. דער אויפזעער פונעם הויז טענהט, אַז בערל האָט נישט קיין רעכט צום קאָרידאָר, און בערל זאָגט: וואָס אַרט עס אים, אַז די סוחרים שטייען אין קאָרידאָר? עס קאָסט אים טייערער?)

ביז איצט איז דאָס געשעפט געגאַנגען גלענצנד. בערל איז געווען אַ קנאַקער אויף האַלב וואַרשע. גרעסערע פון אים האָט ער צוערשט געזאָגט „גוט־מאָרגן", קלענערע פון אים האָבן צוערשט אים געזאָגט „גוט־מאָרגן". בערל האָט געפירט אַ גרויס געשעפט. מ'האָט אים טיטולירט „פּאַניע פאַבריקאַנט". אַרומגעטראָגן ביי זיך אַ פולן טייסטער מיט וועקסלען,

וואָס ער האָט אָנגערופן „פּאָרטפּעל״, און אַזוי איז עס שוין געווען און אַנדערש האָט עס גאָרנישט געקאָנט זיין.

קומט איינמאָל בערל ברייט, אין פוטערנעם פּעלצל, אינעם חסידישן בענקל פאַרן „אייזערנעם טויער״, מיט וועלכן ער האָט געמאַכט געשעפטן, אָפּגעבן זיין „פּאָרטפּעל״ וועקסלען און נעמען געלט, וואָס ער האָט באַדאַרפט אויף אויסצוצאָלן זיינע אַרבעטער. האָט אים הער גריצהענדלער, דער באַנקיר, אין דער געשניטענער באַלעבאַטישער קאַפּאָטע, מיט דער שוואַרצער געקעמטער באָרד, צוריק אָפּגעגעבן דעם „פּאָרטפּעל״ און ער האָט זיך געזאָגט מיט אַ נגידיש־גלייכגילטיק געמותדיקער מינע, זיך נישט שטערנדיק ווייטער צו רויכערן זיין אינלענדישן פינף־קאָפּיקן ציגאַר:

— פּאַניע קאָרנגאָלד (בערל האָט געהייסן קאָרנגאָלד), מיר וועלן עס נישט מאַכן.

— פאַרוואָס? — וווּנדערט זיך בערל באַליידיקט. — בלויז קונדישע וועקסלען און „פּרימאַ״.

— אפילו פּאָזנאַנסקיס, — ענטפערט דער באַנקיר און מאַכט־אָפּ, מעשה נגיד, מיט דער האַנט די אַש, וואָס איז געפאַלן אויף זיין ברייטער באָרד.

— וואָס? נאָך אַ האַלבן פּראָצענט? עס וועט נישט גיין, פּאַניע גריצהענדלער. איך קאָן נישט, בנאמנות, — זאָגט, מעשה סוחר, בערל.

— אפילו פאַר צוויי נישט, — זאָגט יענער און שאָקלט ווידער מיט די פינגער איבער דער באָרד און אויף די ברייטע ברוסט־קלאַפּעס.

ווערט דאָך בערל אומרואיק.

— וואָס איז געשען?

— אַ קריזיס, נישטאָ קיין געלט.

— אָבער, פּאַניע גריצהענדלער, איך דאַרף דאָך מיינע אַרבעטער שכירות צאָלן.

— יונגערמאַן, איר זעט דאָך, אַז איך האָב קיין צייט נישט, — זאָגט שוין פּאַניע גריצהענדלער אומגעדולדיק און ווערט פאַרפאַלן צווישן די שווערע טויערן פון זיין אייזערנער קאַסע.

לויפט בערל אין אַן אַנדערער באַנק, אין אַ דריטער, באַט אַן איין פּראָצענט אַ חודש, צוויי, פינף — אומעטום דער זעלבער ענטפער:

— אַ קריזיס.

בערל וווּנדערט זיך: וואָס הייסט אַ קריזיס? ביי אים אַרבעט מען, גאָט צו דאַנקען. אַ פולער לאַגער מיט סחורה, סוחרים פון דער פּראָווינץ רייסן די טירן, שטופּן וועקסלען אין האַנט אַריין. ער פאַרשטייט נישט דעם טעם.

— וואָס איז דאָ געשען אַזעלכעס? ווער האָט עס געמאַכט?

אויף דער „שוואַרצער בערזע", ווו ער באָט אָן צען פּראָצענט און אויף משכנות, כדי זיך נאָר צו ראַטעווען פונעם חלף, וואָס ליגט אויפן האַלדז (וועקסעלעך פעליק פאַר רוי־מאַטעריאַל), דערקלערט מען אים:

— פאַרשטייסט, די גרויסע בענק האָבן צוריקגעצויגן דעם קרעדיט פון די קליינע, און אַז די גרויסע גיבן נישט, פון וואַנען האָבן די קליינע?

בערל קאָן נאָך באַין אופן נישט פאַרשטיין די „עקאָנאָמיקע".

— בין יאָך, בערל, שוין צוליב דעם גאָרנישט ווערט? מיינע וועקסלען זענען קיין וועקסלען נישט? מיין סחורה קיין סחורה נישט? מיינע מאַשינען זענען קיין מאַשינען נישט? וואָס איז דאָ געשען אַזעלכעס, צו אַלדי גוטע יאָר? — ציט זיך בערל ביים „נאַפּאָלעאָנישן" בערדל און קאָן בשום אופן נישט פאַרשטיין די „עקאָנאָמיקע".

בערל איז אַהיימגעקומען פון די „בענק" — ווי עס האָט שטענדיק געהייסן פאַר די קונים, ווען בערל איז געגאַנגען אין גאַס אַריין („מיין מאַן איז אין די בענק", האָט דאָס ווייב יעדעס מאָל געגעבן אָן ענטפער, ווען מ'האָט געפרעגט אויף בערלען; עס האָט געטוויגט צום געשעפט). דעם טאָג איז בערל אַהיימגעקומען פון די בענק ווי אַן אָפּגעפליקט הינדל. שוין נישטאָ די רויטע בעקעלעך. די געדרייטע וואָנצעלעך אַראָפּגעלאָזט, דאָס קאַפּעליושל, וואָס איז שטענדיק געזעסן אויפן קעפל, אָן אַ קנייטשל (אַ גרויסער עלעגאַנט געווען, בערל), איינגעקנייטשט. ער פאָכעט שוין נישט מיטן שטעקעלע, גנבעט זיך אַריין אין זיין אייגן פאַבריקל און זאָגט צו זיינע מענטשן, צוערשט אַביסל פאַרשעמט, מיט שולדיקייט, דערנאָך דרייסטער:

— וואָס קאָן יאָך מאַכן. אַז די בענק געבן קיין געלט נישט? יאָך קאָן נישט צאָלן קיין שכירות די וואָך.

— ווי הייסט? און וואָס וועלן מיר עסן? — פרעגט אַ חסידישע שטימע מיט אַ גמרא־נגון פון הינטער אַ מאַשין אַרויס.

— וואָס קאָן יאַך טון, אז ס׳איז אַ קריזיס?

— און וואָס זענען מיר שולדיק?

— און וואָס בין יאַך שולדיק? — נאָט אייך וועקסעלעך. מ׳גיט מיר וועקסעלעך — גיב איך אייך וועקסעלעך, — וואַרפט בערל אַרויס די וועקסעלעך פון זיין „פּאָרטפעל״.

— די וועקסעלעך וועלן מיר קאָכן? — פרעגט שוין דער חסידישער אַרבעטער, אָנגענומען מיט מוט, נישט אויפהערנדיק דערביי פּאַר כעס ענערגישער צו קלאַפּן מיט דער „קאָלבע״.

בערל האָט נאָך אַביסל זיך געוואָרפן, געצאַפּלט ווי אַ פיש, וואָס איז אַוועקגעטראָגן געוואָרן פון די ים-וועלן אויפן זאַמד-ברעג. דעם ווייבס קאַראַקולענער מאַנטל, דער גאָלדענער זייגער, אַ פּאָר לייכטער פון שטוב אַרויס, עטלעכע פּעק מיט סחורה האָבן די נאָענטסטע נויטן פאַרענטפערט. באַלד איז אָבער בערל „קאַלט״ געוואָרן.

היינט שטייען שוין די מאַשינען אין די צוויי שטובן און שווייגן. קיין אָטעם הערט זיך נישט פון זיי, קיין באַוועגונג, קיין ריר, אַזוי ווי ס׳וואָלט פון זיי דאָס חיות אַרויס. זיי זענען געגאַנגען אין בראָך, געוואָרן צוריק טויטע אייזנס. און די וואָלענע פעדים פאַלן ווי שניי און זעצן זיך אויף די מאַשינען און פאַרשטאָפּן די „אויגן״ און פאַרשפּינוועבן די הע־קעלעך, ווי שפּינען טויטע פליגן.

בערל דרייט זיך אַרום אין זיין פאַבריקל, וואָס איז שטענדיק אַזוי באַלעבט געווען, ווי אין אַ טויטן-שטיבל, קוקט אויף זיינע שטילשטייענ־דיקע מאַשינען ווי אויף פּגרים, וועלכע מ׳דאַרף אַרויסוואַרפן און אויף די גרויסע פּעק מיט סחורות, וואָס האָבן שטענדיק אויסגעוויזן אין זיינע אויגן, אַז דאָרט ליגט זיין פאַרמעגן — קוקט ער ווי אויף בערג מיט שמאַ־טעס, וואָס קיינער וויל נישט אין די הענט נעמען. זיין פולער „פּאָרט־פעל״ מיט וועקסעלעך, וואָס זענען דאַכט זיך, אַזוי קוראַנט ווי גאָלד — שטיקער פּאַפּיר, און ער אַליין, מיט אַלע זיינע קונציקע קעלנערלעך, פּאַ־סיקלעך, טראָלדעלעך און מיט זיין „בעזש״ און „אָראַנזש״, נאָך וועלכע די ווייבער חלשן אַזוי — ווי אַ קליין ווערימל, וואָס איז דאָרט, אומבאַ־מערקט און אומגעזען, צעטראָטן געוואָרן צווישן די פיס פון קליינע און גרויסע באַנקירן.

און יעדן טאָג זעט רחל-לאה — ווען זי קומט-אַראָפּ אויפן הויף —

ווי די שוואַרצע שאָטנס שטייען אוים געוווינהייט און פרירנדיק, אין זייע־רע דינע, שוואַרצע כאַלאַטלעך — די חסידישע יידן, בערלס אַרבעטער, וואָס קומען, אוים געוווינהייט, און שטעלן זיך אַנידער אויף די טרעפּ, וואָס פירן צו בערלס פאַבריקל, שטייען־אָפּ אַ גאַנצן טאָג אין פראָסט און גייען פאַרנאַכט צוריק אַהיים.

און אַז בערל קומט אַראָפּ פונעם פאַבריקל, וואַרפט ער זיי צו אַ ביי־זערדיקן בליק:

— וואָס שטייט עטץ, וואָס?

ענטפערן זיי אים פאַרשעמטע:

— וואָס דען זאָלן מיר טון?

און אַזוי ווי ס'איז געגאַנגען בערלען אין דער טריקאָטן־בראַנזשע, אַזוי איז עס געגאַנגען שמואלן אין דער לעדער־בראַנזשע, חיימען און יאָסלען אין דער קאָנפעקציע און שאַכטל־אַרבעט.

קיינער האָט נישט געוווּסט וואָס עס איז געשען. פאַבריקאַנט און אַרבעטער זענען אַרומגעגאַנגען מיט אַרויסגעזעצטע, דערשראָקענע אויגן. ערגעץ־ווו איז געלעגן אַ פּגר, וואָס האָט פאַרשטונקען די גאַנצע שטאָט. דעם פּגר האָט מען גערופן „דער קריזיס".

און דאָ זענען אונטערגעקומען די פרעסט, וואָס האָבן גענומען די שטאָט אין זייערע אייז־אָרעמס אַריין...

## קאַפּיטל 22

# אין די אָרעמס פון נויט און פראָסט

די נויט האָט באַלד מוטערלעך־געטריי אַריינגענומען אין אירע אָרעמס די אָרימע באַפעלקערונג. אין די שטובן־לעכער פון די וואַרשע־ווער הויפן, פון וואַנען עס האָט זיך געהערט אַ באַשטענדיק רוישן פון מאַשינען און קלאַפּערגעציַיג, איז איצט אויפגעגאַנגען אַ יללה. די גאַנ־צע יידישע פאַבריקאַציע און הויז־אינדוסטריע, וועלכע האָבן אויסגעאַר־בעט פאַר די רוסישע און אַזיאַטישע מערק גאַלאַנטעריע־סחורות, האָבן זיך אָפּגעשטעלט. זיי זענען קיינמאָל נישט געווען אָרגאַניזירט. אַלץ איז

געוועזן צופאל און טרעף. פון דער העלער הויט האט זיך געקאנט פלור־צים מאכן ארבעט, נישט דערפאר, ווייל מ׳האט די ארבעט באדארפט אויפן מארק, נאר דערפאר, ווייל ס׳איז געווען א געלעגנהייט צו באקו־מען ביליק קרעדיט אין די באנקן. אין מיטן דערינען האט זיך די ארבעט, ביי דעם קלענסטן מאנגל פון געלט, אפגעשטעלט.

דער קריזיס אין דער קאנפעקציע־ און לעדער־אינדוסטריען האט באלד מיטגעשלעפט מיט זיך די קליינע הויז־בעלי־מלאכות, וואס האבן געארבעט פארן היימישן געברויך: שניידערס, טישלערס, בלעכערס, טרעגערס, קאמאשן־מאכער און א:דערע בעלי־מלאכות. די שטאט איז אנגעפילט געווארן מיט ארבעטסלאזע, הונגעריקע, געפרוירענע מענ־טשן, וואס האבן זיך ארומגעשלעפט ווי קראנקע, ווי באזעסענע, מיט גרויסע ארויסגעזעצטע אויגן און פון קעלט ציטערנדיקע לייבער. בלאנ־דזשענדיקע מענטשן האבן ארייננגעשטעקט די נעזער אין די האלב־פאר־פרוירענע שויפענצטער פון די געוועלבער, לעכצנדיק מיט פארשמאכ־טע צינגער נאך די ווורשטן, הערינגס און אנדערע עסנווארג, וואס ווער־שע האט אזוי ליב. כל־זמן די קעלט איז נאך געווען צו דערליידן, האבן זיך די אומפארהייראטע ארבעטער ארומגעדרייט אויף די „בערזעס", ווו אגיטאטארן, פאליטישע פירער האבן, שפאצירנדיק, געווארפן צו זיי פארשידענע לאזונגען וועגן קאמף, וועגן שטרייקן — אין איינקלאנג מיט די פראגראמען און טעזיסן פון זייערע פארטייען. אבער ווען ס׳זענען אנגעקומען די ערשטע גוטע פרעסט, זענען זיך אלע צעקראכן אין די לע־כער, ווו מען האט צעהאקט און צעברענט די רעשט שטיקלעך מעבל, געגנבעט ברעטלעך פון פלויטן. די גאסן זענען געווארן טויט. איז די עקן האבן זיך ביי אנגעצונדענע פייערן געווארימט וועכטערס און גאסן־פרויען. פון צייט צו צייט איז דורכגעלאפן א געפרוירענע מאמע, וואס איז געווארן ארויסגעיאגט פון איר נארע דורך דער ביטערקייט פונעם פראסט, דעם קאלטן מת, וואס האט זיך אויסגעשפרייט איבער די היי־מען. פרויען מיט האלב־פארשטארטע קינדער, איינגעהילטע אין א צע־ריסענער קאלדרע, אין די ארעמס, זענען געשפרונגען פון איין פוס אויפן אנדערן, געהויכט אין די הענט, ארייננגעכאפט זיך אויף א ווייל אין א געוועלב אריין א מינוט דעם אטעם צו דערכאפן, דאס פארשטארטע קינד אנצוווארימען, פון וואנען די קרעמערקע האט אבער באלד ארויסגעיאגט.

רחל־לאה האָט שוין לענגסט געהאַט נביאות געזאָגט, אַז דער ווינ־טער געפעלט איר נישט. זי האָט שוין געהאַט אירע סמנים.

אַזוי ווי ס׳האָבן זיך נאָר געשטעלט די ערשטע פרעסט, איז אויפ־געגאַנגען אַ יללה פון די איינוווינער פון רחל־לאהס הויף.

קודם-כל איז די אַלטע חיה, וואָס וווינט מיט איר אייניקל אין אַן אַלקערל אויף אַ בוידעם, אַראָפּגעקראָכן פון איר הויך און זיך אויף אַ ראַגזשע אַוועקגעזעצט אינעם טויער פונעם הויז ביים שפּייז־געוועלבל, ווו מענטשן גייען פאַרביי. זי האָט זיך אַרומגעוויקלט אין אַלטע שמאַ־טעס, וואָס זי האָט פאַרמאָגט, און אויסגעשטרעקט אַ האַנט, געבעטלט ביי די פאַרבייגייענדיקע:

— גוטע מענטשן, גיט מיר אויף אַ קאָלדרע!

רחל־לאה, וואָס האָט געהאַט אַן אויג אויף אַלעם, האָט זיך אָפּגע־שטעלט ביי דער אַלטער חיה. די אַלטע חיה האָט עס ביז איצט נישט געטון. זי האָט זיך דערגנערט פון דעם, וואָס זי האָט מיט אירס אַן איי־ניקל, פון אַ געשטאָרבענער טאָכטער, אַ מיידל פון אַ יאָר פערצן־פופצן (וועלכע זי האָט דערצויגן), אַרומגעטראָגן איבער די פאַבריקלעך און ווערקשטעלן פרישע בולקעס, מאָן־פלעצלעך און אַנדערע „נאַשוואַרג״ צו פאַרקויפן.

עס האָט זיך איר אויך איינגעקריצט אין דער מחשבה דאָס, וואָס חיה בעטלט נישט אויף ברויט, ווי געוועגלעך, נאָר אויף אַ קאָלדרע.

— חיה, וואָס איז דאָס? — פרעגט די לערערקע. — איר וועט דאָך דערפרוירן ווערן.

— איז דאָך בעסער דאָ. איידער אין דער שטוב. דאָרט וועט דאָך קיין מענטש נישט וויסן דערפון.

— ווו איז אייער אייניקל?

— דאָס איז דאָך טאַקע דאָס גאַנצע אומגליק. ביז איצט בין איך געשלאָפן מיטן אייניקל, האָט זי מיך געוואַרימט. זינט זי האָט מיך פאַרלאָזט, ווער איך דאָך דערפרוירן. ווען איך וואָלט נאָר געהאַט אַ קאָלדרע, וואָלט איך שוין גאָרנישט געזאָרגט: וואָלט איך שוין אין בעט געלעגן. אַזוי טרייבט דאָך מיך די קעלט אַרויס.

— פאַרוואָס האָט אייך דאָס אייניקל עפּעס פאַרלאָזט?

— פאַרוואָס זאָל זי מיך נישט פאַרלאָזן? וואָס האָט זי געהאַט,

מ׳שטיינס געזאָגט, ביי מיר? צו ווערן געפֿווירן מיט מיר אין אַלקערל, אין מיין אָרימקייט? דערוואַקסן איז זי דאָך שוין, וועט זי זיך שוין אַן עצה געבן אָן מיר. די שוואַרצע יאָר וועלן זי שוין נישט צונעמען.

אויפֿן זעלבן הויף האָט אויך חיים „פֿערד" געוווינט.

חיים „פֿערד" איז געווען אַ טרעגער. אינעם הויף האָט מען אים גערופֿן נישט חיים, נאָר „חיים פֿערד", דערפֿאַר, ווייל ער האָט געטון די אַרבעט פֿון אַ פֿערד. ער האָט געשלעפּט אַ וואָגן. חיים האָט געהאַט אַ שותּף, אַ צווייטן „רעדנדיקן פֿערד" — משהלע „דראָנג", וואָס האָט מיט אים בשותּפֿות דעם וואָגן געשלעפּט.

דאָס זענען געווען צוויי יונגען, שטאַרק ווי אייזן. אַז זיי האָבן זיך ביידע איינגעשפּאַנט מיט שטריק ביי זייער לאַסט-וואָגן, האָבן זיי גע-קאָנט איבערפֿירן אַ הויז. אַ גאַנצע וואָך זענען זיי אַרומגעגאַנגען איינ-געשפּאַנטע צום וואָגן, איבערגעפֿירט שטויסן שניט-סחורה, קאַסטנס מיט געשיר, אייזערנע שטאַנגען און וואָס נישט? צווישן קלימפּערדי-קע וועגן איבער דעם ברוק, האָבן זיי ווי פֿערד געצויגן מיט זייערע צע-שוויצטע העלדזער און רוקנס די שטריק פֿון זייער וואָגן, נאָר מיטן חי-לוק, ווען פֿערד שלעפּן אַ וואָגן מיט אייזן דורך אַ בלאָטיקן ברוק, טוען זיי זייער אַרבעט און שווייגן; ווען חיים „פֿערד" און משה „דראָנג" האָבן געשלעפּט די רעדער פֿון דער צוגעפֿרוירענער בלאָטע אַרויס, האָבן זיי זיך דורכגעשאָלטן, אָניאָגנדיק דערביי איינער דעם אַנדערן. זיי זע-נען געווען די טרייבערס און די פֿערד איינצייטיק.

— גיב אַ הויב מיט אַ לאָפּקע, בענקאַרט. וואָס שלאָפֿסטו, וואָס? דו מיינסט, אַז דו ביסט ביי חנהן אויפֿן שטרוי-זאַק?

— זאָל דיר נישט דער קאָפּ אויסדאַרן פֿאַר מיינעטוועגן: איך וועל שוין הויבן, ווען מ׳וועט דאַרפֿן.

— נאַ, זעסט ווי מ׳דזשווינגעט? אָט אַזוי, פּענדראַק איינער.

און דער קליינער „דראָנג" האָט זיך געגעבן אַ דרעפּטשע-אַריין מיט זיינע קורצע שטאַרקע פֿיס אין דער בלאָטע, ווי ער וואָלט זיך דאָרט גע-ווען אָנגעקלאַמערט אָן די שטיינער, מיטן שטאַרקן נידעריקן האַלדז געגעבן אַ צי די שטריק און געהויבן דעם וואָגן פֿון זיין אָרט.

אָן אַנדערשמאָל, ווען די צוויי מענטשלעכע פֿערד זענען געגאַנגען אין שפּאַן, האָבן זיי זיך דורכגערעדט מכּוח „פּאַשע":

— קאַרטאָפֿלעס אַרויף מיט אַ צענערל אויף אַ פּוד, און קרויט אויך טייערער געוואָרן, אַז די כאָלערע זאָל עס פּאַקן! וועסט שוין באַלד נישט האָבן וואָס אין פּיסק צו נעמען.

— וואָס זאָל יאַך נאָך זאָגן, וואָס יאַך האָב אַכט פּיסקעס אָנצו־שטאָפּן?

דאָס מאָל האָט רחל־לאה באַמערקט, אַז חיים „פערד" גייט נישט ווי געוועגלעך איינגעשפּאַנט אין וואָגן. דאָס „פערד" האָט זיך אַרומגע־דרייט פראַנק און פריי אויפן הויף און געמאַכט „פייער־אָוונט". ער האָט זיך אויפגעפירט אַזוי, ווי ער וואָלט פון זיך דעם כאָמעט אַראָפּ־געוואָרפן — און שוין! אַ שיינער פאַרשוין איז עס נישט געווען, דאָס „פערד": אַן אויג, וואָס האָט ביי אים געראָפּעט פון קליינערהייט אָן, האָט זיך אים פאַרקלעפּט און איצט איז שוין אַ פאַרטרוקנטער בלאָטער דערויף, פון וועלכן חיימס אויג שיקלט־אַרויס... אַ קורצער שטערן, וואָס רייסט זיך אַרויס מיט אַ שטיק שוואַרץ־האָריקער גזשיווע פונעם אָפּגע־ריבענעם לעדערנעם דאַשעק. ער קוקט דיך אָן פון דאַשעק, אַ פיר מיט דעם איינעם פאַרקלעפּטן אויג און מיטן צווייטן, מיט דעם אָפענעם, מיט אַזאַ מינע, ווי ער וואָלט נאָר אָפּגעוואַרט אויף אַ געלעגנהייט דיך צו פּאַקן אין אַ ווינקל, ביים גאָרגל אָנצוכאַפּן און צו באַצאָלן דיר פאַר די נאַסע קעלערס, פאַרן שמוץ און די אָרימקייט פון זיינע קינדישע היימען, וואָס האָבן איבערגעלאָזט שפּורן אין די גרויסע שטופּלען פון זיין פּנים... חיים „פערד" זעט אויס ווי אַ חיה, וואָס האָט זיך דורכגע־ריסן אַ וועג דורך פאַרפּלאָנטערטע צווייגן און דערנער, אויסגעביסן זיך מיט ציינער און נעגל פון ברודער־חיות. קיין איין אבר איז אויף אים נישט גאַנץ: אַ צעבראָכענע נאָז, אַ געשפּאָלטן אויער און אַ צוגענייטער האַלדז פון אַ לאַנגן שניט. די הענט אין די הויזן־קעשענעס, אויפגע־פּראַלט דאָס צעריבענע שעפּסן־פּעלצל, אַ קאָלירטער שאַליק איבערן ברוסט־ברעט, וואָס רייסט זיך מיט העמד און וועסט אַרויס פונעם פּעלץ, — גייט ער אַזוי, וואַקלענדיק זיך אויף איין זייט ווי שכורלעך אַביסל. שכור איז ער נישט. ער קלאַפּט פאַר כעס מיט די געפּאַדקעווע־טע שטיוואַלעס אינעם געפרוירענעם אייז, שעלט און שפּייט אויף וואָס די וועלט שטייט.

נאָך אים, אין אַ געוויסער דיסטאַנץ, גייט נאָך מיט מורא אין די

אויגן, באשיצנדיק זיך פאר א קלאפ מיט דער האנט, זיין ווייב. פון איר שמאטע־טוך, פון וועלכן עס שטעקט זיך ארויס א שמוציק קינדער־קעפל, הויבט זיך ארויף, ווי א פולע לבנה, א ניין־חדשים־דיקער רייפער בויך, און זי ווארטשעט נאך אויפן הויכן קול פאר די איינוווינער: „חיים בענקארט, וואס ווילסטו מיך פארהונגערן מיט מיינע קינדער?"

חיים ענטפערט נישט אפ. פון זיינע אויגן אונטער דעם לעדערנעם דאשעק פינקלט עפעס ארויס נישט גוטס. ער גיט זיך א צופ מיט זיינע נעגל אין זיין קורצער הארטער נאז אריין ווי א קראץ, שפייט־אויס מיט א פלעק אויפן ברודיקן שניי, און גיט א קאפע אין א שטיק אייז, וואס האט זיך אים געוואלגערט פאר די פיס אזוי, אז עס האט געגעבן א פלי און אנגעהאקט אין א טיר.

— מיר ווערן האך געפרווירן, דאס לעצטע בענקל שוין צעהאקט און געפאקט אין אויוועלע אריין. וואס זאל איך ווייטער טון? — האט דאס ווייב זיך געווענדעט צו די פארבייגייענדיקע מענטשן אינעם הויף.

— אויפהענגען זיך! — האט ארויסגעברומט איין ווארט פון זיי־נע צוזאמענגעביסענע ציין חיים „פערד".

— און די קינדער?

— מיט די בענקארטעס צוזאמען.

רחל־לאה, וואס האט זיך געפונען אויפן הויף, איז קעגן איר ווילן געווארן אריינגעשלעפט אינעם סכסוך צווישן מאן און ווייב דורך דעם ווייב, וועלכע האט זיך געווענדעט צו איר.

— זאגט אליין, באלעבאסטע־לעבן, קאן מען נישט צעזעצט ווערן? אין דער מיטנוואך א יום־טוב זיך געמאכט, אין שטוב איז קיין פייער־קויל נישטא, איך ווער געפרווירן מיט מיינע שוואלבן, און ער האט גע־נומען און אראפגעווארפן פון זיך דעם כאמעט, וויל נישט גיין צו דער ארבעט.

פאר רחל־לאהן האבן זיי אלע דרך־ארץ געהאט, אפילו חיים „פערד" האט געפונען פאר נויטיק צו פארענטפערן זיך פאר איר.

— אז וואס קומט ארויס פונעם שלעפן דעם וואגן, פון די נאלעוו־קעס אויף טווארדע און צוריק, אז דו ווערסט אויסגעכאליעט פון הונ־גער און קעלט, אז די באקעס ווערן מיר געשוואלן. שלעפ זיך אן, און

אויף קיין קוילן איז נישטאָ. דאָס לעצטע בענקל שוין צעהאַקט — זאָל עס די כאָלערע פּאַקן סיי־ווי־סיי!

חיים האָט אויסגעקוקט ווי אַ צעבריקעוועט פערד. עס האָט נישט געהאָלפן רחל־לאהס מילדער בליק אויף אים, וואָס האָט געפּרוווט אים איינצושטילן און אַריינצונאַרן אים צוריק אין כאַמעט אַריין.

— וואָס קאָן איך זיי העלפן? — נעכטן אַ גאַנצן טאָג אַרומגע־שלעפּט דעם כאַמעט, אַהיימגעבראַכט צוויי גילדן, האָט זי זיי אַריינגע־בראַקט אין קוילן. כ׳הויב זיך אויף אינדערפרי, האָט זי מיר נישט צו געבן קיין שטיקל ברויט אויפן ערשטן ביסן. זאָגט אַליין, באַלעבאָס־טע־לעבן, — ווענדעט ער זיך צו רחל־לאהן, — ווי אַזוי זאָל איך שלעפּן דעם וואָגן מיט אַ ליידיקן מאָגן?

— וואָס זאָל איך טון, די קינדער ווערן דאָך געפרוירן? — פאַר־ענטפערט זיך דאָס ווייב. — וואָס האָב איך מיר געקאָנט פאַר אַן עצה געבן? אַ שטיקל קויל מוז איך דאָך קויפן. זאָל איך זיי לאָזן געפרוירן ווערן?

— זי האָט דאָך רעכט. צוערשט מוז זי דאָך דאָס לאָך דערוואַרי־מען, — מישט זיך אַריין רחל־לאה.

— אַ פערד קריגט אויך זיין „פּאַשע”, אָן האָבער קאָן עס נישט שלעפּן, — זאָגט חיים. — האָב איך רעכט צי נישט?

אויף דער טענה פון דעם „רעדנדיקן פערד” האָט רחל־לאה שוין נישט געהאַט מיט וואָס צו ענטפערן. זי האָט אָפּגעקרעכצט און איז אַרויף צו זיך אין שטוב אַריין צו אירע אייגענע צרות.

נאָך דעם טיפּסטן ריס אין האַרץ האָט איר געגעבן איר שכן הענעך סטאָליאַר. זי האָט אים שוין געטראָפן אין דער קיך, וואַרטנדיק אויף איר. ער האָט זיך געקראַצט אין בערדל אַריין אַ פאַרזאָרגטער און גע־שוויגן.

— וואָס איז, הענעך? — פרעגט רחל־לאה אַ פאַרוווּנדערטע, דער־זעענדיק אים. הענעך האָט קיינמאָל ביי איר גאָרנישט נישט געבעטן.

— איך האָב מורא, אַז איך וועל עס מוזן טון. עס איז נישטאָ קיין אַנדערע עצה, — האָט הענעך געזאָגט ווי פאַר זיך און נישט געוואַגט די אויגן אויפצוהויבן.

— וואָס איז געשען?

— איך מיין מיט דער „דלאַטע". נעמען דאָס אייזן און ארויסגיין מיט מיין שוואָגערל צו דער נאַכט־ארבעט.

— וואָס רעדט איר, הענעך? — וואָס איז אייך געשען?

— פאַני הורוויץ, איך האָב נישט קיין אנדערע עצה, איך וועל עס מוזן טון, — זאָגט ער אַ פאַרצווייפלטער.

רחל־לאה איז צוגעגאַנגען נענטער צו אים און אים אָנגעקוקט. זי האָט הענעכן כמעט נישט דערקענט. דאָס שטענדיק לאַכנדיקע קינדישע פּנים פונעם בעל־מלאכה, וואָס האָט געקאָנט זיין גורל טראָגן אזוי לייכט ווי אַ קינד, האָט זיך געענדערט. עס איז געווען בייז און בלייך. ער האָט געביסן דאָס אויבערשטע וואַנצל אין זיינע ציין, און די אויגן האָבן נישט געוואָגט צו קוקן גלייך אין אַ מענטשנס פּנים אריין.

— וואָס איז געשען? — פרעגט איבער רחל־לאה נישט אָן שרעק.

— כל־זמן די קינדער זענען מיר געזונט געווען, האָב איך גאָר נישט געזאָגט, האָב איך אלצדינג געקאָנט אריבערטראָגן. נאָר ווען די קינדער ליגן זיך מיר ווי די פליגן, איז נישט גוט, וועל איך עס מוזן טון.

— וואָס וועט איר טון? — פרעגט רחל־לאה.

— אזוי ווי מיין שוואָגער זאָגט: נעמען די „דלאַטע" און ארויסגיין — שלעסער דרייען, — קיין אַנדערע עצה איז נישטאָ.

— הענעך, וואָס רעדט איר?! שעמט איר זיך נישט?! — קוקט אים אָן די לערערקע דערשטוינט.

הענעך גיט זיך אַ דריי־אויס, ווי ער וואָלט געוואָלט איינגראָבן דאָס פּנים אין דער וואַנט, געכאַפּט די טיר און אַ לויף־ארויס אָן אַפּצו־ענטפערן אַ וואָרט.

האָט דאָך רחל־לאה איינגעזען, אַז זי מוז זיך נעמען צו טון. וואָס, האָט זי נישט געוווּסט. אַז זי האָט נישט געקאָנט זיך עפּעס אויסגע־פינען, איז זי געזעסן אַ פאַרזאָרגטע און געזוכט עפּעס אַן עצה. ס'איז אריינגעקומען דער „זשאַבלינער". געווען לעצטנס פאַריאָגט גאַנצע טעג, מ'האָט אים כמעט אין שטוב נישט אָנגעזען. באַוויזן זיך און פאַר־שווונדן, באַוויזן זיך און פאַרשווונדן, און געענדערט זיך לעצטנס. אַז עס איז אים גאָרנישט צו דערקענען. עס איז נישט מער איר „זשאַב־לינער". גייט אַרום אַ פאַרמרהשחורהטער און שווייגט שוין. ער איז

אריינגעקומען פונקט דענסטמאָל, ווען רחל־לאה איז געזעסן אין איר ווינקל אין קיך און געביסן זיך די נעגל פאַר כעס און געשאָלטן אויף וואָס די וועלט שטייט:

— א וועלט, א וועלט, אז אויסגעבאַפט זאָל ווערן אזא וועלט, — האָט זי געהאַלטן אין איין רעדן צו זיך.

אז עס איז איר אונטערגעקומען דער „זשאַכלינער", האָט זי אויס־געלאָזט איר בייז האַרץ צו אים:

— מיינע פאַרזאָרגערס, פּיסקעווען קאָנען זיי נאָר. מענטשן פאַלן ווי די פליגן און דאָס זאָל עפּעס זיך נעמען צו טון.

— וואָס צו טון? — אוועקלייגן זיך אין די לעבער און כאַליען, אז עס זאָל פאַרשטינקען מיט די לייבער די גאַנצע שטאָט, — האָט זיך געשאָלטן דער „זשאַכלינער" און צוגעמאַכט מיטן לאָמען הענטל. — די לאַגע ווערט וואָס אמאָל ערגער. דאָס האָבן זיי, די קאַפּיטאַליסטן, אויסגעקלערט א „קריזיס" דווקא אין די גרויסע פרעסט, כדי אָנצור־לערנען די אַרבעטער, — האָט דער „זשאַכלינער" אויסגעלאָזט זיין כעס צו זיין כפּרה־הינדל. — די אַרבעטער קומען זיך בעטן צו אַרבעטן, אבי זיי זאָלן נאָר האָבן ווו אָנצוואַרימען זיך, פאַר טרוקן ברויט. ביז איצט האָבן מיר זיי נאָך געקאָנט איינהאַלטן אויף דער „בערזע", אָבער זינט די קעלט איז אָנגעקומען, פאַרלירן מיר זיי אין גאַנצן פון די אויגן. קיין לאָקאַלן האָבן מיר נישט, ווו מיט זיי זיך דורכצורעדן.

— און וואָס טוט איר?

— וואָס זאָלן מיר טון? אדרבא, אפשר קאָנט איר געבן אן עצה?

— שווי־פּענצטער דאַרף מען אויסהאַקן, א פּאָר בלייערנע שטיינד־לעך אין די וואַרימע שטובן אריינשיקן, אין די רייכע האָטעלן, אין די בענק אריינוואַרפן, נישט ווערטער.

רחל־לאה האָט זיך אַרומגעקוקט און דערזען איר גימנאַזיסט. ער האַלט זיין בוך אין דער האַנט, פאַרשטעלט זיך דערמיט דאָס פּנים, קווימשעט אַרויס די ווערטער פון הינטערן בוך, אז דער פאָטער, וועל־כער געפינט זיך אין דער צווייטער שטוב, זאָל נישט דערהערן.

רחל־לאה איז בלייך געוואָרן נישט צוליב די ווערטער, וואָס זי האָט געהערט פון איר זון, נאָר איבער זיין בלייך געזיכט און איבער די ציטערנדיקע ליפּן, פון וועלכע די ווערטער זענען אַרויסגעגאַנגען. דאָס

יינגל האָט פּאַר כעס און פאַר ווייטיק געקראָגן אַ שוים אויף זיין מויל.

— הער נאָר, וואָס זענען דאָס פאַרא „פּראָקלאַמאַציעס", וואָס דו ברענגסט אַהיים? — פרעגט פלוצים רחל־לאה אַ דערשראָקענע.

— גוטע... וואָס רופן צו מעשים, נישט צו קיין פּיסק־מלאכות, ווי אייערע יידישע פּאַרטייען, אָ! קראַנק בין איך שוין פונעם בלויזן הערן. מענטשן הונגערן, ווערן געפרוירן אין קעלט — און זיי שטייען און קלערן פון וואַנען קוילן צו נעמען?! נוצט אויס די אומצופרידנקייט פון די מאַסן, לאָזט זיי אַרויס אין גאַס, זאָל יעדער נעמען די סיטואַציע אין זיינע אייגענע הענט, — שרייט דאָס יינגל אויס פון כעס.

— הער נאָר, דו וועסט נישט אויפהערן, דו ראָצער איינער, מיט דיינע אַנאַרכיסטישע רייד? איך וויל עס נישט הערן אין מיין שטוב. איך וועל דיך אַרויסוואַרפן מיט דיינע פּראָקלאַמאַציעס אין איינעם.

— וואָס פאַר אַן אַנדערע עצה האָט איר? אפשר אַרומגיין שנאָ־רען, נדבות צונויפנעמען, ווי די מאַמע טוט שטענדיק.

— דו גייסט מיך לערנען, וואָס איך האָב צו טון, דו ראָצער. ווי ווייט וועסטו דערגיין מיט דיינע רייד? — אָט אַזוי ווייט, — ווייזט אים די מוטער אויפן האַלדז.

— לאָז עס. די מאַמע וועט מיך נישט אָפּשרעקן דערמיט. איך קאָן עס נישט צוזען, נישט הערן. די אייביקע שוואַכקייט און דאָס אייביקע רעדן. ווערטער, ווערטער, ווערטער — און ווייטער גאָרנישט.

— האָסט שוין געהערט אַזעלכעס? — ווענדעט זי זיך פלוצים צום „זשאַכלינער". — וואָס האָט ער זיך נאָך אָנגעזעצט אויף מיין קאָפּ? ווייניק האָב איך, דאַרף איך נאָך אויסהערן זיינע רייד. דו וועסט שווייגן, דו? אַז נישט פּאַטש איך דיך אויס, — און רחל־לאה האָט אויפ־געהויבן די האַנט צום יינגל.

— די מאַמע ווייסט נאָר דאָס. ווען איך האָב רעכט און די מאַמע האָט נישט וואָס צו ענטפערן, פּאַטשט זי מיך שטענדיק אויס, — זאָגט דאָס יינגל. — די מאַמע אַליין ווייסט דאָך אויך, אַז איך האָב רעכט. די מאַמע אַליין וואָלט דאָך אויך דאָס געטון!

— געוואַלט! דו וועסט נישט אויפהערן? וואָס זאָל איך מיט דעם יונג טון? וואָס האָט ער זיך נאָך אָנגעזעצט אויף מיין קאָפּ? דער טאַטע וועט עס דאָך דערהערן.

דאָס יינגל האָט צוריק אָנגעהויבן צו מורמלען זיין לעקציע, און רחל־לאה האָט זיך אַוועקגעזעצט אויף איר קיך־בענקל, דעם קאָפּ אין די הענט. איר פּנים האָט זיך געקנייטשט אין אַ גרימאַסע פון וויינען. אירע ליפּן, אירע נאָזלעכער האָבן זיך ציטערנדיק באַוועגן, ווי זי וואָלט שווער געאָטעמט. פון די אויגן האָט געשלאָגן אַזאַ פייכט פייער, ווי עס וואָלט זיך דאָרט אין זיי געברענט דער צער און דער ווייטיק צוזאַמען ווי מענטשן ליידן און נישט קאָנען זיי העלפן.

פּלוצים האָט זי זיך אויפגעכאַפּט:

— איך ווייס, וואָס איך וועל טון. מ'דאַרף צונויפנעמען אַ פּאָר צענדליק הונגעריקע אַרבעטער מיט די ווייבער און קינדער און גיין אין דער יידישער גמינע נאָך קוילן. אַז נישט, וועלן מיר שויבן האַקן.

— כאַ, כאַ, כאַ, — לאַכט דאָס יינגל.

— וואָס לאַכסטו?

— פילאַנטראָפּיע.

— העי, פּאַניע סאָציאַליסט, ווענדעט זיך דאָס יינגל צום „זשאַכ־לינער", — גייט נעמט די הונגעריקע אַרבעטער און פירט זיי אין דער יידישער גמינע. שטעקט־אויס אַ בעטלענדיקע האַנט צו די דאָזאָרעס. דאָס פּאַסט זיך פּונקט פאַר אייך.

דער „זשאַכלינער" איז בלייך געוואָרן, געביסן די ליפּן און געענטפערט:

— לאָמיך גאָר וויסן, אַז איך קאָן דערמיט עפּעס העלפן; איך וועל אפילו שנאָרען גיין פאַר אַרבעטער, וועלכע ווערן געפּרוּווירן.

## קאַפּיטל 23

# אַ שטורעם אויף דער גמינע

מ'ווייסט נישט, ווער עס האָט פאַרשפּרייט דעם קלאַנג אין די קאַלטע היימען, אַז מ'גייט צו דער „גמינע" פאָדערן קוילן. אַלע זענען געקומען צו דעם געדאַנק, פשוט דערפאַר, ווייל דאָס איז געווען דער איינציקער אַדרעס, וווּ די אָרימקייט אין וואַרשע ווייסט זיך צו ווענדן

אין א שעה פון נויט. ווען רחל־לאה איז מיט די שכנים פון איר הויף אנגעקומען צו דער יידישער גמינע אויף גזשיבאָווסקע, האָט זי שוין דאָרטן אָנגעטראָפן מחנות אַרבעטסלאָזע בעלי־מלאכות פון אַלע טיילן שטאָט. דאָס גאַנצע „פאַבריקל" פון בערל „פאַבריקאַנט" איז דאָ גע־ווען. מען איז געקומען אויך פון אַנדערע ווערקשטעלן. מ'האָט געשטו־רעמט די טירן פון דער גמינע. די צוויי דינער מיטן איינציקן סטראַזש־ניק, וואָס זענען דאָרטן געשטאַנען ווי די גאַראָנים, כדי צו באַשיצן די שטאַרקע טיר פון דער פאַרמאַכטער קהילה, האָבן זיך נישט געקאָנט קיין עצה געבן קעגן דער מאַסע מענטשן, וואָס האָבן זיך מיט זייערע גע־פרווירענע לייבער צוזאַמענגעקוועטשט אין איין טייג און זיך געדריקט צו דער טיר. ענדלעך, האָבן די טיר־היטערס אָפּגעטראָטן מיט אַ מאַך מיט דער האַנט, און די אָרימקייט האָט זיך אַריינגעלאָזט אינעם גרויסן גערוימלעכן זאַל פון דער קהילה. אַלע טירלעך פון די פענצטער פון די באַאַמטע זענען פאַר אימה געוווען צוגעקלאַפּט. אַלע טירן, וואָס האָבן געפירט צו דער דאָזאָר־שטוב, — פאַרמאַכט.

דער עולם האָט געמיינט, אַז ער דאַרף זיך נאָר אַריינרייסן אינעם זאַל פון דער גמינע, וועט ער שוין געהאָלפן ווערן. זיי זענען שוין דע־רינען, וואַרפן זיך צו די פאַרמאַכטע פענצטערלעך, רייסן זיך עפּעס צו אַ פאַרמאַכטער טיר, שטייען פאַר פיר נאַקעטע ווענט און ווייסן נישט וואָס צו טון: אַ געפּילדער, אַ גערויש, אַן אויסמישעכטס, אַ פאַרשלינ־געכטס פון רייד און געשרייען. די מידע מוטערס, מיט די קינדער אויף די הענט, וואַרפן זיך אויף די לאַנגע בענק; אַנדערע, ווידער, מיט פאַר־פרווירענע פיס פון לאַנג שטיין אין דער קאַלטער גאַס, וואַרפן זיך אויף דער ערד, דערכאַפּן דעם אָטעם מיט די ערשטע הויכן פון וואַרימקייט, וואָס שלאָגט פון גוט־אונטערגעהייצטע אויוונס. מ'שטופּט זיך צו די וואַרימע אויוונס, אַזוי ווי צו אַ זון. אָבער קיינער ווייסט נישט וואָס צו טון, צו וועמען זיך צו ווענדן, מיט וועמען צו רעדן.

פון דער מאַסע אָנגעפּראַבטע לייבער רוקט זיך אַרויס רחל־לאה. מען לאָזט זי; מען טרעט איר אָפּ אַ וועג. טייל קענען זי; ביי טייל רופט זי אַרויס אַ רעספּעקט דורך דעם, וואָס זי גייט פאַרהעלטנישמעסיק בע־סער אָנגעטון ווי די אַנדערע: אין אַ שוואַרצן זשאַקעט מיט עפּעס אַ פוטערנעם קאָלנער, נישט אין קיין טוך איבערן קאָפּ, ווי אַלע ווייבער,

נאָר אין אַ מין קאַפּעליוש. מ'רופט פון אַלע זייטן: „לאָזט־צו די באַלע־באַסטע, זי וועט שוין פועלן פאַר אונדז". „לאַנג לעבן זאָלט איר, באַלע־באַסטעלע, וואָס איר נעמט זיך אָן פאַר אונדזערע „קזשיוודעס". אדרבא, אדרבא, טוט־עפּעס אויף פאַר די אָרימעלייט. עס איז דאָך טאַקע סכנות־נפשות".

זי האָט מיטגעשלעפּט ביי די הענט אַ פּאָר קינדער פון דעם סוכאַט־גיטשן ווייבל. אַרום איר זענען געווען אַ פּאָר שכנים פון איר הויף, וועל־כע זענען מיטגעגאַנגען העלפן. קודם־כל הענעך דער סטאָליאַר. חיים „פערד" האָט זיך אויך מיטגעשלעפּט. געהערט, אַז מ'גייט צו דער גמי־נע נאָך קוילן האָט ער געכאַפּט אַ דראָנג און איז מיטגעגאַנגען: „זאָל זיך נאָר מאַכן עפּעס טון". עס איז אויך מיטגעקומען מרדכי דער „הויי־קער", וואָס האָט ליב צו זיין אומעטום, ווו עס איז נאָר אַזאַ שטיקל חתונה. דער „זשאַבלינער" איז נישט געגאַנגען. אין די לעצטע מינוטן האָט ער חרטה געקראָגן, דערשראָקן זיך, זעט אויס, פאַרן וואָרט „פּי־לאַנטראָפּיע", וואָס דער גימנאַזיסט האָט אים צוגעוואָרפן. דערפאַר איז אויס ריינער סימפּאַטיע פון הויף מיטגעקומען וועלוול קעלבאַס. ער אַליין ברויכט עס נישט. פאַרקערט, אין די שווערע טעג האָט ער נישט איינמאָל מיט אַ ווורשט רחל־לאהן אַרויסגעהאָלפן. נאָר ער האָט אויך געוואָלט צולייגן אַ האַנט. ערשטנס, טראָגט ער שוין פון לאַנג אַ כעס אויף דער גמינע צוליב דעם, וואָס מ'האָט אים שוין נישט איינמאָל גע־טרפעט די ווורשטן, און צווייטנס, האָט ער זיך לעצטנס געוואָלט איינ־שאַפן עולם־הבא און העלפן אָרימעלייט, כאָטש נעבע, זיין יידענע, האָט אים געוואָרנט: „וועלוול, רוק זיך נישט, ס'איז נישט דיין עסק, זאָל גיין דער, ווער עס באַדאַרף". וועלוול האָט איר נישט געהאָרכט, אָנגע־טון זיך דאָס פעלצל, אַרויפגעצויגן אַ קאַשקעטל און גענומען אַ שפּיץ־רוט אין האַנט אַריין, וואָס איז געווען געמאַכט פון אַ פאַרטריקנטן אָקסן־עק, אַזוי ווי ער וואָלט גרייט געווען אויף אַ מלחמה. רחל־לאה האָט אויך מיטגעשלעפּט מיט זיך זעליג בעקערן, וועלכן זי האָט צוגע־כשופט מיט אַ ווונק און מיט אַ קלאַפּ אין פּלייצע: „זעליג, קום מיט, טאָמער וועט מען דיך דאַרפן". זעליג דער „קאַוואַליער" האָט נישט געקאָנט אָפּזאָגן אַ דאַמע, נאָך דערצו דער לערערקע, צו וועלכער ער האָט שוין פון לענגסט אַ שוואַכקייט. שטייען זיי אַלע, רחל־לאה אין

מיטן פון אירע „קאַוואַליערן" צווישן דער מאַסע אַרבעטסלאָזע, אַרי־מעליים, און גלאַט נאָכלויפערס. עס איז זיך נישטאָ צו ווענדן, אַלע טירן פאַרמאַכט און פאַרקלאַפּט, און אַלע פענצטערלעך צוגעשלאָגן. רחל־לאה קלערט נישט לאַנג און הייבט אָן מיטביידע הענט צו קלאַפּן אין אַ פאַרמאַכטער טיר אַריין:

— קוילן, קוילן! מיר ווילן קוילן!

מער האָט מען נישט באַדאַרפט. עס איז געווען ווי אַ צייכן. די גאַנצע מאַסע האָט אַרויסגעריסן איין יללה־געשריי פון זיך: „קוילן!" עס איז געוואָרן אַ האַמעריי מיט די הענט אין די ווענט און די פאַרמאַכטע פענצטערלעך, וועלכע די באַאַמטע האָבן פאַרקלאַפּט הינטער זיך פאַר אימה. אַ טופּעריי מיט די פיס: „קוילן גיט! קוילן! מיר ווערן געפרוירן, קוילן!"

די געוואַלדן און די געשרייען זענען געוואָרן וואָס אַמאָל העכער. דאָ און דאָרט האָט מען שוין אָנגעהויבן צו רייסן ביי די באַאַמטע-פענצטערלעך. אַ ברייט־ביינעקער ייד, ווי אַ שטיק מויער, האָט זיך אַרויסגעשטופּט פונעם צונויפגעפרעסטן עולם און געשריגן: „לאָזט מיך נאָר צו!" צוגעקומען צו דער פאַרמאַכטער טיר, ביי וועלכער רחל־לאה איז געשטאַנען, און זיך געגעבן מיטן גאַנצן געוואַג פון זיין ברייטן קערפּער אַ וואַליע־אַרויף אויף דער טיר. חיים „פערד" האָט געגעבן אַ קאָפּע מיט די פיס און וועלוול קעלבאַס האָט צוגעהאָלפן מיט אַ לאַפּע — און די טיר האָט נאָכגעגעבן.

פון דערינען, זעט זיך אויס, האָט מען זיך געריכט אויף נישט גוטס. אַלץ איז פאַרשוווּנדן, ווי אויסגעשטאָרבן. נאָר איינער, אַ מו־טיקער, האָט געוואַגט פאַר אַלעמען צו באַווייזן זיך אין דער אויפגע־פּראַלטער טיר מיט אַ מינע: „אָט בין איך דאָ, און זעט — איך האָב נישט קיין מורא פאַר אייך". עס איז געווען אַ בכבודיקער ייד, אין אַ שיינער געשניטענער קאַפּאָטע, פון וועלכער עס האָט אַרויסגעשטאַרצט אַ פעט בייכל און אַ יידיש קליין היטעלע, פון אונטער וועלכן מ'האָט גאָר צוערשט אַרויסגעזען אַ לאַנגע, ברייטע, געלע באָרד.

ער האָט זיך נישט דערשראָקן. די רויטקייט פון זיינע איבערגע־לאָפענע, מיט גרייוונס אויסגעפּאַשעטע באַקן, איז נישט פאַרשוווּנדן.

ער איז געשטאַנען אַ רואיקער, אַ קילער, אײַנגענומען מיט זײַנע פעטע פינגער די שײנע, געלע באָרד און געפרעגט גאַנץ געלאַסן:

— וואָס ווילט עמיצ?

דער צודרײנגלעבער עולם, וואָס האָט ערשט פאַר אַ מינוט פריער געשטורעמט די טיר, האָט בײַם אָנבליק פונעם בכבודיקן דאָזאָר זיך אײַנגעשטילט און זיך אָפּגערוקט. אפילו דער ברײטבײניקער און ברײט־באָרדיקער ייד, וואָס האָט אַרויסגעזעצט די טיר, האָט זיך אויך דער־שראָקן, און אָפּגעטראָטן אַ טריט. אפילו חיים „פערד" און וועלוול קעל־באַס.

רחל־לאה האָט אים געקוקט אין די אויגן אַרײַן און געענטפערט פאַרוואונדערט:

— איר ווײסט נישט וואָס מיר ווילן? איר ווײסט גאָרנישט וואָס עס טוט זיך אין שטאָט?

— ווער זענט איר דאָס? — ווײַזט דער דאָזאָר מיטן פינגער אויף רחל־לאהן גלײַך אין פּנים אַרײַן. — אַ גבאיטע אַזעלכע? קײן אָרימע זענט איר דאָך נישט. דאָס זעט מען דאָך אָן אײַך.

— און אַז אַ גבאיטע, געפעלט אײַך נישט? — פרעגט זי אים.

— נײן, נײן. פאַרקערט, אדרבא, מיר געפעלט עס דווקא זײער. קומט אַרײַן דערינען אין דאָזאָר־שטיבל, וועלן מיר זיך דורכרעדן בײַם טיש.

— פאַניע לעבן, האָט רחמנות אויף אונדז, מיר גײען דאָך אויס מיט אונדזערע קינדער פאַר קעלט, — וויינט אַרויס אַ יידענע פון עולם.

דאָס איז געווען אַ צײכן פאַר די אַנדערע.

— די בעבעכעס אין אונדזערע לײַבער ווערן דאָך געפרוירן.

— עס איז דאָך ממש סכנות נפשות. מען ווערט דאָך דערפרוירן גלידערווײַז, — קלאָגט פון דער מאַסע אַרויס מיט אַ גמרא־נגון אין אַן איכה־טאָן אַ חסידישער ייד.

— דאָזאָר, אַזוי ווײַטער קאָן עס נישט גײן. ס'איז „באו מים עד נפש", — מאַכט מיט דער האַנט אַ בכבודער חסידישער ייד אין אַ צעריסענער קאַפּאָטע.

— וואָס רעדט ער מיט אים — קוילן! מיר האָבן נישט מיט וואָס צו הייצן — קוילן!

— מיט געשרייען וועט איר גאָרנישט מאַכן, — זאָגט דער דאָזאָר בנחת־רוח, — איר האָט דאָך דאָ אייערם אַן אייגענעם מענטש. זאָל זי אַרויפגיין מיט אונדז, זיך אַוועקזעצן ביים טיש, וועלן מיר זען, וואָס מיר קאָנען טון.

— גייט, גייט, גוטער מענטש, גייט, — האָבן איר שטימען צו־געגעבן מוט.

פונעם עולם האָט זיך אַרויסגערוקט מרדכי דער „הויקער". ווו נאָר מ'דאַרף אַ דעפּוטאַציע, איז ער דאָ, און רופט זיך אָן צו רחל־לאהן:

— פאַני הורוויץ, קומט אַרויף, וואָס האָבן מיר מורא פאַר זיי?

ווען רחל־לאה און מרדכי „הויקער" זענען אַריין אין דאָזאָר־שטיבל, האָבן זיי קיינעם נישט אָנגעטראָפן. זעט זיך אויס, אַז מ'איז זיך צע־לאָפן און איבערגעלאָזט בלויז דעם מוטיקן געלן דאָזאָר. דער לאַנגער גרין־באַדעקטער טיש איז געשטאַנען ליידיק.

— און ווו זענען די אַנדערע? — פרעגט רחל־לאה.

— וואָס דאַרפט איר די אַנדערע? — איך וועל רעדן מיט אייך. זעצט אייך, — ווייזט דער דאָזאָר אָן אויף שטולן ביים גרין־געדעקטן טיש.

— זיי האָבן זיך דערשראָקן פאַר דער רעוואָלטירטער מאַסע! — רופט אויס דער הויקער מיט אַ טריאומפירנדיקער שטימע און גיט אַ טריאומפירנדיקן ווונק צו רחל־לאהן.

— פאַרוואָס זאָלן זיך זיי דערשרעקן, — וואָס, איר זענט נישט אַזעלכע יידן ווי מיר זענען? וואָס, גזלנים זענט איר? — זאָגט דער כיט־רער דאָזאָר בנחת־רוח. — זעצט אייך, יונגערמאַן, — ווייזט ער דעם הויקער אויף אַ שטול, — זיי האָבן מיך אויסגעקליבן צו אונטערהאַנד־לען מיט אייך.

— אַהאַ! — רופט ווייטער אויס דער הויקער מיט אַ פיל באַדייַ־טנדיקן ווונק צו רחל־לאהן, און צום געלן דאָזאָר גיט ער אַ מאַך מיט דער האַנט: „יאַך קאָן שטיין".

— אַלזאָ, וואָס וועט איר זאָגן גוטס? וואָס ווילט איר דאָס אייגנט־

לעך? — פרעגט דער דאַזאַר, אַזוי ווי ער וואָלט פון הימל אַראָפּגע־פאַלן.

ביי רחל־לאהן פּלאַצט שוין דאָס געדולד ביים אָנהייב.

— איר ווייסט נישט וואָס מיר ווילן? איר זענט אַ פרעמדער? איר ווייסט נישט וואָס ס׳טוט זיך אין שטאָט? מענטשן ווערן געפּרווירן!

—נו, און אַז מ׳ווערט געפּרווירן, איז וואָס? שרייט מען שוין אַזוי, מאַכט מען שוין אַזעלכע געוואַלדן, רייסט מען שוין איין אַ וועלט? ביי מיר אינדערהיים ווערט מען אויך געפּרווירן. ווער ווערט דאָס נישט גע־פּרווירן אין ווינטער? ס׳איז דאָך אַ באַוווסטע זאַך. מיר זענען דאָך מענ־טשן, נישט קיין ווילדע חיות. ס׳איז דאָך גלאַט נישט שיין פאַר גויים. געמאַכט אַן אָנגעלויף, גאָט ווייסט װעגן וואָס, — זאָגט דער דאַזאַר מוסר־רייד.

רחל־לאה איז נישט געווען קיין גוטע דיפּלאָמאַטין. ביי אַזעלכע אונטערהאַנדלונגען האָט זי גלייך פאַרלוירן איר געדולד. זי האָט שוין נישט געקאָנט איבערטראָגן זיינע אויסגערוטע פולע בעקלעך, פון וועלכע עס האָט אַראָפּגעגלאַנצט דער שמאַלץ פון חנוכה־גריוונס. עס האָט זי געררייצט זיין רואיקער, נחתדיקער טאָן, ווי ער וואָלט גרויס הנאה גע־האַט צו הערן זיין אייגענע שטים, און דאָס קעמען זיך מיט די פינגער־לעך די געלע באָרד. זי האָט שטאַרק חשק געהאַט אָנצוכאַפּן אים אַזוי ביי דער באָרד און זי פעסט צו האַלטן אין אירע הענט און שרייען צו אים:

— איר ווייסט, וואָס עס הייסט ווערן געפּרווירן פאַר קעלט? איר ווייסט?

זי האָט זיך געביסן די ליפּן, כדי זיך אַליין צו קאָנטראָלירן.

— רעדט איר מיט אים, מרדכי, רעדט; איך קאָן נישט.

— הכּלל, איר וועט געבן קוילן צי ניין? — מאַכט זיך דער הויקער מוט און ווערט ווייס ווי די וואַנט.

— פון וואַנען זאָלן מיר נעמען? וואָס, מיר האָבן אייגענע קוילן־גריבער? אדרבא, נעמט איר די שליסלען פון דער קאַסע, צעטיילט איר; זייט איר דאַזאַרעס, וועלן מיר דענסטמאָל זען, אויב איר וועט אויך זיין אַזעלכע גוטע מענטשן. איר מיינט, אַז איר אַליין האָט נאָר אַ מאָנאָפּאָל אויף רחמנות? איך האָב אויך רחמנות; איך בין אויך אַזאַ גוטער

מענטש ווי איר. זיי מיינען, אַז זיי אַליין האָבן אויסגעכאַפּט דאָס גאַנצע גוטסקייט.

— איר ווייסט, וואָס עס הייסט צו ווערן געפּרווירן? — מענטשן קאָנען נישט אַרבעטן פאַר קעלט. זיי פאַרברענען די לעצטע שטיקלעך מעבל פון די שטובן, האָבן זיך נישט ווו צו באַהאַלטן, ווייסן נישט ווו צו אַנטלויפן. איר ווייסט? איר ווייסט? — שרייט אים רחל־לאה אין פּנים אַריין.

— אוודאי ווייס איך. וואָס דען, איך ווייס נישט? אדרבא, גיט טאַקע אַן עצה דערויף, וואָס צו טון.

— וואָס, די גמינע האָט קיין געלט נישט?

— איך האָב דאָך אייך געזאָגט, נעמט איר די שליסלען און צע־טיילט איר. זייט איר דאָזאָרעס.

— מיט אייך קאָן מען נישט רעדן. מיט אייך קאָן מען נאָר אָט וואָס... — און רחל־לאה הויבט אויף אַ פויסט און פאַרלאָזט דאָס דאָ־זאָר־שטיבל.

— אָ, דאָס איז נישט שיין. איר זענט דאָך עפּעס אַן אָרנטלעך מענטש, — זאָגט דער דאָזאָר.

דער עולם, וואָס האָט מיט אומגעדולד געוואַרט אויפן רעזולטאַט פון די אונטערהאַנדלונגען, האָט זיך דערווייל געמאַכט אילוזיעס — אַז נישט נאָר קוילן, זיי וועלן אויך באַקומען קאַרטאָפלעס, קרויט און אפילו ברויט פון דער גמינע. ס'האָט זיך זיי געדאַכט, אַז דאָס ווערט איצט דאָרט דערינען פאַר זיי באַשאַפן, געצויגן פון דער ערד אַרויס. און באַטש מיט די מיילער האָבן זיי אַנדערש גערעדט און געברומט: „עס וועט גאָרנישט זיין", אָבער אינעם געדאַנק האָבן זיי געהאַט פיל האָפע־נונג און באַפייכט זייערע אויסגעליידיקטע מאָגנס מיט טעמען פון שפּייזן.

קאָן מען זיך פאָרשטעלן די נידערגעשלאָגנקייט, וואָס האָט גע־הערשט אין דער ערשטער מינוט, און באַלד דערנאָך דער כעסדיקער אויסגעשריי, ווען רחל־לאה איז אַראָפּגעקומען און געוואָרפן אין די אויפ־געעפנטע אויגן און מיילער פון דער מאַסע דאָס אָפּטויטנדיקע וואָרט:

— מען קאָן גאָרנישט מאַכן, אַ האַרץ פון אַ שטיין.

דער עולם האָט אַ מינוט געשוויגן אין זיין פאַרלוירנקייט. באַלד

האָט ווער אויסגעשריגן. ס'איז געווען מרדכי דער הויקער, וואָס איז נאָכגעגאַנגען נאָך רחל־לאהן:

— נאָר דאָ איין וועג: צו נעמען „בגראַנדע" (מיט געוואַלד).

דערהערט דאָס וואָרט „בגראַנדע", איז אַ פלאַקער פייער אַריין אין דער אויפגערעגטער מאַסע. אויגן האָבן זיך אָנגעצונדן. אפילו די חסידישע יידן האָבן אָנגעהויבן צו שאָקלען זיך ווי ביי אַ פרום געבעט; געביסן די פאַרפּוילטע, פאַראייזטע וואָנצעס אין די ציין, געביסן זיך ביי די בערד, געשאָקלט זיך און געברומט מיט אויפרעגונג:

— עס איז דאָך אומדערהערט.

— אַ האַרץ פון אַ טאַטער, מענטשן לאָזן אונטערגיין אין אַזאַ צייט, — האָבן ווייבער געיאָמערט.

פונעם עולם האָט זיך אַרויסגערוקט חיימל „פערד". די הענט טיף פאַרשטעקט אין די הויזן־קעשענעס, איז ער געגאַנגען באַוועגנדיק מיט די אַקסלען. זיינע אויגן, און נאָך מער דאָס האַלב פאַרקלעפּטע אויג מיטן בלאַטער, האָבן פון אונטער דעם לעדערנעם דאַשעק אָנגעזאָגט אויף נישט קיין גוטס. ער האָט זיך צוגערוקט צו רחל־לאהן און אַ ברום געטון:

— וואָס הייסט איר טון, באַלעבאָסטע?

— ווייסט נישט וואָס צו טון? — זאָגט וועלוול. — זאָל ער נאָר קומען אין מיינע הענט.

די אויפרעגונג איז וואָס אַמאָל מער געוואַקסן צווישן דעם עולם. ס'האָט זיך געדאַכט, אַז ווען דער גוּלער דאָזאָר וועט זיך באַווייזן, אַזוי וועלן זיי אים צעטראָגן נאָר אויף איין ווונק, נאָר אויף איין וואָרט פון רחל־לאהן.

און דער דאָזאָר האָט זיך באַוויזן אין דער טיר. ער האָט אויסגעקוקט זייער פרום, מיט אַ כשר־חזיר־פּנים, צושאָקלענדיק זיך און רייבנדיק זיך דערביי די הענט. עס זענען געוואָרן געווענדט צו אים אויגן, פול מיט פאָספאָר־פייער, ווי אָנגעריבענע שוועבל, וואָס וואַרט נאָר אויף אַ פונק, — כאָטש דער עולם האָט דערוויילע געשוויגן פאַר אויפרעגונג און נייגעריקייט צו הערן, וואָס ער האָט צו זאָגן. דער דאָזאָר האָט זיך אָבער גאָרנישט געמאַכט פון די בייזע מינעס און בליקן. ער האָט זיך אָנגעהויבן פרום צו שאָקלען און געפרעגט פרום:

— צי ווילט איר קוילן, צי ווילט איר עפּעס אנדערש?

— אוודאי ווילן מיר קוילן.

— אזוי זאָגט. די גמינע האָט שוין טאַקע געזאָרגט דערפאַר. מ׳הייבט שוין אָן ארויסצוגעבן די קוויטלעך אויף קוילן.

דער עולם האָט אָנגענעם איבערראַשט אָפּגעאָטעמט.

— און קאַרטאָפלעס, פאַניע־לעבן? — האָט געפרעגט א פרייל׳עך־פאַרוואונדערטע, האָפענונגס־זינגענדיקע שטימע פון א מאַמען.

— און קאַרטאָפלעס וועלן מיר אויך צעטיילן, — זאָגט דער דאָזאָר, — מיט דער צייט וועלן מיר צעטיילן. וואָס דען, זיי וועלן אייך עפּעס געבן? — ווייזט ער אויף די פאַרוואונדערט־שטייענדיקע רחל־לאהן מיטן הויקער. — זיי מיינען דען אייערע קוילן? זיי מיינען דאָך עפּעס אַנדערש... — זאָגט דער דאָזאָר ארויס דעם „עפּעס אַנדערש" מיט א פּיל־באַדייטנדיקן גמרא־נגון, און ווינקט־צו מיט די אויגן. — הע, הע, הע.

דער עולם וואָס איז פאַר א מינוט פריער, אויף איין ווונק פון רחל־לאהן, גרייט געווען דעם דאָזאָר צו צערייסן, האָט ביי די האָפענונג־געבנדיקע ווערטער פונעם דאָזאָר שוין זי אינגאַנצן פאַרלאָזט און ארי־בערגעגאַנגען צו אים. כדי צו געפעלן דעם דאָזאָר, האָבן זיי תיכף אויפ־געכאַפּט דעם מיין פון זיין זינגענדיקן „עפּעס אַנדערש" און טייל האָבן אונטערגעכאַפּט דעם „הע, הע, הע".

רחל־לאה איז געשטאַנען א פאַרוואונדערטע. זי האָט נישט געוווסט, וואָס עס איז געשען. זי האָט דערפילט ווי א קאַלטער ווינט וואָלט זי ארומגענומען. לעבן איר זענען נאָך געשטאַנען אירע געטרייע באַגלייטערס: דער הויקער, הענעך סטאָליאַר, וועלוול אפילו. נאָר חיימל „פערד" האָט זיך שוין מיטן איבריקן עולם, מיט די פרומע יידן, מיט די ווייבער און קינדער, מיט גלאַט אָרימעלייט זיך געוויקלט ארום דעם דאָזאָר, וואָס אַלע האָבן איצט אַרומגערינגלט מיט אויסגעשטרעקטע הענט. טייל האָבן געהויבן צו אים די קינדער, אַנדערע האָבן געוויזן טיילן פון זייערע נאַקעטע לייבער, די אויסגעפראַלטע בריסטן פון די צעריסענע קליידער.

— דאָזאָר־לעבן, הונדערט יאָר זאָלט איר לעבן, ווען וועט מען אָנ־הייבן צו טיילן?

— טאַקע באַלד, טאַקע באַלד, קיין איין מינוט נישט פאַרשפּעטיקן. וואָס דען, פון זיי וועט איר עפּעס האָבן? — ווייזט ער שוין איצט מיט

דרייסטקייט אויף דער אין ווינקל שטייענדיקער רחל־לאהן. — עס ליגט זיי, מיינט איר אַ סך אין זינען אייערע קוילן, אַז זיי מיינען גאָר עפּעס אַנדערש. הע, הע, הע.

און פאַרכריפּעטע הייזעריקע סוכאַטנע קולות האָבן שוין איצט משוגעדיק מיטגעלאַכט הויך אויפן קול: „הע, הע, הע — זיי מיינען גאָר עפּעס אַנדערש".

— דאָזאָר־לעבן, איר זענט דאָך אונדזער אייניציקער שפּייזער, — שטרעקט אַ יידענע אַ ברודיק קינד צו אים אַרויס.

— דאָזאָר־לעבן, איר זענט דאָך אַ פֿאָטער צו אונדזערע קינדער.

— גאָט צוערשט, דערנאָך ער! — ווייזן די ווייבער אויפן דאָזאָר.

רחל־לאה מיט איר קאָמאַנדע האָבן זיך אָפּגעטראָגן פאַרשעמטע.

ווען זי איז דערנאָך אַהיימגעקומען אַ צעבראָכענע, אַ קראַנקע פאַר אָנמאַכט, האָט זיך פּרוי הורוויץ אַוועקגעזעצט אין איר ווינקל, אָנגעלענט איר קאָפּ אויף ביידע הענט, געביסן די ליפּ און עפּעס געמורמלט ווערטער, צעקייענדיק זיי אינעם בייסן.

פון דער צווייטער שטוב איז דער גימנאַזיסט אַרויסגעקומען. דערזען דער מאַמען אין דער שטימונג, האָט ער שוין אַלץ געוווסט, אָנגערופן זיך מיט אַ שמייכל:

— איך האָב דער מאַמען באַלד געזאָגט, אַז זי זאָל זיך נישט אָפּגעבן מיט פילאַנטראָפּיע. עס איז נאָר דאָ איין עצה...

רחל־לאה, וואָס האָט איצט דאָס זעלבע געקלערט, וואָס איר יינגל און מורא געהאַט עס צו דערקלערן, האָט איצט באַמערקט אַ נייעם ריס אין זיינע הויזן. האָט זי זיך אָן דעם אָנגעכאַפּט:

— הער נאָר, דו וועסט אויפהערן? קוק בעסער אָן דיינע הויזן. איך האָב שוין מער קיין כוחות נישט צו זיי...

## קאַפּיטל 24
## „רחל־לאה בראָקט־אײַן די זופּ"

רחל־לאה איז געזעסן דעם קאָפּ אָנגעלענט אויף אירע ביידע הענט. אין איר האָט זיך אַלצדינג געקאָרטשעט פאַר צער און שאַנד. יעדעס מאָל. ווען זי קומט אין באַרירונג מיט נויט, קאָן זי עס נישט איבערטראָגן.

כאַטש עס איז איר טאָג־טעגלעך ברויט. דאָס, וואָס זי האָט זיך אָבער אָנגעהערט און אָנגעזען אין די לעצטע טעג, האָט איבערגעשטיגן אַלצדינג, וואָס ביז איצט. זי האָט זיך שוין געהאַט גוט אָנגעגעסן מיט צרות, וואָס אירע שכנים האָבן איר געגעבן צו פאַרזוכן אין די טעג. אָבער די סצענע אין דער יידישער קהילה, דאָס פאַרלוירנקייט און די דערשלאָגנקייט פון די מאַסן, דאָס כורעים־פאַלן פאַרן דאָזאָר צוליב אַן עמער קוילן, האָט זי אַזוי פאַרביטערט, אַז זי האָט פאַרלוירן איר גלויבן. עס האָט זיך אָנגעהויבן צו וואַקלען איר שטאַרקער ווילן, וואָס זי האָט שטענדיק געהאַט אין יעדער עת־צרה. ס'איז געווען אַזוי ווי טראָפּנס בלוט וואָלטן זיך פאַר שאַנד באַהאַלטן אין די צעלן פון איר קערפּער און נישט געוואָלט מער זיך באַווייזן אין אירע אָדערן. זי האָט נישט געזען קיין צוקונפט. יעדע האָפענונג איז פאַרווישט געוואָרן, און זי האָט זיך געטראַכט:

— אַזוי וועט עס שוין שטענדיק זיין, שטענדיק — ביז אונדזער טויט און נאָך אונדזער טויט.

דאָס פאַרוויסטיקטע צוזאַמענקאָרטשען פון איר האַרץ האָט מען אָנגעזען אויף איר פּנים. איר פּנים, וואָס איז דאָך שטענדיק געווען אָפן, פריי און לאַכנדיק, איז פינצטער געוואָרן. אירע גרויסע אויגן זענען קליין געוואָרן, איינגעקאָרטשעט באַהאַלטן צווישן די פילע קנייטשן, וואָס האָבן זיך מיט איינמאָל באַוויזן אויף אירע באַקן.

זי האָט טיף פאַרביסן די ליפּן. פאַר כעס זענען זיי אַזש בלוי געוואָרן און אַ ווייס־פאַרטריקנט שפּייעכץ האָט זיך אויפגעהאַלטן אין זייערע ווינקלען. זי האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ און געקייט קללות, וואָס זי האָט עס שוין איצט געטון אָפן פאַר אַלעמען, אָן מורא אפילו פאַרן מאַן.

— און אַ וועלט זעט־צו, ווי מענטשן גייען־אויס און שווייגט. אויסגעריסן, אויסגעוואָרצלט זאָל אַזאַ וועלט ווערן!

מיט איינמאָל האָבן זיך איר אַ זעץ־אַרויס געגעבן פון אירע אויגן פילע טרערן־טראָפּנס, וואָס זי האָט אָפּגעווישט מיט איר טיכל. איר פּשוטער שׂכל האָט קיין אַנדערן אויסוועג נישט געקאָנט געפינען, נאָר עס זאָל עפּעס געשען, אַז זי זאָל האָבן די מאַכט און די מעגלעכקייטן פּעטש צו געבן, קלעפּ איינצוטיילן און צו באַפעלן: אַזוי און אַזוי! פאַרוואָס האָט זי נישט די מעגלעכקייט דאָס צו טון? פאַרוואָס האָבן זי דווקא

די ערגסטע און נידערטרעכטיקסטע, וואָס דאַרפֿן זי נישט און ווייסן נישט וואָס צו טון מיט דער מאַכט.

יענעם טאָג האָט מען ביי דער לערערקע קיין מיטאָג נישט געקאָכט. דער מאַן אירער, אַז ער איז אַהיימגעקומען, האָט גאָר מורא געהאַט אין קיך אַריינצוגיין. רחל־לאה האָט געהאַט אירע קאַפּריזן און שטימונגען. איז זי געווען גוט, האָט זי געלאָזט טרעטן אויף זיך. אָפּגעהיט זאָל מען אָבער ווערן, ווען זי איז אַריינגעפֿאַלן אין אַזאַ שטימונג ווי היינט. אַ טיגער איז געזעסן אין דער קיך. אַלע האָבן זיך דערנסטמאָל פֿון איר גע־קאָנט אויסריכטן. נישט נאָר די קינדער, אַפֿילו דער מאַן האָט געקאָנט אַריינכאַפּן דאָס זייניקע.

אין אַזעלכע מאָמענטן האָט מען זי אויסגעמיטן. העלענקע האָט אָפּ־געקאָכט מיטאָג פֿון וואָס עס האָט זיך נאָר געלאָזט. געבראָטן אייער און פֿאַרשטאָפּט די מיילער. אַזוי ווי עס וואָלט אין שטוב אַ גרויס אומגליק געווען געטראָפֿן.

— פֿאַרוואָס פּייניקט זיך די מאַמע? ס'איז ביי דער מאַמען אַ גייעס? — טענהט צו איר איר עלטסטע טאָכטער בשעת זי שטייט ביי דער קיך און ריישט־אָן די קאַרטאָפֿלעס.

— איך בעט דיך, לאָז מיך אָפּ, — שרייט־אָן די מוטער.

און דער גימנאַזיסט פּייפֿט פֿאַר זיך אַ לידל, קומט יעדעס מאָל אַריינצוגיין אין קיך, וווּ די מאַמע זיצט, און גיט אַ ברום, אַז דער טאַ־טע זאָל דערינען נישט הערן:

— איך האָב דער מאַמען באַלד געזאָגט, אַז ס'וועט זיך אַזוי אויס־לאָזן.

זי האָט שוין געשוויגן.

נאָר ווער ס'האָט זיך פֿון איר דעם טאָג אַממיינסטן אויסגעריכט, און וועמען זי האָט נישט געלאָזט אויף די אויגן — דאָס איז געווען דער „זשאַבלינער".

— מאַכערס מיינע! ביי רחל־לאהן אין קיך קאָנען זיי זיין גרויסע העלדן!

זאַכאַרי איז אַריינגעקומען און זי אָנגעטראָפֿן אין דער שטימונג.

ער האָט גאַנץ גוט געוווּסט, אין וואָס עס גייט. צום ערשטן מאָל האָט ער זיך באַקענט און געזען, וואָס עס הייסט נויט, און איז לעצטנס

דערציטערט און פארשוויגן געוואָרן, געקלערט וועגן זיין שריט, וואָס ער האָט געטון אפשר צו־געאיילט.

זינט רחל־לאה האָט זיך באַקענט מיט דעם, וואָס עס קומט פאַר אין גאַס, האָט זי מירקינען כמעט נישט געזען. און ווען זי האָט אים יאָ באַמערקט, האָט זי אים באַשאָנקען מיט אזא אומפריינטלעכן בליק, אַז זאַכאַרי האָט זיך דערפילט אין עפּעס שולדיק. ער האָט פארשטאַנען, אַז זי טראָגט אויף אים עפּעס אַ בייז האַרץ, וואָס ער האָט זיך נישט געקאָנט דערקלערן די סיבה דערפון. ביי זיין אַריינקומען האָט זי אים ווידער באַשאָנקען מיט דעם אומפריינטלעכן בליק און געברומט ווי צו זיך:

— און דער וואָלט שוין יאָ געקענט עפּעס טון, נעמט ער און שיקט צוריק זיין רייכן טאַטן דאָס געלט, אַזוי ווי ער וואָלט מורא געהאַט, אַז ער וועט דאָרט האָבן ווינציק.

מירקין איז בלאַס געוואָרן. איר האָט אויך באַנג געטון פאַר די רייד, און כדי צו קילן זיך, איז זי אַנגעפאַלן אויפן „זשאַבלינער".

— דאָס אַלץ זענט איר שולדיק. איר האָט אים צוגערעדט, ער זאָל זיך נישט באַנוצן מיט זיין פאָטערס געלט, און איך זאָג — אַפילו פון אַ חזיר, אַז מען קאָן העלפן, זאָל מען העלפן. וואָס זענט איר אַזעלכע איידעלע מענטשן, אָפּגעהיטע צדיקים? זיי דאָרט אין דרויסן, וואָס ווערן געפּרווירן אין די לעבער און גייען־אויס פאַר אַ שטיקל ברויט — זיי קאָנען נישט זיין אַזעלכע פיינע לייט, ווי איר זענט. פונעם רינשטאָק וועלן זיי אויפהייבן, ווען דו וועסט זיי אהין עפּעס אַריינוואַרפן. דו וואָלסט געזען ווי זיי האָבן זיך געלעקט צום געלן דאָזאָר דערפאַר, וואָס ער האָט זיי נאָר צוגעזאָגט אַן עמער קוילן — און איר דערלויבט זיך צו זיין אַזעלכע דעליקאַטע מענטשן.

— מאַדאַם הורוויץ, איר באַדאַרפט האָבן געלט? — פרעגט פּלוצים מירקין.

— גיט נאָר אַ קוק אויף דעם, פון הימל איז ער אַראָפּגעפאַלן. ווען מיר האָבן אַביסל געלט, עפענען מיר דאָך אויף אַ „ביליקע קיך", אַ טיי־הויז, ווו מענטשן וואָלטן אַריינגעקומען און זיך אָנוואַרימען כאָטש די בעבעכעס. ווען מיר וואָלטן געהאַט אַביסל געלט, וואָלטן מיר געמאַכט איין קיך, צוויי, אַ פּאָר טיי־הייזער. דערנאָך וואָלט עס זיך שוין געשלעפּט פון זיך אַליין.

דערמוטיקט דורך אירע אייגענע רייד, האָט זיך אין איר אויפגע-װועקט איר אַלטע ענערגיע. זי האָט זיך פלינק אויפגעהויבן פון איר אָרט און געזאָגט צו אירע צוויי שמשים, צום „זשאַכלינער" און צו מירקינען:

— וואָס וועל איך רעדן מיט אייך, איר זענט אויך מענטשן? — און געכאַפּט דאָס טוך איבערן קאָפּ און געלאָזט זיך אַראָפּ אין הויף אַריין. זאַכאַרי איז נאָך איר אַוועק אין אַנדערער ריכטונג.

זי איז אַריין אין דער בעקעריי, ווו זעליג איז געשטאַנען ביים איינ־געהייצטן אויוון און איז אינגאַנצן געווען פאַרפלאַמט פון די פייערן, וואָס האָבן געשלאָגן פונעם אויפגעעפנטן פייער־טירל.

— זעליגשי, איך דאַרף דיך האָבן. מוזט איבערלאָזן דעם אויוון און גיין מיט מיר.

— איין מינוט, איך וועל נאָר די זעמל אַרויסכאַפּן. — און ער האָט אַרויסגעכאַפּט מיטן לאַנגן שאָוול דאָס ברעט מיט זעמל פון אויוון אַרויס.

רחל־לאה האָט זיך אַוועקגעזעצט ביים אויוון, נישט געקוקט וואָס זי האָט איינגעשמוצט איר קלייד (דאָס איינציקע יום־טובדיקע קלייד, וואָס זי האָט פאַרמאָגט, אין וועלכן זי איז היינט געווען אין דער גמינע), אַרויפ־געלייגט אַ האַנט אויף זעליגס באַמעלטע פּלייצעס און אַזוי זיך צו אים אָנגערופן:

— זעליג, דו ביסט דאָך אַ גוטער יונג, דו האָסט דאָך אַ גוט האַרץ; איך קען דאָך דיך. זע, אַזוי פיל מענטשן הונגערן, קענען נישט טון קיין שטאָך אַרבעט, ווייל ס'איז קאַלט אין די שטובן. מ'גייט־אויס פאַר אַ שטיקל ברויט.

— איר דאַרפט עס מיר דערציילן? — זאָגט זעליג אַ פאַרזאָרגטער, דאָס קאַפּל פאַררוקט אויפן שפּיץ קאָפּ און אָנגעלענט אַ האַנט אויפן לאַנגן שאָוול. — איך ווייס עס בעסער פון אייך. די קינדער פון סוכאָט־נימשן ווייבל, פונעם סטאָליאַר, פונעם „פערד" קומען דאָ אַהער ווי די געפרוירענע פייגל, בעטן זיך, אַז איך זאָל זיי צולאָזן צום אויוון אָנוואַ־רימען זיך. וואָס זאָל איך טון? איך בין אַליין אַן אָרימאַן, וואַרף איך זיי צו אַ זעמל, מער קאָן איך נישט.

— דאַרף מען דאָך עפּעס זען צו טון.

— אוודאי דאַרף מען עפּעס טון. וואָס טוט מען?

— אַ ביליקע קיך אויפעפענען!

— פון וואַנען וועט איר נעמען געלט, באַלעבאָסטע? די גרויסע וועלן נישט געבן, און די קליינע האָבן נישט.

— די גרויסע זאָלן ברענען, און אַז די קליינע וועלן נישט טון, וועט עס נישט זיין געטון. איך מיין, אַז מיר אַליין זאָלן אָנהייבן. צוערשט פאַר אונדזער הויף. אַז מיר וועלן נאָר איינפעדעמען, וועלן מיר שוין דערנאָך שלעפּן פון טויט און פון לעבעדיק.

— אוודאי וואָלט עס גוט געווען... גיט מיר מעל מיט האָלץ, שטעל איך זיך אַוועק באַקן פאַר אָרימעלייט גאַנצע נעכט. איך גיב מיין אויוון. נאָר מעל און האָלץ. קיין אַרבעט וועל איך נישט זשאַלעווען. מ׳קאָן דען צוזען דאָס רחמנות? דאָס האַרץ קאָרטשעט זיך סיי ווי סיי צוזעענדיק דאָס, — רופט אויס זעליג.

— זעליג לעבן, קום מיט מיר. איך האָב שטענדיק געוווּסט, אַז דו ביסט אַ גוטער יונג, — לייגט רחל־לאה אַרויף אַ האַנט אויף זיין אַקסל.

— וואַרט גאָר, פּאַני הורוויץ. איך וויל נאָר דעם אויוון פאַררוקן.

זעליג האָט דעם אויוון פאַררוקט, גענעבן מיט צוויי האַנט־קלעפּ אַ שאָקל אָפּ דאָס מעל פון די הויזן און פון דער האָר־באַוואָקסענער ברוסט, אַרויפגעוואָרפן אויף זיך וווילעריש דאָס פעלצל, דאָס היטל אויף דער גזשיוועס, און פרעגט:

— ווו ווילט איר דאָס מיך פירן?

— קום נאָר אַריין מיט מיר צו וועלוול קעלבאַס, — זאָגט רחל־לאה.

— גייט שוין, ער איז אַ חזיר, שלאָפט אויף אַן אָנגעשטאָפּטן שע־ניק מיט געלט. אַרויסגעוואָרפן די רייד.

— שאַדט נישט, מיט וועלוולען קאָן מען רעדן.

אַריינגעקומען אין דער וווּרשטן־מאַכעריי, האָט זיי אַרומגעכאַפּט אַ רויך, וואָס האָט געזעצט פון אַ רויכער־אויוון, אַז עס האָט זיי אַזש פאַרפעלט אָטעם, און אָנגעהויבן צו הוסטן.

— וועלוול, מיר קומען צו אייך מיט אַן עסק, — זאָגט רחל־לאה צו אים. — איר ווייסט, וועלוול, וואָס עס טוט זיך אין דרויסן?

וועלוול, וואָס האָט מיט נאַקעטע אַרויפגעשאַרצטע הענט געקנאָטן אין צעהאַקטע פלייש, ווי אין אַ טייג, האָט אויפגעהויבן זיינע דראָטן־

האַרטע אַראָפּהענגענדיקע ברעמען. פון זיי האָבן זיך אָפּערגענגבעט אַ פּאָר אויגן און געפרעגט:

— הע?

— וועלוול, איר ווייסט, וואָס עס טוט זיך אין גאַס?

— פאַרוואָס זאָל איך נישט וויסן, וואָס בין איך אַ הונט? איך האָב אייך שוין אָנגעגרייט אַ פּאָר ווורשטן מיט אַ גאַנצן זאַק אָפּפאַלעכטס. נעמט עס, פּאַני.

— וואָס טויג מיר דיין אָפּפאַלעכטס? דאָ דאַרף מען עפּעס אַנדערש, גוטער ברודער. די פּאַני הורוויץ וויל מאַכן אַ „טאַניע קוכניע" (אַ ביליקע קיך). דו שלעפּ בעסער אַרויס דיינע שעניקעס און גיב אונדז די קלינגערס, — זאָגט דער בעקער.

שעניקעס? — נעם זיי פון מיינעטוועגן, — זאָגט וועלוול מיט אַ הייזעריקער שטימע. — נעכע כאָליעט אויף זיי.

— ניין, וועלוול. מיר ווילן פון אייך פליש און ביינער — די זופּ יעדן טאָג צו פאַרפעטן, ווען מיר וועלן זיך אָוועקשטעלן קאָכן.

— פליש? פליש? פון וואַנען וועל איך נעמען פליש? ביינער קאָן איך געבן וויפיל עטץ ווילט, כאָטש עס קאָסט געלט.

— וואָס טויגן מיר דיינע ביינער? בייגער פּרעס אַליין, — שעלט דער בעקער. — אַרימעלייט גיט ער ביינער!

— נו, וועל איך אייך געבן אַ שטיק אָפּפאַלעכטס יעדן טאָג מיט פעטס, — זאָגט וועלוול אין דער שטיל, אַז די יידענע זאָל נישט דערהערן. ווייזט אויף דער אַנדערער טיר: — זי וועט מאַכן געוואַלדן, — לייגט ער צו הייזעריק. — וואָס בין איך, אַ הונט? איך ווייס דען נישט אַליין, וואָס איך האָב צו טון?

ס'איז באַלד פאַררופן געוואָרן אַ „מלחמה"־באַראַטונג ביי וועלוועלען אין דער ווורשטן־מאַכעריי. רחל־לאה האָט געשיקט נאָך הענעך דעם סטאָליאַר. עס איז אויך געקומען חיימל „פערד". עס זענען מיטגעקומען ווייבער און מען האָט זיך גענומען צום עסק, דורכצורעדן זיך וועגן דער ביליקער קיך. הענט צו העלפן זענען געווען אַ סך. אַלע האָבן געוואָלט עפּעס טון. די ווייבער האָבן געוואָלט קאָכן. דער בעקער האָט געוואָלט באַקן. וועלוול האָט צוגעזאָגט ביינער און אָפּפאַלעכטס און בגנבה פון דעם

ווייב אַ שטיק אָפּפּאָלעכטס מיט פּעטס. חיים „פערד״ האָט גענומען אויף זיך האָלץ צוצושטעלן.

— ווענן האָלץ צו ברענען זאָלסטו זיך נישט זאָרגן, — האָט חיים געזאָגט צום בעקער. — איך וועל דיר צושטעלן פלויטן וויפיל דו דאַרפסט, און טונען פעלן אויך נישט אויפן הויף, — האָט ער צוגעלייגט, ווייזנדיק מיט אַ קורצן פינגער אויפן סקלאַד מיט הערינג. — און טאָמער וועט מען דאַרפן נעמען „בגראַנדע״, שרעק איך זיך אויך נישט. אַז דער לעדער־סוחר האָט זיך אָנגעגרייט אַ פולן קעלער מיט קוילן!

ס׳האָט אויפגעפלאַמט אַ געוואַלדיקער ענטוזיאַזם ביים עולם עפּעס צו טון, — וואָס רחל־לאה האָט אונטערגעצונדן. זי איז געווען אין איר עלעמענט. אַלע האָבן געוואָלט עפּעס טון. עס זענען געקומען ווייבער, אָרימע יידן. בערלס גאַנצע פאַבריקל האָט זיך צוזאַמענגעקליבן. פון זיין וווינונג איז אפילו אַראָפּגעקומען דער „פאַן קוויאַטקאָווסקי״ אויף דער באַראַטונג. ער האָט עפּעס געהערט אויבן, אַז יידן קלייבן זיך צו טון, איז ער נייגעריק געוואָרן און איז אַראָפּגעקומען. אַ מאָדנער גוי געווען. ווי ס׳האָט זיך נאָר עפּעס געטומלט ביי יידן אין הויף, האָט ער געוואָלט זיין אין מיטן. אַז יידן נעמען זיך צו עפּעס, ווייסן זיי שוין וואָס זיי טוען. אַראָפּגעקומען איז ער מיט אַ געבייזער, פאַרוואָס מ׳האָט אים נישט באַלד גערופן, און אַז יידן באַהאַלטן עפּעס דאָ פאַר אים.

— וואָס, בין איך נישט קיין שכן? — האָט ער געטענהט האַלב גויאיש, האַלב יידיש. — פאַרוואָס האָט מען מיך נישט גערופן? יידן האָבן שטענדיק גערן צו באַהאַלטן פאַר זיך, פאַר זיך אַליין „שבת צו מאַכן״. דאָס איז נישט גוט, — האָט דער פאַן קוויאַטקאָווסקי זיך גע־בייזערט. — אין איינעם באַדאַרף מען זיין! אַלע אין איינעם, דענסטמאָל וועט אונדזער ספּראַווע (זאַך) געווינען. איך פאַרשטיי דאָס „עסק״, איך פאַרשטיי, — האָט ער געזאָגט מיט אַ ווונק, ווו עס וואָלט זיך געווען געהאַנדלט ווענן אַ וויכטיקער באַהאַלטענער זאַך.

— וואָס פאַרשטייסטו, פאַניע לעבן? — זאָגן די יידן דערשראָקן.

— אַ „ביליקע קיך״ ווילן מיר מאַכן פאַר אָרימעלייט.

— אַ „ביליקע קיך״? זאָל זיין אַ ביליקע קיך, וויל איך אויך זיין דערינען. איך בין אויך אַ שכן.

— פּראָשע, פּראָשע (ביטע), — זאָגן די יידן.

— און מיין גאַספּאַדיניע וועט אויך העלפן קאָכן, און וואָכן־געלט וויל איך אויך צאָלן פאַר דער „טאַניע קוכניע", ווי אַלע שכנים, נישט „מאַכן שבת פאַר זיך", — האָט דער גוי איבערגעחזרט דאָס ווערטל, וואָס ער האָט געקאָנט און זייער גערן געהאַט. — איך וויל אויך זיין דערינען, איך בין אויך אַ שכן.

— פּראָשע, פּראָשע, פּראָשע, — האָבן די יידן אים איינגעלאַדן מיט פאַרגייגונג.

אָבער צו קיין געלט איז עס נישט געקומען.

די, וואָס האָבן געקאָנט צאָלן וואָכן־געלט, זענען געווען געציילטע: דער לעדער־סוחר, אַ פּאָר קרעמערס און דער „פּאַן קוויאַטקאָווסקי", וואָס האָט געהאַלטן אין איין שרייען: „וויפיל אַלע יידן צאָלן, וויל איך אויך צאָלן, איך בין אויך אַ שכן".

די אַנדערע שכנים, „פאַבריקאַנטן", פּונקט אַזוי ווי בערל, זענען געווען קאַלט. געשטאָרבן פונעם קריזיס, און מען האָט זיי באַדאַרפט אַליין העלפן.

איז פון די וואָכן־צאָלונגען קיין געלט נישט געווען. מ'האָט באַדאַרפט האָבן געלט אויף עטלעכע זעקלעך מעל — „איינצופּעדעמען". זעליג בעקער האָט געהאַלטן אין איין טענהן: „גיט מיר כלים צו אַרבעטן, וועל איך אַרבעטן".

מ'האָט באַדאַרפט האָבן געלט אויף גריצן, אויף קאַרטאָפליעס, אויף ברויט, אויף כלים, אויף טישן און בענק און דער עיקר אויף אַ וווינונג.

אין הויף זענען אפילו געשטאַנען ליידיק צוויי שטובן מיט אַ קיך, נאָר דער פאַרוואַלטער, צו וועלכן מ'האָט זיך געווענדעט, האָט דווקא געוואָלט פאַר דריי חדשים פאָראויס. מורא געהאַט זיי אַריינצולאָזן. חיים „פערד" און אַנדערע האָבן אפילו פאָרגעלייגט צו נעמען די וווינונג מיט געוואַלט, אויפברעכן די טיר — און אַן עק. האָט מען אָבער מורא געהאַט פאַר פּאָליציי. ווילן איז געווען אַ סך, נאָר ס'איז נישט געווען מיט וואָס די „זופּ צו פאַרבראָקן", ווי רחל־לאה האָט זיך אויסגעדריקט.

— גייט שוין, גייט. מיט אָרימעלייט קאָן מען נישט גיין צום טיש. אַז די גרויסע וועלן זיך נישט נעמען דערצו, וועלן די קליינע אוודאי גאָרנישט אויפטון, — האָבן אַלע צום סוף געזאָגט און געלאָזט פאַלן די הענט. פון דער גאַנצער „ביליקער קיך" האָט זיך שוין געזאָלט אויסלאָזן

א בוידעם. מען האָט איינגעזען, אַז מיט אייגענע קרעפטן קאָן מען גאָר-נישט מאַכן, און קיין אַנדערע זענען נישט געווען.

רחל-לאה איז שוין געהאַט צוריק אַרויפגעקומען אין איר שטוב אַריין אָן אַנטוישטע. די האָפענונג האָט זי אָבער נאָך נישט אויפגעגעבן. זי האָט געוווּסט, אַז זי וועט עפּעס אויסגעפינען אַ פאָרטל, ווי זיך איינ־צושאַפן דאָס ערשטע געלט אויף פאַרבראַקן, אָבער ווי אַזוי האָט זי נישט געוווּסט. נאָר רחל-לאה האָט געהאַט בטחון, און קוים האָט זי זיך גענומען צו אַ זאַך, האָט זי שוין נישט אָפּגעלאָזט. אירע אַלע קרעפטן האָבן זיך צונויפגענומען. אַלע טראָפּנס בלוט פון די צעלן האָבן צוגעאײַלט מיט אימפּעט אין אירע גלידער, ווי זיי וואָלטן איר אַלע געוואָלט צוהעלפן אויסצופירן איר פּלאַן. זי האָט געקלערט, געקלערט פון וואַנען דאָס ערש־טע געלט צוזאַמענצושלעפּן און זיך נישט געקאָנט קיין עצה געבן. פון דער שטוב איז גאָרנישט געווען וואָס צו פאַרקויפן, אַ חוץ דעם מאַנס ביכער, וואָס זענען שוין געווען באַשטימט פאַר אַן אַנדערער זאַך...

נאָר ווי ס'טרעפט זיך ביי רחל-לאהן, איז דאָס מאָל אויך די הילף געקומען אומגעריכט און אויף אַ מאָדנעם אופן.

ווען זי איז אַרויפגעקומען אין איר קיך, אַ באַזאָרגטע און אַן אַנ־טוישטע, איז צו איר צוגעגאַנגען אין דער טונקלקייט, וואָס האָט שוין אָנ־געהויבן אַריינצושלאָגן, זאַכארי מירקין, אַ פאַרשעמטער, און אַריינגע-ברומט אין זיין בערדל אַריין:

— איר האָט געזאָגט, אַז איר דאַרפט געלט. איך בעט אייך, נעמט דאָס צו, — און געלאָזט פאַלן אין אירע הענט אַ רינג.

— וואָס איז דאָס?

— איך האָב עס נאָך פון „דאָרט“, — זאָגט זאַכארי האַלב פאַר־שעמט, רויטלענדיק זיך — און ווי ער וואָלט זיך געוואָלט פאַרענטפערן פאַר עפּעס, לייגט ער צו: — נישט געוווּסט, אַז איך האָב עס.

— איך וועל עס נישט נעמען. איר וועט עס אפשר באַדאַרפן אויף עפּעס אַנדערש.

— איך וועל עס אויף גאָרנישט באַדאַרפן.

— מען קאָן נישט וויסן, — שמייכלט שעלמיש רחל-לאה צו אים.

— איז גלייכער אויף דעם, — לייגט ער צו אַ פאַרשעמטער.

— מיר קאָנען עס גוט געברויכן, — זאָגט רחל-לאה, — און אויב

עס איז באַשערט פאַר דער, וואָס איך מיין, וועט זי זיך באַגיין אָן דעם.

— זאַכאַרי האָט רירנד געכאַפּט איר האַנט. זי האָט אים נאָר בלויז אַ פלינקן גלעט געגעבן איבער זיינע האָר, געכאַפּט דאָס טוך, אַראָפּ אויפן הויף, אַריין צו אירע פריינט מיט אַ פריידיקן אויסרוף:

— קינדער, עס איז דאָ מיט וואָס די זופּ איינצובראָקן.

נאָך דעם ווי דער רינג איז פאַרשוווּנדן אין רחל־לאהס האַנט, האָט זיך זאַכאַרי געפילט דערלייזט. עס איז געווען דאָס לעצטע, וואָס איז אים איבערגעבליבן פון זיין מוטער...

## קאַפּיטל 1

# פריִער פרילינג

— אַן ענדערונג איז פאָרגעקומען אין דער וועלט. וואָס איז געשען? — מען האָט נאָך גאָרנישט אָנגעזען. אויף די טראָטואַרן איז אַלץ געלעגן די בלאָטע, וואָס האָט פאַרשוועוערט די טריט, און איבער די ברוקן — דער טייגיקער שמוץ, אין וועלכן עס האָבן געזונקען פערד און רעדער. נאָר דאָך האָט זיך יעדעריער געפילט באַפרייט פון אַ יאָך, און גליקלעך, ווי ער וואָלט וואָס געוווּנען. די וואָלענע וועש אויפן לייב איז איבערדריסיק געוואָרן. פאַרמיאוסט איז געוואָרן דער וואָכעדיקער ווינטער־הילוך. און עס האָט זיך געגלוסט צו טובלען זיך, אַ נײַ העמד איבערצוטון, און צו שוועבן איבער די גאַסן. דער הימל איז געווען טיילווייז פאַרכמורעט און טיילווייז ליכטיק — בלוי־קלאָר. אַ מינוט האָט די זון אַ שמייכל־געטון, אַ מינוט איז טריב געוואָרן. אַ רעגן, צי אַ האָגל, האָט צייטנווייז געקלאַפּט, אַ שעה זומער, אַ שעה ווינטער. אין דער לופט איז געשטאַנען אַ געראַנגל פון די עלעמענטן. דער געראַנגל איז אָבער אָנגעגאַנגען נישט בלויז אויפן הימל, נאָר איז פאָרגעקומען אויך אין האַרץ, אין געמיט פון יעדער באַשעפעניש. אַלץ, וואָס לעבט, האָט מיטגעמאַכט דעם קאַמף פון ווינטער און זומער, וואָס גייט־אָן אין דער וועלט.

אינעם זאַקסישן גאָרטן האָבן זיך פלוצלינג אָנגעהויבן צו אַנטפּלעקן פון דער געפרוירענער פלאַכטע שניי שטיקער שוואַרצע ערד — היימישע, פרישע, געזונטע און גוט־באַקאַנטע קלעפּעדיקע ערד. די ערד האָט זיך געשפּאָלטן, אַזוי ווי זי וואָלט הונדערט מײַלער געעפנט צו טרינקען, אַרײַנצוזויגן און אַרײַנצואָטעמען מיט אַלע געעפנטע מײַלער דעם פרילינגס־עטער, וואָס פליט־אַרום אין דער לופט. עס איז געווען דער ערדס

שוואַרץ־קלעפּעדיק־היימיש פּנים, וואָס מ׳האָט געמיינט, אַז מען וועט עס שוין קיינמאָל, קיינמאָל מער נישט אַרויסזען פונעם ווייסן איבערדריס־לעכן, צום טויט פאַרלאַנגווייליגנדן שניי. גאָט, וואָס פאַר אַ פרייד האָט די שוואַרצע, קלעפּעדיקע ערד אַרויסגערופן ביי די מענטשן! ביימער זע־נען געשטאַנען פייכטע, פאַרלאָזענע, פאַרשוואַרצטע מיט געשפּאָלטענער קאָרע, געציטערט און געשאָקלט זיך פאַר פרישקייט. נאַסע ביימער, באָר־וועסע און נאַקעטע — קיין איין בלעטל נישט אויף זיי. זייערע צווייגן זענען שוין אָבער געווען אַ געוועב פון פול מיט ענערגיע אָנגעגאָסענע גלי־דער און מוסקולן, ווי שטאַרקע, קערנדיקע פאַרצווייגטע פינגער פון אַ ריזן־האַנט. אַרום די ביימער־קעפּ האָבן זיך געטראָגן וואָלקנס רויט־פּיאַ־לעטענע געדיכטן, וואָס זיי האָבן אַרויסגעהויכט פון זיך. און, גאָט! דורך דעם געוועב פון די פריש־אָפּגעצוואָגענע צווייגן האָט זיך צום ערשטן מאָל אַנטפּלעקט דאָס ריכטיקע פּנים פון דער וועלט, דאָס טיפע, אומבאַפלעק־טע, געלייטערטע בלויקייט פון הימל; די היימישע רויטקייט פון דעכער, וואָס זענען מיטאַמאָל פון ערגעץ־ווו געקומען צו שווימען פון צווישן די צווייגן אַרום. אַ וויים אָפּגעקאַלכטע וואַנט, וואָס מ׳האָט קיינמאָל נישט אָנגעזען, האָט זיך פון ערגעץ־ווו מיט אַמאָל אַנטדעקט. פענצטער האָבן געגלאַנצט. אַזוי ווי די לופט וואָלט געוואָרן באַפרייט פון אַ בלייענער נעץ, וואָס האָט זיך דורך דעם לאַנגן ווינטער פאַרשטעלט, האָבן זיך מיט־אַמאָל באַוויזן די ריכטיקע קאָלירן פון יעדער זאַך באַזונדער. מענטשן האָבן פּנימער געקראָגן, זאַכן — קאָלירן, ווי דער וועלטס פּנים וואָלט געוואָרן אויפגעדעקט פון אַ שלייער, וואָס האָט עס געהאַלטן איינגעהילט דורך דעם גאַנצן ווינטער.

דעם גאַנצן היינטיקן טאָג האָבן זיך מירקין און העלענקע אַרומגע־שלייכט איבער די גאַסן. ווו זענען זיי נישט אויסגעווען! וועלכע בלאָטעס האָבן זיי שוין נישט אויסגעמאָסטן! שעהען לאַנג האָבן זיי זיך אַרומגע־שלעפּט אין די אַלעען, אין אויאַזדאָווסקי פּאַרק, צוגעקוקט זיך צו די קאַל־טע, שוואַרצע וואַסערן פון ערשט נאָר־וואָס פונעם אייז־באַפרייטן טייך, געדרעפּטשעט אין די צעגאַנגענע שנייען. זייערע פיס זענען ביז העלפט קני פאַרבלאָטיקט געווען; אַרומגעזעסן אויף נאַך פייכטע בענק. זייערע קליידער זענען אויסגעשמירט געוואָרן מיט צעווייקטן, פאַרזשאַווערטן גרינס. זיי האָבן זיך ביי די הענט געהאַלטן, אין פּנימער זיך געקוקט,

אַ וואָרט נישט גערעדט — יינגליש און מיידליש. זייערע הערצער האָבן געקלאַפּט פאַר מורא. זיי האָבן געוווּסט, אַז עס וועט עפּעס־וואָס הייגט מיט זיי געשען...

קיין שולע איז נישט געווען. מירקין האָט עס אויפגעגעבן. געזען, אַז ער איז נישט פּעאיק דערפאַר. ער האָט באַקומען באַשעפטיקונג ביי אַ באַרימטן אַדוואָקאַט אין וואַרשע, וועלכער האָט ווינציקער זיך אָפּגע־געבן מיט קרימינעלע, און מער מיט סוחרישע ענינים. מירקינען האָט מען מיטאַמאָל איבערגעגעבן אַ גאַנצע אָפּטיילונג מיט אַן אָנשטענדיקן לוין. די דאָזיקע באַשעפטיקונג האָט ער באַקומען דורך אַ צופאַל. עס האָט גע־הייסן, אַז אַן אַלטער באַקאַנטער, פון די פּעטערבורגער צייטן, האָט אים אויפגעזוכט, פאַרפירט אים אין אַ רעסטאָראַן, און אים דאָרט באַקענט מיטן אַדוואָקאַט, וועלכער האָט אים באַלד פאַרגעלייגט, אַז ער זאָל אַריינ־טרעטן צו אים אין ביורא. פאַרשטייט זיך, אַז מירקין האָט נישט גע־ווּוסט, אַז דאָס אַלעס איז געווען אַראַנזשירט פון פּעטערבורג. דעם פאַ־טערס אויג האָט אים באַגלייט פון דערווייטנס און איבער אים געוואַכט. און אפשר האָט מירקין יאָ זיך אָנגעשטויסן און ער האָט נישט געוואָלט אויף קלאָר וויסן. צום פאָטער האָט ער שוין קיין האַס נישט געטראָגן, זיך נישט געקאָנט מוחל זיין זיין איבערגעאיילטן שריט און זיין באַליי־דיקנדיקן בריוו צו אים.

— וואָס אַרט עס מיך, מיט וועמען ער האָט חתונה?

ער האָט אויך אָנגעהויבן צו דענקען זעלבשטענדיק און איז שוין נישט מער אַרונטערגעפאַלן אַזוי לייכט אונטער דעם איינפלוס פון „זשאַבלינער".

— איך אַליין קאָן די וועלט נישט איבערמאַכן, און אַזוי לאַנג ווי אונדזער אָרדענונג איז אַזעלכע, זע איך נישט איין, פאַרוואָס איך זאָל נישט געניסן פון דעם, וואָס דאָס מזל און דער טרעף האָבן פאַר מיר אָנ־געגרייט.

ער ווייסט, אַז קיין גוטער תירוץ איז עס נישט, און ער שעמט זיך אַביסל דערמיט. דאָס עגאָאיסטישע געפיל איז אָבער שטאַרקער פון די סקרופּולן, פון ספקן זיך, צי עס איז רעכט אַזוי. מיט איין וואָרט. ער האָט שוין דאָרט ביי זיך כשר געמאַכט, זיך גערעכטפאַרטיקט. און דער עיקר, קיין אַנדערער אויסוועג איז נישט געווען.

פיל צייט האָט ער דורך דעם געהאַט, האָט ער אָנגעהויבן באַלעמו־טשען העלענקען, זי אַראָפּצונעמען פון די לעקציעס אין העלן טאָג, זי אַרומצושלעפּן איבער די גאַסן, אין גאָרטן אַריין. דאָס מיידל האָט טאַקע יעדעס מאָל פאַרן אַרומשלעפּן זיך מיטן בחור געמוזט באַצאָלן מיט אַ פּאָרציע פונעם טאַטן. עס האָט זיך געטון חושך. די מאַמע האָט פאַר־דעקט, פאַרשטעלט, ווי ווייט זי האָט געקאָנט, אויסגעטראַכט פאַרשידע־נע תירוצים, און נישט איינמאָל מיט איר דערפינדונגס-פאַנטאַזיע פאַר־וווּנדערט און דערשטוינט דער טאָכטער און מירקינען.

ביי די הורוויצעס (און דער עיקר, דער פאָטער און דער זון) האָט־מען אָנגעהויבן קרום צו קוקן אויף מירקינען. נישט געוווּסט, אייגנטלעך, וואָס ער וויל. דער טאַטע האָט געמאַכט סקאַנדאַלן, פאָרגעוואָרפן דער מוטער, אַז זי איז אין אַלצדינג שולדיק. זי האָט אריינגעפירט דעם יונגנ־מאַן אין הויז. מירקין האָט אויסגעמיטן דעם לערער, אַביסל אויס שע־מעוודיקייט, אַביסל אויס מורא. דערפאַר האָט ער אָפּגעוואַרט די טאָכ־טער פאַר דער טיר, ווען זי איז געגאַנגען אויף לעקציעס נאָך די שול־שעהען. די טעג זענען אַביסל לענגער געוואָרן — האָט זי מער צייט גע־האַט. היינט האָט ער זי פּשוט אַראָפּגענומען פון דער לעקציע. דער טאָג איז געווען אַ נייער, אַ יום־טובדיקער. עס האָט אים פּשוט געהויבן. עס האָט זיך אים געגלוסט לויפן איבער די גאַסן ווי אַ ייִנגל, וואָס מען לאָזט־אַרויס פון חדר. צום ערשטן מאָל האָט ער דערפילט דעם פרילינגס-הויך. און עס האָט אים פאַר גאָרנישט באַנג־געטון. צום ערשטן מאָל האָבן אים פאַרלאָזט די זעלבסטמאָרד־שטימונגען, וועלכע האָבן באַגלייט יעדן פרי־לינג זיינעם פון זיין קינדהייט אָן. ער האָט נישט מער געפילט יענע אַנגס־טיקע אומרואיקייט, יענע נאָגנדיקע בענקשאַפט און חרטה־געפילן, וואָס זענען אים באַפאַלן יעדעס מאָל אין דער צייט, אַזוי ווי ער וואָלט גע־טראָגן אויף זיין געוויסן אַ מאָרד — זיינע פּעטערבורגער שטימונגען. צום ערשטן מאָל האָט דער פרילינגס-ווינט געבלאָזן אין זיין פּנים, און ער האָט אים אויפגענומען מיט יונגנטלעכער פרייד, און עס האָט אים פאַר גאָרנישט באַנג-געטון, און ער האָט אויף גאָרנישט חרטה געהאַט. פאַר־קערט, ער האָט דערפילט ווי אַ קינד, וואָס וואַרט אויף אַ יום־טוב — אַז ער איז גרייט פאַרן פרילינג.

עס האָט זיך אים געגלוסט היינט צו לויפן איבער די גאַסן, אַ גאַנצן

טאָג אונטער דעם הימל צו זיין, צו זען די שטיקער שווארצע, באַפרייטע ערד, די נאַקעטעביימער, וואָס ציען אויס זייערע קרעפּטיקע צווייגן. ער האָט נישט געקאָנט זיין אַליין. עס האָט זיך אים געגלוסט צו גיין אין שאָטן פון העלעניקען, צו באַרירן מיט זיין אַקסל איר אַקסל, אָנצורירן זי, צו פילן און צו טרינקען איר הויך און לופט.

ער איז פּשוט אַרויפגעקומען אין שול אונטער געפאַר אָנצוטרעפן דאָרטן דעם לערער, און אַ פּאָרציע אַריינצוכאַפּן. עס איז אַלץ ווערט געווען. ער האָט זי אַרויסגערופן אין קאָרידאָר און איר פאָרגעשלאָגן, אַז זי זאָל גיין מיט אים איבער די גאַסן, אין די גערטנער, אפשר הינטער דער שטאָט אַרויס. זי איז געווען מאָדנע געשטימט. זי האָט אויסגעמיטן זיין בליק און האָט עפּעס פאַרשוויגן פאַר אים. ער האָט עס גלייך דערפילט. ער האָט זי אָנגענומען ביי דער האַנט און געפרעגט:

— וואָס איז געשען?

דאָס קאָן זי אים נישט זאָגן. גיין קאָן זי אויך נישט. זי האָט שוין אַזוי אויך געגוג סקאַנדאַלן פון פאָטער.

ער איז געוואָרן פאַרשטומט און טרויעריק. זיין פרייד, זיין חלוש־דיקער באַגער איז מיט איינמאָל אויסגעלאָשן געוואָרן, און ער איז גע־בליבן שטיין אומבאַהאָלפן און טרויעריק. זי האָט נישט געקאָנט העלפן. זי האָט געקוקט אויף זיין פּנים, וואָס איז מיטאַמאָל אַזוי טרויעריק גע־וואָרן, אויף די ליפּן וואָס האָבן זיך פאַרקרומט, און זי האָט געמוזט שמייכלען. זי האָט רחמנות געקראָגן אויף אים און אים נישט געקאָנט אָפּ־זאָגן, ווי מען קאָן נישט אָפּזאָגן אַ קינד.

— גוט, זי וועט גיין. און זאָל געשען, וואָס עס וועט געשען.

זי האָט אים געהייסן וואַרטן אויף דער גאַס. ער האָט געוואַרט אַ האַלבע שעה, אַ שעה. ענדלעך איז זי דאָך אַרויסגעקומען. נאָך אין ווינ־טערדיקן זשאַקעטל, מיטן געלן פוקס. אָבער דאָס קאַפּעלושל איז שוין געווען אַן אַנדערס. דאָס הייסט, דאָס זעלבע, נאָר אַנדערש פאַרבויגן, מיט אַ נייעם באַנד. און מיט איינמאָל האָט זי זיך געענדערט, אין גאַנצן עפּעס זיך געענדערט. זי האָט זיך פאַרענטפערט, וואָס זי האָט אים געלאָזט וואַרטן, און דערביי אויסגעמיטן זיין בליק, וואָס זי האָט קיינמאָל פריער נישט געטון.

זי האָט געמוזט אָפּוואַרטן דעם רוסישן לערער, ביז ער וועט זי פאַר־טרעטן.

איבערן וועג, איבער די גאַסן, איז ער געוווּיר געוואָרן וואָס די מעשׂה איז:

דער פּאָטער האָט איר נעכטן אַ פּאַטש געגעבן. יאָ, יאָ, אַ פּאַטש. דערפאַר וואָס זי שלעפּט זיך אַרום מיט אים און פאַרנאַכלעסיקט איר אַר־בעט.

— אַ פּאַטש געגעבן? — וווּנדערט זיך מירקין.

— יאָ, ער האָט זיך שרעקלעך צעקאָכט און פאַרגעסן אינגאַנצן אָן זיין פּראָגרעסיווקייט.

נאָר מירקין האָט מיטאַמאָל אָנגעהויבן לאַכן, היסטעריש זיך פונאַנ־דערגעלאַכט. זי האָט נישט פאַרשטאַנען, פאַרוואָס. ער איז איר פאָרגע־קומען פרעמד.

— עס איז גאָרנישט, — האָט ער געזאָגט, — איך האָב זיך אָן עפּעס דערמאָנט, און ער האָט זי אָנגענומען ביי דער האַנט און געשלעפּט זי נאָך זיך.

שפּעטער האָט ער געזאָגט ווי פאַר זיך:

— דו ווייסט, אַז מיר זענען ביידע געפּאַטשטע? — און ער איז זייער בלייך געוואָרן, אַזוי ווי ער וואָלט זיך דערשראָקן פאַרן וואָרט, און איז אַנטשוויגן געוואָרן.

***

זי האָט אים אָנגעקוקט פאַרוווּנדערט.

ער האָט געשוויגן...

אונטער דעם איינדרוק פון זיין וואָרט זענען זיי געגאַנגען דעם גאַנצן וועג אין שווייגן, פאַרנומען מיט זיך, ווי זיי וואָלטן זיך אין אַן אַנדערער וועלט עפּעס אָפּגערעדט. צווישן זיך האָבן זיי זיך פאַרשטאַנען און זענען געקומען צו איין באַשלוס, אַז זיי מוזן איצט עפּעס טון אַזעלכעס, וואָס זאָל זיי פאַראייניקן אויף שטענדיק, און דאָס באַלד. היינט נאָך מוז עס געשען, איידער זיי צעגייען זיך. אַ פרייד, וואָס האָט אַרויסגעקוואָלן פון אַ פּחד, האָט זיי אַרומגענומען. זייערע הערצער האָבן האַסטיק געקלאַפּט, ווי זיי וואָלטן ביידע זיך אָפּגערעדט צו באַגיין אַ פאַרברעכן. זיי האָבן מורא געהאַט זיך צו טרעפן מיט די בליקן.

אַזוי זענען זיי געגאַנגען גאַס־אויס גאַס איין, ווי צוויי אַרויסגע־
וואָרפענע אין נאַקעטן פּרילינג אַריין.

עס האָט זיי אָנגעהויבן צו פרירן, און מירקין האָט פאַרגעלייגט
אַריינצוגיין אין אַ רעסטאָראַן, וואָס זיי האָבן אָנגעטראָפן אויפן וועג. זי
האָט שטילשווייגנדיק אים נאָכגעשפּאַנט. וואָס ער וואָלט געהייסן, וואָלט
זי שוין געטון. זי האָט שוין מער קיין אייגענעם ווילן נישט געהאַט. צום
ערשטן מאָל איז זי מיט אים אין אַ פרעמדן רעסטאָראַן. עס געפעלט איר.
זי עסט מיט גרויס אַפּעטיט דאָס ברויט און פוטער, זויער־מילך, אייער,
עס האָט איר קיינמאָל אַזוי נישט געשמעקט די קאַווע מיט שמאַנט. אָפּ־
געגעסן, אָנגעוואַרימט זיך, לויפט מען ווידער איבער די גאַסן. ווי לאַנג
איז דער שיעור? מען וועט זיך דאָך מוזן אָפּשטעלן, פאַרנאַכט געפינט
מען זיך ווידער אין זאַקסישן גאָרטן, וואָס וועט דער סוף זיין? זי דער־
מאָנט נישט אַהיים צו גיין. זי גייט נאָך אים שטיל. מען וואַרט אויף
עפּעס. מען שרעקט זיך, און מען וואַרט, און מען ווייסט אַליין נישט אויף
וואָס.

ערגעץ־ווו גייט די זון אונטער און דער אָפּשיין שפּילט אין גאָרטן,
אויף די ביימער, אויף די צווייגן, און אויף דעם ווייסן שניי. די שפּיצן
צווייגן ווערן מער פיאָלעטנדיק. די גאַנצע וועלט ווערט רויטלעך. לייכ־
טע שאָטנס שפּרייטן זיך אויס איבערן גאָרטן, שאָטנס פון נאַקעטע ביי־
מער, און זיי גייען צווישן שאָטנס אַרום.

מיטאַמאָל קומט פאַר די וועלט אַזוי פרעמד. עס הייבט אָן צו טונקל־
לען. די שאָטנס פאַרשווינדן. די קרוינען פון די ביימער באַהעפטן זיך
מיט דער נאַכט, וואָס איז אַרום זיי. זיי, די ביימער און די נאַכט, ווערן
איין מאַסע און פאַרשטעלן ווי מיט אַ באַלקן און ווענט די אַלעע. די גאַנ־
צע אויסערלעכע וועלט ווערט מיטאַמאָל ווי אַ שטוב.

עס איז געווען זי, וואָס האָט געזאָגט די ערשטע:

— קום־אַרויף צו דיר. עס איז מיר קאַלט.

זייערע טריט טרעטן אין דער ריכטונג פון זיין שטיבל.

דורכן טויער, דורך די טרעפּ גנבענען זיי זיך אין שטיבל אַריין,
ווי זיי וואָלטן געוווּסט, אַז זיי גייען טוען אַ שלעכטע זאַך. זייערע הער־
צער קלאַפּן, און די מיילער שווייגן. זיי קומען אין שטיבל און מאַכן צו
די טיר הינטער זיך. אין שטיבל איז טונקל. זיי מאַכן נישט קיין ליכט. זיי

זיצן ביידע אין טונקלקייט. זי אויפן בעטל, ער — אויף דער שטול, ביים טיש.

צוויי פּאָר אויגן קוקן זיך אָן, שפּיגלען זיך איינע אין דעם אַנדערנס גלאַנץ, פרייד אויסגעמישט מיט אימה. ער מיידט-אויס דעם בליק. זי, פאַרקערט, זי זוכט אים, און זי איז די ערשטע, וואָס קוקט אים אין פּנים אַריין דרייסט, אויפפאָדערנדיק. און אַ קראַפט ליגט אינעם בליק, ווי זי וואָלט איר גאַנץ ביסל כּוחות און ענערגיע אין אים אַריינגעטון. ער פאַרשטייט און ווייסט אַלץ. דער סוד, וואָס זיי האָבן זיך אָפּגערעדט אין אַן אַנדערער וועלט, ווערט אויפגעדעקט אָן געזאָגטעס... קראַמפּהאַפטיקע, ציטערנדיקע פינגער זוכן איינער דעם אַנדערן. פון וואַנען נעמט זיך אַזאַ קראַפט אין אירע דינע ווייכע פינגער? פאַרשטיקטע קרעכצן שטאַרבן־אָפּ אין מיטן אַ פּחדיקן אויסגעשריי.

נאָך איידער צוויי יונגע לייבער באַרירן איינע דאָס אַנדערע — וואָס לעכצן איינס נאָך אַנדערן — רייסט מירקין מיט דער גאַנצער מענ־לעכער קראַפט זיין אָנגעצויגענעם קערפּער אָפּ פון אירן, באַרירט מיט זיינע הייסע ליפּן איר אַנגסטיקן שטערן און ברומט ווי פאַר זיך:

— ניין, ניין, העלענקע, ניין.

אַ מיידלש געשריי ווערט פאַרשטיקט דורך טרערן אין טיפן קישן.

קאַפּיטל 2

## אַ קאַפע-געוועלב אויף דזשיקאַ גאַס

אין דער פּאַרטיי איז ער ניט אַריינגעטראָטן. מירקין האָט גלייך דערפילט די ענגשאַפט, דאָס סדום־בעטל פון דיסציפּלינירטן פּאַרטיי־דענ־קען. ער האָט זיך שוין אָבער אויף אַזוי פיל געפילט אויסגעהיילט און זיכער אין זיין באַשטאַנד, אַז ער האָט זיך געלאָזט גיין אין לעבן אָן אַ כאָמעט. ער האָט מוט געקראָגן נישט נאָר בלויז צו האָבן זיין אייגענע מיינונג, נאָר זי אויך אַרויסצוזאָגן פריי, צו שטעלן זיך אויף איר און זי צו פאַרטיידיקן.

דאָס האָט אים, זעלבסטפאַרשטענדלעך, באַלד געבראַכט אין אַ

קאָנפֿליקט מיט זיין אומגעבונג. אַ גרינגשעצונג האָט זיך שטענדיק גע-פֿילט צו אים איבער דער נאַאיווקייט, וואָס ער האָט אַרויסגעוויזן, איבער זיין נעמען בלוט־ערנסט זאַכן און ווערטער. מען פֿלעגט אים אויסלאַכן אין די פּויסטן, פֿאַרשפּאָטן זיין נאַאיווקייט, חוזק־מאַכן פֿון זיין אומשולדי־קייט און האַלטן אים פֿאַר אַ נאַרישן תּם, וואָס מען שלעפּט זיך אַרום מיט אים, דער גוטער יאָר ווייסט פֿאַרוואָס.

לעצטנס איז צוגעקומען אויף אים דאָס שרעקלעכע זידל־וואָרט „קליינבירגער".

— איר ווייסט, פֿאַניע מירקין, איר זענט אַ טיפּישער פֿאָרשטייער פֿונעם קליינבירגערלעכן קלאַס. אייער גאַנצע פּסיכאָלאָגיע, אייער גאַנ־צער געדאַנקען־גאַנג איז אַ קליינבירגערלעכער.

ער האָט אייגנטלעך נישט פֿאַרשטאַנען, וואָס פֿאַר אַ שימף־וואָרט דאָס איז, פֿאַרוואָס איז דער קליינבירגער ערגער פֿון גרויסבירגער? און וואָס איז עס איבערהויפּט פֿאַר אַ שימף־וואָרט? נאָר דערפֿאַר, ווייל אַלע האָבן עס פֿאַר אַזעלכעס געהאַלטן, האָט ער דאָס אַזוי אָנגענומען.

נאָר נאָך מער האָט זיך דער קאָנפֿליקט צווישן מירקינען און זיין אומגעבונג צעפֿלאַקערט אַרום קאָנקרעטע פֿראַגן, ווי למשל, אַרום דער אַרבעט פֿאַר די יידישע מאַסן.

די פּאַרטיי האָט געהאַט אַ געוויסן פּראָגראַם, אַ פּראָגראַם צוגע־שניטן אויף אַן אַלגעמיינער מאָס פֿאַרן גאַנצן וועלט־פּראָלעטאַריאַט. און זי האָט דאָס געפּרוווט אַרויפֿציען אויף דעם אָרימען, צעבראָכענעם גוף פֿון די יידישע מאַסן. דאָס קלייד, אָבער, וואָס איז געווען אויסגענייט אויף דער מאָס פֿון אַ שטאַרקן מעכטיקן קערפּער, פֿונעם פּראָדוקטיוון וועלט־פּראָלעטאַריאַט, איז געווען צו גרויס פֿאַר דעם דאַרן קראַנקן יידישן גוף... יעדנפֿאַלס האָט די מאָס געמוזט זיין אַן אַנדערע.

וואָס מער מירקין האָט זיך צוגעקוקט צו דער יידישער נויט און איז אַריינגעדרונגען אין די באַדערפֿענישן פֿון די יידישע מאַסן, אַלץ מער איז אים אויסגעקומען לויט זיין פּראָסטן, נאַאיוון שכל, אַז דאָ געשעט עפּעס אַ טעות, קיינער זעט נישט, קיינער הערט זיך נישט איין צו דער אמתער נויט און קיינער קלערט נישט וועגן דעם, וואָס מען דאַרף.

עס האָט אים אַרומגערינגלט די יידישע נויט. זי האָט אַרויסגע־שריגן פֿון יעדער טיר, פֿון יעדן פֿענצטער, פֿון יעדן פּנים, פֿון יעדן לייב.

ער האָט געהאַט דאָס געפיל, אַז ער געפינט זיך צווישן קראַנקע אין אַ גרויסן הקדש. צוערשט דאַרף מען דאָך זיי געזונט מאַכן, דערנאָך קאָן מען רעדן וועגן אַ תכלית פאַר זיי. אָבער זיי זענען דאָך קראַנק. אַלע, אַלע זענען קראַנק.

ער האָט געלעבט אין איינער פון די גרעסטע שטעט אין אייראָפּע, און דאָך האָט ער געהאַט דאָס געפיל, ווי ער וואָלט זיך געפונען אין אַ פאַרוואָרפענעם אַזיאַטישן מדבר, וואָס איז פאַרגעסן פון דער וועלט. אין דרויסן טרעט די וועלט מיט ריזיקע טריט אין דער צוקונפט אריין, צו אַ ליכטיקערן מאָרגן, צו ציוויליזאַציע, צו פּראָגרעס און זיי האָט מען אײַ־בערגעלאָזט שטעקן אין אַ בלאָטע. אַ גאַנץ פאָלק איז איבערגעבליבן אין אַ זומפּ. און מען מערט זיך און מען פרוכפּערט זיך אין דעם זומפּ. קיינער קלערט נישט, ווי אַזוי זיי אַרויסצונעמען פון דאָרט און אָנשליסן זיי צו די גרויסע טיילן פון דער מענטשהייט, וואָס גייט מיט אַ מעכטיקן גאַנג פאָראויס. עס רייסן זיך אָפּטמאָל אַרויס אייניצלנע און אַנטרינען, ראַטע־ווען זייער לעבן. אָבער די מאַסן, די גרויסע מאַסן בלייבן ווייטער אויף שטענדיק שטעקן אין זומפּ. ווי קאָן מען דאָ רעדן וועגן אָרגאַניזירן די מאַסן צו אַקטיווע טאַטן, אָנשליסן זיי צו דער איבריקער אַרבעטנדיקער מענטשהייט, ווי ער פלעגט עס אָפּט הערן אין זיין אומגעבונג? וועמען וועט איר אָרגאַניזירן? כדי צו באַשאַפן, אויסצוהאַמערן פון די מאַסן איין קאָלעקטיוון כוח, מוזן דאָך די מאַסן מיט זיך עפּעס פאָרשטעלן: באַן־אַרבעטער, פאַבריק־אַרבעטער, ערד־אַרבעטער. אָבער וועמען וועט איר דאָ צוזאַמענעמען? די קראַנקהייט, די נויט? ווער וועט עפּעס פאַרלירן, ווער וועט עפּעס אָנזען, ווען אָט די דאָזיקע מאַסע האַלב־פוילנדיקע וועט אָני־דערלייגן איר טעטיקייט?

אין וואָס באַשטייט איר טעטיקייט?

— אין רעש, אין געפילדער, אין אַרומלויפעניש, אין יאָגעניש, אין שאַכער־מאַכער. און אפילו די, וואָס זענען שוין יאָ, מ׳שטיינסגעזאָגט, טעטיק ביי קליין־אינדוסטריע, זענען זיי דאָך ווי אַ פליסיקע מאַסע, וואָס ענדערט יעדעס מאָל איר צושטאַנד... היינט איז זי ווייך און מאָרגן ווערט זי פאַרגליווערט. היינט איז מען אַן אַרבעטער, מאָרגן אַ סוחרל...

צוערשט געזונט מאַכן די מאַסן, אָנשליסן זיי צו דער אַרבעטנדיקער, פּראָדוקטיווער וועלט. דאָס איז די איינציקע און מעגלעכע אויפגאַבע. אַ

לאַנגער און שווערער וועג, טריט־ביי־טריט. נאָר דאָס איז דער איינציקער וועג. נישטאָ קיין חילוק, ווער עס טוט עס און ווו מען טוט עס. אין אַלע לענדער, אין אַלע וועלט־טיילן, אויף פאַרשידענע אופנים. סיי דאָ, סיי ערגעץ-אַנדערשוווּ: אין אַמעריקע, אין רוסלאַנד, אין פּוילן, אין ארץ־ישראל — אומעטום, ווו עס ווערט געטון די אַרבעט געזונט צו מאַכן די יידישע מאַסן, פּרוכטבאַר צו מאַכן דאָס יידישע לעבן, סיי פאַר זיך און סיי פאַר אַנדערע — אַנצושליסן די יידישע מאַסן צו דער איבעריקער אַרבעטנדיקער וועלט — דאָרט איז יידיש שאַפן, דאָרט דאַרף מען העלפן, אַ האַנט צולייגן.

ער האָט געזען דאָס יידישע פאָלק צעשפּרייט איבער דער וועלט, ווי אַ שטיק רוי, אומבאַאַרבעט ווייסט פעלד, איבער וועלכן עס וואַקסן ווילדע גראָזן מיט אָפּגעשטאַנענע שימלדיקע זומען. פון פאַרשידענע עקן פירן גוטע הענט אַקערס אַרוים אויפצושניידן די ווייסטע, פאַרהאַרטעווע־טע ערד. אַ מינוט דאַכט זיך, אַז די דאָזיקע אַקערס, געפירט פון פאַרשי־דענע הענט, פון פאַרשידענע ריכטונגען, גייען זיך פונאַנדער אויף אַנט־קעגנגעזעצטע וועגן. נאָר זיי וועלן זיך אַלע צונויפקומען... אַלע, וואָס אַקערן־אויף דאָס פעלד, פון וואָס פאַר אַן עק זיי זאָלן עס נישט אָנהייבן און מיט וואָסערע הענט דער אַקער זאָל נישט ווערן אָנגעפירט, — איז גע־בענטשט די אַרבעט.

ער האָט שוין געזען זיין וועג קלאָר, די מעטע אויף וועלכער ער דאַרף שטענדיק שטיין, דאָרט, ווו דער אַקער ווערט אָנגעפירט אויפן יידישן פעלד, אָן חילוק פון ריכטונגען. באַפרייען זיך פון אַלע אַרויפגע־וואָרפענע טעאָריעס, אויספירונגען, פּראָגראַמען אָדער אבערגלויבנס, באַ־פרייען זיך פון פרעמדע געטער און זיין זיך אַליין, און האָבן דעם מוט צו זיין זיך אַליין.

דאָך האָבן דער „זשאַבלינער" און די אַנדערע נישט איבערגעריסן מיט מירקינען. זיי האָבן אים געהאַלטן פאַר אַ פאַרפאַלענעם, אָבער גע־אַמפּערט האָבן זיי זיך ווייטער מיט אים.

— ווי אַזוי וועט איר געזונט מאַכן די יידישע מאַסן?

— אין פאַבריקן זיי אַריינעמען. זיי זאָלן פּראָדוקטיוו ווערן.

— אדרבה, אפשר וועט איר פּועלן ביי די יידישע בורזשאַקעס, אַז זיי זאָלן צונעמען יידישע אַרבעטער אין זייערע פאַבריקן? איר זענט דאָך

עפּעס זייערער אַן אייגענער מענטש, אפשר וועט איר אַ רעד־טון מיט זיי?

— פאַרוואָס נישט? געוויס. נישט נאָר רעדן, נאָר אויך טון. איך וועל מיט פאַרגעניגן אָוועקגעבן אַלץ, וואָס איך האָב, צו רעאַליזירן דעם אידעאַל.

— מיר וועלן אייך האַלטן ביים וואָרט, — זאָגט דער „זשאַבלינער".

— נישט נאָר ביים וואָרט. איך שטיי גרייט מיט אַלעם אייך צו דינען, וואָס איר וועט פון מיר פאַרלאַנגען צו טון אין דער ריכטונג.

אין אַ פּאָר טעג אַרום איז געקומען צו אים דער „זשאַבלינער" און האָט צו אים געזאָגט אין אַ זייער וואַזשנעם טאָן, מיט אַ וואַזשנער מינע, אַז חבר אַנאַטאָל וויל זיך מיט אים זען.

מירקין האָט שוין געהערט פון דעם נאָמען. עס איז געווען איינער פון די באַהאַלטענע פירער. ער האָט אָבער נאָך קיינמאָל נישט געהאַט די זכיה מיט דעם דאָזיקן באַרימטן נאָמען, וואָס איז אַרומגעגאַנגען ווי אַ לעגענדע אין זיין אומגעבונג, צוזאַמענצוקומען זיך, און ער איז זייער געשפּאַנט געווען אויף דעם טרעפן זיך מיט אים.

איינמאָל האָט אים דער „זשאַבלינער" אַוועקגעפירט אין קאַפע־געוועלבל צו שלמה „בחור".

דאָס קאַפע־געוועלבל האָט זיך געפונען אויף דזשיקער גאַס. שלמה „בחור" איז שוין דווקא געווען אַ באַווייבטער און אַ באַקינדלטער, נאָר דאָס האָט אים דאָס ווייב זיינס אַזאַ נאָמען געגעבן דערפאַר, ווייל, כאָטש ער איז אַ באַווייבטער און אַ באַקינדלטער, האַלט ער זיך נאָר אין איין חברן מיט בחורים, מיט דער חברה, צו וועלכער שלמה האָט באַלאַנגט אין זיינע בחורשע יאָרן. דאָרטן, אין דעם קאַפע־געוועלבל, פלעגן פאַר־קערן די סאַמע קאַרפּן־קעפּ, די מיטגלידער פון „צענטראַל־ראַט", וואָס נאָר געציילטע האָבן זיי געקענט. לעבן דעם קאַפע־געוועלבל איז געווען אַ קיכל, פון וועלכן אַ פענצטער איז אַרויסגעקומען אין הויף אַריין. דאָרטן אין קיכל, ביי די זודיקע טעפּ הייסע וואַסער און קאַווע־קענדלעך, זענען אָפּגעהאַלטן געוואָרן באַראַטונגען, באַשטימט געוואָרן שטרייקן און מען האָט אַרויסגעשיקט וויכטיקע לאָזונגען אויף די בערזעס, אויף די נאַלעוור־קיס און נאַוואָליפּיע, אין די ערגסטע יאָרן פון דער פינצטערער רעאַק־ציע. קיין שום פּאַפּירל, וואָס האָט געקאָנט קאָמפּראָמיטירן איז נישט

דערלויבט געווען אַריינצוברענגען אין קאַפּע־געוועלבל, בכדי ביי אַן אַיבערפאַל פון דער פּאָליציי זאָל גאָרנישט אַריינפאַלן אין די פּאָליציייאַישע הענט. די פּאָליציי האָט געהאַט אַן אויג אויף דעם קאַפּע־געוועלבל, און נישט איינמאָל האָט זי דאָ געמאַכט איבערפאַלן. אַמאָל איז געלונגען צו אַנטרינען דורך דעם קיך־פענצטערל. אַן אַנדערשמאָל איז מען טאַקע „פאַרשיט" געוואָרן. נאָר יעדעס מאָל האָט מען שלמהלע „בחור" געשלעפּט אין ראָטהויז. קיין באַווייזן קעגן אים זענען נישט געווען, האָט מען אים געמוזט אין אַ פּאָר וואָכן אַרום אַרויסלאָזן. נאָר אַרויסגעלאָזט פון וואַך האָט מען שלמהלען שטענדיק מיט אַ פּאָר ציין ווייניקער, מיט אַ פּאָר שוואַרצע רינגען אונטער די אויגן, מיט אונטערגעהאַקטע זייטן, מיט וואָס די פּאָליציי, אָדער קרימינעלע אַרעסטאַנטן, צו וועלכע מ'האָט אים אַריינגעלאָזט, פלעגן אים מכבד זיין. שלמהלע „בחור" האָט זיך אָבער ווייניקוואָס געמאַט דערפון. אַרומגעדרייט זיך מיט אַ פאַרבונדן פּנים, פון דער באַוואָנסעטער ליפּ האָט אַרויסגעשטאַרט די צעבלוטיקטע יאַסלע פון די אויסגעהאַקטע ציין, ווי אַ פענצטער אָן שויבן. אַ שיינענדיקער, אַ פרייליכער, ווי עס וואָלטן גאָרנישט געווען זיינע באַקן, אויף וועלכע מען האָט געפּאַטשט, פלעגט ער אונטערשמייכלען צו חברה מיט קוראַזש:

— מיר וועלן זיי נאָך ווייזן!

נאָך דעם, ווי אין ביאַליסטאָק האָט זיך, נישט אָן אַ פאַרביטערטן קאַמף, דאָך איינגעגעבן דורכצוברעכן די וואַנט און צוצולאָזן יידישע אַרבעטער אין די טעקסטיל־פאַבריקן, איז דער דאָזיקער פּרווו אויך אין לאָדזש געמאַכט געוואָרן. אין לאָדזש אָבער איז דער קאַמף געווען פיל שווערער. עס איז געווען גאָרנישט איינצובעטן די יידישע פאַבריקאַנטן, צו וועמען עס באַלאַנגען די דאַמף־פאַבריקן, אַריינצונעמען יידישע אַרבעטער. צוזאַמען מיט די רעאַקציאָנערע פּויליש־קריסטלעכע אַרבעטער האָבן זיי אויפגעשטעלט אַ שטענדיקע צוים אַרום די פאַבריקן, און אַזוי ווי דער מלאך מיט דער אויסגעשטרעקטער שווערד געהיט די טויערן פונעם דאַמף־גן־עדן קעגן די יידישע אַרבעטער. זיי האָבן איינפאַך פאַראורטיילט די יידישע וועבער צו זיין זייער גאַנץ לעבן איינגעשפּאַנט אין מיטל־אַלטערישן טרעט־שטול און אונטערצוגיין און צעריבן ווערן צוזאַמען מיט דעם אָפּגעלעבטן מיטל־אַלטערישן טרעט־שטול דורך די ציין פון דער צייט.

די יידישע ארבעטער־פירער האָבן אָבער דעם קאַמף נישט אויפגעגעבן. און הערנדיק פונעם „זשאַכלינער" וועגן מירקינס גרייט זיין צוצוהעלפן, האָבן זיי געשיקט אים רופן. מען האָט אויף מירקינען געלייגט אַן אומבאַרעכטיקטע האָפענונג, ווייל זיין אָפּשטאַם און די לעגענדע וועגן זיין פאָטערס רייכקייט האָבן געשפייזט דעם גלויבן, אַז ער קאָן עפּעס טון אין דער זאַך, צום ווינציקסטן ביי יידישע קאַפּיטאַליסטן ביי־הילפיק זיין. מען האָט אים צוליב דעם צום ערשטן מאָל אַריינגעפירט אין קרייז פון שלמה „בחורס" קאַפּע־געוועלבל.

מירקין האָט שוין פון דעם דאָזיקן קאַפּע־געוועלבל געהאַט געהערט.

עס איז געווען אָוונט־צייט, ווען מען האָט אים אַהין פאַרפירט. אַ רעגנדיקע ראָסע, וואָס איז געקומען פון דער פּאַרע און וואַרימקייט, וועלבע האָט געהערשט אינעווייניק, האָט זיך געזעצט אויף די מיט שמוציקע פאַרהענגלעך באַהאָנגענע שויבן־טירן. אינעם געוועלבל זענען, ווי אין יעדן אַנדערן קאַפּע־שטיבל אין ווארשע, געזעסן ביי נישט איבריק ריינע טישלעך, באַדעקט מיט צייטונגס־פּאַפּיר, איינצלנע מענטשן און האָבן זיך אָנגעוואַרימט ביי גלעזלעך קאַווע, ביי קאַרגע זעמל מיט הערינג, פון דער גאַס־נאַקעטקייט און דער גאַס־קעלט. הינטער דעם פון פליגן באַקלעפּטן בופעט, וועלכער איז געשטאַנען אַן אָנגעשטעלטער מיט געבעקס און צווייפלהאַפטיקע קעז־קיכלעך, איז געשטאַנען אַ הויכער ייד־יונג, מיט אַ פאַרבאָנדן פּנים, וואָס האָט געקאָנט זיין צוליב ציין־ווייטיק. פון די וואַנסעס האָט אַרויסגעקוקט אַן אויסגעהאַקטער פראָנט. פון אַ דערבייאיקן קיכל, וואָס איז געווען אָפּגעטיילט פונעם קאַפּע־געוועלבל מיט אַ שיילנדיקן טאַפּעטן ווענטל, האָט זיך געהערט אַ הויכע קריגערישע ווייבערשע שטימע. דער ייד־יונג הינטערן בופעט איז אומרואיק געוואָרן ביי מירקינס אַריינקומען און האָט אָנגעהויבן צו וואַרפן אויף אים שרעקנדיקע אויגן. ער האָט זיך באַלד אָבער איינגעשטילט, ווען ער האָט געזען — אין וועמענס באַגלייטונג ער קומט.

מירקין האָט זיך פאַרוואונדערט. דאָס זאָל עס זיין אינגאַנצן? ער האָט זיך פאַרגעשטעלט מער ראָמאַנטיש, אין אַ קעלער, דורך טונקעלע טרעפּ. עס האָט אים באַליידיקט די גאַסיקייט און די נאַקעטקייט פונעם געוועלבל.

דער „זשאַכלינער" האָט אים צוגעפירט צו אַ טיש, אַרום וועלכן

עס זענען געזעסן עטלעכע יונגעלייט. טייל פון זיי זענען געווען אין גע־וועגלעכע אַרבעטער־קליידער. נאָר איינער פון זיי האָט אויסגעזען ווי אַן אָנשטענדיק מעקלערל פון קליינע בכבודע געשעפטן, אָדער ווי אַ היימי־שער העברעאישער לערער אין אַ משכילישן רייך הויז. אַ קורץ געשוירן בלאָנד בערדל, און נישט ווי די אַנדערע, אין אַ שוואַרץ העמדל, נאָר אין אַ געגנוג זויבערן פאַרלייגטן קאָלנער. און, פאַרשטייט זיך, אין ברילן. מירקין האָט באַלד פאַרשטאַנען, אַז דער דאָזיקער מעקלערל לויטן אויסזען איז דאָס דער באַרימטער אַנאַטאָל, דער טעאָרעטיקער, דער פירער פון דער פאַרטיי, דער פיל מאָל פון סיביר אַנטלאָפענער, דער פיל־געזוכטער.

פאַרשטייט זיך, אַז דאָס געשפּרעך, וואָס מען האָט געפירט אַרום דעם טישל, האָט מען ביי מירקינס דערשיינען באַלד איבערגעהאַקט. מיר־קין מיטן „זשאַכלינער" האָבן זיך, אָן צו באַגריסן, אַוועקגעזעצט נעבן שכנדיקן טישל. פונעם צווייטן טישל האָט מען איבערגעפרעגט, צי ער ווייסט, וועגן וואָס עס האַנדלט זיך, און וואָס ער קאָן ביי דעם דאָזיקן ענין העלפן?

מירקין האָט פון זיין טישל אָפּגעענטפערט, אַז ער ווייסט נישט.

— איר האָט אַרויסגעזאָגט אייער גרייטוויליקייט אונדז צו העלפן אין איבערפירן די יידישע טעקסטיל־אַרבעטער פון דער פאַרעלטערטער האַנט־אַרבעט צו דאַמף. מיט וואָס קאָנט איר אונדז דאָ העלפן?

— איך ווייס נישט. איך וואַרט פון אייך דאָס צו הערן, — האָט מירקין צוריק אָפּגעענטפערט נישט דירעקט צום פרעגער, נאָר צום „זשאַכ־לינער", צו וועמען די פראַגע איז אויך פונעם צווייטן טישל געשטעלט געוואָרן.

— איר קאָנט אונדז דערביי אַ סך צוהעלפן, — האָט מען אים גע־זאָגט פונעם צווייטן טישל.

— איך בין נייגעריק צו וויסן, ווי אַזוי? איך זאָג זיך נישט אָפּ פון קיין מי. איך בין גרייט אַלץ, אַלץ צו טון, וואָס מען וועט פאַרלאַנגען פון מיר. כאָטש איך מוז אייך אין פאָראויס זאָגן, אַז מיינע מעגלעכקייטן זע־נען זייער באַגרענעצטע, — טענהט מירקין אַריין צום „זשאַכלינער", אַזוי ווי ער וואָלט אים דאָס געשטעלט די פראַגע.

— דאָס וועלן מיר זען, — ענטפערט מען אָפּ פון צווייטן טישל.

— אייערע מעגלעכקייטן זענען שוין גאַרנישט קיין באַגרענעצטע. איר קאָנט אונדז אַ סך, אַ סך העלפן. עס הענגט נאָר אָפּ פון אייך.

— זאָגט מיר, מיט וואָס און ווי אַזוי?

— אָט זיצט מיט אונדז אַ חבר פון לאָדזש. לויט ווי ער גיט איבער, איז די לאַגע קריטיש, זייער קריטיש.

— איך ווייס עס. אָבער זאָגט מיר, וואָס איך זאָל טון?

פון צווייטן טיש האָט מען זיך גענומען אים צו דערקלערן:

— עס האַנדלט זיך וועגן באַאיינפלוסן די יידישע פאַבריקאַנטן, אויסצופירן אויף זיי אַ דרוק, אַז זיי זאָלן אויפגעבן זייער קאַמף קעגן די יידישע מאַסן. און דאָס מוז קומען פון אַ גאַנץ אַנדערער זייט. דאָס מוז קומען דורך דעם יידישן גרויס־קאַפּיטאַל. עס מוז ווערן אַ מאָדע־זאַך, אויב איר ווילט, אַ נאַציאָנאַלער ענין ביים יידישן פאַבריקאַנט צו־צונעמען יידישע אַרבעטער. זאָל עס זיין צוליב וואָס פאַרא מאָטיוון זיי ווילן, אפילו נאַציאָנאַלע. אונדז איז נישט קיין חילוק, אַבי דורכצוברעכן די וואַנט. מיט די קריסטלעכע פּוילישע אַרבעטער וועלן מיר זיך שוין אַן עצה געבן. עס איז אַ פראַגע פון אויפקלערן, פון פאַרשטענדיקונג. נאָר צו די יידישע פאַבריקאַנטן האָבן מיר נישט קיין צוטריט, מוזן מיר זוכן אַנדערע וועגן. אפשר איז דאָ אַ מעגלעכקייט דורך אייער פאָטער, דורך די קרייזן פון אייער פאָטער? קאַפּיטאַל האָט גרויס דרך־ארץ פאַר קאַפּי־טאַל. און דער דרוק מוז קומען פון אויבן, פון סאַמע פּעטערבורג. אפשר וואָלט גאָר געווען אַ מעגלעכקייט צו באַוועגן אייער פאָטער אַריינצולייגן אַ געוויסע סומע געלט און אַליין אויפצועפענען אַ טעקסטיל־פאַבריק אין לאָדזש און אָנשטעלן יידישע אַרבעטער? מיט דעם זאָל ער דינען פאַר אַ ביישפּיל פאַר אַנדערע. אָדער, ווען איר אַליין האָט די מעגלעכקייט דאָס צו טון. מיר דערוואַרטן נישט פון אים, אָדער פון אייך, קיין באַזונדערע הנחות. דאָס איינציקע, וועגן וואָס עס האַנדלט זיך, איז — אַז עס זאָל ווער מאַכן דעם אָנהייב, צו באַווייזן, אַז יידישע אַרבעטער לאָזן זיך פונקט אַזוי גוט עקספּלואַטירן, ווי נישט־יידישע. וועגן דעם האַנדלט עס זיך. וואָס קאָנט איר אונדז דערביי העלפן?

מירקין איז דערשטוינט געוואָרן פון דער פּראָפּאָזיציע, וואָס איז אים געמאַכט געוואָרן. ער האָט זיך דורך איר געפונען אביסל באַליי־דיקט. הייסט עס, אַז מען האַלט אים נאָך פאַר דעם נגידס זונדל?! ער,

וואָס האָט געמיינט, אַז ער איז שוין אינגאַנצן געבוירן געוואָרן אַן אַנדערער און איז איינער פון זיי; וואָס פאַר אַ שייכות האָט ער מיט זיין פּאַטערס פאַרמעגנס? אָבער צו באַליידיקן זיך איז נישט געווען אויף וועמען. דער דאָזיקער אַנאַטאָל האָט זיך צו אים געווענדעט אַזוי אויפריכטיק, אָן יעדן הינטער־געדאַנק, אַז מירקין האָט זיך געמוזט וווּנדערן וועגן דער נאַאיווער פאָרשטעלונג, וואָס זיי האָבן וועגן יידישע גבירים.

מירקין האָט זיך געוויטלט און אָפּגעענטפערט מיט פאַרשעמטקייט:

— מיט מיין פאָטער האָב איך נישט קיין שום פאַרבינדונג, איך האָב איבערגעריסן מיט אים אַלע באַציאונגען.

— דאָס איז אַ פראַגע פון טאַקטיק, — האָט אַנאַטאָל אים אָפּגעענטפערט מיט אַ שמייכל אין זיינע וואָנסעס אַריין. — אַז מ׳האָט באַדאַרפט, האָט איר איבערגעהאַקט די באַציאונגען, און אַז מען וועט באַדאַרפן, וועט איר צוריק באַנייען די באַציאונגען.

מירקין האָט אים אָנגעקוקט פאַרוווּנדערט, מיט אומצוטרוי. עס האָט אים געגרילצט דער ציניש֊ער קלאַנג. אַנאַטאָלס אויגן זענען געווען געריכטעט צו אים מיט אַן אָפענער פאַרשטענדלעכקייט, און יעדער ביינעשמאַק פון ציניזם איז פאַרשוווּנדן.

אַנאַטאָל, זעט־אויס, האָט געוווּסט, וואָס עס קומט־פאָר אין די געדאַנקען פון דעם דאָזיקן יונגנמאַן, און ער האָט זיך געאיילט אים צו דערקלערן.

— יעדער איינער פון אונדז העלפט דער זאַך לויט זיינע מעגלעכקייטן, אויף דעם אופן, ווי ער קאָן עס צום בעסטן טון. עס וואָלט דאָך זייער נאַריש געווען נאָר צוליב אַ קאַפּריז נישט אויסצונוצן די מעגלעכקייטן, וואָס מיר קאָנען האָבן דורך אייער פאָטערס איינפלוס, דורך זיין אָנגעזאַמלטן פאַרמעגן. מיר האָבן נישט קיין צייט צו שפּילן זיך אין קינדערשע ברוגזן. מעגלעכקייטן פאַר אַנדערע זאַכן האָבן מיר פיל. אין דער דאָזיקער זאַך קאָנט איר אונדז נאָר אַליין העלפיק זיין.

— און דאָס ליגט איר מיר פאָר, איר, — אַז איך זאָל אַריינטרעטן אין קאָנטאַקט מיט מיין בורזשואַזן פאָטער? — וווּנדערט זיך מירקין.

— פאַרוואָס נישט? פון אַ גנב, אַבי צו העלפן אונדזער זאַך, — זאָגט דער חבר מיט אַ שמייכל.

מירקין קלערט נאָך אַ ווייל.

— דאָס, וואָס איר ליגט מיר פאָר, איז אינגאַנצן אין איינקלאַנג מיט מיינע געדאַנקען. דאָך, די דירעקטע פּראָפּאָזיציע, וואָס איר מאַכט מיר, צו פאַרשטענדיקן זיך מיט מיין פאָטער, — דערלויבט מיר דאָס זיך איבערצולייגן. איך וואָלט אָבער זייער גערן געוואָלט מיט אייך זיך דורכרעדן, — האָט מירקין געזאָגט כמעט אין אַ קינדישן, בעטנדיקן טאָן.

— מיט פאַרגעניגן. איך וואָלט זיך מיט אייך אויך געוואָלט דורכרעדן, און דאָס ווי צום געשווינדסטן. דער חבר, — ווינקט ער מיטן קאָפּ אויפן „זשאַבלינער", — ווייסט, ווו מען געפינט מיך. און מיר וועלן זיך דורך אים פאַרשטענדיקן, — האָט דער חבר אַנאַטאָל פאַרענדיקט און אויפגעהויבן זיך פון טיש צו גיין. ער האָט באַמערקט, אַז אַ פּאָר „אויגן" קוקן אויף אים פון אַ ווינקל אַרויס...

## קאַפּיטל 3

# חבר אַנאַטאָל

מירקין איז געווען פון יענע נאַטורן, וואָס נויטיקן זיך תמיד אין אַ רבין, אין אַ וועג־אָנווייזער, אַרויפצוקוקן צו אַ העכערן פון אים און פון דאָרט, פון דער הויך, צו באַקומען אַ הסכמה, צו שעפּן אַ דערמוטיקונג און אַן אָנווייז אויף זיין פירן־זיך און דענקען. אין חבר אַנאַטאָל האָט מירקין דערזען דעם יעניקן, פאַר וועלכן ער קאָן אַלע קשיות אויספרעגן, אַלע ספקות אויסשיטן, און ער האָט געגלוסט נענטער זיך צו באַקענען מיט אים.

קיין אַדרעס האָט דער חבר אַנאַטאָל נישט געהאַט. געלעבט קאָנספּיראַטיוו — ווו געגעכטיקט, נישט געטאָגט. מירקין האָט שוין עטלעכע מאָל געהאַט די געלעגנהייט זיך צונויפצוקומען מיטן חבר אַנאַטאָל, נאָר יעדעס מאָל איז דאָס זען זיך צוליב „נישט פאַראויסגעזעענע סיבות" אָפּגעלייגט געוואָרן. ביז דער „זשאַבלינער" האָט אים איינמאָל געכאַפּט און אים פאַרפירט אין אַ וווינונג פון אַן ערשט־חתונה־געהאַטן פּאָר־פאָלק.

אין נייעם מעבלירטן שטיבל האָט שוין געוואַרט אויף אים דער חבר. דער „זשאַבלינער" האָט זיי געלאָזט אַליין.

אַנאַטאָל האָט אים באַגריסט, ווי אַן אַלטן באַקאַנטן. דעם חברס פּנים איז באַשטאַנען פון צוויי באַזונדערע טיילן: די ערשטע העלפט — די אויגן, די צווייטע — דאָס מויל זיינס. דאָס מויל איז געווען פון אַן אַלטן מאַן. די גאַנצע ביטערקייט פון זיין שווערן, מיט יסורים באַלאָדע־נעם לעבן איז געלעגן איבערן מיאוסן אויסגעקרימטן און שטענדיק ציניש־לאַכנדיקן מויל. אַז ער האָט גערעדט, אַז ער האָט געקוקט, אַז ער האָט געשוויגן — האָט ער שטענדיק געשמייכלט. מען קאָן נישט זאָגן, אַז דער שמייכל זיינער איז געווען אָנגענעם. ער איז געווען בייסיק, אַזוי ווי אויף די ראַנדן פון זיינע ליפּן און אַזוי ווי אויף זיינע גוט באַזאָרגטע, אויסגע־קעמטע בלאָנדע וואָנסעלעך וואָלט זיך אויפגעהאַלטן די פּייכטע טוכלע־קייט פון פאַרמאַכטע געפענגענישן, אין וועלכע עס איז אים אויסגעקומען זיינע בעסטע יאָרן צו באַגראָבן. אין זיין שמייכל איז געלעגן אַ שטענ־דיקער פאָרוואורף פאַר די, וואָס טוען אים נישט נאָך. דערפאַר אָבער האָט זיך אויף דער אויבערשטער העלפט פון חברס פּנים, דאָס הייסט, אין זיי־נע אויגן, אויפגעהאַלטן אַן אייביקע קינדהייט. זיינע אויגן האָבן קיינ־מאָל נישט געהאַט דעם מוט אייך אָפן אָנצוקוקן. ווי פאַרשעמט, האָבן זיי זיך שטענדיק האַלב געהאַלטן אין די אויסגעבויגענע דעקלעך, און פון דאָרט האָבן זיי אַרויסגעקוקט מיט אַן אָנבליק פון שולדיקייט, פון אַ וויי־נענדיק רחמנות־בעטן. עס איז נישט געווען קיין גוטסקייט, וואָס איז געלעגן אין זיין בליק. עס איז געווען אַ פּשוט רחמנות־בעטן, מוחל צו זיין די ביטערקייט, וואָס דער גורל האָט אָנגעחתמעט אויף זיינע ליפּן... אַז מען האָט גערעדט מיט אים, איז מען שטענדיק אַנטרונען פונעם אָנ־בליק פון זיין פאַרפאַלגנדיקן שמייכל, וואָס איז אים געלעגן אויף די ליפּן, צו דער מענטשלעכער וואַרימקייט פון זיין אויגן־אָנבליק. און דאָס האָט אויך מירקין איצט געטון.

— נו, יונגערמאַן, האָט איר אייך באַשלאָסן צו דעם שריט, וועגן וועלכן מיר האָבן דאָס פריערדיקע מאָל גערעדט?

מירקין האָט אים נישט באַלד אָפּגעענטפערט. ער איז געבליבן אין זיין שעמעוודיקייט, צוריקגעשלאָגן דורך דעם אָנבליק פון חבר אַנאַטאָל. ער, וואָס האָט נאָך נישט געהאַט פאַרלוירן זיין אומבאַרירטע נייגערי־קייט צו אַלעם יידישן, וואָס ער האָט מיטגעבראַכט מיט זיך פון דער פרעמדער סביבה, פון וועלכער ער קומט, איז שוין דערשטוינט געבליבן

פאַר יעדער יידישער באָרד, אין וועלכער, עס האָט זיך אים געדאַכט, עס האַלטן זיך אויף טיפע סודות פון יידישער געטלעכער מיסטיק. ביי אַ באַרירונג מיטן יידישן אידעאַליזם, ווי ער מאַניפעסטירט זיך — צי אינעם אַלטן דור, צי אין דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג פון יונגן, — איז ער פשוט דערציטערט געבליבן. עס האָט זיך אים געדאַכט, אַז ער שטייט ביי אַן אומאויסגעשעפּטן קוואַל, פון וועלכן ער קאָן שעפּן תשובות אויף אַלע זיינע פּייניקנדיקע פראַגן.

ער איז געשטאַנען פאַרן חבר אַנאַטאָל, ווי אַ תלמיד פאַר אַ רבין. עס האָט גענומען אַ צייט, ביז ער האָט געפונען לשון.

— נישט וועגן דעם האַנדלט עס זיך, נישט וועגן דעם וויל איך איצט מיט אייך רעדן. דאָס איז דאָך אַ קלייניקייט. וואָס איך וואָלט געוואָלט פון אייך זיך דערוויסן, איז וועגן גאַנצן, וועגן גרויסן, — און ער האָט אָפּגעהאַקט אין מיטן.

חבר אַנאַטאָל האָט אים אָנגעקוקט פאַרוואונדערט און געשמייכלט.

— וועגן וואָס ווילט איר מיט מיר רעדן? — פרעגט ער אים איבער אין פאַרוואונדערונג, אָבער דערביי דערמוטיקנדיק אים מיט אַ פריינטלעכן אָנבליק.

— וועגן דעם גאַנצן ענין — שטאַמלט מירקין.

— וואָס דריקט אייך? — זעצט זיך אַוועק חבר אַנאַטאָלביים טיש און לייגט־אַרויף זיינע בלייכע, ווייסע הענט אויפן טישטוך. מירקין נאָך אים. — מיינט נישט, ווידער, אַז אַלץ איז שוין ביי מיר קלאָר. נו, אדרבה, לאָמיר זיך פרווון דורכרעדן.

געשטאַרקט דורך דעם שוואַכן מענטשלעכן בליק, וואָס האָט גערוט אויף אים פונעם חברס אויגן, וועלכע זענען מיטאַמאָל ליכטיקער און ברייטער געוואָרן, האָט זיך מירקין אָנגערופן:

— אַזוי לייכט וועט עס מיר נישט אָנקומען. איך ווייס נישט, אויב איך וועל עס אייך קאָנען דערקלערן, אויב מיינע אפיקורסישע געדאַנקען וועלן אייך נישט אויפרעגן. איך בין דאָס, וואָס מען רופט מיטן שימוף־וואָרט: „אַ קליינבירגער”, צי „אַ גרויסבירגער”. איך האָב עס געפּרוווט אַרויסשלאָגן. עס לאָזט זיך אָבער נישט. די הויט וועסטו נישט איבערמאַכן. איך בין נישט געקומען צו אייך, געיאָגט דורך וועלכע עס איז אויסערלעכע סיבות, נאָר דורך אַן אינערלעכן דראַנג געטריבן, אַזוי ווי

פילע אַנדערע פון אונדזער דור, צו זוכן אַ נײַעם אינהאַלט, אויב איר ווילט — אַ גלויבן. עס איז שווער צו לעבן אָן אים. אײַך „קלאַסן־מענ־טשן”, איז עס לײַכטער. בײַ אײַך איז די ענדערונג פון די אומשטענדן פאַר זיך אַליין אַ צוועק. טייל אויס נקמה, טייל צוליב נוצן. פילע פון אײַך פאַרלירן זיך, פאַרבלאָנדזשען אין די „מיטלען”, אַז זיי זעען שוין גאָר־נישט און באַדאַרפן שוין גאָרנישט עפּעס אַנדערש. מיר אָבער, קליינ־בירגער”, וואָס מיר קומען נישט צוליב נקמה, נישט צוליב נוצן, נאָר צו־ליב דעם שלמות, וואָס מיר זוכן, מיר קאָנען נישט לעבן אָן דעם גרויסן צוועק, אין וועלכן מיר גלויבן, אַז ער שטייט ווי אַ שכר בײַ דעם אויס־גאַנג פון אַלע מיטלען. אָבער וואָס איז ער? וואָס איז ער דאָס, וואָס זאָל אונדז פאַרטרעטן די צווייטע וועלט פון אונדזערע אבות? טײלמאָל זע איך עס. נאָר טײלמאָל דאַכט זיך מיר, אַז עס איז גאָר נישטאָ. עס איז נאָר איין לאַנגער, טונקעלער קאָרידאָר, אין וועלכן מיר קוילערן זיך, און אויף יענער זייט איז גאָרנישטאָ. מיר בלאָנדזשען נאָך פון „מיטל” צום „ציל” אָן אַ צוועק. אפשר וועט איר מיך אויסלאַכן, ווי די אַנדערע, אפשר נישט. איך קום צו אײַך, ווי צו אײנעם, וואָס איך גלויב, אַז איר ווייסט און זעט עס. זײַט מוחל מײַן נאַאיוויטעט. זאָגט איר מיר, וואָס איז דאָס, וואָס דערוואַרט אונדז בײַם אויסגאַנג, כדי מיר זאָלן פון אים כוחות שעפּן דורכצודערעפּטשען דעם בלוטיקן וועג...

חבר אַנאַטאָל האָט אים געלאָזט אויסרעדן געדולדיק, און מירקין האָט זיך נישט געקאָנט באַפרײַען פון דעם טאָפּלטן שפּיל, וואָס האָט זיך אָפּגעשפּיגלט אויפן חברס פּנים בײַ זײַנע רייד. דעם חברס אויגן זענען געווען ערנסט, און עס האָט זיך געדאַכט, אַז זיי זאַפּן איין אין זיך, מיט אַנטייל און וואָרהאַפטיקייט, מירקינס דורשטיקע ווערטער. דערבײַ אָבער האָט נישט אויפגעהערט צו דערקוטשען דאָס ציניש שמייכעלע, וואָס האָט מיט ביטול און מיטלייד חוזק געמאַכט פון דעם יונגנמאַנס נאַאיווע רייד.

— און וואָס ווילט איר דערמיט זאָגן? ווער זאָגט דאָס, אַז מען באַדאַרף אַ „צוועק”, כדי צוגעצווינגן צו ווערן דורך אים אין אונדזער גאַנג? דער גאַנג צו דער סאָציאַלער רעוואָלוציע איז נישט קיין אויסגע־פּלאַסטערטער מיט שטיינער, באַזעצט מיט ביימער, כדי מיר זאָלן דורך אים אונדזער פילאָזאָפישן שפּאַציר מאַכן. דער וועג צו דער סאָציאַלער

רעוואָלוציע איז אַ לאָך, דורך וועלכן מיר גיסן זיך אַלע אַריין, צי מיר ווילן, צי מיר ווילן נישט, געיאָגט דורך דעם אימפּעט פון דער צייט, פון די געשעענישן. דאָס איז נישט קיין וואָלונטירן־גאַנג, וואָס מיר מאַכן דורך. דאָס איז אַ „מוז" — פעסטגעזעצט דורך אייזערנע געזעצן. טייל פּרוּוון זיך אַנטקעגנשטעלן. זיי זענען נאַראָנים. מיר זענען נאָר אַ ביסעלע קליגער, און מיר קומען אַליין, מיר העלפן נאָר אונטער אַביסעלע די געזעצן פון די געשעענישן, כדי דער פּראָצעס זאָל געשען פלינקער. מיר טוען אונדזער חוב פאַר די שפּעטערדיקע דורות, פּונקט אַזוי ווי די פריערדיקע האָבן געטון פאַר אונדז. אָבער „צוועק" — ווער ווייסט, ווער קאָן רעדן פון „צוועק"? ווער ווייסט איבערהויפּט, צי עס איז דאָ אַ צוועק?

מירקין איז געבליבן אַפּהענטיק. ער האָט אָנגעקוקט דעם חבר אַנאַטאָל מיט גרויסע, אויפגעריסענע אויגן, ווי אַ פאַרלוירן קינד, ביי וועלכן מען האָט אַרויסגענומען דאָס צוקערל פון דער האַנט, און ער ווייסט נישט פאַרוואָס...

— און דאָס איז אַלץ? — האָט זיך פון אים אַרויסגעריסן די פראַגע מיט אַ זיפץ.

— יאָ, חבר, — האָט אַנאַטאָל אָפּגעענטפערט, — די אַלע גוטע זאַכן, ווי אידעאַליזם, צוועק, גלויבן — דאָס האָבן מיר נאָר אויסגעקלערט, מיר אינטעליגענטן, אַביסל אָנצוזייפן דעם וועג, כדי ער זאָל זיין גליטשיקער צו גיין. מיר, קרענקלעכע און שוואַכע, דאַרפן האָבן אָט דעם דאָזיקן בוימאייל פאַר אונדזערע קראַנקע לייבער. די מאַסן, איך מיין די פּשוטע אָרימע געדריקטע אין דרויסן, וואָס טראָגן דעם יאָך פונעם לעבן — זיי דאַרפן נישט האָבן קיין אידעאַליזם, זיי דאַרפן נישט האָבן קיין גלויבן. זיי האָבן אַ פּיל שטאַרקערן און ווירקזאַמערן כוח. דאָס איז צו באַפרידיקן זייערע אייגענע נויטן, ווי עס טוט יעדע באַשעפעניש. אינעם אמתן לעבן איז נישטאָ קיין אידעאַליזם. דאָס אמתע לעבן ווערט געפירט דורך די גרויזאַמע געזעצן, וואָס די חיות האָבן אויסגעאַרבעט אינעם וואַלד דורך דער נייטווענדיקייט. איר מיינט, אַז די מאַסן ווילן פאַרכאַפּן די מאַכט צוליב גאָט־זוכעריי? דאָס איז אַן עסק פאַר אונדז, אינטעליגענטן. די מאַסן מאַכן רעוואָלוציע, ווייל זיי ווילן זיין די פירער פונעם לעבן און קערעווען דעם דישל אַזוי, אַז ער זאָל זיי שלעפּן פאַר אייגענע, עגאָאיסטישע נוצן. יאָ, יאָ, דאָס איז דער אמתער און אייביקער פּאַק־

טאר. אלעס איבריקס איז א באלעמוטשען, אויסגעטראכט פון אונדז לייִדיק־גייער. דער גאנצער מענטשלעכער אידעאליזם איז א באלאסט, א שפילעכל פאר אונדז, אינטעליגענטן. די מאסן ווייסן נישט דערפון. זיי זענען רוי, גראב, אן רחמנות. אזוי ווי זייער נויט.

אין די לעצטע ווערטער פון חבר אנאטאל האט מירקין ארויסגעפילט עפעס א ווייטיק און אן אומצופרידנקייט. און די דאזיקע ווערטער האבן אויפן יונגנמאן געמאכט אן איינדרוק, ווי דער חבר אנאטאל וואלט זיין פנים געוואלט פארשטעלן הינטער עמיצנס פאלע, כדי זיך נישט ארויסצווייזן.

— אבער איר קאנט דאך דאס נישט ערנסט מיינען, — זאגט מירקין אנטוישט, — אז דאס איז אלץ אן א צוועק, נאר צוליב נויט. דורך דער רויער מאכט פון די מאסן? וואס איז, אייגנטלעך, „מאסע”? וואס איז דער נייער אפגאט, וואס איר האט זיך געמאכט? דאס איז אן אנאנימער צאר מיט א טויזנט־פארביקן קאפ. די מאסע איז נישט קיין זאך פאר זיך, זי איז נאר א צופעליקע דערשיינונג. אין געוויסע דערהויבענע מאמענטן האט זי אפשר איר אייגענע פסיכאלאגיע. איר האט אבער נאך נישט געפונען דאס פייער, וואס זאל אויסשמידן די מאסן אלס אייגנעם, באזונדערן קערפער. ביים קלענסטן נסיון צעפאלן זיי זיך צוריק אין יחידים, וואס באצוועקן נאר זייערע אייגענע עגאאיסטישע צילן. און דאס איז דאך טאקע, וואס איך זוך, נאך וואס איך בין געקומען: ביי אייך פרעגן וועגן יענעם הויכן צוועק, וואס זאל אונדז אלע פארוואנדלען אין איין קערפער, ווי דער גלויבן ביי די ערשטע קריסטן, פון וועלכן מיר זאלן שעפן די קראפט פאר אונדזערע מעשים?

— דאס איז די נויט, — האט דער חבר אנאטאל רואיק אפגעענטפערט.

— אויב די פיזישע נויט איז, ווידער, די איינציקע ארויסרופערין פון אונדזערע מעשים, און קיין אנדערער מאראלישער כוח איז נישטא. טא וואס וועט זיין די טרייב־קראפט פון אונדזערע מעשים ביים זעטיקן די פיזישע נויטן, ווי איר גלויבט, דורך דעם פארווירקלעכן פונעם סאציאליזם?

— זאל די וועלט דאן זארגן וועגן אן אנדערן פאקטאר. פאר אונדזער דור וועט פארלויפיק זיין גענוג די נויט, — האט זיך דער חבר

אַנאַטאָל באַהאַלטן הינטער אַ שפּאַניש ווענטל. אָבער מירקין האָט נישט נאָכגעגעבן. ער האָט אים דווקא געוואָלט פון דאָרט אַרויסבאַקומען.

— אויב איר פאַרלייקנט, ווידער, יעדן אידעאַליזם, דערלויבט מיר אייך צו פרעגן גאַנץ אָפן, חבר אַנאַטאָל. איך בעט אייך איבער, וואָס די פראַגע איז אַ פּערזענלעכע. נאָר ווי אַזוי פאַרענטפערט איר אייער אייגן לעבן? וואָס טוט איר דאָ? איך קאָן אייך. איך האָב געהערט פון אייער לעבן, פון אייער פאַרגאַנגענהייט. עס איז איין קייט פון יסורים. און דאָס איז נישט געוואָרן אַרויסגערופן דורך נויט, נאָר דורך עפּעס אַנ־דערש, וואָס איר האָט מורא עס אָנצורופן. מיט וואָס באַרעכטיקט איר דאָס?

— אָ, דאָס מיינט איר? — שמייכלט אַנאַטאָל. — מיר טוען דאָס נישט פאַר קיינעם, נאָר פאַר זיך אַליין. און פאַרשידן זענען די מאָטיוון. אַ טייל פון אונדז זענען „פּראָפעסיאָנעלע". אין דער מענטשלעכער נאַ־טור האָט זיך אָנגעזאַמלט אַן אָנקלייבעכץ פון דורות, אַ נייגונג צו מאַ־גיפעסטירן העלדישקייט. די, וואָס האָבן נישט קיין מעגלעכקייט ערגעץ אַנדערש־ווו צו גיין, קומען דאָ אַהער. דאָס איז דער טיפּ פונעם „פּראָ־פעסיאָנעלן" רעוואָלוציאָנער, אָדער ווי עס איז דער פאַל ביי אונדז יידן. דאָ איז עס אויס ירושה-נייגונג פון אונדזערע פאָטערס: קדוש־השם. אויך אַ מין אָנקלייבעכץ פון דורות. אַ באַדערפעניש אין אונדזער נאַטור זיך מקריב צו זיין פאַר אמונה, אַ מין ראָמאַנטיק. האָט מען די אַלטע אמונה פאַרלוירן, באַשאַפט מען זיך אַ נייעם גאָט, פאַר וועמען זיך מקריב צו זיין. אָבער זייט זיכער, אַז ביים ערשטן נסיון וועלן זיי זיך אָפּשטויסן, ווי די אינטעליגענטן נאָכן 1905טן יאָר. די מאַסע האָט נישט קיין צייט פאַר אַנטווישונגען. זי איז געקומען נישט צוליב ראָמאַנטישער אָנקליי־בעכץ, וואָס האָט זיך אויפגעהאַלטן אין זייערע נאַטורן. די מאַסע האָט נישט קיין ירושות. זי איז געקומען צוליב דעם בלוטיקן היינט. זיי פון דער מאַסע זענען נישט קיין „פּראָפעסיאָנעלע" רעוואָלוציאָנערן. זיי ווערן געטריבן דורך די אומשטענדן, און אַזוי לאַנג ווי די אומשטענדן וועלן אָנהאַלטן — — —

מירקין איז אָבער אומגעדולדיק געוואָרן, און ער האָט אים איבער־געהאַקט אין מיטן.

— דערלויבט מיר צו צווייפלען, חבר אַנאַטאָל, אַז אייער אָוועקגעבן

זיך דער באַוועגונג איז אויס נייגונג צו העלדישקייט, אָדער אַפילו אויס ירושה־אָנקלייבעכץ. איך גלויב, אַז עס זענען דאָ טיפערע און ווירקזאַ־מערע מאָטיוון, וואָס איר האָט אפשר אַליין מורא זיך צו דערקלערן.

חבר אַנאַטאָל האָט געשוויגן אַ מינוט. ער איז פּלוצלינג געוואָרן ערנסט. דער שמייכל פון זיינע ליפּן איז פאַרשוווּנדן. ער האָט האַלב פאַרגלייזט די אויגן, ווי ער וואָלט געוואָלט אויסמיידן אינגאַנצן מיר־קינס בליק, און ער האָט אים אָפּגעענטפערט:

— דאָס איז אונדזער גורל. מיר ווערן געטריבן דערצו דורך דער אמונה, וואָס מיר האָבן אין דער זאַך. אפשר האָט איר רעכט, אַז דאָס אַלץ, וואָס מיר טוען, איז נאָר אַ מיטל. אָבער איך גלויב, אַז עס איז דאָ אַ גרויסער און אַן אמתער צוועק, וואָס שטייט נאָך דעם מיטל, און דאָס איז דאָס בשותפותדיקע לעבן און בשותפותדיקע שאַפן. מיר פּלאַנצן זיך דאָ איין אין דעם אייביקן לעבן דורך דעם, וואָס מיר לייזן זיך אויף אַלס יחידים און ווערן צוריקגעבוירן אין כלל אריין. דער איינצלנער איז דורכ־געננגלעך. די מאַסע איז די אייביקייט. די מאַסע — דאָס איז דאָס פעלד, אויף וועלכן מיר, יחידים, וואַקסן. די זאַנגען ביימן זיך יעדעס יאָר — דאָס פעלד איז אייביק!

חבר אַנאַטאָלס פּנים האָט זיך פאַרענדערט און איז באַגלאַנצט גע־וואָרן פונעם ליכט, וואָס האָט געשלאָגן פון זיינע אויגן. ער האָט זיך אָנ־געהויבן צו שאָקלען ביי די פריערדיקע ווערטער, ווי אַ פרומער ייד ביים ז'אוונען און זאַמלען כוונות, און ער האָט געזאָגט מיט אַ דערהויבענער ערנסטקייט:

— אַט דאָס באַוווסטזיין, אַז איך בין איינער פון פילע, באַשאַפט אַ בשותפותדיקע פרייד. מען דאַרף פילן אַט יענע מעגמשלעכע פרייד, וואָס שטראַלט־אַרויס פון רבין. מען דאַרף זיין אַ חסיד, — לייגט ער צו מיט אַ שמייכל, — כדי דאָס צו דערפילן. מען הייבט זיך דעמאָלט אויף צו די העכסטע הויכן. דער יחיד קריגט די גאַנצע קדושה אין זיך און פילט דעם גאַנצן כוח פון רבין אין זיך און איז דערנאָך ביכולת צו טון גרויסע זאַכן. יאָ, איך גלויב, אַז אַט די דאָזיקע בשותפותדיקע פרייד קאָן אויספילן אַלע אונדזערע וועלטן און געבן אַ טעם צו אונדזער לעבן. איך קאָן אייך דאָס נישט געגוג געבן צו פאַרשטיין מיט ווערטער, נאָר מ'באַ־דאַרף דאָס דערפילן.

מירקין איז געבליבן זיצן. א ציטער איז דורכגעגאנגען דורך זיין ליב, און ער האָט געטרונקען מיט דורשט דעם חברס ווערטער.

נאָר דער חבר אנאטאָל, זעט אויס, האָט זיך באַלד פאַרשעמט פאַר זיינע סענטימענטן. און אזוי ווי ער וואָלט חרטה געקראָגן אויף דעם, וואָס ער האָט זיך געלאָזט מיטרייסן פון אידעאַליזם, האָט ער צוגעלייגט מיט א ביטולדיקן שמייכל:

— אָבער זייט דערויף גרייט, יונגערמאַן, אז אונדזער ראָלע, איך מיין די ראָלע פון די אינטעליגענטן, פון די, וואָס ווערן צוגעצויגן צום קאַמף דורך אידעאַליזם, ווי איר רופט עס — איז א קלענלעכע און איז באַשטימט אונטערצוגיין. ווען דער גרויסער מאָמענט וועט קומען, וועט זי אונדז צעטרעטן, די רעוואָלוציע, ווייל מיר וועלן זיך נאָר פּלאָנטערן אונטער אירע פיס מיט אונדזער אומנוצלעכן באַגאַזש, מיט אונדזער אי־דעאַליזם און ראָמאַנטיק. מיר מוזן דערוויייל זיין צוגעגרייט, אז מיר זע־נען די, וואָס מען דערוואַרט פון אונדז אונדזער ארבעט, אזוי לאַנג ווי מיר קאָנען זיין נוצלעך, און דערנאָך זיך אָפּצוטראָגן. אָבער עס זענען ביי יידן פאַראַן צדיקים, וואָס זאָגן זיך אָפּ פון יעדן שכר. דאָס באַדאַרף זיין אונדזער ראָלע. מיר מוזן זיך געבן, צי מיר ווילן יאָ האָבן שכר, צי נישט. און פּאָרלויפיק ווייסן מיר נאָר פונעם „מיטל", און דעם „מיטל" באַ־דאַרף מען זיך שענקען אינגאַנצן, אינגאַנצן מיט דער אמונה. אין דער בשותפותדיקער פרייד וועלן מיר האָבן א חלק סיי־ווי־סיי.

מירקין האָט געשוויגן א ווײַלע, און דערנאָך זיך אָנגערופן, אויך מיט א שמייכל:

— וואָס ווילט איר, אז איך זאָל טון?

— פאָרט קיין לאָדזש, באַקענט זיך מיט דער לאַגע. דערנאָך וועט איר אַליין ווייסן, וואָס איר האָט צו טון.

— גוט, איך בין גרייט. צו וועמען זאָל איך זיך ווענדן?

— אונדזערע חברים וועלן אייך שוין דאָרטן אָפּוואַרטן.

## קאַפּיטל 4

# לאָדזש

איבער די פעלדער איז נאָך אַלץ געלעגן דער שניי־דעק. נאָר דאָ און דאָרט האָט שוין די ערד, ווי אַ פריש אויסגעשלאָפענע יונגע פרוי, אַרויסגעקוקט ווי אַ געפאַנגענע פון די ריסן פון איר דעק. נאָר אויף פיל ערטער האָט זי שוין געהאַט אַראָפּגעוואָרפן פון זיך דאָס אייז און איז געלעגן אָן אָפּענע, אַ פרייע — ווי אַן אויפגעדעקטע פרוי, מיט איר גאַנצן לייב אין דרויסן.

וועלדער זענען געשטאַנען יונגע. צווייגן,ביימער האָבן געציטערט פאַר פרישקייט. הייזער זענען געשטאַנען, קליינע מיט שטרוי־דעכער דורכגעווייקטע דורך דעם ווינטער, און דורכן ווינטער פאַרשוואַרצטע ווענט און פלויטן, פאַרשטעלט אין אַ געוועב פון רויטלעכע בעזימדיקע צווייגן. פויערים אין גרויסע שטיוול האָבן אין דער פייכטער, דורכגעקנאָטענער ערד געדרעפּטשעט און צוגעקוקט זיך ווי זייערע באָרוועסע ווייבער שלעפּן פון די „זשעמליאַנקעס" קאַרטאָפל־זעק אויף זייערע פּלייצעס. טיילמאָל האָט זיך אַ וואָגן געשלעפּט איבער אַ וועג, טיילמאָל האָט מען אַ יונג פערד שפּרינגען געזען. אויף די סטאַציעס האָבן לאַנג־באַקלײדטע יידן מיט פאַרטריקנטע, בלאַטיקע שלומפערס, זיך געריסן מיט אימפעט און קאָך אין די וואַגאָנען. ווייבער האָבן געשריגן, געוואָרפן זיך פעקלעך פון האַנט צו האַנט. דאָס איז געווען די לאַנדשאַפט, וואָס מיר־קין האָט געזען דורך זיין וואַגאָן־פענצטער אויף זיין וועג פון וואַרשע קיין לאָדזש.

דאָס לאַנד איז געווען אַ פרעמדס. די מענטשן זענען געווען נישט קיין אייגענע. דאָך איז אַלץ געווען אייגנס. נישט געווען קיין אַנדער לאַנד, וואָס זאָל זיין זיינס. ער האָט קיינמאָל נישט געהאַט קיין אייגענע ערד. ער איז געווען אַ קינד פון דער שטאָט. אַ גאַס איז אַמאָל געווען אַן אייגענע, דאָרט ווייט, אין צענטראַל־רוסלאַנד. אַ שניי־שטעג אַן אייגענער פון שטוב אין גימנאַזיע אַריין. אָבער ערד, אַן אָנבליק פון אַ האָריזאָנט איז קיינמאָל נישט געווען זיינס. לאַנד, שפּראַך, פאָלק איז דעם מענטשן פרעמד, ערד — קיינמאָל נישט. יעדע ערד איז יעדן מענטשנס.

און צו יעדן פעלד נייגט זיך דער מענטש צו. די לאַנדשאַפט איז געווען זיין איינענע, ווייל ער האָט זי פאַרשטאַנען, ווייל ער האָט זי געהאַט אין זיין בלוט. ער איז געקנאָטן געוואָרן פון איר.

עס איז געווען אַ סלאַווישע ערד: דאָס לאַנד פון קאַרטאָפל, קרויט, פון בוריקעס און פון פּראָסטן מענטשלעכן ברויט. דורך דעם היימישן אָנבליק פון דעם לאַנד, דורך דעם פויערשן צעגייענדיקן שניי, דורך דעם אָנבליק פון דעם נידעריקן דורכגעווייקטן שטרוי־דאַך, דורך דער שיוואַר־צער וואַנט, דורך די בעזימדיקע, ציטערנדיקע צווייגן,ביימער, איז אים דער מענטש נענטער געוואָרן. דער פרעמדער פויער מיט די פרעמד־קאָ־לירטע הויזן, מיט דעם מאָדנעם פיר־קאַנטיקן הוט, און מיט די שטיוול אָנשטאָט די אָניעצעס.

דורך דער ערד איז אים דאָס אַלץ טייער, ליב און אייגן געוואָרן ער איז דאָס ווען דאַנקבאַר געווען פאַר דער ליבע און דער צוגעהערי־קייט, וואָס ער האָט געפילט צו די מענטשן און צו דעם לאַנד: „מיט די נעגל וועל איך זיך אָנהאַלטן דערין און זיך נישט לאָזן אַוועקיאָגן".

***

די גאַסן פון לאָדזש זענען אים פאַרגעקומען נאָך מער פרעמד, ווילד און ווונדערלעך דורך זייער אייגנאַרטיקייט: נערוועזע יידן, נערוועזע גאַסן, נערוועזע געוועלבער. דאַרע ביינערדיקע, שטעקלדיקע קערפּערס, וואָס פאַלן־אַרויס פון די ברייטע און צו־לאַנגע קאַפּאָטעס. קאַפּאָטעס ווי ביידלעך, מענטשן ווי גלייכע אָפּגעהובלטע קלעצער. איין שטיק — פון קאָפּ ביז צו די פיס. וואַרפן מיט די הענט, שרייען שאַקלענדיק מיט זייע־רע בערד, פילן־אָן די גאַסן מיט אַ באַוועגלעכער אומרואיקייט. נערוועזע, אָפּגעריסענע שטיקלעך ווינט, שטיקער בערד, פאַרביילויפנדיקע, אומרו־איקע אויגן. אויגן, וואָס פרעגן, אויגן, וואָס דורשטן און זוכן עפּעס. אַ ים פון קאַשקעטלעך... אַ וואַלד פון דינע שוואַרצע יידן. טייל שלעפּן פעק־לעך מיט באַנוול און לויפן פאַרביי, איילן זיך. אַנדערע האָבן צייט. שטייען אין קרענצלעך אין די עקן, ביי די געוועלבער, פאָכען מיט די שטעקע־לעך. אַ פלעק פון אַ פויעריש קאָלירט טיכל, אַ אָנגענעמער פאַרביקער שיין פון אַ ספּאָדניצע און אַ פּאָר הויזן פון פויערים און פויערטעס, ווי

קאָלירטע פעלד־בלימעלעך אויף דעם גראָענדיקן, וואָכעדיקן פאָן פון שוואַרצע קאַפּאָטעס און שטאָטישע טיכער...

איבער די שמוציקע, שניי־בלאָטיקע ברוקן איז אַ הו־האַ, אַ באַוועגונג. שטויסן אויסגעאַרבעטע פויערישע טיכער אויף וועגענער. וועגענער צו פערד איינגעשפּאַנט, וועגענער צו מענטשן איינגעשפּאַנט. פּיראַמידן מיט געפּאַרבטע, נישט־געפּרעסטע, ערשט נאָר־וואָס אויסגעאַרבעטע באַנוולנע און וואָלענע סחורות. פּיראַמידן מיט קאַמגאַרנס. פּיראַמידן מיט באַנוול. און צווישן די וועגענער, מענטשן און פערד — היטלעך, שייטלעך, בערד, אויגן, פּעקלעך גאַרן, און פּעקלעך גאַרן...

אָנגעגאָסן מיט ענערגיע ווי אַ שטאַרקער אָקס, מיט מענטשלעכן פלייס, באַגאָסן מיט שווייס פון אַרבעט און באַשוואַרצט מיט רויך פון ווייכן קויל, ציטערט די שטאָט אין שטענדיקן אימפּעט, אין שטענדיקן געיאָג, ווי מענטשן און ראָד וואָלטן געטריבן געוואָרן דורך דעם עלעקטרישן שטוים פונעם אַרבעטנדיקן מאָטאָר, וואָלטן געצויגן געוואָרן דורך דעם לעדער־פּאַסיק אין איין באַוועגונג, אין איין געשריי, אָן אויפהאַלט, אָן אָטעם־כאַפּ.

פאַרנאַכט, ווען דער טאָג פאַרגייט אין נעפּל פון רויך אין די שוואַרצע יידישע געסלעך, זעט זיך פון דערווייטנס דער זונען־אונטערגאַנג איבער די לאָדזשער פלאַכן. און דאָס איז אַזוי מאָדנע פרעמד און וווּנדערלעך אין דער שטאָט. שיטן זיך די גאַסן אָן מיט פאַרשוואַרצט, פליישיק אַרבעטס־לייב. טראַמווייען זענען אָנגעיערט מיט מענטשן־קערפּערס. די שמאָלע טראָטואַרן ביי די הייזער ווערן איינפאַך פאַרטרונקען פון אַהיימגייענדיקע אַרבעטער. פון זייערע לייבער הייבט אָן אויסצודאַמפן דער ספּעציפישער גערוך פון די לאָדזשער פאַבריקן, וואָס זיי האָבן אין זיך אַריינגעזאַפּט דורך דעם גאַנצן טאָג ביי דער אַרבעט. די שטאָט ווערט אָנגעפילט מיט דעם מאַשינען־אייל און קאַמגאַרן־געשטאַנק, און אַ קראָבמאַלישע זויערקייט פון בלייכערס לייגט זיך אויף די ראַנדן פון די מיילער און די אויגן.

דענסטמאָל באַלויכטן זיך די שפּייז־געוועלבלעך. מוטערדיקע, טרויעריקע גראָע קאָפּ־טיכער שלייכן זיך מיט קערבעלעך פון די הויפן אַרויס. אין די עקן פון די גאַסן, געדריקט צו די שאָטנס פון די הייזער, שלייכן

זיך ביי די ווענט גאַסן־פרויען מיט געקראָכמאַלעטע קליידלעך, געוואַשענע קעפּ. און פון די אַנטבלויזטע העלדזער אָטעמט אַרויס מאַנסביל־געשטאַנק אויסגעמישט מיט פּעפערדיקן פּערפום־געשמאַק.

***

פאַרנאַכט, נאָך דער אַרבעט, איז געקומען צו מירקינען אין האָטעל־צימער אַ יונגערמאַן און האָט זיך פאָרגעשטעלט: חבר מאָטל.

מירקין האָט אים דערקענט. עס איז געווען דער זעלבער יונגערמאַן, וואָס ער האָט אָנגעטראָפן אין ווארשע זיצן מיטן חבר אַנאַטאָל, אינעם קאַפע־געוועלבל. נאָר אין ווארשע איז דער חבר מאָטל געגאַנגען אָנגעטון ווי אַן אינטעליגענטער אַרבעטער. ער האָט, דאַכט זיך, געטראָגן אויפן קאָפּ אַ ווייכן קאַפּעליוש, צי אַ היטל מיט אַ דאַשעק. יעדנפאַלס געדענקט מירקין, אַז אין ווארשע האָט דער חבר מאָטל, וועלכן מען האָט אים פאָרגעשטעלט אין קאַפע־געוועלבל, מיט גאָרנישט אויסגענומען זיך פון די אַנדערע. אָבער דאָ, אין לאָדזש, איז געשטאַנען פאַר אים אַ חסידישער יונגערמאַן. מען וואָלט געקאָנט מיינען, אַז עס איז אַ בית־מדרש־בחור אין אַ לאַנגער קאַפּאָטע מיט אַ יידיש היטל, כאָטש די פאות זענען ביי אים געווען אַרונטערגעקעמט הינטער די אויערן.

— איר דערקענט מיך נישט? — איך בין דער חבר מאָטל. איך האָב אייך געטראָפן אין ווארשע. דאָ גיי איך יידיש געקליידעט צוליב טאַקטישע טעמים. די אומשטענדן נויטיקן מיך דערצו, — זאָגט דער שוואַרץ־ברונעטער יונגערמאַן מיט דער יונגער אַרויסגעשפּראָצטער באָרד, טרוקן, צו דער זאַך, ווי אַ סאָלדאַט, וואָס גיט־אָפּ אַ ראַפּאָרט.

— איך האָב פאַנאַטישע עלטערן, מיט וועלכע די אומשטענדן נויטיקן מיך נאָך אָנצוהאַלטן באַציאונגען.

— עס מאַכט נישט, וואָס איז דער חילוק, ווי אַזוי אַ מענטש גייט אָנגעטון?

— עס איז יאָ אַ חילוק. אַז זיי זענען פאַנאַטיש, מוזן מיר באַווייזן, אַז מיר קאָנען אויך זיין אויסגעהאַלטן אין אונדזער פּרינציפּ. נאָר עס וועט נישט לאַנג דויערן, און די אומשטענדן וועלן זיך ענדערן.

דער חבר מאָטל האָט זיך אָנגערופן:

— איך האָב באַקומען דירעקטיוון אייך צו באַקענען מיט דער לאַגע.

— איך דאַנק אייך זייער.

— דער חבר וועט נעמען א טראַמוויי? — פרעגט מאָטל.

— איך וואָלט בעסער געוואָלט גיין צופוס. מען זעט בעסער.

— ס'איז אַ שטיק וועג, און דער „אויספיר־קאָמיטעט" וואַרט אויף אונדז, — האָט דער חבר מאָטל געזאָגט אין אַן אָפיציעלן טאָן.

געהערט אַזאַ וואָרט, ווי דער „אויספיר־קאָמיטעט", איז מירקין איינגעגאַנגען אויפצוזעצן זיך אויף אַ טראַמוויי.

דער חבר מאָטל האָט אים פאַרפירט אין דרויסן אויף „באַלוט" אַרויס, אויף אַן איינשטאָקיקן הילצערנעם הייזל. פון פענצטער האָט זיך דורך די פאַרמאַכטע לאָדן געזען קאַרגע וואַכעדיקע ליכט. דורך אַ טונקעלן קאָרידאָר האָט מען אים אַריינגעפירט אין אַ נידריק שטיבל, אין וועלכן עס האָט זיך געדאַכט, אַז דער באַלקן מיט די דריי דיקע בעלקעס פאַלן אויפן קאָפּ.

איידער מירקין האָט נאָך צייט געהאַט זיך אַרומצוקוקן אין דעם מיט שאָטן פאַרטרונקענעם שטיבל, וואָס איז געווען זייער באַשטעלט מיט עפּעס־וואָס, איידער ער האָט נאָך דערזען אַ מענטשלעך פּנים, האָט אים ווער מכבד געווען פון אַ ווינקל־אַרויס:

— נאַ, נאַ דיר אַ ניי קאַלב געבראַכט אין שטאַל אַריין. ווען וועט מען דיך שלעפּן אין שלאַכט־הויז אַריין?

— זאָל דער חבר נישט רעאַגירן. דאָס איז אַ משוגענער. ער רעדט צו אַלעמען אַזוי. צוליב פּאָליציייאישע סיבות מאַכן מיר דאָ די פאַרזאַמלונגען.

דער חבר מאָטל האָט אים צוגעפירט צו אַ טיש, ביי וועלכן עס האָבן שוין אויף אים געוואַרט אַן אַרבעטער אָן אַ רעקל, אין אַ העמד, וואָס איז, זעט־אויס, ערשט אַוועקגעגאַנגען פון דער וועב־שטול, און אַ צווייטער יונגערמאַן, וועלכער האָט געהאַט אַן אינטעליגענט פּנים. דאָס איז געווען דער „אויספיר־קאָמיטעט".

— זיי מיינען, אַז זיי וועלן עפּעס אויפטון. איר וועט גאָרנישט אויפטון. אַ סטאַדע בהמות, אָקסן, קי, קעלבער, און סיי ווי סיי וועט מען

אייך אַלעמען שלעפּן אין שעכט־הויז אַריין. וועמען פריער און וועמען שפּעטער.

— ס'איז אַ משוגענער. זאָל עס דעם חבר נישט אַרן, — באַרו־איקט מען מירקינען ווידער. און איינער פונעם „אויספיר־קאָמיטעט" האָט זיך אויפגעהויבן און איז צוגעגאַנגען אין אַ ווינקל אַריין איינשטילן דעם משוגענעם.

מירקין האָט פון דערשטוינען גאָרנישט געקאָנט זאָגן. ער האָט זיך אַרומגעקוקט און האָט דערזען, אַז אויף אַ בענקל ביי אַ וועב־שטול, מיט וועלכער דאָס גאַנצע שטיבל איז געווען פאַרנומען, איז געזעסן אַ געשפּענסט פון הויט און ביינער, מיט אַ פאַרקרימט מויל, פון וועלכן עס האָט זיך גאַווער געגאָסן, און אַ פּאָר אויסטערליש באַלעבטע אויגן האָבן אויף אים געקוקט קראַנקהאַפּטיק און פאָרשנדיק.

— מיט וואָס וויל זיך דער חבר באַקענען? — מיט דער אַלגעמיי־נער לאַגע פון די טעקסטיל־אַרבעטער, אָדער מיט דער ספּעציעלער פראַ־גע, וואָס אינטערעסירט אים? וועגן די באַדינגונגען פון איבערפירן די יידישע טעקסטיל־אַרבעטער פון האַנט־אַרבעט אויף דאַמף? — פרעגט דער יונגערמאַן מיטן אינטעליגענטן פּנים מירקינען אין אַ זאַכלעכן טאָן.

— חברים, איך בין אַ פרעמדער. איך קום זיך צום ערשטן מאָל צו־נויף מיטן יידישן אַרבעטער, מיט דער יידישער אָרימקייט. איך זע דאָס צום ערשטן מאָל. איך בעט אייך, רעדט נישט צו מיר אין אַזאַ אָפיציעלן טאָן. איך וויל זיך מיט אַלצדינג באַקענען, מיט אַלצדינג. איך וויל אַלצ־דינג וויסן, — בעט זיך מירקין ביי זיי.

— וואָס וויל דער חבר וויסן? — פרעגט ווייטער דער אינטעלי־גענטער יונגערמאַן.

— וואָס איז עס פאַר אַ שטוב, אין וועלכער מיר געפינען זיך? — פרעגט מירקין.

— די שטוב, אין וועלכער איר געפינט זיך, חבר, באַלאַנגט צו אַ יידישן וועבער. דאָ וווינען צוויי פאַמיליעס, און דריי פאָטערס אַרבעטן אויף די וועב־שטולן, וואָס געפינען זיך דאָ: אַ פאָטער מיט אַ פאַרהיי־ראַטן זון און אַן איידעם. דער פאָטער זיצט אָט דאָרט. ער כאַפּט אַ דרימל אויף די אויפגעשפּאַנטע פּאַכן, איידער די נאַכט־אַרבעט הייבט זיך אָן, — ווייזט דער פרעמדער יונגערמאַן אָן מירקינען אויף אַ גראָ באַבערדיקט

פּנים, וועלכעס אַנטפּלעקט זיך ערשט איצט אינעם שיין פון דער נאַפט־לאָמפּ, וואָס הענגט אויף אַ שטריקל פונעם באַלקן אַראָפּ איבער דער שטול. אויף דעם קער־ברעט לענט־אָן אַ ייד זיין פּנים און שלאָפט. דער חבר דערציילט ווייטער:

— אין שטיבל קאָנען זיך נאָר געפינען צוויי וועב-שטולן. משפּחות זענען דאָ דריי — לעזט דער טאַטע אָפּ דעם זון אויף דער נאַכט־אַרבעט. דער זון איז אָט דער יונגערמאַן, וואָס זיצט מיט אונדז. דער איידעם איז געגאַנגען אַהיימברענגען די רויע סחורה. די פאַמיליעס האָט מען דערוויילאַוועקגעשיקט צו שכנים, ווייל מיר האָבן זיך באַדאַרפט מיט אייך זען. וואָס ווילט איר נאָך וויסן, חבר? — פרעגט ענערגיש דער אינטעליגענ־טער יונגערמאַן.

— דאָ האַלטן זיך אויף, זאָגט איר, צוויי משפּחות אין דעם שטי־בעלע? — וואונדערט זיך מירקין. — ווו שלאָפן זיי?

— אויף די שטולן, אונטער די שטולן, איר זעט די ברעטער דאָרט ביים קיכל? — דאָרט האַלט זיך אויף איין משפּחה, אַ מאַן מיט אַ ווייב און צוויי קינדער. און דאָ ביים טישל רוקט מען ביינאַכט אַרויס דעם טיש אין קאָרידאָר אַריין און מען שטעלט אויף אַ בעט, און עס שלאָפט אַ צווייטע משפּחה. אַזוי ווי ס'איז נישטאָ קיין פּלאַץ פאַרן טאַטן ביינאַכט צו שלאָפן, כאַפּט ער אַ דרימל בייטאָג. דערפאַר אָבער קאָן ער זיך פאַר־דינען אַ פּאָר גילדן, אַרבעטנדיק ביינאַכט אויף די ליידיק־שטייענדיקע שטולן. — וואָס ווילט איר נאָך וויסן, חבר? — האַלט דער יונגערמאַן אַלץ איין זיין ענערגישן, ביטערן טאָן.

— און ווער איז דער משוגענער?

—דאָס איז נישט קיין משוגענער, דאָס איז אַ קאַליקע, אַ פּאַראַלי־זירטער, פון אַ שלעכטער געבורט — זייערס אַ זון. קעגנאַיבער פון דאַ־נען געפינט זיך דער אָקסן־ און שעפּסן־מאַרק. בייטאָג פירט מען אים אַרויס פון שטוב אויף דער גאַס אַרויס. ס'איז נישטאָ קיין פּלאַץ פאַר אים אין שטוב. זעט ער, ווי מען פירט אַ גאַנצן טאָג אָקסן און שעפּסן אין שעכט־הויז אַריין, האָט ער זיך איינגערעדט, אַז מענטשן זענען נאָר אָקסן און שעפּסן. אַז ער זעט אַ לוויה, זאָגט ער: אַהאַ, דאָ פירט מען שוין אַן אָקס פון שעכט־הויז אַרויס.

— וואָס ווילט איר נאָך וויסן, חבר?

מירקין איז אנטשוויגן געוואָרן.

— נו, איצט ווייסט איר שוין?

— יאָ, איצט ווייס איך שוין, — ענטפערט־אָפּ מירקין, — און ער האָט אויך רעכט, — לייגט ער צו.

— ווער? — פרעגט דער יונגערמאַן.

— אָט דער, — ווייזט מירקין אויף דעם פּאַראַליזירטן, וואָס גלאָצט אידיאָטיש פון ווינקל אַרום מיט זיינע אויגן.

— ניין, נאָך ערגער פון אַן אָקס. אַן אָקס איז כאָטש באַזאָרגט מיט חיונה ביים לעבן, אַז נישט, גיט ער שלעכט פלייש נאָכן שעכטן. די ווע־רים אין קבר קאָנען זיך נישט אַזאַ לוקסוס דערלויבן אויסצופּאַשן זייערע בהמות. עס גייט ביי זיי דאָרט צו אין קבר, ווי ביי אונדז מענטשן אויף דער ערד. די רייכע קריגן די פעטע בהמות, און אַ טייל מוזן זיך באַגנוגע־נען מיט דאַרע הויט און טרוקענע ביינער, — לאַכט דער אינטעליגענט.

***

ווען זיי זענען אַראָפּגעקומען אויפן הויף, איז מירקין פּלוצים שטיין געבליבן.

פון פאַרמאַכטע לאָדן פון אַ שטיבל אַרוים האָט זיך אַרויסגעריסן אַ טרויעריק־פריילעך חסידיש געזאַנג, אַ פּאַטשן מיט הענט און אַ טאַנץ צום טאַקט.

— וואָס איז דאָס? — פרעגט מירקין זיין באַגלייטער אַ פאַרוווּנ־דערטער.

— אַ חסידיש שטיבל, פרייען זיך. נישטאָ וואָס צו זען. ווילדע פאַ־נאַטישע „דערווישן". אַ געשוויר אויפן יידישן קערפּער.

— דאָך, איך וויל עס זען, איך בעט אייך.

זיי עפענען די טיר פונעם שטיבל. אַ טונקלענע דומפּיקייט שלאָגט זיי אין די נעזער, ווי אויס אַ מקוה. אַ קרענקלעך שוואַרץ־געקליידטע יידן האַלטן זיך ביי די פּלייצעס ווי גרויסע קינדער און גייען אַ רקודל. ביי אָנגעצונדענע ליכט זיצן איינצלנע בלייכע פּנימער ביי אָפענע גמרות. טייל לערנען מיט התמדה, טייל שלאָפן. איינער אַ ייד מיט אַ פּאָר דאַ־רע ביינערנע הענט גייט־אַרום צווישן די שלאָפנדיקע, וועקט זיי אויף און טיילט לעקעך און בראָנפן.

פון דערוויילטנס, אין אַן אומענדלעכער פינצטערניש, טוקט זיך איין־איינציק ליכטל. עס זעט־אויס ווי אַ נשמה־ליכטל, וואָס ברענט זיך צוקאָפּנס פון אַ גרויסן בר־מנן, וואָס פאַרנעמט דעם גאַנצן חלל פונעם אומענדלעכן שאָטן.

— ברוך, וואָס איז די שמחה? — פרעגט דער באַגלייטער מיטן אינטעליגענטן פּנים דעם ייִד, — וואָס טיילט לעקעך און בראָנפן. זעט זיך אויס, גוט באַקאַנטע. — וואָס איז די סיבה?

— גראָבער יונג, דו ווייסט נישט — דעם רבינס יאָרצייט. וואָס, מען באַדאַרף דען האָבן אַ סיבה משמח זיין זיך?

— גלאַט אַזוי, און גלאַט אַזוי, אָן אַ סיבה, — ענטפערט אים אָפּ אַן אַנדערער ייִד מיטן קאָפּל פאַרדרייט „נאַבאָק“, מיטן גלעזל אין די ביינערדיקע הענט.

— איך האָב צו אייך אַ קשיה, — ווענדעט זיך פּלוצים מירקין צו זיין באַגלייטער מיט אַ בעטנדיקער שטימע:

— וואָס איז?

— איך וויל דאָ וווינען. שאַפט מיר אַ וווינונג דאָ.

— דאָ, אין דער אָרימקייט?

— יאָ, יאָ. דאָ אין דער אָרימקייט מיט זיי. איך וויל זיי קענען, איך וויל זיי קענען, — שרייט אויס מירקין מיט בעטנדיקע אויגן, אָנכאַפּנדיק דעם יונגנמאַנס האַנט.

— גוט, מיר וועלן זען.

## קאַפּיטל 5

# לאַדזשער הויף

אין אַ פּאָר טעג אַרום האָט שוין מירקין געוווינט אין וועבער־הויף, דרויסן אויפן „באַלוט“. דער חבר מאָטל האָט אים פאַרשאַפט אַ קוואַרטיר אין דער וווינונג אויפן ערשטן שטאָק, וואָס איר גאַניקל איז אַרויסגעגאַנגען אויפן הויף אַרויס. די וווינונג איז געווען די ריינסטע און באַקוועמסטע אין גאַנצן הויז. אין אַ פּאָר טעג אַרום האָט שוין מירקין

געשלאָסן באַקאַנטשאַפט מיט די שכנים, און איז געווען אויסגעקאָכט מיט זיי.

דאָס איז געווען אַ געווענלעך הילצערן איינשטאָקיק הויז אויפן „באַלוט", קעגנאיבער דעם גרויסן אָקסן- און שעפּסן־מאַרק, וווהין מען האָט צוגעפירט פון גאַנץ פּוילן דאָס נויטיקע פעטס פאַר די לאָדזשער אַרבעטער. בייטאָג האָט מען געהערט אין די שטיבער אַ קוויטשעריי פון חזירים, אַ מרוקען פון אָקסן און אַ מיאָען פון פאַרבייגעטריבענע שעפּס, וועלכע האָבן אַזוי פרעמד אָפּגעקלונגען אין דעם ברודיקן שטאָטישן הויף. זייערע בהמהשע, רחמנות־דערוועקנדיקע קולות האָבן מיטגעבראַכט מיט זיך אין שטאָטישן הויף אַריין די גרינע לאָנקעס, די פייכטע גראָזן און האַרבסטיקע נעפּלען. דאָס הויז איז געווען אַ הילצערנס, אַן איינשטאָקיקס, ווי מען געפינט עס אין דער פּראָווינץ. דערפאַר איז דער הויף געווען אַ לאַנגער און פאַרדרייטער. באַבויט מיט הילצערנע קאַמערן, מיט אַלקערלעך, מיט באַזונדער־שטייענדיקע שטיבער. זיי האָבן אויסגעזען — די אַלע איינס־אויפן־אַנדערן אָנגעשטעלטע געביידעס — ווי צונויפגע־קלאַפּט אויף דערוויל. דער באַלעבאָס האָט קיין געלט נישט געהאַט צו פאַרענדיקן, האָט ער דערוויל אַריינגעבאַפט אַ „אונטן" און אים פאַר־דונגען, איידער דער אויבערשטער שטאָק איז נאָך באַדעקט געווען. די שלעכטע מאַטעריאַלן, פון וועלכע די געביידעס זענען געווען געבויט, האָבן זיך געקרישלט, צעלייגט. די ווענט האָבן זיך געשפּאָלטן, די דעכער געשיילט...

און די אַלע אומפאַרענדיקטע, האַלב־צוגעדעקטע שטיבלעך זענען אָנגעשטעלט מיט אומהיימלעכע, אומגעלומפּערטע הילצערנע וועב־שטולן, וועלכע פאַרנעמען האַלבע שטיבער ביז צו די באַלקנס.

ביי די שטולן זענען, ווי אין אַ קאַטאָרגע־תפיסה, מענטשן צוגע־שפּאַנט צו זיי דורך טעג און נעכט. די שטולן זענען שפּינען, און ווי אַ פליג געפאַנגען אין זייער שפּינוועבס, זיצט דער אָנגעבויגענער מענטש אין דעם אָנגעשפּאַנטן „פאַך", האַלב אַ נאַקעטער מיט אַ האָר־באַוואַקסע־נער ברוסט אין דרויסן, און טרעט אַ גאַנצן טאָג מיט די נאַקעטע פיס אויפן טריט־שימעל און האַלט אין איין דורכשיסן דאָס שיפעלע מיטן אָנ־געשפּאַנטן פאָדים דורך די שיצן פון פאַך, פאַרקלאַפּט דאָס געוועב מיטן „בלאַט־צוקלאַפּער". נעבן די שטולן, אויף קליינע בענקלעך, זיצן זייערע

הילף־ייִנגלעך, מינדעריאָריקע קינדער, און האַלטן אין איין אָנשפּאַלן דעם דרים־פּאָדים אויף די שפּאָלערס. די ווייבער און די עלטסטע טעכטער פלעכטן שוין די קאָליר־שנורן פאַר די מער „פאַנטאַסטישע" טיכער. אַ גאַנצן טאָג האַלטן „מענטשן־פערד" אין איין צוברענגען אין די הויפן אַריין, אויף שלעפּנדיקע וועגענער, שטויסן מיט רויען שטאָף: פאַרשידן־פאַרביקע וואָלן, גאַרן און באַנוול און אויף די זעלבע וועגענער, איינגע־שפּאַנט צו די מענטשן־פערד, ווערן פון הויף אַרויסגעפירט אויסגעאַרבע־טע, אייל־שמעקנדיקע רויע טיכער צו די פּרעס־מאַשינען, צו די מאַגאַ־זינען, פון וואַנען זיי ווערן צעשיקט איבער די ברייטע, ווייטע מערק פון דער גרויסער אימפּעריע.

אויף די געלע פּנימער פון די האַנט־וועבער שוועבט אַ שטענדיקע זאָרג, אַזוי ווי אַ טויט־אורטייל וואָלט געווען צוגעקלאַפּט צו די פּליי־צעס פון יעדן אַרבעטער. וואָס אַמאָל מער הויבן זיך די הויכע קוימענס אַרום די ניי־אויסגעבויטע שטעט אויף די ברייטע לאָדזשער פעלדער. וואָס אַמאָל מער ברענגען די באַנען צו דער לאָדזשער סטאַציע טייַלן פון שפּינערייען. אָבער נישט פאַר זיי ווערן געבויט די הויכע קוימענס, נישט פאַר זיי ווערן געבראַכט די אייזערנע שפּינערייען. זיי האָט מען אויף אייביק פאַרמשפּט צו זיין איינגעשפּאַנט צום הילצערנעם שטול, כדי אין איינעם מיט אים צו גיין אין גיזועץ אַריין. דער אַלטער דור טראַכט זיך: פאַר אונדז וועט עס גענוגן. ווי ווייט איז עס גאָר צום קבר? דער יונגער דור, וואָס הייבט ערשט אָן, קלערט וועגן עמיגראַציע. זיי האַלטן אין איין אָנזאַמלען גראָשנס, אָפּגעשפּאָרט פון נויטיקסטן, אויף שיפס־קאַרטן, און חלומען פון די וועבערייען אין ווייטע לענדער.

נישט אין אַלע שטיבער הערט זיך דער טויבער הילצערנער קלאַפּ פון די וועב־שטולן, וואָס דערמאָנט אין אַ ברעטער־קלאַפּעריי. אין אַנדערע שטיבער, פון אַנדערע פענצטער אַרויס הערט זיך דאָס חוצפּהדיקע לויפן פון ניי־מאַשינען. פון צעקריכנדיקע גראָבע סחורות, — אָפּפאַלעכטס פון פאַבריקן, — ווערן אויסגעאַרבעט ווינטער־מאַנטלען, אָנצוגן, הויזן פאַר די פּויערים אויף די מערק. אַ גאַנצן טאָג האַלטן זיי אין איין שפּאַנען, די ניי־מאַשינען, אַזוי ווי זיי וואָלטן געהאַלטן אין איין לויפן צו אַ מעטע און קאָנען נישט דערלויפן... אין אַנדערע שטיבער זיצן שוסטערס, היטל־מאַכער, פּעלצן־נייער. כמעט יעדע טאָכטער האָט אַ מאַשינדל צו שטאָפּן

זאָקן. יעדע מאַמע וויקלט גאַרן אויף אַ שפּאָלער. יעדער זון איז אַ וועבער אָדער טאַנדייט־שניידער.

אזוי האַלט דער הויף אַ גאַנצן טאָג אין איין שפּאַנען. פון אַלע פענצטער הערט זיך דאָס קלאַפּן אַרויף־און־אַראָפּ. אַ טרעט אַהין, אַ טרעט אַהער. פון אַנדערע פענצטער הערט זיך דאָס יאָגן פון מאַשינען, ווי די מאַשינען וואָלטן איינע די אַנדערע געוואָלט איבעריאָגן. פון אַלע פענצטער אַרויס טראָגט זיך דער פאַרלעגענער געשטאַנק פון אַלטע סחורות: פון וואַטע, פון קאַמגאַרנס, אַזוי ווי דער הויף וואָלט געאָטעמט אין אייל, אין שווייס, און טראָגט פון זיך דעם זויערן געשטאַנק פון שוויצנדיקע מענטשלעכע לייבער, פון איבערגעשטאַנענע עסן, פון פייכטע מאַטראַצן. נאָר די אַלע געשטאַנקען ווערן פאַרטרונקען, ווערן פאַרלוירן אין דעם ספּעציעלן לאָדזשער געשמאַק — אינעם געשמאַק פון דעם ״נישט־קאַנאַליזירטן לאָדזשער הויף...

דער ייד, ביי וועלכן מירקין וווינט, הייסט משה פּאָקזשיווע (שטעכנדיק גראָז). מען ווייסט נישט, צי איז עס אַן אייגענער נאָמען זיינער, צי גלאַט אַזוי אַ צונאָמען, וואָס מען האָט אים געגעבן. און נישט בחנם: דער ייד גייט־אַרום אַ גאַנצן טאָג און שטעכט זיך. אינדערהיים האַלט ער אין איין יאַדען דאָס ווייב, די טעכטער. קיין זאַך געפעלט אים נישט. און קומט ער אויפן הויף אַראָפּ, טשעפּעט ער זיך צו קליין און גרויס. זעט ער אַ ייִנגל שפּילן זיך אויפן הויף, איז עס זיין עסק.

— פאַרוואָס גייסטו נישט אין חדר אַריין?

ער לויפט אין מיטן טאָג אין בית־המדרש אַריין און קאָנטראָלירט די בחורים, צי זיי עסן נישט בחנם טעג. אפילו מיט גויים טשעפּעט ער זיך: שטייט אַ פּויערשע פור פאַר דער טיר, ווערט ער אַ סטראַזשניק:

— דו ווייסט נישט, אַז מ'טאָר דאָ נישט שטיין?

דאָס ביטערקייט איז אים געקומען צוליב זיינע טעכטער.

משה „פּאָקזשיווע" האָט פיר טעכטער, ראוי חתונה צו האָבן. און כאָטש ער לעבט פון די טעכטער (אַליין טוט ער נישט די האַנט אין קאַלטן וואַסער, ער האָט פרנסה פון דעם, וואָס די טעכטער זענען נייטאָרינס), האָט ער אָבער דאָך פאַרדרוס, וואָס זיי בלייבן זיצן אין גראָען צאָפּ אַריין. משה ווייסט, אַז ווען די טעכטער וועלן חתונה־האָבן, וועט דאָך אים אויסקומען צו נעמען אַ טאָרבע און גיין איבער דער מדינה. אָבער משה

זויל בעסער בעטלען גיין, אַבי די טעכטער זאָלן חתונה האָבן. הייגטיקע יונגעלייט ווילן אָבער נדן. זיצן די טעכטער און פארזינקען אין אויסבייעכטס און פארצוקערן זיך די צייט מיט ראָמאַנען.

די עלטסטע איז אַ מלאך. גיטעלע איז אַן אויסגעדארטע, איינגעשרומפטע צדיקת. דאָס פּנים איז בלויז אויגן. אויגן און אַ האַלדז ווי ביי אַ פויגל. זי האָט ליב ראָמאַנען, אַ שרעק. איר גאַנץ לעבן ליגט אין פרעמדע לעבנס. האַלבע נעכט איז זי אויף ביי די ביכלעך, וואָס זי נעמט אויסצולעזן אין בוכהאַנדל פאַר אַ זעקסער אַ וואָך. זי קאָן איינשלינגען אַ בוך אַ טאָג. ווי אַזוי זי מאַכט דאָס? זי לייענט ביים עסן, זי לייענט אפילו גייענדיק. זי גייט און לייענט, זי שטייט און לייענט. דער פאָטער האָט געמאַכט פון איר אַ תל — פּשוט זי אויפגעגעסן. זי איז די איינציקע אינדערהיים, וואָס האָט דרך-ארץ פאַרן פאָטער. זי שאַנעוועט אים און ענטפערט אים נישט אָפּ. גיסט ער טאַקע אויס אויף איר דאָס גאַנצע ביטער האַרץ, וואָס ער האָט קעגן די אַנדערע. ער האַלט זי אין יאָדען אַ גאַנצן טאָג, וואָס דער שוואַרצער סוף אירער וועט זיין און צי זי ווייסט, אַז ביי יידן זענען נישטאָ קיין מאָנאַשקעס?

זי שווייגט. זי וויינט שוין אפילו נישט. די קאַליקע מאַמע, מיט וועלכער דער טאַטע, — כאָטש אַזאַ „פּאָקזשיווע" ווי ער איז — גייט זיך אָפּ ווי מיט אַ קליין קינד, די מאַמע ליגט אין בעט. דער מאַן דערלאַנגט איר עסן, ער וואַשט זי און טוט איר אָן די ברילן און גיט איר דעם „קרבן-מנחה" סדור אין דער האַנט אַריין. די מאַמע די קאַליקע קרעכצט-אַרויס פון בעט.

— וואָס פייניקסטו זי? וואָס ווילסטו פון איר? וואָס איז זי שולדיק?

נאָר דער טאַטע מיינט, אַז אין אַלעם איז זי שולדיק. נישט בלויז פאַר זיך, נאָר אויך פאַר די אַנדערע. צוליב איר קאָנען די אַנדערע קיין כלות נישט ווערן (תנאים זענען שוין געווען אָנגעגרייט פאַר זיי), די אַנדערע מוידן לאָזן זיך נישט שפּייען אין דער קאַשע. די צווייטע, שרה די פליישיקע, האָט איר אויסרעכענונג. אַזוי זאָגט זי. זי האָט אַ יידישן זעלנער, וועלכער וואַרט נאָר, ביז ער וועט באַפרייט ווערן. זי ווערט פאַרפאַלן מיט אים, מיטן זעלנער, אויף גאַנצע שבתים. דער זעלנער קומט אין שטוב אַריין, עסט ביי זיי יעדן שבת, נאָר פון קיין חתן ווערן רעדט ער

נישט. די אַנדערע צוויי טוען דאָס אָן אויסרעכענונג. זאַטליקען זיך אַרום מיט די וועבער־יונגען, מיט די שניידער־יונגען גאַנצע שבתים און ימים־טובים אין העלענאָווער גאָרטן, ווערן פאַרפאַלן אויף האַלבע נעכט און אַז דער טאַטע מאַכט אַ גוואַלד: „משה פּאָקזשיוועס טעכטער זאָלן אויסגיין אויף אַזאַ סוף!” — ענטפערן זיי אים אָפּ פּראָסט פּשוט:

— האָסט אַן אַנדערע עצה? גיב אונדז חתנים, וועלן מיר כּלות ווערן.

משה „פּאָקזשיווע” איז אַן ערלעכער ייִד, אַ חסיד. קומט־אַרויס פון אַ שטיקל יחוס, עפּעס אַ רבינס אַ ווייטער קרוב. קאָן ער נישט איבער־טראָגן, אַז זיינע טעכטער זאָלן זיך אַזוי אויפפירן. צוערשט האָט ער גע־פּרוווט מאַכן גוואַלדן, האָט מען אים איבערגעשריגן. אַ ייִד אַ כעסן גע־ווען — האָט ער אַמאָל געפּרוווט כאַפּן אַ פּלעט־אייזן, האָבן זיך אויפגע־הויבן די טעכטער און זענען אַוועק פון דער היים, פאַרפאַלן געוואָרן. האָט דאָס אָרימע ווייב, די קאַליקע, אין בעט געוויינט:

— ווער וועט אונדז פּרנסה געבן?

דער טאַטע אַליין האָט זיך געשראָקן: „טאָמער וועט זיין נאָך ער־גער”. איז מען געלאָפן זיי זוכן. איינע איז טאַקע פאַרפאַלן געוואָרן, נישט געוואָלט מער צוריקקומען, אין געהאַקטע וואַנדן ערגעץ־ווו; מען זאָגט צו די „שוואַרצע מענטשעלעך” אין בוענאָס־איירעס. די צווייטע איז צוריק־געקומען. פון דענסטמאָל אָן שטיקט דער טאַטע אין זיך. ער זעט אַלע צרות צו און שווייגט. אַז עס קומט פאַרנאַכט, שמירט מען זיך אָן, מען וואַרפט עפּעס אַרויף אויף זיך און מען גייט צו די יונגען, וואָס וואַרטן שוין אין דרויסן. איינע מיטן זעלנער, די צווייטע גלאַט אַזוי, אָן חשבון: היינט מיט דעם, אַן אַנדערש מאָל מיט אַן אַנדערן. שטייט דער טאַטע און קוקט. זיין פּנים ווערט נאָך שפּיציקער, ווי עס איז, די נאָז ווערט אַזוי שאַרף, ווי ער וואָלט זי געווען אויסגעשליפן... די באָרד שפּיציק, און אַלע קנאָכן פונעם לייב הייבן־אָן אַרויסצושטאַרן פון דער צעריסענער זשופּעצע מיט זייערע אויסגעשאַרפטע שפּיצן. כאַפּט ער דאָס שפּיץ־בערדל אין מויל אַריין און קייעט עס, קייעט עס, ביז ער קומט צוריק אין שטוב אַרויף און גיסט־אויס זיין כעס אויף דער עלטסטער, אויף דער טויב, וואָס לאָזט זיך: „אַז אין אַלעם איז זי שולדיק!” קוקט זי אים אָן, די עלטסטע, מיט אירע גרויסע אויגן פונעם איינגעשרומפּענעם פּנים אַרויס, מיטן לאַנגן פויגל־

דיקן האַלדז, מיט אַזאַ בליק, וואָס צערייסט דאָס האַרץ. קרעכצט די מאַמע פונעם קראַנקן־בעט אַרויס:

— משה, משה קום נאָר אַהער.

גייט ער צו:

— וואָס ווילסטו, נעבעך?

בויגט זי זיך איין און רוימט אים אין אויער אַריין:

— משה, וואָס טוסטו? וואָס פאַרגיסטו איר בחנם דאָס בלוט? דערפאַר ווייל זי איז אַ טויבע?

זעט דאָך משה „פּאָקזשיווע”, אַז דאָס ווייב האָט רעכט, ווערט זיין האַרץ ווייך איבער דער טאָכטערס מזל. וואָס פאַרא „טאַטעריש” האַרץ האָט ער? ווייל ער איר זאָגן אַ גוט וואָרט, קאָן ער נישט. אַזאַ נאַטור האָט שוין משה „פּאָקזשיווע”. גיט ער אַ לויף־אַראָפּ אין בית־מדרשל אַריין און כאַפּט דעם ערשטן בעסטן ספר און הייבט זיך אָן דעריבער צו שאָקלען מיט אַזאַ ברען, מיט אַזאַ גוואַלט, אַז ער פאַרטומלט אַלע...

נאָר דערפאַר, אַז עס קומט שבת נאָכמיטאָג, האָט שוין גיטעלע אַ פאַרגעלטונג פאַר אַלע צרות און פּורעניות. דער טאַטע שלאָפט אויפן חומש, די מאַמע מיט די ברילן אויף די אויגן אין בעט ביים צאינה וראינה, די שוועסטער, ביזן האַלבן לייב מיט שמעקעדיקן זייף אָפּגעוואַשן, אַרויס מיט די יונגען שפּאַצירן. אַרום איז גן־עדן־שטיל. הילט זיך גיטעלע אין איר טיכל איין און זעצט זיך אויף דעם הילצערנעם באַלקאָנדל, וואָס גייט אויפן הויף אַרויס. דאָ איז איר „גילדן טורעמל” און זי ווערט פאַרוואַנדלט אינגאַנצן אין דער איידעלער „רעבעקאַ” און וואַרט מיט אַ קלאַפּנדיק האַרץ אויף רודאָלפן, וואָס באַדאַרף קומען פון געיעג מיט אַ „שטרויס בלומען” אין זיין האַנט...

פון דער אַנטקעגן־געלעגענער אָפּיציגע, ווו עס געפינט זיך די וועבשטול, פירט דער אַלטער טאַטע אַרויס דעם שלאַקריוודיקן יונג און זעצט אים אַוועק אויף דער שוועל פאַר דער טיר צו כאַפּן לופט. דער שלאַקריוודיקער יונג האָט אַ ביטער מויל. דער הויף זאָגט אויף אים: „ווען אַ קאַץ האָט זכרון און דער יונג קאָן גיין, וואָלט די וועלט קיין קיום נישט געהאַט”.

אַזוי שלאַקריוודיק ווי ער איז, און אַזוי ווי ער זיצט איבעראַנאַנד, ווייס ער אַלצדינג, וואָס ביי וועמען טוט זיך אין טאָפּ און איז אויסגע-

קאַכט מיט אַלע געשעעענישן אין הויף. אויף אַלעמען האָט ער אַ בייטש, און קיינעם לאָזט ער נישט דורך אַ טרוקענעם, ווער עס באַווייזט זיך נאָר אין שטח ערד, ווי זיין מויל קאָן דערגרייכן. נאָר גיטעלע איז דער איינציקער מענטש, פאַר וועלכן דער שלאַקריוודיקער יונג האָט אַ ווארים געפיל. אַז ער דערזעט זי, איר גלאַטיק געקעמטן שייטל־קאָפּ און די שאַר־פע, גרויסע אויגן אַרויסקוקן פון איר בלייך־לענגלעך פּנים, ווערט אים אין האַרץ אַזוי ווארים, אַז גאַוואַר הייבט אים אָן צו רינען פון מויל און ער קאָן אים נישט קאָנטראָלירן. ער וויל איר דענסטמאָל זאָגן אַ גוט וואָרט — אַ וואָרט, וואָס זאָל אויסדריקן אָט דאָס ווארימע געפיל, וואָס איז גע־וואָרן רייף אין זיין האַרץ צו איר. און שטענדיק קומט עס אַרויס קאַפּויר. אָנשטאָט דעם גיט ער איר אַ שטאָך. ער וויל עס גאָרנישט, נאָר עס איז ווי ס'וואָלט ווער דאָס גוטע וואָרט פון מויל אַרויסגענומען און אַריינגע־געבן דאָס שלעכטע. ווי ער וואָלט עס נישט געקאָנט קאָנטראָלירן, פּונקט ווי דעם גאַוואַר איצט, אויף וועלכן גיטעלע מוז קוקן און עקלען זיך. האַלט ער זיך איין און זאָגט גאָרנישט. נאָר קוקט מיט זיינע אויגן אויף איר. גיטעלע פילט דעם ווארימען בליק זיינעם, וואָס שמאַכט־אַרויס אומהיל־פיק פון זיינע אידיאָטישע אויגן און לאָזט זיך ווארימען פון זיינע בליקן. וואָלט אַלצדינג געווען גוט, ווען דער שלאַקריוודיקער יונג וואָלט נאָר גע־קאָנט שווייגן. קאָן ער זיך אָבער דאָך נישט איינהאַלטן, טראַכט ער, טראַכט ער וואָס צו זאָגן, און ער געפינט:

— גוט־שבת, גיטעלע.

ענטפערט אים גיטעלע אָפּ פונעם בוך אַרויס:

— גוט־שבת, דוד.

פרייט ער זיך, דער שלאַקריוודיקער יונג, איבער דעם, וואָס ער האָט געקאָנט זאָגן אַ גוט וואָרט און איז צופרידן: גוט געווען — טראַכט ער זיך — און מיט זיך און וואַגט זיך ווייטער, ווי אַ קינד פרוווט שטעלן אַ טריט.

— עפּעס אַ שיין מעשה־ביכעלע, וואָס זי לעזט? — פרעגט ער פון דער שוועל אויפן הילצערנעם באַלקאָנדל אַרויף.

— יאָ, דוד, אַ שיין ביכל. אַ ראָמאַן צווישן אַ גראַף מיט אַ גרע־פין.

פרייט ער זיך ווידער. גוט געווען. און ווי ער פרייט זיך אַזוי אויף זיין דערפאָלג, פּלאַצט ער פּלוצים אַרויס:

— דיינע שוועסטער פירן ראָמאַנען און דו לייענסט ראָמאַנען. הע, גיטעלע. — רופט ער אויס מיט אַן אידיאָטיש לאַכן, וואָס קומט-אַרויס פון זיין פאַרקרימטן מויל, ווי אַ יאָכץ פון אַ חיה לייגט זיך אים אויפן פּנים.

גיטעלע הייבט זיך אויף פונעם באַלקאָנדל און זאָגט אים נישט קיין וואָרט, גייט־צוריק אין שטוב אַריין.

דער שלאָקריוודיקער יונג העקלט זיך אין איר איין מיט זיין בליק, ווי ער וואָלט זי געוואָלט צוריקהאַלטן. נאָר ער קאָן עס נישט טון. פּונקט אַזוי ווי ער האָט נישט געקאָנט קאָנטראָלירן דאָס ביטערע וואָרט, וואָס איז אַרויס פון זיין מויל אָן זיין ווילן.

ער האָט פאַרטשעפּעט זיין שטומען בליק אין דער ליידיקער וואַנט, וואָס איז אים געשטאַנען אַנטקעגנאיבער זיין פּנים, האָט אויסגעדריקט אַ הילפלאָזע אידיאָטישע מינע, פּונקט אַזוי ווי אַ קינד, וואָס לערנט זיך שטעלן טריט — און איז געפאַלן אומבאַהאָלפן.

## קאַפּיטל 6

# „דער אָרימער גאָט"

אויפן הויף שטייט אַ צוזאַמענגעקלאַפּטע געביידע פון נייע ברעטער מיט אַלטע שינדלען, ווי אַ גאַנץ־יאָריקע סוכה. דאָרטן וווינט דער אָרימער גאָט פון די איינוווינער פון הויף. זיין הויז איז נישט רייכער פון זייערס. עס צייכנט זיך נישט אויס מיט קיין מער ריינקייט, ווי די הייזער פון זיינע גלויבנדיקע. איבערן ארון־קודש הענגט אַן אָרים ציצן־פּרוכתל. אַן אַלטעגלעך „והוא רחומדיק" עמודל, אויף וועלכן עס ברענט זיך אין אַן אָפּגעבראָכענעם לייכטער אַ ליכט. איבער טישן זענען גמרות פאַרשפּרייט. און פּונקט אַזוי ווי דאָס קלאַפּן אין די וועב־שטולן, דאָס הודזשען פון די ניי־מאַשינען, — הערט זיך פון דאָרט דאָס טאָג-טעגלעכע בית־מדרש־ניגונדל פון אָרימע ישיבה־בחורים, באַזאָרגטע קעסט־לייטלעך

און טרויעריקע יידן, — דאָס גמרא־נגונדל וואָס דערמאָנט אין קאַלטע „והוא רחומס”, אין האָפענונגסלאָזע לעבנס.

שטייט ער, מירקין, אין מיטן הויף און קוקט זיך צו דער אָרימקייט צו, וואָס רינגלט אים אַרום. ער גייט־אריין פון צייט צו צייט צום „אָרי־מען גאָט” אין בית־מדרשל און קוקט זיך צו די יידן צו. הערט זיך איין צו זייער געבעט, צו זייער דאַווגען און לערנען. ער פילט עפּעס אַן אומ־דערקלערבאַרע שוואכקייט צום „אָרימען גאָט”, וואָס וווינט אויפן הויף. ער ווייסט נישט, צי ער מעג יאָ, צי ער טאָר נישט. דאָך טוט ער עס. ער, אַ ראַדיקאַל, אַ מענטש, וואָס גלויבט אין פּראָגרעס, און וואָס האַלט זיך פאַר אַ שטיקל סאָציאַליסט, כאָטש ער באַלאַנגט נישט צו קיין אויס־געשפּראָכענער פּאַרטיי, ער פאַראינטערעסירט זיך מיט אַזעלכע זאַכן! ער האָט געמוזט צוגעבן, אַז עפּעס וואָס האָט אים געצויגן צום „אָרימען גאָט”. ער איז געווען נייגעריק צו באַקענען זיך מיט אַלעם, וואָס עס טוט זיך דאָרט מיט די בחורים, וואָס לערנען דאָרט מיט ווילדע געזאַנגען. ער פלעגט אין די אָוונטן אָפּטמאָל אַריינקומען און אַוועקזעצן זיך אין אַ ווינקל און צוקוקן זיך ווי אַ פרעמדער, איינהערן זיך אין די פאַרנאַכטן צו דעם דאַווגען פון די פּראָסטע אָרימע יידן, וואָס קומען־אַריין אין שול־לעכל אין זייערע גאַסן־קליידער, אַראָפּ פונעם האַנדל, פון דינגען זיך, פון שעלטן. אויף די פישערס הענט האָבן נאָך געקלעפּט די שופּן פון די פיש, וואָס זיי האָבן פאַרקויפט אין מאַרק. די קצבים פון דעם דערביי־איקן שעפּסן־מאַרק זענען אַריינגעקומען נאָך אַרומגעוויקלט מיט די שטריק, מיט וועלכע זיי האָבן געפירט זייערע בהמות. די גאַרבערס, די שוסטערס זענען שוואַרץ געווען פון דער אַרבעט, נישט אָפּגעוואַשן. און די קרעמערס זענען געקומען אין גאַטס הויז אַריין אין זייערע באַמעלטע קאַפּאָטעס און באַמעלטע היטלעך. פעדים האָבן געשטעקט אין די פאַר־פלאָנטעוועטע בערד פון די שניידערס. זיי האָבן זיך אין מיטן דערינגען אַוועקגעשטעלט — אָן יעדן צוגרייט, אָן יעדער הכנה, — אַזוי ווי זייער גאָט וואָלט געווען איינער פון זיי. מען באַדאַרף זיך גאָרנישט מיט אים צערעמאָניעווען. ער פאַרשטייט זיי אויפן ווונק. מען מאַכט־אָפּ מיט אים אַ געשעפטל אויף דער פלינק. איינער פון זיי כאַפּט־אַרויף אויף זיך אַ שמוציקן טלית, שרייט־אָפּ עפּעס מיט אַ הייזעריקן געבייזער אַ שמונה־עשרה, די אַנדערע יאָגן אים נאָך און קאָנען אים נישט דערכאַפּן...

אָפּגעדאַװנט, אױסגעשפּיגן, אָפּגעגעבן דעם גאָט דאָס זײניקע — און אַנטלאָפן. אַ פּאָר בטלנים, אַלטע ייִדן, אַזעלכע, װאָס האָבן נישט װאָס בעסערס צו טון, בלײבן־איבער, האַלטן זיך אױף אַ דערװײל — מורמלען אַ קאַפּיטל תהלים בײ אַ קאַרג באַלױכטן ליכטל פון שטענדער אַראָפּ. דאָ און דאָרט שלומערט אַ ייִד מיט דער באָרד פאַרשפּרײט אױף אַ חומש. אַ קאַלטער, הונגעריקער בחור מיט אַ פון בלוט אױסגעזױגט פּנים, שאָקלט זיך שטום איבער אַ גמרא. לאַנגע פּאות ציטערן. דער מיט חשק, מיט ברען, אַן אַנדערער — אָפּגעלאָזן, פאַרלאַנגװײליקט.

אין אַ װינקל בײ אַ ליכט זיצט אַ װײס באַבאָרדעטער ייִד. זײן גרױ־סער שטערן גלאַנצט־אַרױס פון אונטער דעם היטל, און ער שאָקלט זיך פרום איבער אַ ספר. אין אַ װינקל דאָ און דאָרט, אין טונקלקײט פאַר־שטעלט, שטײט אַ משה „פּאָקזשיװוע", אָדער אַ חיים „קלאָפּאָט". זײ לענען־אָן זײערע פּנימער אױף דער קאַלטער װאַנט פונעם בית־מדרש און ברומען: „טאַטע אין הימל, העלף מיר!" בײ דער טיר, בײם קאַסטן שמות, זיצט אַ קלײנטשיק װײבעריש ייִדל מיט אַ טוך פאַרבונדן דאָס פּנים, פון װעלכן עס שטאַרצט־אַרױס אַ קלײן װײס בערדל, אַ פּאָר קינדישע בלאָע אױגן. ער זעט־אױס װי אַ קינד, אין װעלכן די מאַמע האָט פאַרגעסן. ער האַלט זיך אַ קלײן ליכטל אין דער האַנט און לײכט זיך אַלײן צו אין תהלימל. ער קאָן גאָרנישט מער, נאָר תהלים זאָגן. און אַלט איז עס, און שטאַרבן װיל עס — גרײט עס זיך אָן „אַ טרוקן שטיקל ברױט". אַבי נישט מיט לײדיקע הענט צו קומען אױף יענער װעלט...

מירקין האָט זיך צוגעקוקט צו די דאָזיקע סצענעס, און אַ מאָדנע געפיל האָט אים אַרומגענומען. ער האָט גרױס רחמנות געקראָגן נישט נאָר אױף די מענטשן, נאָר אױך אױף דעם גאָט, װאָס װױנט דאָ. עס האָט זיך אים אױסגעדאַכט, אַז דער ייִדישער גאָט, װאָס װױנט דאָ, איז אײ־נער פון זײ. אַן אָרימער ייִד פּונקט אַזױ װי זײ. ער האָט איבערגעלאָזט זײן גלאָריע אין הימל און האָט זיך אַרײנגעצױגן מיט די דאָזיקע ייִדן אין זײער אָרימקײט אױף דעם שמוציקן, שטינקענדיקן הױף. דאָ, צװישן די װעבערס, שוסטערס, שנײדערס, קצבים און פישער־ייִדן, דאָ האָט ער אױפגעעפנט זײן שולעכל. זײ האָבן אָנגעהאָנגען אױף זײן ארון־קודש אַ שמוציק, אָרים ציצענעם פּרוכתל, — אַ קלײד פון זײער קלײד. זײ צינדן־אָן פאַר אים אַן אָרים ליכטל, — דאָס ליכט פון זײער הױז. זײ טײלן

זיך מיט אים מיטן אָרימען טעגלעכן ברויט וואָס זיי עסן. ווען זיי האָבן צייט, קומען זיי אריינצולויפן אין זייערע וואָכנדיקע קליידער און זאָגן־אָפּ אויף דער שנעל אַ לויב־געזאַנגל, אַ קדושהלע, — און לויפן־ארויס.

ער פאַרשטייט זיי. זיי האָבן, נעבעך, קיין צייט נישט. די פּרנסה פאַרן ווייב און קינדער איז שווער. דער יידישער גאָט ווייסט, ווי שווער עס קומט דעם יידן אָן דאָס ביסעלע חיונה. ער גייט מיט זיי אויף די מערק. ער שטייט מיט יעדן ייד הכנעהדיק ביי דער טיר פון פּריץ — אַ סאָד דינגען, אַ פיש־סטאַוו אָדער אַ קיעלע איינצוהאַנדלען. און אַז דעם פּריץ פאַרווילט זיך, גיט ער אַ צופּ דעם ייד ביי דער באָרד, צופּט ער שוין איינצייטיק דעם „יידישן גאָט" אויך ביי דער באָרד. און דער גאָט לאָזט זיך. ער איז הכנעהדיק, אזוי ווי דער ייד. און אַז עס האַלט שוין גאַר שלעכט, אַז דער ייד גייט־צוריק פון דאָרף מיט אַ ליידיקן זאַק, — דער פויער האָט נישט געוואָלט פאַרקויפן דאָס קעלבל, — זאָגט ער צום גאָט, וואָס גייט נעבן אים:

— נו, וואָס וועלן מיר איצט טון?

ענטפערט אים אָפּ דער יידישער גאָט:

— זאָרג דיך נישט, מיין שותף. עס וועט בעסער ווערן.

מירקין האָט פון קינדהייט אָן געהאַט אַן עקל צו שמוץ. ער האָט עס ממש פיזיש נישט געקאָנט איבערטראָגן. אַז ער האָט דערזען אומזויבערקייט, האָט אים אָנגעהויבן צו נאָגן און צו נודזשען. וויפיל ער זאָל נישט ארבעטן איבער זיך לעצטנס, עקשנותדיק נויטן זיך „ארויסצושלאָגן דעם מפונק", האָט ער עס דאָך נישט געקאָנט איבערטראָגן. געוויס, ער האָט זיך שוין צו געוויסע זאַכן צוגעוווינט. אָבער ארום אים האָט געמוזט זיין ריינקייט — אין דער גרעסטער אָרימקייט. אָפטמאָל האָט ער געטראַכט וועגן דעם, אַז פיזישע אומריינקייט וואָלט געווען די איינציקע סיבה, וואָס וואָלט אים געקאָנט ברענגען צו זעלבסטמאָרד.

אין דער וווינונג, וווּ ער האָט געוווינט אויפן לאָדזשער הויף, איז געווען מער אָדער ווייניקער ריין. צי דערפאַר, ווייל עס האָבן זיך געפונען פיר מוידן, צי אפשר אויך דעריבער, וואָס די עלטסטע, די בוגרת איז ביים ערשטן אָנבליק, ווי זי האָט דערזען מירקינען, נישט געווען גלייכגילטיק צו אים (די דאָזיקע שוואַכקייט האָט זי ארויסגעוויזן צו יעדן יונגנמאַן, יעדן בחור, מיט וועלכן עס איז איר אויסגעקומען זיך צו

טרעפן; צוליב די פילע ראָמאַנען, וואָס זי האָט געלעזן, האָט זיך איר פאַנטאַזיע צעשפּילט, טאָמער איז עס דער בן־מלך). האָט זי, די עלטסטע, געהאַלטן זיין שטיבל אין אַ מער אָדער ווינציקער ריינעם צושטאַנד. מיר־קין האָט באַמערקט, יעדעס מאָל, ווען ער איז געקומען אין זיין שטיבל אַריין, אַן אויפמערקזאַמקייט: אַ קאָקעטיש בענדל, פאַרבונדן אין אַ שלייף איבער דעם לאָמפּ, אַ פּאַפּירן בלימל אַרויפגעלייגט אויפן קליינעם קישנדל פון בעט.

דער הויף אָבער און אַלצדינג אַרום זיין שטיבל זענען געזונקען אין שמוץ. צום מייסטן אָבער דאָס בית־מדרשל, וואָס האָט זיך געפונען אויפן הויף. פונקט אַזוי ווי זייערע שטובן, האָבן זיי אויך דאָס הויז פון זייער גאָט נישט באַשאָנקען מיט אַ באַזונדערער ריינקייט. אַ שטענדיקע בלאָטע איז געווען אויף דער פּאָדלאָגע אַרום דעם פּאָס פון הענט־וואַשן. די ווענט, די טישן, די גמרות האָבן זיך געקלעפּט פון שמוציקייט.

אַז מירקין האָט עטלעכע מאָל אויפמערקזאַם געמאַכט זיינע באַגליי־טער אויף דער אומריינקייט, וואָס הערשט אין יידישע שטובן, און פאַר־וואָס מען טוט גאָרנישט ווענן דעם, — האָבן זיי אויף אים געשאָקלט מיט די פּלייצעס, נישט פאַרשטייענדיק:

— מיט וואָס פאַרא געדאַנקען ער טראָגט זיך אַרום!

די איינציקע, וועלכע האָט דאָס פאַרשטאַנען, איז געווען די פרוי הורוויץ, אָבער זי האָט אויך גאָרנישט געקאָנט העלפן. דער „זשאַבלינער" האָט אים אָפּגעשיקט צו דער צייט, ווען די סאָציאַלע רעוואָלוציע וועט קומען. אַלע וועלן דענסטמאָל לעבן אונטער אַזעלכע באַדינגונגען, אַז זיי וועלן במילא שוין זיין ריין. די איינוווינער, זיינע שכנים, האָבן אים אויף דער דאָזיקער פראַגע אָנגעקוקט ווי אַ משוגענעם:

— אייער זאָרגן אויף מיר געזאָגט געוואָרן. גיט אונדז אַ פּאָר דינסטן, וועלן מיר זיין ריין, — האָט מען אים דערויף אָפּגעענטפערט.

מירקין האָט עס נישט געקאָנט אויסהאַלטן. דאָס גאַנצע יידישע פאָלק שטיקט זיך און טונקט זיך אין איין גרויסער בלאָטע, ער האָט באַ־שיינפּערלעך געזען, ווי אַרום אים וואַקסט דער שמוץ ווי אַ מבול.

איינמאָל איז אים עפּעס איינגעפאַלן. אַ משוגענער געדאַנק איז אים געקומען אויפן זינען. עס האָט זיך אים אויסגעדאַכט, אַז אַלץ הענגט־אָפּ פון ריינקייט. צוערשט, גאָר צוערשט, באַדאַרף מען די בלאָטע אָפּריי־

ניקן, דאָס איז דער ערשטער חוב. און ער, ער באַדאַרף זיך נעמען דערצו.

איינמאָל, אַז ער האָט עס שוין נישט געקאָנט איבערטראָגן, איז ער אַראָפּ אויפן גאַס און געקויפט אַ בעזים, — יאָ, געקויפט אַ בעזים אין אַ געוועלבל, — און אַריין אין שמוציקן בית־מדרש, און זיך אַוועקגע־שטעלט אויסקערן די פּאָדלאָגע. — קאָן מען זיך פאָרשטעלן דעם אָנ־געלויף פונעם גאַנצן הויף אַרום דעם בית-מדרשל, אויפן בייזן וווּנדער, ווי דער „משוגענער ליטוואַק" וואָס וווינט אין הויף, שטייט און קערט דאָס בית־מדרש.

ס'איז געוואָרן אַ געלויף, אַ בייז געלעכטער אַרום אים. מירקין שטייט מיט אַ פאַרביסענער עקשנות אין וואָלקנס שטויב, וואָס האָבן זיך אויפגע־הויבן פון דער פּאָדלאָגע אַרום די באַוועגונגען פון זיין בעזים, פון די שמוציקע ווינקלען, פון די ווענט — אַז ס'האָט זיך אים אויסגעדוכט, אַז ער וועט אַליין באַלד דערטרונקען ווערן אין דעם שטויב און מיסט — ביז ס'האָט אים ווער אַרויסגענומען מיט אַ בלייך שמייכעלע דעם בעזים פון דער האַנט.

— גייט שוין, גייט. ס'איז דען פאַר אייך אַזאַ אַרבעט?!

ס'איז געווען משה „פּאָקזשיוועס" בלייכע טאָכטער, גיטעלע, וואָס האָט אים אַרויסגענומען דעם בעזים פון דער האַנט און זיך גענומען דאָס איבריקע צו טון.

— ער האָט דען נישט רעכט? — קרעכצט אַ יידענע אין הויף.

נאָר סיי ווי סיי האָט מען פון דענסטמאָל אָן מירקינען געהאַלטן אויפן באַלוטער הויף פאַר אַ „משוגענעם ליטוואַק".

***

נאָר איין־איינציק מאָל האָט ער דערזען דעם „אָרימען גאָט" אין זיין גלאָריע. דאָס איז געווען פרייטיק־צו־נאַכטס. דער גאַנצער הויף האָט מיטן פאַרנאַכט אויפגעהערט צו קאָכן. די וועב־שטולן האָבן אָפּגעשטעלט זייער וואָכנדיק, לאַנגווייליק קלאַפּן און די שניידער־מאַשינען — זייער געיעג. דער הויף איז געוואָרן אויסגעקערט, דער מיסט-קאַסטן באַשמירט מיט ווייסן קאַלך — און עס האָבן זיך אָנגעהויבן צו באַווייזן פון די שטובן אַרויס קינדערלעך. מיידלעך מיט אָפּגעצוואָגענע קעפּלעך, מיט

סטענגעס פאַרפּוצטע, איינגעפּלאַכטענע הערלעך, און יינגלעך מיט אָפּגע־װאַשענע פּנימער און גאַנצע קאַשקעטלעך, װאָס דאָס איז געװען אַזאַ נייַ־קייט, אַז ס'האָט באַלד פאַרענדערט דעם הויף. פון די שטובן אַרויס האָט זיך אָנגעשטאָט דעם װאָכנדיקן מאַשין־אייל־גערוך, דערפילט דער פעפער־דיקער געשמאַק פון געקאָכטע פיש. אין די אויגן האָבן זיך באַװיזן טרערן פון די געהאַקטע ציבעלעס. מיט דער אויסגעשטערנטער בלייכער נאַכט האָבן זיך אין די פענצטער אָנגעצונדן ליכט אין גלאַנצנדיקע מעשענע לייכטערס, אויף שבתדיק געגרייטע טישן, און מיט דער פּערלדיקער באַ־לייכטונג פון אָװנט־הימל זענען מיטאַמאָל די װענט פון די הייזלעך פאַר־ענדערט געװאָרן. זיי האָבן אויסגעקוקט אויסטערליש פּרעמדאַרטיק, װי אַ געמעלדל פון אַ ביכל אַרויס.

אויבן אויפן הילצערנעם גאַניקל האָט זיך אויך באַװיזן דער שבת. ליכט האָבן געברענט אין די פענצטער. און אויפן הילצערנעם גאַניקל האָט זיך באַװיזן דאָס בלייכע פּנים פון גיטלען מיטן בוך אין דער האַנט. איר קאָפּ איז אויך געװען װי די קינדערס — געצװאָגן, און די האָר שייטל־אַרטיק פאַרקעמט, אין צװיי לאַנגע צעפּ. האָט זיך געדאַכט, אַז אויבן אינעם שטיבל איבערן גאַניקל, פון װאַנען עס ברענען די ליכט אין פענצטער דורך די אויסגעשניטענע פּאַפּיר־פאָרהענגלעך, װוינט נישט אַ ייד, װאָס הייסט משה „פּאָקזשיװוּ" און האָט אַ „זמאַרטװיענע" מיט טעכטער, נאָר עס זיצט איינגעשלאָסן אויבן אין איר טורעמל אַ בלייכע בת־מלכה, שלמה המלכס טאָכטער. אַן אָדלער ברענגט איר צו שפּייַז לויטן באַפעל פונעם קיניג. און עס דאַכט זיך, אַז גיטלס שװאַרצע אויגן קוקן פונעם בלייכן פּנים אַרויס אויף דעם בן־מלך, איר באַשערטן, װאָס דער אָדלער באַדאַרף ברענגען אויף זיינע פליגל צו איר געפלויגן...

און דאָס בית־מדרשל הייבט זיך איינציקװייַז אָן אָנצופילן מיט בערד־באַװאַקסענע יידן. עס פילט זיך דער געזונטער געשמאַק פון דזשע־געכץ און זייף. פון די האָר, באָרד און פּאות רינען נאָך די טראָפּנס פון דער מקוה, און די געװאַשענע העמדער קוקן אַרויס פון די קאַפּאָטעס מיט זייערע ברייטע פאַרלייגטע קאָלנערס. אַלע הענג־לאָמפּן זענען באַקליידט מיט ליכט. פון דער פרישער געװאַשענער פּאָדלאָגע גייט נאָך אויף דער דאַמף פון דער פייכטקייט. איבערן אָרון־קודש הענגט דאָס נייַע פּרוכתל און אַ ייד מיט אַ העלער שטימע זינגט האָפערדיק דעם „לכה דודי".

מירקין שטייט אין אַ ווינקל. אַ פאַרוווּנדערטער און אַ דערשראָקע־נער קוקט ער זיך צו צו דער ענדערונג. אַ געהיימע שיין באַלייכט דאָס אַלץ און נעמט עס אַרויס פון דער וואָכנדיקער אָרימקייט און פאַרפירט עס אין אַ פאַנטאַסטיש־שוועבנדיקער וועלט. עפּעס איז אַלצדינג יאָ רעאַל און נישט רעאַל — אָט די ברייט־ביינִיקע יידן אין די נייע קאַפּאָטעס מיט די רויע, רויטע פּנימער, און דער אָרימער גאָט דאָרטן אויבן, אַ באַ־לויכטענער אין נייע ליכט, אַ גלאַנצנדיקער אין רויטן, רויען סאַמעט. עס דאַכט זיך אים, אַז דער אָרימער גאָט זיצט אַ גאַנצע וואָך אין דער אָרי־מער שול און וואַרט, וואַרט, אַז עס זאָל קומען דער שבת. שבת עפנט ער אויף אַ שפּאַלט פון זיינע שמאַטעס און ער באַווייזט דאָס מלכותדיקע קלייד, וואָס ער טראָגט אונטער זיי...

## קאַפּיטל 7

# דער יידישער פאַבריקאַנט

מירקין איז געזעסן קעגנאיבער דעם בּאָרימטן יידישן טעקסטיל־פאַבריקאַנט הענעך פלאַקס, אין זיין גרויסן אומהיימלעכן ביוראָ, וואָס ער האָט לעבן זיין שטאָט־פאַבריק. דער פאַבריקאַנט האָט אים אויפגענומען אינעם זכות פון זיין פאָטערס באַרימטן נאָמען, וואָס האָט פאַר מירקי־נען אַלע טירן אויפגעעפנט.

מירקין האָט זיך פאָרגעשטעלט, אַז ער וועט אָנטרעפן אויף אַ האַרטן, שטאַרקן מענטש, אַ מענטש, וועלכער האָט מיט זיין אייגענער ענערגיע אויסגעבויט אַן אינסטיטוציע, אַרום וועלכער עס לעבן אַ גאַנצע שטאָט מיט אַרבעטער. אַזאַ מענטש האָט געוויס אַן אומבאַצווינגלעכן כאַראַק־טער, וואָס שרייט־אַראָפּ פון זיין פּנים.

פאַר מירקינען איז אָבער געזעסן אַ חסידישער ייד. ער האָט גע־קאָנט אויסזען ווי אַ רב, וואָס איז גענויט צוליב עפּעס אַ גזירה צו אָנטון זיך „דייטש", — מיט אַ גאַנץ איידל פּנים, וואָס האָט אפילו אויסגע־דריקט גייסטיקייט און יידישע דערשראָקנקייט. אַ זאָרגפעלטיק אויסגע־קעמטע, שוין מיט גראָע האָר באַזייטע, שוואַרצע באָרד — האָט נאָך מער געמילדערט זיין דעליקאַט בית־מדרש־פּנים מיטן הויכן רבנישן

שטערן. פון די שוואַרצע באַוועגלעכע אויגן, וואָס ער שטילט־איין, האָט אַרויסגעשיינט אַן אומרואיק שוואַרץ פייערל, וואָס האָט עדות געזאָגט אויף באַהאַלטענע כוחות. זיינע „דייטשע" קליידער, דער שטייפער קאָל־נער, דער פיין געשניטענער, אייראָפּעאישער אנצוג — זענען נישט גע־זעסן גוט אויף אים, אַזוי ווי ער וואָלט זיך נאָך נישט געהאַט צוגעוווינט צו זיי. ער האָט זיך געהאַלטן אין איין אויסברעכן די איידעלע חסידישע לאַנגע פינגער פון דער האַנט, געהאַלטן אין איין אויסקנאַקן זיי, און נישט געלאָזט מירקינען קומען צום וואָרט.

מירקין האָט זיך געווענדעט צו אים, ווי צום גרעסטן יידישן פאַברי־קאַנט אין דער שטאָט, וואָס האָט באַשאַפן איינע פון די גרעסטע טעקס־טיל־פאַבריקן אין לאַנד און באַשעפטיקט טויזנטער, טויזנטער אַרבעטער, — כדי ביי אים זיך צו דערוויסן די סיבה, פאַרוואָס ער לאָזט נישט צו אין זיין פאַבריק קיין יידישע אַרבעטער. מירקין איז זיך געקומען מישב זיין מיט אים, וואָס מען קאָן טון אין דער דאָזיקער, פאַר יידן לעבנס־וויכטיקער פראַגע, — וועגן אַן אייגענער דאַמף־פאַבריק, וואָס זאָל העלפן אַריבערפירן די יידישע וועבער־אַרבעטער פון האַנט־אַרבעט צו דאַמף.

אויף דער עצם פראַגע האָט דער פאַבריקאַנט גאָרנישט אָפּגעענט־פערט. ער האָט מירקינען נישט געלאָזט קומען צום וואָרט און געהאַלטן אין איין פאַררעדן. דערציילט מיט רירנדיקע איינצלהייטן וועגן דער קאָ־לאָסאַלער אַרבעט, וואָס ער האָט אויפגעטון, וועגן דער געשיכטע פון זיין פאַבריק, וועגן די קאַטאַסטראָפעס, וואָס ער האָט דורכגעמאַכט, וועגן די געפאַרן, וועלכע ער האָט געהאַט אויסצושטיין, וויפיל מאָל ער האָט זיך שוין געטרונקען און אַרויסגעשוווּמען צוריק. דערביי אָבער האָט ער די פאַרדינסטן זיינע קיינמאָל נישט צוגעשריבן צו זיינע אייגענע פעאיקייטן, צו זיין אייגענער חכמה, נאָר צו אַ העכערער, מיסטישער, געטלעכער מאַכט, וואָס האָט אַלעם געלאָזט שטיין, און זיך אָפּגעגעבן מיט אים איננ־דיווידועל. אָט ווי דער מלך דוד וואָלט אויפגעשטאַנען פון קבר און דער־ציילט וועגן זיינע מלחמות, וואָס ער האָט געפירט מיט די פלישתים. דערביי האָט ער פסוקים פון קעניג דודס תהלים אין יעדן זאַץ אַריינגע־פלאָכטן און אויסגעטייטשט דעם מלך דודס תהלים אויף זיינע אייגענע מלחמות, אויף זיינע אייגענע נצחונות. ער האָט דערביי פרום די אויגן פאַרגלאָצט און מיט אַ רבנישן זשעסט די לאַנגע האָר פון זיין באָרד זיך

געגלעט, דעם פּסוק אַזוי געטײַטשט און אַזוי צוגעשניטן, אַזוי ווי דער מחבר וואָלט אים ספּעציעל פֿאַר זײַנעטוועגן אָנגעשריבן אויף באַשטע־לונג. ער האָט דערציילט וועגן די אײנצלהייטן פֿון דער אַנטשטייאונג פֿון זײַן פֿאַבריק מיט אַזאַ דערהויבענער וויכטיקייט, אַזוי ווי עס וואָלט זיך נישט געווען געהאַנדלט וועגן אַ פּריוואַטער אונטערנעמונג, נאָר וועגן אַ זאַך פֿון אַ העכסטער וועלט־געשעעניש, פֿון וועלכער עס הענגט־אָפּ דער שלום פֿון דער וועלט. ער האָט דערציילט, אַזוי ווי אַ גענעראַל דערציילט וועגן זײַנער אַ וועלט־שלאַכט.

— וואָס בין איך מ׳שטיינס געזאָגט? אַ שוואַך מענטשל, אַ חסי־דישער יונגערמאַן נאָר. אַלצדינג האָט גאָט געמאַכט.

נאָכדעם ווי ער האָט שוין געהאַט פֿון אַלע זײַנע דערפֿאָלגן דער־ציילט, מיט אַלע אײנצלהייטן, האָט אים מירקין צוגעדריקט צו דער וואַנט וועגן דער פֿראַגע פֿון צונעמען יידישע אַרבעטער.

מירקין האָט גערעדט מיט אַ ווייטיקדיקן פּלאַם, וואָס זײַנע לעצטע דערפֿאַרונגען אין לאָדזש, זײַן לעבן צווישן די אָרימע יידישע וועבער, האָבן אַרויסגערופֿן בײַ אים. ער האָט גערעדט וועגן דעם טויט־אורטייל, וואָס הענגט אויף די יידישע מאַסן, וועגן דעם, וואָס זיי ווערן אַרויסגע־שטופּט מחוץ־למחנה, וועגן איבערלאָזן זיי בײַם מיטל־אַלטערישן האַנט־שטול, כדי זיי זאָלן אין אײנעם אונטערגיין מיט אים. ער האָט גערעדט וועגן דער רשעות פֿון פּרעמדע און דער גלײַכגילטיקייט פֿון די אייגענע, וועגן דעם פֿאַרברעך, וואָס מען וויל באַגיין קעגן אַ מאַסע, נאָר דערפֿאַר, ווײַל זי באַלאַנגט צום זעלבן פֿאָלק וואָס ער, דער פֿאַבריקאַנט. ער האָט גערעדט וועגן דער נויטיקייט אָנצוקניפּן די יידישע מאַסן אין דעם גאַנג פֿון גרויסן וועלט־לעבן, וועגן אַרויסשלעפּן זיי פֿון מיטלאַלטער און אַרײַנ־וועבן זיי מיט דעם מאָדערנעם לעבן. זיי דאַרפֿן ווערן אַ טייל פֿון דער אַרבעטנדיקער, שאַפֿנדיקער וועלט־קראַפֿט — האָט ער געטענהט — און נישט איבערבלײַבן אין דעם גוססדיקן יידישן שמוציקן הויף, ווו די וועלט וויל אונדז האַלטן, ביז מיר וועלן דאָרט קראַפּירן, און מען וועט אונדז אויסקערן מיטן אַלגעמיינעם שמוץ.

דער גרויסער פֿאַבריקאַנט האָט זיך יאָ צוגעהערט און נישט צוגע־הערט צו מירקינס רייד. יאָ צוגעהערט זיך, ווײַל, זעט־אויס, אַז אינע־ווייניק דאָרט אין האַרץ האָט אים יאָ עפּעס אָנגערירט; און נישט צוגע־

הערט זיך, ווייל ער האָט מורא געהאַט צוצוגעבן, אַז עס אינטערעסירט אים, כדי ער זאָל נישט דאַרפן געבן אַ קאָנקרעטע תשובה, אויפדעקן די קאָרטן, אָדער זיך מיט עפּעס וואָס אַנגאַזשירן, וואָס ער וואָלט אַלס געני־טער סוחר געוואָלט פאָרלויפיק אויסמיידן. ער האָט אָפּגעווענדעט מיר־קינען מיט אויסמיידנדיקע ווערטער.

— נו, גייט שוין גייט, — האָט ער זיך פאַרנייגט מיט אַ חסידיש העיויהלע. — איז דאָס פאַר יידן אַ געשעפט צו ווערן פאַבריק־אַרבעטער? יעדער ייד האָט ליב צו זיין אַ באַלעבאָס פאַר זיך, צו אַרבעטן ביי זיך אין שטוב, אַז קיינער זאָל אים קיין דעה נישט זאָגן. מיר זענען בני־מלכים, — האָט ער צוגעשמייכלט, — מיר קאָנען נישט זיין קיין שקלאַפן... און וואָס וועט איר טון מיטן שבת? מילא, מיר זענען יחידים, מיר זענען גע־צווונגען דערצו. גיבן מיר זיך אַן עצה, ווי ווייט מען קאָן, באַנוצן מיר זיך מיט אַ שבת־גוי. כאָטש מיין פוס שטעקט נאָך נישט אין פאַבריק אריין שבת, פאַר אַ מיליאָן נישט, און איך האָב נאָך נישט אויפגעעפנט אַ בריוו אָדער אַ דעפּעש אין שבת. מעג עס זיך האַנדלען אין אוצרות, — אָבער דאָך ווייס איך, אַז איך בין נישט אין אָרדענונג. מיין פערד אַר־בעט אין שבת. מיר וואָלטן אויך אַנדערש נישט געקאָנט עקזיסטירן, — אַ וועלט־פירמע! דער וועלט־מאַרק הענגט־אָפּ דערפון. אָבער אַ גאַנצע יידישע עדה? ווער קאָן נעמען די אחריות אויף זיך? ניין, ניין, יונגערמאַן, עס איז נישט אַזוי איינפאַך, ווי איר מיינט. מיר זענען אַן אויסגעווײלט פאָלק. מיר זענען באַשאַפן פאַר עפּעס בעסערס. בני־מלכים, איר פאַר־שטייט? מוזן מיר באַצאָלן דערפאַר.

ענדלעך האָט מירקין עס מער נישט אויסגעהאַלטן, און איז אַרויס מיט אַ פערזענלעכן אָנקלאָג קעגן דעם פאַבריקאַנט.

— ווער האָט עפּעס פון אייער ענערגיע, אַ חוץ איר אַליין?! אַ פאָלק מוז לעבן יאָרן און יאָרן, ביז עס וואַרפט אַרויס פון זיך אַזאַ ענער־גישע, שעפערישע קראַפט, ווי איר זענט. ביי אַנדערע פעלקער, ווען עס באַווייזט זיך אַזאַ קראַפט, שלעפּט עס מיט מאַסן: עס שאַפט פאַבריקן, בויט שיפן, בילדעט איבער אַ נאַציע, באַשאַפט אַרבעט פאַר טויזנטער. וואָס האָבן מיר פון אייער קראַפט? און ווער האָט עפּעס דערפון?

דער פאַבריקאַנט איז טרויעריק געוואָרן ביי דער פראַגע. ער האָט

געזאָגט מיט אַ שטים, אין וועלכער מירקין האָט דערפילט די טראַגעדיע פון פאַרלוירענעם יחיד:

— איר מיינט, עס איז טאַקע מיין פאַבריק? אַז איך קאָן טון אין איר וואָס איך וויל? ניין, ניין, עס איז נישט מיין פאַבריק. עס איז דעם אינספּעקטאָרס פאַבריק. איך בין דער שווארצער נעגער, וואָס באַדאַרף נאָר טון מיין ארבעט און — שווייגן.

— דאָס איז דערפאַר, ווייל איר זענט איינער אַליין. די יידישע מאַסן זענען די אַרויסגעשטויסענע, די איבערגעבליבענע. דער יידישער פאַבריקאַנט געפינט זיך נאָך אין אַן ערגערער לאַגע. דערלויבט מיר צו זאָגן: דער יידישער פאַבריקאַנט אָן יידישע אַרבעטער־מאַסן — איז ווי אַ דאַר צווייגל אין דער ערד אַריינגעשטאָכן אָן אַ וואָרצל. איר זענט דאָך עלנט. און ווי אייער ענערגיע זאָל נישט זיין שעפעריש, וועט זי אַלץ פאַרשריגן ווערן פאַר פאַראַזיטיש עקספּלואַטאַטאָריש, דערפאַר ווייל איר שטייט איינער אַליין. דורך דעם האָט איר קיין קראַפט נישט.

די דאָזיקע ווערטער זענען געווען ווי שפּילקעס אין אַ מכה אַריינגעשטאָכן. דעם פאַבריקאַנטס איידל פּנים איז פּלוצים בלייך געוואָרן. די לאַנגע, אויסגעקעמטע האָר פון זיין באָרד האָבן אָנגעהויבן צו ציטערן, פּונקט אַזוי ווי די שיין געשניטענע שאַרפע נאָזלעכער פון זיין לאַנגער, ביינערדיקער נאָז. די אויבערשטע דעליקאַטע ליפּ האָט זיך באַוויגן, און זיינע ביינערדיקע פינגער האָבן נערוועז געבאַמבלט איבערן טיש, און פון די אויגן זיינע האָט זיך מיטאַמאָל געשאָטן אַזאַ פייער, אַז מירקין האָט דערזען, ווי דורך אַ טיכל, ווי עס זאַמלען זיך אָן כוחות, וואָס האַלטן זיך אויף אין דעם שוואַכן בויגעוודיקן, ביינערדיקן קערפּער.

דער פאַבריקאַנט האָט אַ לענגערע צייט געקוקט מיט אַ דורכדרינגלעכן בליק אויף מירקינען. די אויבערשטע דעליקאַטע ליפּ זיינע האָט זיך פאַרקרימט, ווי אין אַ גרימאַסע צו וויינען, און ער האָט אָפּגעענטפערט:

— אפשר האָט איר רעכט. געוויס האָט איר רעכט. עס איז זיך נישטאָ וואָס צו פאַרשטעלן. מיין לאַגע, די לאַגע פון אַ יידישן פאַבריקאַנט, איז נאָך טויזנט מאָל ערגער, ווי די לאַגע פון די אַרויסגעשטויסענע מאַסן. זיי זענען מאַסן, מיר זענען איינצלנע. איר זעט מיין טיש, ווי ער שטייט ביי דער וואַנט? די פענצטער פון מיין קאַבינעט זענען פאַרהאַקט מיט אייזערנע לאָדן. איך זיץ ביי טאָג ביי עלעקטרישע ליכט.

דאָס איז נישט דערפאַר, וואָס איך האָב אַזוי פיינט די זון, נאָר דערפאַר, ווייל איך האָב מורא, אַז אין איין שיינעם טאָג זאָל מיר נישט אין רוקן אַ קויל אַריינפליען הינטן־אַרום פון הויף, דורכן פענצטער. יאָ, איך זיץ מיטן רוקן צו דעם הויף פון מיין פאַבריק, פון מיין שטאָט, וואָס איך האָב אויפגעבויט, און איך האָב מורא, אַז פון הינטן זאָל מיך ווער נישט שיסן. איך בין געווען אַן אָרימער בית־מדרש-בחור. מיין פאָטער איז געווען אַן אַגענט פון דער פאַבריק. און איך האָב זיך אַרויפגעאַרבעט, אויפגעבויט איינע פון די גרעסטע טעקסטיל־פאַבריקן אין לאַנד, אין דער וועלט. מיט גאָרנישט, נאָר מיט מיינע פינף פינגער. ענגלאַנד גיט מיר מאַשינען אויף קרעדיט בלויז אויף מיין וואָרט. אַמעריקע און עגיפטן — פלאַקס. יאָר־איין, יאָר־אויס וואַקסט די שטאָט. איך נעם אַרויס טויזנטער אומגליקלעכע פויערים אָן ערד פון די דערפער, וואָס זענען פאַראורטיילט צו הונגערן, און איך גיב זיי באַשעפטיקונג. איך שיק־אַרויס רייזנדע איבער אַלע עקן וועלט, אין אַלע ווינקעלעך. איך האָב פאַר אונדזער לייוונט אויפגעעפנט די מערק פון סיביר, פון טורקעסטאַן, פון בוכאַראַ, און ברענג צוזאַמען ענגלישע מאַשינען, אַמעריקאַנער פלאַקס און פוילישע הענט. איך באַקלייד אַ האַלבע מדינה מיט העמדער, שלאָפגעצייג. מיט גאָרנישט האָב איך עס געמאַכט, נאָר מיט מיין ענערגיע. און איך זיץ דאָ, ווי אַ פאַרברעכער. איך האָב מורא אַרויסצוגיין אויפן הויף פון מיין פאַבריק, וואָס איך האָב געבויט. און קוים דערוועג איך זיך, אונטער באַגלייטונג, יאָ אַמאָל אַרויסצוגיין, דערפיל איך די בליקן אויף מיר, ווי איך וואָלט געווען אַ גנב, אַ רויבער. וואָס בין איך?! איך בין דאָך אַליין אַ געפאַנגענער. אַ געפאַנגענער אין מיין אייגענער שטאָט, אַ געפאַנגענער צווישן די מענטשן, פאַר וועלכע איך זיי און שנייד ברויט. זאָגט, קאָנט איר מיר אַן עצה געבן?

— יאָ, — רופט אויס מירקין מיט פייער. — נעמט צו אין אייער פאַבריק אויך יידישע אַרבעטער. זייט נישט אַליין, שטייט נישט אַליין. קריכט־אַרויף צוזאַמען מיט די יידישע מאַסן אויפן וועלט־וועג. דורך אייער מאַכט וואָלט איר טויזנטער יידישע משפּחות געקאָנט אָנקניפּן אין לעבן פון דער מדינה, און דורך דעם — אין דעם וועלט-לעבן. און איר וואָס טוט? — איר זענט אַליין אַנטלאָפן. די מורא איז שטענדיק דער שכר פון פּחדן. זייט מיר מוחל פאַרן וואָרט. דער דרייסטער לעבט מיט

אַלע, אָדער שטאַרבט מיט אַלע. איר האָט געגוג דרייסטקייט און מוט גע־האַט פאַר זיך אַליין אַרויפצוקלעטערן אויף דער לייטער. מיט אייערע עלנבויגנס האָט איר זיך אַ וועג אויסגעקעמפט צווישן שונאים. פאַרוואָס האָט איר נישט דעם מוט און די דרייסטקייט מיט אייער אויסגעשטרעק־טער האַנט אייערע ברידער צו העלפן אַרויפצוקריכן אויף דעם וועלט־וועג, ווו איר שטייט?

— יידישע אַרבעטער? — שמייכלט מיט זיין איידעלער ליפּ דער פאַבריקאַנט. — יידישע אַרבעטער? — שמייכלט ער נאָך אַמאָל איראָ־ניש. — און מיט זיי בין איך יאָ זיכער? מיר דאַכט זיך, אַז ווען איך האָב דאָ יידישע אַרבעטער ביי מיר אין פאַבריק, וואָלט דער ערשטער שטאָך אין רוקן געקומען פון אַ יידיש מעסער.

— דערפאַר וואָלט עס אָבער נישט געווען קיין יידישער שטאָך, איר פאַרשטייט? — נאָר עס וואָלט געווען אַ קלאַסן־שטאָך. די וועלט שטייט אין קאַמף. אָבער די קוילן פון דרויסן, פאַר וועלכע איר שרעקט זיך, זענען באַשטימט נישט בלויז פאַרן פאַבריקאַנט, נאָר אויך פאַרן ייד.

— וואָס איז דער חילוק, מיין יונגער פריינט, פון וואָס פאַראַ האַנט זי קומט, און וואָס זי באַצוועקט?

— יאָ, עס איז יאָ אַ חילוק, און איר ווייסט עס גאַנץ גוט: דער שטאָך פון יידישן אַרבעטער וואָלט געווען באַשטימט בלויז פאַרן פאַברי־קאַנט. דער ציל פון דער קויל איז אָבער אין האַרץ פון גאַנצן יידישן פאָלק.

— דאָס האָט איר רעכט, — האָט דער פאַבריקאַנט צוגעגעבן מיט טרויעריקייט. — אַזוי צי אַזוי, איך בין מאַכטלאָז. איך קאָן דאָ לחלוטין גאָרנישט טון, — האָט דער פאַבריקאַנט געזאָגט מיט רעזיגנאַציע.

— צי איר וועט אונדז יאָ העלפן, צי נישט, — האָט מירקין אויס־גערופן, — מיר וועלן זיך נישט לאָזן איינשליסן אין אַ נייעם געטאָ. די יידישע מאַסן וועלן קעמפן פאַר זייער וועלט־באַפרייאונג. מיט די נעגל וועלן מיר זיך אַריינגראָבן אין לעבן אַריין, מיט די ציין וועלן מיר זיך אַריינבייסן און אָנהאַלטן זיך אינעם גאַנג פון דער וועלט. מיר וועלן זיך נישט לאָזן צוריקשטויסן און באַגראָבן אינעם שמוציקן יידישן הויף. מיר וועלן לעבן — צי איר וועט אונדז יאָ צוהעלפן, צי נישט, — להכעיס אַלע אונדזערע שונאים, סיי די אויסנדיקע, סיי די אינעווייניקדיקע. מיר וועלן זיך מיטכאַפּן אויפן וואָגן, אויף אַלע פעלדער, ווו עס וועט זיך נאָר

לאָזן: אין די פאַבריקן, אויפן פעלד. סיי דאָ ביי אונדז, סיי ערגעץ אַנ־דערשוואו. אַזוי לייכט וועלן מיר זיך נישט אונטערגעבן. די יידישע פאָלקס־מאַסן האָבן זיך אויפגעכאַפּט צום לעבן, און זיי וועלן לעבן, טראָץ אייך אַלעמען, — האָט מירקין אויסגעשריגן מיט פייער.

דעם פאַבריקאַנט האָט אינטערעסירט און אַמוזירט מירקינס יוגנט־לעכער ברען. ס'איז אים אפילו געווען סימפּאַטיש דער גלויבן, וואָס שרייט אַרויס פון דעם יונגנמאַן, און ער האָט אומאַנגענעם זיך דעריבער געפילט, וואָס ער, ביי זיך אַליין, האָט נישט מער דעם גלויבן פאַר אַן אידעע און האָט נישט געפילט די וויכטיקייט דערפון. ער האָט איבער זיך אַליין פאַרדרוס געהאַט, ווייל דער פאַבריקאַנט האָט זיך געהאַלטן פאַר אַ מענטש, וואָס האָט דערגרייכט, — צוזאַמען מיט זיין דערפאָלג, — די העכסטע מענטשלעכע טוגענדן. און וויפיל זיין אייגנליבע האָט אים נישט פאַרשטעלט די אויגן, האָט ער דאָך דערזען די נאַקעטקייט, אין וועלכער ער שטייט, און ער האָט מיט איינמאָל דערפילט אַן עלעגישע טרויערדיקייט און אַ בענקשאַפט נאָך אַ גלויבן אין אַ זאַך, ווי עס האָט דער יונגערמאַן, וואָס זיצט קעגנאיבער אים.

— און וואָס וועט זיין, אַז די וועלט וועט אייך נישט צולאָזן? — האָט דער פאַבריקאַנט געפרעגט מיט אַ באַהאַלטענעם להכעיס־שמייכל אין זיינע ווייכע ליפּן.

— און זאָל אונדז טאַקע באַשערט זיין אונטערצוגיין, וועלן מיר די וועלט מיטשלעפּן מיט אונדז!

— ווי אַזוי?

— פּשוט: יעדע ענערגיע זוכט זיך אויס איר אויסוועג פאַר טעט־טיקייט. נוצט מען זי נישט אויס פאַר אַ בויענדע — פאַרוואַנדלט זי זיך אין אַ ווילדע, צעשטערנדע קראַפט, — זאָגט מירקין מיט אַ שמייכל.

וועגן די זאַכן האָט דער פאַבריקאַנט נישט געוואָלט הערן, זיי האָבן אים דענערווירט. און עס איז אים אויך נישט געפעלן מירקינס שמייכל־כעלע דערביי. דעם שמייכל דערפילט ער הינטער זיין רוקן, אפילו דורך די פאַרהאַקטע פענצטער פון זיין קאַבינעט, וואָס שיינט אַרויס צו אים פון דער פאַבריק — דורך דער וואַנט אַדורך...

— נו, אויף היינט וועט עס דערווייל גענוג זיין. — מיר וועלן שפּעטער פאַרענדיקן אונדזער שמועס. ווילט איר נישט אָנקוקן זאַוויע־

רוכאָוו? איר וועט האָבן וואָס צו זען. דערנאָך וועלן מיר פאַרענדיקן אונ־דזער שמועס. אפשר וועט זיך עפּעס לאָזן מאַכן. — און ער האָט אָנ־געקלונגען אין זיין פּריוואַטן טעלעפאָן.

ס׳האָט זיך באַוויזן אַ הויכער שלאַכטשיץ, אַ מאָגער פּנים מיט אַ מאָנאָקל אין אָן אויג, וועלכן דער פאַבריקאַנט האָט געהאַלטן ספּעציעל פאַר רעפּרעזענטאַנץ־צוועקן.

— באַקענט זיך. דאָס איז כראַביע זאַריצקי, אונדזער סוב־אינטענ־דענט, — זאָגט דער פאַבריקאַנט אין אַ גלייכגילטיקן טאָן, און נעמט דערביי אַ פּאַפּיר פון זיין טיש און גראָבט־איין זיין פּנים אין דעם.

— פּאַניע כראַביע, איר וועט אַזוי גוט זיין וויַיזן אונדזער באַזוכער זאַוויערוכאָוו. אַלצדינג וועט ער, פאַרשטייט זיך, נישט קאָנען זען, — זאָגט דער פאַבריקאַנט מיט אַ זעלבסטצופרידענעם שמייכל, וואָס ער האָט ווי אַ חסד געשאָנקען דעם כראַביע, אַרויסנעמענדיק זיין פּנים פון־נעם פּאַפּיר. — נאָר די צוויי וויכטיקע אָפּטיילונגען וואָלט איך מיר גע־וווּנטשן, אַז ער זאָל באַזוכן: די שפּינערייען און די מאַשין־גיסעריי. און איך וויל דערנאָך אַ באַריכט הערן. גוט אַזוי? — האָט ער מיט אַ לייכטן שמייכל צוגעלייגט, וואָס איז באַלד פאַרלוירן געוואָרן אין דער ערנסט־קייט פון זיין באַגראָטער באָרד, און האָט איינגעגראָבן זיינע אויגן ווידער אינעם פּאַפּיר, וואָס ער האָט געהאַלטן פאַר זיין פּנים מיט זיין ווייסער, דעליקאַטער, ציטערנדיקער האַנט.

## קאַפּיטל 8

# די אייזערנע שטאָט

איבער אַ גרויסן פלאַכן שטח ליגט אויסגעשפּרייט אַ שטאָט. דער מיטלפּונקט איז דער ברייטער פּלאַץ, וווּ עס הויבן זיך אויף די גרויסע קוימען־טורעמס פון די אויוונס. אָרים זענען די גאַסן, לאַנגע, אומהיימ־לעכע; נישט קיין בלעטל גרינס, נישט קיין קינדער־שטים, נישט קיין ווייבלעכער שאָטן זעט זיך אין די גאַסן — ערנסט שטייען די פאַרקאַלכ־טע הייזער, אַלע אָפּגעפאַרבט אין איין רויטלעכן אוניפאָרם־קאָליר. נישט

קיין מענטשלעך לעבן הערט זיך פון זיי, נישט קיין הויזלעכע היימלעכ־קייט קוקט אַרויס פון די פענצטער און טויער. — די גאַנצע שטאָט איז צוגעדעקט מיט אַ דינעם קאַלך־שטויב, ווי נישט צעגאַנגענער שניי. אין דער לופט פּילט זיך אַ זויערער קראַכמאַלענער קאַרבאָל־גערוך פון בלייך־הייזער אַרויס.

קיין מענטשלעכע שטימען הערן זיך נישט אין דער ריזיקער פּוס־טער שטאָט. דערפאַר אָבער איז דער גאַנצער חלל פאַרנומען מיט אומ־מענטשלעכע שטימען פון אומגעזעענע חיות, — וואָס שטייען ערגעץ־ווו געפאַנגענע אין שטייגן. אַ באַשטענדיק אומהיימלעך טיק־טאַק־אָטעמען פון ווייט־געלעגענע מאָטאָרן, אַ סווישטשען פון אָפּגיסנדיקס זודיקס. אַ באַשטענדיק אַרבעטן פון איבערוואַנדלדיקע וואַסערן אין פאַרעס. אַ רוישן פון איבערגעפּילטע קעסלען — אַ קלאַפּן פון די אייזערנע וואַגאָנדלעך פון די טראַנספּאָרט־באַנען. אַ כאָרכלען פון די קייטן־גאָרגלען פון די „הויב־האָקנס", וואָס טראָגן באַלן פלאַקס ווי קינדער־שפּילן, און צעפירן זיי אין ערטער וווהין מען באַדאַרף, אַ פייפן פון די הויכע קעסל־טורעמס. אַזוי ווי די שטאָט וואָלט באַוווינט געווען פון אויסטערלישע, נישט די־וועלטיקע אייזערנע ברואים, וואָס אָטעמען מיט קיימענע לונגען און באַוועגן זיך מיט אייזערנע הענט און פיס...

צוערשט האָט מען מירקינען באַוויזן די מאָטאָרן־אָפּטיילונג, וואָס זייער אויפגאַבע איז געווען צוצופירן פון דער צענטראַלע עלעקטרישע כוחות צו די וועב־מאַשינען. ווי אייזערנע הינט זענען געלעגן אין לעבער איינגעשפּאַנט די מאָטאָרן און אויף אַ מענטשנס באַפעל, וואָס איז גע־שטאַנען איבער זיי — אַ באַלעדערטער און באַאיילטער — האָבן זיי גע־האַלטן אין איין דרייען די לעדערנע פּאַסקעס ווי בלינדע שמשונים — די מיל־שטיינער. לאַנגע קאָרידאָרן האָבן זיך געצויגן מיט די פאַרשקלאַפּטע אייזערנע הינט, צוגעשפּאַנט צו זייערע אייביקע רעדער, וואָס האָבן גע־טון זייער אַרבעט מיט אימפּעט, מיט געיעג — אָן אָפּשטעל, אָן אָטעם־כאַפּ. פאַרשאָלטענע געשמיסענע הינט. אַרום זיי האָבן זיך געדרייט די באַלעדערטע מענטשן ווי אָקסן־אָנטרייבערס, ווי וועכטער איבער געפאַנ־גענע, מיט גרויסע קאַנען שמיר־איילן, און דאָ און דאָרט אַ פאַרחלשטן מיט אַ טראָפּן דאָס חיות דערכאַפּט.

פון דעם מאָטאָרן־קאָרידאָר צו די גרויסע וועבער־האַלעס האָבן זיך

געצויגן — פאַרוואָרפן איבער די בעלקעס — לעדערנע פּאַסקעס און אָנגעטריבן די וועב־מאַשינען. די אייזערנע בראָאים זענען געשטאַנען, די פּעל אַראָפּגעצויגן פון זיך, מיט זייערע אינגעווייניקס אין דרויסן, און מען האָט געקאָנט זען דעם גאַנצן געבוי פון זייער דעליקאַטן מעכאַניזם, — זייערע מעטאַלענע שפּרונג־נירן, דעם געוועב פון זייער „נערוון־סיסטעם”. שטאָלענע און דראָטענע מוסקולן האָבן זיך געצויגן פון אַ פאַרבאָרגן האַרץ און האָבן אָנגעפירט מיט די באַוועגונגען פון די אבֿרים. און אבֿרים האָבן זיי געהאַט ווי מענטשן, נאָר מיט פאַרצענפאַכטע טעטיקייטס־מעגלעכקייטן.

פון צייט צו צייט האָט אַזאַ אומהויטיקער מאַשינען־קערפּער אויסגעצויגן — ווי אויף קאָמאַנדע — מיט אַ פּוילנדיקער לאַנגזאַמער באַוועגונג, אייזערנע אָרעמס מיט צענדליקער פינגער. אויף זיין יעדן פינגער־נאָגל האָט געהאָנגען אַ קוים־אָנזעענדיקער דעליקאַטער העקל, מיט וועלכן ער האָט אויפגעכאַפּט דעם אומאויפהערדיקן פאָדעם־שטראָמל, וואָס די מאַשין האָט געהאַלטן אין איין אַרויסציען פון אירע בעבעכעס. דער אָרעם האָט זיך געגעבן אַ מענטשלעכן באַוועג און די פינגער אַ בויג, און די העקלען האָבן פאַרקניפּט דעם פאָדעם, פאַרבונדן אים מיט די „אויגן” פון דעם גאַנצן לייוונט־געוועב, וואָס עס האָט געהאַלטן אין איין שפּייען פון זיך, ווי אַ גרויסע, טויזנטפאַכיקע שפּין, דער אָפּגעשונדענער אייזערנער גוף. דער מענטש, וואָס איז געשטאַנען נעבן אים, איז נאָר געווען זיין באַדינער, כדי אים אָפּצוהיטן ווי אַן אָפּגאָט... ווי כוהנטעס האָבן די בלייכע מיידלעך געהאַלטן אין איין צוטראָגן שפּאָלערס ביינוולעסן פאַר דער מאַשינס מאָגן, געהאָלפן פאַרקניפּן אַ פאָדעם, וואָס איז צופעליק איבערגעריסן געוואָרן דורך דעם גאַנג פון דער מאַשינס קאָמפּליצירטן מעכאַניזם. פאַר איר — פאַר דער מאַשין — איז געשטאַנען איר כוהן־גדול, דער מייסטער, וועלכער האָט נאָר פון צייט צו צייט מיט דער ערנסטקייט פון עבֿודה גלייכגעמאַכט דעם „פאַך”, קאָנטראָלירט אַ שרייפל, אָפּגעווישט מיט אַ טוך — ווי אַ געטרייע מוטער — דעם אייל־שווייס, וואָס האָט אַרויסגעזעצט פון דער מאַשינס פאַרבאָרגענע גערעדרים, אָדער אַ שטרענגן בליק געוואָרפן צו דער כוהנטע — צו דעם מיידל, וואָס האָט אים באַדינט, — צי זי טוט איר אַרבעט בשלמות.

אַזוי האָבן זיך געצויגן די אייזערנע אומהיימלעכע קערפּערס, וואָס

באַשטייען בלויז פון מעטאַלענע גערעדים, איבער האַלעס און האַלעס, שטאַקן און שטאַקן, הייזער און הייזער. איינס נאָכן אַנדערן זענען זיי געשטאַנען ווי אויסגעמושטירטע סאָלדאַטן. און ווען מירקין האָט דער־זען ווי די מעכאַנישע באַשעפענישן שטרעקן אייניצייטיק, — לויט אַ קאָ־מאַנדע — זייערע דאַרע אייזערנע אָרעמס, — איז אים אַ שווינדער אַדורכ־געגאַנגען איבער די ביינער. דער מענטש, דער אַרבעטער — איז געווען דאָ די טויטע מאַשין; די מאַשין — דער מענטש.

אין אַלע אָפּטיילונגען האָט ער געזען ווי אייזערנע פינגער פירן־אויס די איידעלע, קאָמפּליצירטע מענטשלעכע אַרבעט — און דער מענטש שטייט נאָר נעבן דער מאַשין, כדי זי צו באַדינען.

אין די שפּין־פאַבריקן האָט ער געזען, ווי הונדערטער אייזערנע פינ־גער גראַבלען זיך אַריין אין באַלעמס ביינוול און ציען אַרויס פון דאָרטן פעדים, פירן זיי אַליין אַדורך דורך זייערע אייגענע גערעדים, וואָס אַמאָל דינער, דינער — ביז זיי באַווייזן ענדלעך די גרויסע קונץ־שטיק — און לאָזן דעם פאָדעם אַדורכלויפן דורך אַ פייערדיקן פלעמל, כדי אָפּצוסמאַ־ליען די קוים מיטן אויג צו דערכאַפּן הערלעך אויפן דרים. דער פאָדעם ציט זיך אַדורך דורך אַ פייערל און אַליין ווערט ער נישט פאַרברענט... אויוונס האָבן געפלאַקערט ווי גיהנומדיקע פייערן און באַגאָסן מיט רוי־טע פלאַמענדיקע ליכט מענטשלעכע פּנימער און גלאַנצנדיקע, פון שווייס אויסגעשמירטע, נאַקעטע לייבער. מענטשן האָבן נישט דערוועגט צו גיין נאָענט פון דעם ברענענדיקן גיהנום, און אייזן־שלעפּערס האָבן מיט אַ קייטן־כאָרכל אַראָפּגעלאָזט אייזערנע אָרעמס אין פייער אַריין, אָנגע־כאַפּט מיט זייערע צוואַנגען־הענט אַ גליענדיקן שטאַנג, וועלכער האָט געשפּריצט מיט פונקען־צונגען, צוגעטראָגן זיי צו אַ ווערקשטעל, אַרום וועלכן די אייל־גלאַנצנדיקע מענטשן־לייבער האָבן ווי מילבן געקליבן זיך.

אין די בלייך־הייזער האָט ער געזען ווי די שטראָמען לייוונט קומען־אָן אַריינצוגיסן זיך פון די וועב־הייזער און וואַרפן זיך קאַסקאַדיש, ווי פאַלנדיקע טייכן, אין די אומהיימלעכע קאַלך־באַליעס, אין די קראָכמאַל־טונען — און פון דאָרט וויקלען זיי זיך אַליין אַרויס — און גייען צו די טריקן־הייזער, קריכן אין די פּרעס־מאַשינען. אַזוי האָט זיך דער שטראָם לייוונט געהאַלטן אין איין גיסן אָן אויפהער, אָן אָפּהאַלט... ווי זיי וואָלטן געוואָלט די וועלט פאַרטרינקען אין לייוונט...

מעכטיק־ריזיש האָט אויסגעזען די מאַשין, אָרים און קליין די מענטשן, די ווי פון שוויים גלאַנצנדיקע מילבן, וואָס קריכן אַרום די מאַ־שינען. אין די בלייך־שטובן האָט ער געזען מענטשן־לייבער, וואָס זענען פון די כעמישע שטאָפן וואַטעוודיק געוואָרן, באַצויגן מיט אַן אומנאַטיר־לעכער בלויקייט. איינגעשרומפּן, ווי זיי וואָלטן געווען געמאַכט אויס דעם זעלבן שטאָף, וואָס די לייוונט. די לייבער פון די גוס־אַרבעטער זע־נען געווען באַשפּרינקלט מיט שרויט־שפּריצן, באַגאָסן מיט אַ מעטאַלע־נעם שוויים. ווי גליענדיקע ווערים האָבן זיי אויסגעזען ביי די פלאַמענ־דיקע אויוונס, ביי די כאָרכלדיקע הענגערס. ווי נישטיק זענען די באַדין־מיידלעך געשטאַנען אַרום די פליסיקע, אַרבעטזאַמע שפּאָלער־מאַשינען און וועב־אָרעמס!

מירקינען האָט זיך געדאַכט, אַז ער איז פאַרוואָגלט געוואָרן אין אַ פאַנטאַסטישער, פאַרכשופטער שטאָט, וווּ עס לעבן אויסטערלישע ברוי־אים. טויזנטער מענטשלעכע לעבנס און ענערגיעס, פאַרשטאַנד און גע־פיל זענען דורך אַ כשוף־שפּרוך אַרויסגענאָגט געוואָרן פון לעבעדיקע קערפּערס און אַריינגעשפּריצט געוואָרן אין טויטע אייזנס. די דאָזיקע אייזנס האָבן אָרעמס, פינגער, אויגן און שכל — און טוען מענטשלעכע אַרבעט. און דער מענטש שטייט אַ פאַרשטיינערטער נעבן זיי. דער מכשף איז דאָרט יענער חסידישער יידל, וואָס זיצט מיטן רוקן צו דער וואַנט פון זיין ביוראָ ביי די אייזן־פאַרהאַקטע לאָדן, באַלויכטן נאָר מיט עלעק־טרישער ליכט, אין אַ שטענדיקער מורא, אַז ס'זאָל נישט עפּעס קומען צעפליען צו אים פון הינטן. ער באַווייזט זיך קיינמאָל נישט אויף דער ליכטיקער שיין, אויס מורא פאַרן גולם, וואָס ער האָט אַליין געשאַפן.

און צו דעם מכשף איז ער געקומען בעטן פאַר זיינע ברידער: נאַ, נאַ דיר לייבער, מענטשלעכע הערצער. ציִ־אַרויס פון זיי דאָס היות און בלאָז עס אַריין אין נייע מאַשינען.

נישטיק און קליין, איינצל און פאַרלוירן האָט גאָר אויסגעזען דער מענטש אינעווייניק ביי דער מאַשין. באַלד אָבער האָט ער דערזען דעם מענטש אין זיין גאַנצער קראַפט און באַדייטונג.

פון די קוימענס האָבן זיך געשניטן פייפן. עס איז געקומען די שעה פון אָפּלעזונג. פון אַלע טירן און טויערן האָבן אָנגעהויבן צו שטראָמען מענטשן און אָנגעפילט די גאַסן פון דער פאַבריק־שטאָט, ווי אויף אַ

זונטיקדיקן מאַרק. דורך דעם גרויסן אייזערנעם פאַבריק־טויער, אַרום וועלכן עס שטייען די היטערס און נאַכט־וועכטערס — גיסן זיך אַריין נייע שטראָמען מענטשן פון דער גאַס. מענלעכער און ווייבלעכער כוח טרעפן זיך און מיידן זיך אויס. איינע אַריין, די צווייטע אַרויס.

עס זעגן נישט מער קיין וואַטעווּדיקע לייבער, קרענקלעכע, בלויע, איינגעשרומפּענע פון די בלייך־הייזער אַרויס, מילבן־פיגורן פון די גי־סערייען. עס איז אַ שטראָם פון מענטשלעכן כוח און ווילן. אין אים ליגט די מעגלעכקייט פון אַלעם. פאַר אים איז אַלץ געשאַפן — און ער האָט איבער אַלעם צו באַפעלן. מיט זיין ווילן שלאָגן די מאָטאָרן, דרייען זיך פּאַסקעס איבער רעדער, ציען אויס די טויטע מעכאַניזמען זייערע בלייערנע, קנאָכנדיקע אָרעמס, הייבן די שלעפּ־האַקנס מיט זייערע צוואַנ־גען-הענט דאָס אייזן פונעם פייער. און אַז ער וויל, זענען דאָס בית־עולמס, די מאַשינען — מעכאַנישע בר־מננס, און דאָס גאַנצע כשופדיקע שפּיל, וואָס דער מכשף האָט דאָרט אויסגעטראַכט, צעפאַלט זיך ווי אַ קינדער־שפּיל. דאָס איז דער אמתער, לעבעדיקער, באַוועגלעכער, דענ־קענדיקער כוח, מיט ווילן באַשאָנקען, מיט נשמה איינגעטיילט.

ער האָט געמוזט קלערן וועגן די איינגעהויקערטע קערפּערס פון די יידישע וועבער־אַרבעטער. ער האָט זיי געזען זיצן ווי געפאַנגענע, איינ־געוועבטע אין „פּאַך" פון „אויסגעשפּאַנטן בוים", אַזוי ווי פגרים־דיקע פליגן אין שפּינען־געצן, און זיי אַנטקעגנגעשטעלט דעם כוח, וואָס האָט זיך באַוויזן פאַר זיינע אויגן.

זיין האַרץ איז איינגעשנורט געוואָרן אויס רחמנות. מען האָט אין זיי פאַרגעסן. און עס האָט זיך אים אויסגעדאַכט, אַז נישט נאָר בלויז די יידישע וועבערס פון לאָדזש זיצן דאָרט, צום אונטערגאַנג פאַראור־טיילטע ביי זייערע וועב-שטולן, נאָר דאָס גאַנצע יידישע פאָלק איז מיט זיי געפאַנגען. אָט אין די וועב־פאַכן. דאָס גאַנצע יידישע פאָלק איז אָנ־געשמידט צום האָלצערנעם וועב־שטול, דאָס גאַנצע יידישע פאָלק זיצט דאָרט פאַרגעסן — פאַראורטיילט צום אונטערגאַנג...

מיט קנאהדיקע אויגן האָט ער געקוקט אויף דעם מענלעכן און ווייב־לעכן כוח, וואָס האָט זיך געגאָסן פון דער פאַבריק אויף דער גאַס — און אויף דעם שטראָם צוריק. בחנם האָט ער געזוכט צווישן די פּנימער אַ פּנים פון זיינע ברידער.

ער האָט גאָרנישט געהאַט קעגן די מענטשן. פאַרקערט, ער האָט באַגלייט זייערע טריט מיט ברכות און הארציקייט. עס איז דער גאַנג פון די געלעכטע און די מעכטיקע. אָבער ער האָט זיך נישט געקאָנט באַפרייען פון דעם קנאה־געפיל, וואָס האַלט אים ארומגענומען אויף זיי. אַלץ געהערט זיי: דאָס פעלד אין דרויסן, סיי ווינטער, סיי זומער; דער אַקער און דער סערפּ, די בהמה אויף דער לאָנקע, דער גרינער וואַלד, די פליסנדיקע טייכן, און אויך די גרויסע, שטומע מאַשינען. זיי האָבן צו באַפעלן איבער די מאָטאָרן, איבער די מעכטיקע, גבורות־ווייזנדיקע גיסערייען, איבער די איידעלע וועבערייען, איבער די שפּינערייען. אַלץ באַלאַנגט צו זיי! פאַר אונדז האָבן זיי איבערגעלאָזט די נאַקעטע, הפקרדיקע גאַס, אויף יענער זייט טויער.

דאָס האַרץ איז אים אויפגעפּרעסן געוואָרן פון קנאה, און מער ווי פריער נאָך האָט אים אָנגענומען דער ווילן — מיט אַלע חושים אריינצופּלעכטן אונדזער לעבן אָט אין דעם וועלט־כוח.

אַז מירקין איז אַריינגעקומען צום פאַבריקאַנט, זיך מיט אים געזעגענען, האָט ער אים ווידער געטראָפן, ווי דאָס פריערדיקע מאָל, זיצן הינטער זיין גרויסן שרייבטיש. ערשט איצט איז מירקינען אויפגעפאַלן דאָס עלעקטרישע ליכט, און די נאַכט, וואָס הערשט אין זיין קאַבינעט (ער האָט עס גאָרנישט פריער באַמערקט). די לאָדן זענען פאַרמאַכט מיט אייזערנע שטאַנגען און זיין פּנים — באַלויכטן פון דעם גרינעם עלעקטרישן באַשיינער — האָט אָנגענומען אַ פאַרמעט־קאָליר. זיינע אויגן זענען געזעסן נאָך טיפער אין די אויגן־לעכער ווי דאָס פריערדיקע מאָל און זענען געווען אויסגעקערט מיט זייער זעענדיקער זייט אין אים. דער פאַבריקאַנט האָט אים אויפגענומען מיט אַ ווייך שמייכעלע אויף זיין האַלב פאַרקרימטער ליפּ, גלעטנדיק זיך מיט דער איידעלער האַנט איבער דער באָרד — האָט זיך מירקינען אויסגעוויזן, אַז עס זיצט קעגנאיבער אים נישט קיין מענטש, נאָר עפּעס אַ מיסטישע פּערזענלעכקייט; אַ כשופמאַכער אַזעלכער, וואָס האָט געלאָזט אַ גולם גיין אין גאַנג, און ער האָט מורא איצט, אַז ער זאָל נישט דערגיין צו אים... און מיט זיין גאַנצער מעכטיקייט האָט ער אַרויסגערופן צו זיך אַ רחמנות־געפיל, ווי מען פילט צו אַ מענטש, וואָס טראָגט אַ פאַרבאָרגן אומגליק.

נאָכדעם ווי ער האָט זיך נאָכגעפרעגט ביי מירקינען וועגן דעם

איינדרוק פון זיין באַזוך אין זיין פאַבריק־שטאָט — האָט ער זיך צו אים אָנגערופן:

— איך האָב זיך — דורך דער צייט, וואָס איר האָט באַזוכט מיין פאַבריק — איבערגעלייגט. איך האָב שטענדיק געמיינט, אַז דער ייד איז צו עפּעס העכערס באַשאַפן געוואָרן, ווי צו זיין אַ משרת ביי אַ מאַשין. איך האָב געמיינט, אַז יעדער ייד איז אַן אייגענע מאַשין אַליין. איר פאַרשטייט מיך? נאָר אייערע ווערטער האָבן מיך נישט געלאָזט אָן אַן איינדרוק. אין אונדזערע פאַבריקן, וואָס מיר האָבן געשאַפן — איז אוממעגלעך אַדורכצופירן אייער פּלאַן. עס הענגט נישט אין אונדז אָפּ. מיר זענען אויך נישט מער ווי באַדינער פון מאַשינען. הכלל, איך בין אָבער גרייט זיך צו פאַראינטערעסירן וועגן אַ ספּעציעלער פאַבריק, וואָס זאָל באַשאַפן ווערן אויסשליסלעך פאַר יידישע אַרבעטער, מיט שבת־רו טאָגקע, — ווען איר, אָדער אייער פאָטער וועט שאַפן דעם נייטיקן קאַפּיטאַל דערצו. איך קאָן נאָך איצט נישט זאָגן, אונטער וואָס פאַרא באַדינגונגען, דאָס וועט באַדאַרפן ווערן אויסגעאַרבעט דער פּלאַן און סדר. נאָר ווען אייער פאָטער וועט זיך וועלן פאַראינטערעסירן מיט אַזאַ ענין — בין איך גרייט צו שענקען דערצו מיינע דערפאַרונגען, און מיין ענערגיע, — און איך האָף —

מירקין האָט פאַר באַגייסטערונג נישט געלאָזט אים ענדיקן. ער האָט אָנגעכאַפּט דעם פאַבריקאַנטס האַנט און מיט גלאַנצנדיקע אויגן, — ווי ער וואָלט דערזען אַ רעטונג — אויסגערופן:

— פּאַפּעשקע וועט זיך געוויס פאַראינטערעסירן, — איך קאָן אים — און איר וועט באַשאַפן. — איר ווייסט וואָס דאָס הייסט? איר ווייסט? — מיר וועלן ווערן אָנגעשלאָסן אינעם כוח פון דער וועלט...

## קאַפּיטל 9

# פון זון צום פאָטער

נאָך דעם זעלבן אָוונט האָט ער געשריבן צו זיין פאָטער:

„פּאַפּעשקע!

„אין אַ מינוט פון משוגעת האָב איך דיך באַליידיקט: אין אַ מינוט

פון אן אָנפאַל, וואָס דיין טאַט האָט אַרויסגערופן ביי מיר. אָבער וואָס איז אַ מאָמענטאַלער, אַ דורכגייענדיקער, אויפפלאַמענדיקער אויסברוך קעגן די תמיד־דויערנדיקע, איינגעוועבטע געפילן, וואָס זענען איבערגע־געבן דורך ירושה פון דורות אין מיין בלוט?

„פּאַפּעשקע, פאַרגעס, אויב דו קאָנסט עס. אַז נישט, דענק נישט אָן דעם איצט. איצט, איך בעט דיך, ווען אַלץ, וואָס איז געשען דאָרט אין פּעטערבורג, איז אַזוי ווייט, אַזוי ווייט פון מיר און גייט מיך נישט אָן און געהערט נישט מער אין מיין לעבן. דאָס קליינע, ענגע ראָד פון מיין איינגענעם איך, אין וועלכן איך האָב געלעבט, האָט געהאַט פאַרשטעלט פאַר מיר אַלצדינג, וואָס עס טוט זיך אויף דער וועלט, און טויזנטפאַך פאַרגרעסערט, וויכטיק און ערנסט געמאַכט יעדע קלייניקייט פון מיין איינגענער נישטיקייט. יעדעס שטויבעלע האָט מיר אויסגעוויזן ווי אַ באַרג. וואָס שטייט אין מיין וועג, פאַרפילפאַכט די סכנות. ווי קליין און נישטיק זעט דאָס אַלץ אויס ביי מיר! דאָס, וואָס עס האָט זיך מיר אַמאָל גע־דאַכט, אַז דאָס זענען די ווענט פון דער קאַרעטע, אין וועלכער מיין לעבנס־וועג לויפט.

„ניין, פּאַפּעשקע. איך קאָן עס אָנרופן איצט ביים נאָמען, אָן האַרץ־קלאַפּן, אָן בלייך אָדער רויט ווערן. איך בין נישט בייז און נישט גוט אויף דיר איבער דעם שריט, וואָס דו האָסט געמאַכט. אַזוי האָט אוודאי באַדאַרפט זיין. און עס איז אַן ענין, וואָס געהערט זיך אָן בלויז מיט דיר. איך קאָן איצט מיט אַ ריין געוויסן, אָן יעדער ליידנשאַפט, נאָר בלויז מיט אַ נאַטירלעכן דראַנג, זען דיך גליקלעך, ווינטשן דיר דאָס בעסטע ביי דיין שריט. און דאָס זעלבע גילט אויך פאַר יענער פערזאָן. איך פאַר־זיכער דיך, אַז די געפילן, וואָס איך האָב שטענדיק פאַרמאָגט צו איר, זענען געווען פון די איידלסטע און ריינסטע, וואָס איך האָב געקאָנט גע־פינען אין מיר. און אַזוי איז עס אויך איצט. איך פאַרשטיי, אַז עס וועט איר זיין זייער אומאָנגענעם צו זען מיין פּנים. אַז נישט, וואָלט איך זיך געאיילט קיין פּעטערבורג און איר געצאָלט דעם כבוד און אַכ־טונג, וואָס קומט איר אַלס דער פרוי פון מיין פאָטער.

„איצט קאָן איך עס זאָגן, וואָרום איצט זע איך עס ערשט ריכטיק איין, אַז מיינע געפילן צו דער דאָזיקער פערזאָן האָבן קיינמאָל נישט באַ־לאַנגט צו יענע, אויף וועלכע מען איז אייפערזיכטיק. אַ חוץ פריינטשאַפט

און טיפע אכטונג, האָב איך קיין אַנדערע זאַך פאַר איר נישט פאַרמאָגט. איר אינטואַיציע האָט עס גלייך ארויסגעפילט. און עס איז געקימען דאָס, וואָס האָט געמוזט קומען — פאַרן גליק פון אונדז אַלע. זע, איך רעד דער־פון איצט גאַנץ אָפן, און איך פאַרזיכער דיך, אַז מיין האַרץ קלאַפּט נישט דערביי, און מיין פעדער ציטערט נישט. איצט קאָן איך עס זאָגן, וואָרים אויך פאַר מיר האָט דער גורל געהאַט אָנגעגרייט מיין טייל און דאָס — צווישן אַזעלכע מענטשן, אין אַזאַ קרייז, וואָס איך האָב נישט געקענט, און האָב גאָרנישט געוווּסט, אַז זיי עקזיסטירן.

„פּאַפּעשקע, ווינטש מיר גליק. איך האָב געפונען דאָס, וואָס איך האָב קיינמאָל דערפון נישט געחלומט, וואָס איך האָב געמיינט, אַז עס איז אויף שטענדיק שוין פאַרשלאָסן פאַר מיר. איך האָב געפונען מיין לעבנס-פרייד. איך בין פול מיט ענערגיע און ווילן. איך פיל אַזוי ווי איך וואָלט ערשט איצט אויפגעוועקט געוואָרן פון אַ פינצטערער נאַכט, וועל־כע האָט מיך געהאַלטן אין איר שויס פון מיין קינדהייט אָן. איך זע ווי קינדיש און שוואַך איך בין געווען. פאַרגעס נישט, פאָטער, מיין דער־ציאונג, מיין שטענדיקע מוטער־בענקעניש: עס האָט געהאַט פאַלגן. בהנם איז געווען אייער וועקן: „ציים אַ מאַן צו זיין". איך האָב מורא צו זאָגן, אַז איך בין קראַנק געווען. איך פאַרטרוי עס פאַר דיר. איך האָב געמיינט, אַז דאָס געפיל, דער פּראָסטער, נאַטירלעכער אינסטינקט פון מאַן צו ווייב, וואָס די נאַטור האָט באַשאָנקען דערמיט יעדעס לעבן, איז פאַרשלאָסן פאַר מיר אויף אַלע אייביקייטן; אַז צוליב מיין מוטערלאָזער קינדהייט, אָדער צוליב אַן אַנדער סיבה. עפּעס איבער אַן אומפאַרגאַנגענער זינד, ליגט אַ שטענדיקע קללה אויף מיר, וואָס בינדט מיר די הענט און די פיס, ציט אַ בלינד הייטל איבער מיין האַרץ און לאָזט נישט דערצו צו די שטראַלן פון מענטשלעכער פרייד... ווי נאָענט בין איך געווען צום טויט! וויפיל מאָל האָב איך צוגעוואַנדערט האַרט צו זיין גרעניץ! און ווען איך האָב נישט געמאַכט דעם לעצטן שריט, איז עס נישט געווען דערפאַר, ווייל עס האָט מיך עפּעס צוריקגעצויגן אין לעבן אַריין, נאָר פּשוט אויס געמיינער פחדנות, אויס קינדישער שוואַכקייט און אומבאַהאָלפנקייט. איצט בין איך געזונט. איך קאָן עס אָפן זאָגן און שרייען אין דער וועלט אַריין: „איך בין געזונט!" איך פיל עס אין מיר. איך בין פול מיט לעבנס־פרייד, איך פאַרנעם די אַלע ניואַנסן פון פליסנדיקער פרייד. מיין האַרץ,

מיינע נערוון, מיינע אינסטינקטן און געפילן וויברירן, ציטערן־אויף, קוואלן זיך ביי דער באַרירונג מיט מענטשלעכן לעבן. איך בין פול מיט ענערגיע און שאַפונגס-לוסט. איך וואָלט, דאַכט זיך, וועלטן געקאָנט אי־בערקערן. יאָ, איצט זע איך, אַז איך בין קראַנק געווען, און איך בין גע־זונט געוואָרן. זע, פאָטער, ווי אָפן איך בין מיט דיר. און מיין געזונט האָב איך געפונען דאָרט, ווו איך האָב געפונען דעם אינהאַלט פון מיין לעבן, די אידעע פון מיין זיין, דעם שטאָף פאַר מיין שאַפונגס-וועזן — צווישן די אומגליקלעכסטע פון די אומגליקלעכע, צווישן די פאַרלאָזנסטע פון די פאַרלאָזענע — צווישן די יידישע מאַסן.

מיין נישט, פאָטער, אַז מיין גליק איז בלויז אַן אידעע. עס באַשטייט פון אַ רעאַלער זאַך — אין אַ מיידלשן דינעם קערפּער, וואָס פאַלט־אַרויס פון אַ קליידל, אין אַ פּאָר גרויסע שוואַרצע אויגן און האָר איבערגעלייגט איבער די אויערן; אין מיידלשע רונדע אַקסלען, און אַלע אַנדערע זאַכן, וואָס באַלאַנגען דערצו. זיי מוחל, פאָטער, פאַרן ציניזם. דו וואָלסט זיך עם קיינמאָל נישט געקאָנט פאָרשטעלן, אַז אַזאַ קליינע, פּיצלדיקע צאַפּל־קייט זאָל פאַרמאָגן אַזוי פיל פרייד און זאָל קאָנען אַרויסשטראַלן פון זיך אַזוי פיל גליק. פון וואַנען נעמט זיך עס? אָפטמאָל דאַכט זיך מיר, אַז אינעווייניק אין איר האָט זיך באַזעצט די פרייד, און זי גייט־אַרום און שענקט זי אַלע, וואָס רירן זיך אָן אין איר.

„די שטוב, פון וועלכער זי קומט, איז אָרים. אָבער זי איז ליכטיק, פאָטער. זי איז די שטוב פון די גערעכטע. דו קענסט נישט קיין פרייד, אויב דו קענסט נישט די דאָזיקע שטוב. אַזוי איז אויך די גאַס, פון וועל־כער זי קומט. דאָס לעבן, וואָס ווערט דאָרט געפירט, שלעפּט־אַרום דעם מענטש פונעם אייגענעם, קראַנקן, פאַרעיפּושטן מיסט־טאָפּ, אין וועלכן ער זיצט, און הויבט אים אויף צו שעפערישקייט. עס איז נישט דאָס קורצע, דורכגייענדיקע לעבן פון דער אייגענער נישטיקייט, נאָר עס איז דאָס אייביקע שעפערישע, דאָס אייביקע פליסנדיקע לעבן פון כלל. דאָס לעבן — כאָטש אַ קייט פון צרות — דערהויבט עס איבער די מאַטער־נישן דורך די פריידיקע דערגרייכונגען...

„צוזאַמען מיט מיין גליק האָב איך געפונען מיין אידעאַל, אָדער דורך דעם אידעאַל — מיין גליק. דאָס זענען די יידישע מאַסן. פאָטער! איך וויין צווישן נויט און יידישער פאַרלאָזנקייט, אָבער אין דער נויט

איז דאָ די פרייד. און פון דאַנען קוק איך אַרויס, און איך זע די אומפּאַר־געבלעבע עוולות, וואָס די וועלט באַגייט קעגן אונדז. און מער פון אַלע — מיר אַליין. די, וואָס האָבן געקענט און געדאַרפט באַגרייפן וואָס מיר זענען. די דאָזיקע זינד ליגט ווי אַ שטריק אויף אונדזער האַלדז. די ענד פונעם שטריק האַלטן די באַוואוסטע און געקרענקטע אין זייערע הענט, און זיי וועלן אַמאָל די שטריק ענג איבער די העלדזער פאַרציען... עס איז נישט קיין אָפּשרעקן, וואָס איך זאָג דיר — עס איז אַ נאַטירלעך געפיל, וואָס רייסט זיך אַרויס ביי יעדן איינעם, ווער עס פילט דעם צער, די נויט, און זעט-צו די פאַרברעכערישע גלייכגילטיקייט צו די נויטן פון די, וואָס קאָנען און וואָלטן יאָ געדאַרפט עפּעס טון. פּאַטער! די יידישע מאַסן ווערן טאָג־טעגלעך געגליט אויף די שייטערהויפנס. עס איז אַ לעבן פון איין לאַנגער קייט פון מאַטערניש, פון פאַרלאָזנקייט. מיין נישט, אַז איך וויל ווייזן אַ יאַקאָבינישע פויסט. אַזוי ווייט האַלט עס נאָך נישט מיט מיר. נאָר איך וויל דיר זאָגן, אַז לעבנדיק איצט צווישן דער אָרימ־קייט, צוקוקנדיק זיך צו זייערע טאָג־טעגלעכע מאַטערנישן, פאַרשטיי איך די ווילדע אויסברוכן פון אכזריותדיקע מעשים מצד די פאָלקס מאַסן אין אַ צייט פון רעוואָלוציעס און איבערקערענישן. זיי שטאַמען נישט פון פינצטערע, אומפאַרשטענדלעכע כוחות, וואָס רוען ערגעץ דאָרט אין די טיפענישן פון די מענטשן. עס איז נאָר אַ קליינער אָפּצאָל פאַר דעם לאַנגן, אומאונטערבראָכענעם נקמה־אַקט, וואָס די רייכע פירן־אויס קעגן די אָרימע טאָג־טעגלעך, דורך לאַנגע דורות, פון לאַנגע יאָרן.

„אָבער נישט די שרעק פאַר דער נקמה ברענגט מיך צו זיי. מיך האָט געפירט צו זיי מיין ליבע און אַ נויטוועדיקייט. — אַ נויטוועדי־קייט עפּעס צו טון, עפּעס צו געפינען אין לעבן — אָנבינדן זיך אין לעבן. און איצט בין איך צוגעבונדן צו זיי אויס דאַנקבאַרקייט. יאָ, אויס דאַנק־באַרקייט, ווייל דורך זיי בין איך אויסגעלייזט געוואָרן פון מיין נידער־טרעכטיק לאַנגווייליק לעבן. פּונקט ווי איך בין דורך מיין ליבע איים־געהיילט געוואָרן פון מיין קרענק. איך פיל, ווי מיין לעבן ווערט באַזאָפּ־מיקט און פול מיט אינטערעס און מוטיקייט, ווייל עס באַלאַנגט צו זיי. פאַר זייער וווילזיין — וויפיל איך קאָן און וואָס איך קאָן — וויל איך זיך אָוועקשענקען צו זיי. נישט פאַר זיי, נאָר פאַר מיין אייגן גליק. דורך זיי ווער איך דערלייזט.

„נאָך אַ לאַנגן און טיפן שטודירן די לאַגע פון אינעווייניק בין איך געקומען צו דער איבערצייגונג, אַז איינס פון די אומגליקן, וואָס איז באַפאַלן אונדזערע פאָלקס־מאַסן, איז דאָס, וואָס זיי זענען אַרויסגעשטופּט געוואָרן פון שעפערישן לעבן. זיי זענען פאַרגעסן געוואָרן און איבערגעלאָזט געוואָרן הינטערשטעליק: די ענערגיע, טאַלאַנט און די אויסערגעוועגלעכע שטרעבונגס־לוסט, מיט וועלכער עס צייכענען זיך אויס, אָן צווייפל, יחידים פון אונדז, קומען לחלוטין נישט צונוץ די יידישע מאַסן. ביי יעדן אַנדערן פאָלק ווערן אויך די אַרומיקע באַפרוכפּערט פון דער שאַפונגס־פעאיקייט, מיט וועלכער עס צייכענען זיך אויס יחידים. ביי אונדז טראָגן די באַגאַבטע אַוועק די ברכה פון זייער באַגאַבונג צו אַנדערע, און אונדזערע לאָזט מען ווייטער פוילן אין זייער פאַרגעסנקייט. איינע פון די הויפּט־אויפגאַבן דאַרף זיין לויט מיין מיינונג, געזונט צו מאַכן די יידישע מאַסן, ווי צום שנעלסטן זיי אָנצוקניפּן אין דעם פאָרשריטלעכן גאַנג פון וועלט־שאַפונג. מען מוז ווי צום שנעלסטן פון זיי מאַכן אַ שעפערישע קראַפט אומעטום, ווו זיי געפינען זיך. אַריינברענגען זיי אינעם כאָמעט פונעם וועלט־וואָגן, כדי זיי זאָלן אויך מיט דער צייט קאָנען קערעווען דעם וואָגן אויף זייער זייט. איך וויל דער דאָזיקער אויפגאַבע שענקען מיין גאַנצע טעטיקייט. איך בין נישט פעאיק צו קיין גרויסע זאַכן און איך צייכן זיך מיט גאָרנישט אויס, וואָס זאָל מיך אַרויסשטעלן פאַר אַ פירער. נאָר איך בין געקומען צו דער איבערצייגונג, אַז יעדער איינער פון אונדז קאָן מיט דעם ביסל מעגלעכקייט, וואָס ער פאַרמאָגט, צוהעלפן דער גרויסער זאַך. קליין אָדער גרויס — איך וועל טון מיין חוב, אין וועלכן איך געפין מיין אינהאַלט און מיין גליק. און אַ פאַבריק צו פאַרוואַלטן, גלויב איך, וועל איך זיין פעאיק.

„קאָנקרעט שטעלט זיך די זאַך פאַר אַזוי: איך וויל אויפעפענען אַ טעקסטיל־פאַבריק אין לאָדזש, אַ מוסטער־פאַבריק, וועלכע זאָל זיין אַ פאָרלויפער און העלפן אַריבערפירן יידישע אַרבעטער פון האַנט־וועבעריי צו דאַמף. עס געפינען זיך דאָ אין דער שטאָט טויזנטער און טויזנטער יידישע האַנטוועבער, וועלכע זענען פאַראורטיילט אונטערצוגיין צוזאַמען מיט זייערע וועב־שטולן, אויף וועלכע זיי אַרבעטן־אויס זייער סחורה מיט האַנט און פוס ווי אין מיטלאַלטער, צוליב דעם גאַנץ איינפאַכן גרונט, ווייל מען לאָזט זיי, אויס רשעות פון פרעמדע און צוליב דער גלייכגיל־

טיקייט פון די אייגענע, נישט צו צו דער דאַמף־אַרבעט, כאָטש אַ העלפט פון די דאַמף־פאַבריקן געהערן דאָ צו די יידן. אַלע זעען־צו, ווי אַ גאַנצע יידישע מאַסע פּלאָגט זיך אין שמוץ, אין נויט, און ווערן מיט יעדן טאָג אַרויסגעשטופּט פון די רייען פון אַרבעטנדיקע מענטשן אויף דער גאַס אַרויס, און זיי שווייגן. און די, וואָס אינטערעסירן זיך שוין יאָ מיט זייער גורל, זעען נאָר דעם טויטן פּרינציפּ און נישט דעם לעבעדיקן מענטש. כדי דורכצוברעכן די וואַנט פון גלייכגילטיקייט, מוז באַשאַפן ווערן אַזאַ דאַמף־פאַבריק, וואָס זאָל אויפנעמען יידישע אַרבעטער. דער פּלאַן איז נישט אַזוי פאַנטאַסטיש, ווי עס איז צו דערוואַרטן פון מיר. איך האָב זיך — צוליב דעם דאָזיקן צוועק — געשטעלט אין פאַרבינדונג מיט דער ערשטער פירמע אין לאַנד, וואָס דער הויפּט פון איר שטאַמט פון די פאַר־וואָרלאָזטע מאַסן. די זאַך ליגט אין געניטע, ערשט־קלאַסיקע הענט, וואָס האָבן דערגרייכט גרויסע רעזולטאַטן. עס מוז זיך דאָך געפינען פאַר מיר אַ געוויסע סומע געלט — די ירושה פון מיין מוטער, פון וועלכער דו פּלעגסט מיר אַמאָל זאָגן. איך האָב ביז איצט נישט געזען קיין אורזאַך, צוליב וואָס איך זאָל אויסנוצן דאָס דאָזיקע געלט. איצט גלויב איך, אַז דער פאָנד, ווי גרויס ער זאָל נישט זיין, און אפשר דיין הילף, ווען איך זאָל מיך דערוועגן צו האָפן, קאָן מיר שאַפן די מעגלעכקייט צו רעאַליזירן אַן אונטערנעמונג, וואָס וועט טון פיל נוטס פאַר אַנדערע, פיל מער נאָך, אַבער, פאַר מיר".

## קאַפּיטל 10

# אַ באַגעגעניש

איידער מירקין האָט פאַרלאָזט לאָדזש, איז אים נאָך אַמאָל אויס־געקומען צו זיין אין דעם קליינעם בית־המדרש, וואָס האָט זיך געפונען אויף זיין הויף. ער האָט נישט געליטן צוליב דער יידישער אמונה, ווי דער „זשאַבלינער" און אַנדערע, אַז ער זאָל טראָגן אַ באַזונדערן האַס. פאַרקערט, ער האָט זיך נישט געקאָנט באַפרייען, ווי יעדער נייער צוריק־געקומענער, פון אַ געוויסן פיעטיזם פאַר דער אוראַלטער אינסטיטוציע,

וואָס האָט דעם יידישן פאָלק דורך אַזוי פיל לאַנגע דורות קרבנות גע־קאָסט. אין די פאָרמען פון דער יידישער אמונה און אירע אינסטיטוציעס האָט ער דערזען אַ יידישע פאָלקסטימלעכקייט, וואָס האָט אים גע־רייצט מיט איר בולטער כאַראַקטעריסטישקייט פון יידישן שטייגער.

אין וואַרשע האָט ער קיין געלעגנהייט נישט געהאַט צו באַזוכן יידי־שע שולן און בתי־מדרשים. ער האָט דערפאַר אויסגענוצט די געלעגנהייט, וואָס עס האָט זיך אים געמאַכט אין לאָדזש, צו האָבן אַזוי נאָענט אונ־טער דער נאָז דאָס חסידישע בית־מדרשל. קיין שומרים האָט ער אויך איבער זיך נישט געהאַט, וואָס זאָלן שטיין איבער זיין נשמה. פלעגט ער אין די אָוונטן אריינקומען אומבאַמערקט אין דעם בית־מדרשל אריין, אַוועקזעצן זיך אין טונקלקייט און באַטראַכטן מיט אָפענע אויגן און אויערן אַלץ, וואָס קומט דאָרט פאָר, אַזוי ווי ער וואָלט געוואָלט אין זיך אויפנעמען די אַלע סודות פון דער יידישער נשמה, צו וועלכער ער האָט נישט באַקומען קיין צוטריט דורך זיין דערציאונג, און אַלץ וואָס ער האָט נישט געקאָנט פאַרשטיין פון יידישער פסיכיק, — איינזאַפּן אין זיך דורך דער אוממיטלבאַרער באַרירונג מיט איר.

ער האָט זיך אַוועקגעזעצט אין אַן אומבאַמערקט, פאַרשאָטנט ווינקל און צוגעקוקט זיך פון דערווייטנס צו די יידן און בחורים, וואָס זענען געזעסן ביי די אָפענע גמרות, געשאָקלט זיך אין עקסטאַז, אָדער געשמאָ־נען אין קופּקעס און גערעדט צווישן זיך. אָבער מער ווי צו די לעבעדי־קע יידן, האָט שטענדיק געצויגן זיין אויפמערקזאַמקייט צו דעם אַנדערן האַלבן בית־מדרשל, וואָס איז געלעגן אינגאַנצן פאַרבאָרגן אין פינצטער־ניש. אין דער פינצטערער נאַכט האָבן געטונקען זיך ווי זינקנדיקע שיפן איינצלנע ליכטער פונעם נר־תמיד פאַרן ארון־קודש מיט איין אָדער צוויי יאָרצייט־ליכט. די יאָרצייט־ליכט, וואָס האָבן געברענט פאַר נשמות פון געשטאָרבענע, האָבן נאָך מער פאַרוועבט דאָס ווינקל, אַזוי ווי די ליכט וואָלטן נישט געלויכטן מיט שיין, נאָר ארויסגעהויכט פון זיך פינצטער־ניש און געוועבט שאָטנס... מירקין האָט, ווי יעדער פרעמדער, דערפילט אַן אומפאַרשטענדלעכן פחד פאַר דער פאַרבאָרגנקייט, וואָס הילט־אַרום דאָס טונקעלע ווינקל, אַזוי ווי דאָרט, הינטער דער פאָרהאַנג פון שאָטן און נאַכט, וואָלט זיך פאַרבאָרגן דער גאַנצער מיסטיציזם פון דער יידי־שער אמונה. דאָרטן האַלט זיך אויף דער סוד פון דער יידישער נשמה,

דער גרעאַנגל מיט דעם מזל פון דער וועלט, וועלכן ער פירט פון ערשטן טאָג אָן.

געפילן און געדאַנקען, וועלכע זענען געלעגן איינגעוויקלט אין די פאַרבאָרגענע צעלן פון זיין בלוט, האָבן אויפגעוואַכט און זענען צוריק־געקומען צום לעבן אין אים, אָן זיין וויסן, ווי איבער זיין קאָפּ, — געפילן און געדאַנקען, וואָס ער האָט קיינמאָל נישט געהאַט. ער האָט זיך מיט איינמאָל דערשפירט אָנגעקניפּט צו כוחות, וועלכע גרונטעווען אין אומענדלעכע ווייטקייטן, אין די ערשטע אָנהייבן; כוחות, וואָס פליסן־אַרויס פון אַלטע ספרים, וואָס ער האָט פון זיי קיינמאָל נישט געלערנט; כוחות, וואָס ער האָט נישט געוווסט פון זייער עקזיסטענץ. ער איז אַ טראָפּן אין ים, און דער ים איז אומענדלעך; ער דערגרייכט ביז צו יענע אָנהייבן, ווו עס הייבן זיך אָן זיינע אַרויספלוסן. ער האָט זיך מיט איינ־מאָל געזען אַזוי נאָענט צו די יידישע פּאַטריאַרכן, צו אברהמען, צו יעקבן, צו משהן, ווי זיי וואָלטן געווען געלעבט אין זיין דור, אין זיין צייט, און ער וואָלט זיי געקענט פּערזענלעך. דורות, דורות פּאַרזונקענע אין אייבי־קער פאַרגאַנגענהייט, זענען אויפגעשטאַנען פאַר אים און אַרום אים לע־בעדיקע. און נישט נאָר די פאַרגאַנגענהייט, נאָר די דורות פון דער צו־קונפט, ביז צום לעצטן אויסגאַנג. אַלע זענען לעבעדיק אין דעם דור, אין זיין צייט, אין דעם מאָמענט אַרום אים. עס איז אַן אומענדלעכקייט, און אַלע מעשים שפּיגלען זיך אָפּ פאַר אים, אין אים. אויף אַ פעלד, פאַר־באָרגן אין אַ וואָלקן, שטייט אברהם מיט גאָט. אויפן צווייטן פעלד, אין אַן אויסטערלישער פאַרנאַכט־שיין, ראַנגלט זיך יעקב מיט אַ מלאך. אין אַן אַנדערער אומענדלעכקייט, אויף אַ באַרג, שטייט משה מיט דער תורה. אומעטום, ווו ער קוקט זיך אַרום, זעט ער וויזיעס פון אַלטע און יונגע־לייט; גייסטער פון אַלע דורות, וואָס ער קען און קען נישט, שטייען אין אַ לעבן. און דאָס דאָזיקע לעבן איז נישט פון דער וועלט, און נישט פון קיין אַנדערער וועלט, אַזוי ווי דאָס ליכט, וואָס באַלייכט, איז נישט פון דער וועלט און נישט פון אַן אַנדערער וועלט. אַ וויזיע פון אַן אייביקן זיין...

ער האָט זיך אַליין דערשראָקן פאַר זיינע אייגענע געדאַנקען און נישט געוואָלט דערקוקן ביז צום לעצט. ער האָט אָוועקגענומען זיינע אויגן און זיין פּנים פון דעם פאַרבאָרגענעם ווינקל פון ארון־קודש און זיך

ארומגעקוקט אויף די לעבעדיקע יידן, וואָס זיצן אויף דער באַנק, ביים מיטן לאָמפּ באַלויכטענעם טיש, און שאָקלען זיך איבער ספרים...

אָבער וואָס זעט ער?

פון די יידן שניידט זיך אַרויס איינער, וועלכן ער קען. ער קען אים גוט. ער האָט אים ערגעץ־ווו אַמאָל געזען, צי אויף דער וואָר, צי אין אַ חלום. דאָס לאַנגע, כמעט אומנאַטירלעך גרויסע פּנים, אַ פּנים ווי אַ ריז, מיט דעם הויכן שטערן און די אויגן באַשירעמטע מיט ברעמען, — די שווערע, טיף אין טאָרבעלעך אַריינגעזעצטע אויגן; די אויגן, וואָס האָבן אין זיך אַריינגעזאַפּט אַלע יידישע אויגן צוזאַמען; די אויגן פון אומענד־לעכער שרעק און פון אומדערשיטערטן גלויבן. ווו האָט ער געזען דעם שטערן און די לאַנגע באָרד? צי חלומט ער, צי איז עס אויף דער וואָר? ניין, עס איז אויף דער וואָר. דאָ זיצט ער, מירקין, אַ לעבעדיקער, אַ וואַכנדיקער אויף אַ באַנק אין בית־מדרש, און דאָרט ביים טיש, אַ טריט צען פון אים, זיצט אַ ייד, וואָס ער קען, וואָס ער האָט ערגעץ־ווו געזען.

איין אויגנבליק דאַכט זיך מירקינען אויס, אַז די צען טריט צווישן אים און דעם טיש דאָרט, ביי וועלכן עס זיצט דער ייד, איז אַ מהלך פון יאָרן, פון לעבנס גאַנצע. דאָ זיצט ער, מירקין, דער היינט־קער מענטש, אַ לעבעדיקער, — און דאָרט זיצט אַן אילוזיע.

ניין, עס איז נישט קיין אילוזיע. עס איז אַ לעבעדיקע דערשיינונג. און מיט אימפּעט כאַפּט ער זיך אויף, לויפט כמעט צו צו דעם ייד, ווי ער וואָלט געוואָלט אָנכאַפּן די אילוזיע מיט דער האַנט, איידער זי האָט צייט צו פאַרשווינדן.

— איך קען דאָך אייך, רב ייד! — זאָגט מירקין אין אויפרעגונג, פון שרעק און פרייד.

אויף אים הויבן זיך אויף אַ פּאָר שווערע אויגן־הייטלעך. שוועך באַפרייען זיי זיך פון די גרויסע ברעמען־שירעמס און קוקן אים אָן פרעמד און באַלד אין אַ פריינטלעכער איבעררעשונג:

— איך קען אייך אויך, פון פּעטערבורג.

— אַהאַ! דאָס זענט איר. וואַרט אַ מינוט, וואַרט אַ מינוט, — וויל זיך מירקין דערמאָנען.

— כאָמסקי, דער יושב־ראש פון דער טאָלסטינער קהילה, — קומט אים צו הילף דער ייד.

— יאָ, ר׳ ברוך כאַמסקי.

— און איר זענט מירקין, דער הילפּס־אַדוואָקאַט, — זאָגט דער ייד.

— וואָס טוט איר דאָ? — וואונדערט זיך מירקין.

— מילא, וואָס איך טו, איז קיין וואונדער נישט. איך בין אַ ייד אַ סוחר, געקומען צו פאָרן קיין לאָדזש איינקויפן סחורה. אין אָוונט האָט מען נישט וואָס צו טון, כאַפּט מען זיך אַריין אין אַ בית־מדרש אַ בלאַט גמרא לערנען. אָבער וואָס טוט איר דאָ? ווי אַזוי נעמט איר זיך דאָ אַהער? אין אַ בית־מדרש? — וואונדערט זיך דער ייד.

— אויך וועגן אַ יידישן עסק, — שמייכלט מירקין.

עס ווערט אַרום זיי אַ רעדל פון נייגעריקע. בחורים וואַרפן־אַרויף די טיכלעך אויף די גמרות און קומען און שטעלן זיך אַרום זיי.

— אפשר וועלן מיר אַביסל אַרויסגיין, וועלן מיר שמועסן? — זאָגט דער ייד צו דעם נאָך אַלץ דערשטוינטן מירקין, כדי אויסצומיידן דעם געדראַנג פון די נייגעריקע.

— יאָ, קומט־אַרויס. איך וויל אויך מיט אייך רעדן.

אַז זיי זענען אַרויסגעקומען אויף דער גאַס, האָבן זיך ביידע אַביסל באַפרייט פונעם ווידער־זיך־טרעפן אויף אַזאַ וואונדערלעכן אָרט. דער ייד איז געווען ווייניקער פאַרוואונדערט, איידער מירקין. ער האָט עס אָנגענומען ווי אַ גאַנץ נאַטירלעכע זאַך, אַזוי ווי ער וואָלט ערשט זיך געווען געטראָפן מיט מירקינען אויף די פּעטערבורגער גאַסן, און נישט אין בית־מדרש, וואָס דאָס האָט מירקינען זייער דערשטוינט.

— און איר, הער כאַמסקי, זענט גאָרנישט איבערראַשט מיך צו געפינען אין אַ בית־מדרש? — פרעגט אים מירקין.

— געוויס, — זאָגט דער ייד. — אונדזער איינער געפינט אין בית־מדרש זיין פאַרגעניגן. אָבער אַ יונגערמאַן ווי איר! כאָטש ווידער אַרום, ווער קאָן אָפּשאַצן אַ יידישע נשמה — שמייכלט דער ייד.

— איך האָב אייך געוואָלט עפּעס פרעגן, — זאָגט פּלוצים מירקין, — איך האָב נישט געהאַט די געלעגנהייט ביי קיינעם ביז איצט דאָס זיך צו דערוויסן. איך קען די היגע יידן נישט. וואָס פאַר אַ פאַרגעניגן האָט איר פון אייער לערנען, אַ חוץ דעם שכר, וואָס איר האָפט צו באַקומען דערפאַר אויף יענער וועלט? און אַז איר האָט עפּעס אַ באַ־

זונדער פּאַרגעניגן, אָן עולם-הזהדיק, אין אייער לערנען — זעט מען דאָך אָן אין אייך. איר זיצט און שאָקלט זיך מיט אַזאַ באַגייסטערונג, מיט אַזאַ התלהבות, ווי איר וואָלט פּשוט געהאַט אַ פיזישע באַפרידיקונג. איך האָב עס קיינמאָל נישט געקאָנט פאַרשטיין. וואָס לערנען זיי דאָס דאָרט? נאָך אַלעם איז עס דאָך טרוקענע סכאָלאַסטיק, פּלפּולדיקער, לאַנג־ווייליקער קאָפּ־מעכאַניזם. וואָס פאַרא פאַרגעניגן האָט איר דערין, אחוץ, פאַרשטייט זיך, די אויסזיכט פאַר שכר אויף יענער וועלט?

— איר זענט זיך טועה, יונגערמאַן, — זאָגט דער אַלטער ייד. — איך ווייס נישט ווי ביי אַנדערע, פאַר מיר אַ בלאַט גמרא לערנען איז דאָס זעלבע און אפשר נאָך אַ פּיל גרעסער פאַרגעניגן ווי ביי אייך אין אַ טעאַטער גיין. איך קום אין אָוונט, ווען איך האָב צייט, אין בית-מדרש אריין נישט דערפאַר, ווייל איך האָף דערפון שכר צו באַקומען, — דאָס אוודאי אויך, — נאָר פּשוט פאַרן אייגענעם פאַרגעסן זיך, פאַר אייגענער פרייד. מיר האָבן נישט קיין אייגן לאַנד, לערן איך וועגן די דינים און מנהגים, וואָס מיר האָבן געהאַט אין אונדזער אייגן לאַנד. אַ ייד האָט נישט קיין פעלד, קיין אייגענעם גאָרטן, לערן איך ווי מיר האָבן זיך אויפ־געפירט, ווען מיר האָבן באַאַרבעט אונדזערע אייגענע פעלדער. און גלויבט מיר, בשעת איך לערן די דינים פון מעשר, פון פּאה און כדומה, דאַכט זיך מיר, אַז איך בין דורך די צוויי, דריי שעה צום ווינציקסטן אין ארץ־ישראל. איך פיל דעם געשמאַק פון די תבואות, פון די פּירות, וואָס וואַקסן אויף מיינע פעלדער. איך גיב מעשר, איך לאָז־איבער פּאה. איך זאָג אייך, אַז בשעת איך זיץ און לערן, דאַכט זיך מיר, אַז איך גע־פין זיך בפועל ממש אין יענער צייט, אין יענעם לעבן. וואָס גייט מיך דעמאָלט אָן די רשעות, און וועלכער מיר שטייען פאַרטונקט ביז אי־בער די אויערן? די וועלט מיט איר גאַנצן שלעכטס עקזיסטירט נישט פאַר מיר. איך בין אין אַ גאַנץ אַנדער לעבן. גלויבט מיר, דאָס איז אַזאַ פאַרגעניגן, וואָס איך קאָן עס אייך גאָרנישט איבערגעבן מיט ווערטער. מען באַדאַרף זיין אַ ייד, ליידן ווי אַ ייד, כדי צו זיין ביכולת דאָס צו פילן. דאָס אַליין, גלויבט מיר, איז שוין דער גרעסטער שכר פאַרן לער־נען, מען באַדאַרף שוין קיין אַנדערן נישט. נו, דאָס איז מיט מיר די מעשה. אָבער ווי אַזוי קומט איר אַהער קיין לאָדזש? און וואָס טוט איר אין אַ בית־מדרש?

מירקין האָט דעם ייד דערציילט בקיצור וועגן זיין טון אין לאָדזש, וואָס ער פּלאַנט דאָ, און ווי אַזוי ער איז פאַרבלאָנדזשעט געוואָרן אין בית־מדרש אַריין, אין וועלכן ער איז אַריינגעקומען אויס הוילער נייגע־ריקייט (ער האָט זיך געשעמט צוצוגעבן, אַז אויך עפּעס אַנדערש האָט אין דעם מיטגעשפּילט).

דער ייד האָט אים אויסגעהערט מיט אָנטייל און אינטערעס און דערביי מיט דער האַנט אויסגעגלייכט זיך זיין באָרד און יעדעס מאָל געברומט צו זיך: „זייער גוט. זייער שיין". דערנאָך, אַז מירקין האָט געענדיקט, האָט זיך דער אַלטער אָנגערופן צו אים אַזוי:

— עס איז נישט מיין וועג און נישט דער וועג פון אונדז, דעם אַלטן דור, נאָר עס איז אויך אַ דרך. איך פאַרשטיי עס, מיינע אייגענע קינ־דער זענען אויך אויף אים אַוועק. איך האָב דערפון זייער גרויס צער, אָבער אויך נחת. טוט עפּעס. וואָס איז פאַראַ חילוק, אויף וואָס פאַר אַן אופן מען דינט גאָט, אַבי מען שטייט נישט איינער אַליין ווי אַ גזלן אין אַ וואַלד.

— ווי מיינט איר דאָס? — פרעגט אים מירקין אַביסל אַנטוישט.

— עס וועט מיר נישט געלינגען?

— איך מיין וועגן אייער פּלאַן, וואָס איר האָט מיר דערציילט. איר גייט זיך דאָך אונטערנעמען אַ גרויסע זאַך. עס איז דאָך אַ וועלט־ענין, וואָס איר ווילט אויפטון. זאָל אייך גאָט העלפן דאָס אויסצופירן! נאָר עס קאָן זיך דאָך, חלילה, מאַכן, אַז איר זאָלט עס נישט ביכולת זיין אויסצופירן. עס הענגט דאָך נישט בלויז פון אייך אַליין אָפּ. זאָלט איר זיך, מיין איך, נישט מיאש זיין. זעט מען מיט עפּעס אַנדערש צו ברענגען נוצן דעם כלל. און גלויבט מיר, עס וואַלגערן זיך אַרום זאַכן אויפצוטון, וואָס זענען אַזוי וויכטיק, ווי גרויסע מעשים. וואָרים פון וואָס באַשטייט דען אונדזער לעבן? — פון אונדזער טאָג־טעגלעכן טון! דאָס טון פון יעדן מענטש ווערט מצרף צו איין גרויסן וועלט־לעבן. די חוקרים זאָגן, אַז אין יעדן טראָפּן פון ים געפינען זיך שוין אַלע נאַ־טורן פון גאַנצן ים. וואָרים פון זיי, פון די טראָפּנס באַשטייט דאָך דער ים. אַזוי איז עס אויך מיט אונדזערע מעשים. אין יעדער קליינער מעשה, וואָס אַ מענטש טוט, וואָס דאַכט זיך פון אויבן־אויף, אַז עס איז אַ

גאַרנישט, ליגן שוין דערין אַלע אייגנשאַפטן פון דער גרעסטער העלדנ־טאַט.

מירקין האָט געשוויגן, ער האָט זיך נאָך נישט געקאָנט אָפּגעבן קיין קלאָרן חשבון, צי דאָס, וואָס ער הערט, קומט־פאַר אויף דער וואָר, צי אין אַ וויזיע. אפשר זיצט ער ווייטער אויף דער באַנק אין קליינעם בית־מדרש. ער קוקט אין שאָטן, און פון דאָרט, פון שאָטן, אין וועלכן דער ארון־קודש איז איינגעהילט, הויבט זיך אַרויס די געשטאַלט פון אַלטן ייד און עס הערט זיך זיין שטימע. און אַזוי ווי ער וואָלט מורא געהאַט צו צעשטערן די אילוזיע, האָט ער זיך מיט קיין איין וואָרט נישט אָנ־גערופן און געלאָזט אויסרעדן דעם אַלטן.

— און דער עיקר, — זאָגט דער אַלטער ווייטער, — איז, אַז דאָס, וואָס מ׳טוט, טוט מען מיט אמונה. גאָט איז נישט קיין חילוק אויף וואָס פאַראַ אופן דו גלויבסט אין אים. אַבי נאָר דו גלויבסט, אַז עס איז דאָ אַ גוטער כוח, וואָס פירט אונדזער וועלט, און דו שפּאַנסט דיך איין אין אים, כדי צו טון זיין רצון. דו לייגסט צו אַ האַנט צו העלפן דעם כוח. דורך דעם ווערסטו אַ טייל פון „ששת ימי בראשית" פון דער יצירה און דורך דעם בינדסטו דיך אָן אין דער אייביקייט, אין דעם צומאָרגנס נאָך דיין טויט. — דו ווערסט אַ טייל פון דער טבע. וואָרים וואָס איז דען טבע? די טבע אַליין איז דאָך אמונה, וואָרים אַז נישט, קאָנען מיר דאָך גאָרנישט פאַרשטיין. וואָס איז די טבע? די טפּשים מיינען, אַז גאָטס נסים באַשטייען אין זאַכן, וואָס זענען מחוץ לדרך הטבע, און די נאַרי־שע פילאָזאָפן מיען זיך אויפצווייזן, אַז אַלע נסים געשעען בדרך הטבע. זיי ווייסן נישט, אַז דער גרעסטער גאָטס נס איז טאַקע די טבע אַליין. נישט די מאַנדלען, וואָס וואַקסן אויפן שטעקן אין משה רבנוס האַנט, נאָר די מאַנדלען, וואָס וואַקסן אויפן בוים, דאָס איז גאָטס נס; דאָס, וואָס די זון קומט־צוריק צו איר אויסגעזעצטער צייט. זעט איר דאָך שוין איין, אַז טבע איז אמונה. דער מענטש מוז גלויבן, אַז יעדן טאָג, וואָס ער לעבט, איז אָנגעגרייט פאַר אים זיין חיונה. נישט בלויז צו דערהאַלטן זיין נפש, נאָר אויך די נשמה. יעדן טאָג ווערט רייף דיין פּרוכט, וואָס גאָט האָט שוין פאַרזייט פאַר דיר העט, העט אויף לאַנגע יאָרן פאָראויס. דו ווייסט נישט דערפון, און דיינע פעלדער בליען שוין פאַר דיר, דיינע ביימער וואַקסן שוין פאַר דיר, און דו וועסט רייסן די פּרוכטן אין דער

צייט... אַט די צוויי זאַכן, אמונה און בטחון, האָבן אונדז יידן אויפֿ־געהאַלטן און אַריבערגעטראָגן איבער אַלע פֿייערדיקע ימים, און די צוויי זאַכן, אמונה און בטחון, מוז יעדער ייד האָבן, נישט קיין חילוק אויף וואָס פֿאַרא פֿעלד ער שטייט, וואָס ער טוט. האָסטו די צוויי זאַכן, אמונה און בטחון, ביסטו אַ ייד. און נישט נאָר אַ ייד, נאָר יעדער ערלעכער מענטש אַזוי. ווארים אָן די צוויי אָנלען־שטעקעלעך קאָן דער מענטש נישט גיין אויפֿן גלייכן וועג און מוז אַריינפֿאַלן אין כף־הקלע אַריין פֿון זיינע אייגענע ספֿקות...

מירקין האָט אים יאָ געהערט און נישט געהערט — מירקין האָט נאָך אַלץ געשטעקט אין זיין אילוזיע. און עס האָט זיך אים געדאַכט, אַז עס קומט פֿאַר מיט אים עפּעס אומוואָרשיינלעכעס, אומ אַטירלעכס. ער האָט פּלוצים אָנגעכאַפּט דעם ייד ביים אַרבל און אויסגערופֿן אַ דערשראָקע־נער:

— ווער זענט איר? זאָגט מיר — פֿון וואַנען האָט איר זיך גענו־מען דאָ? וואָס איז עס? ווו געפֿין איך זיך?

— וואָס טוט זיך מיט אייך? — וווּנדערט זיך דער אַלטער. — איר זעט מיך נישט צום ערשטן מאָל — און — ווער איך בין — וואָס איז אייך דער חילוק? איר קענט מיך פֿאַר דעם, וואָס איך בין. לאָמיר נישט רעדן פֿון מיר, איך בין אַן אַלטער ייד — וואָס איז דער חילוק — ווער איך בין — איך בין שוין באַלד נישטאָ. זעט איר, ווער איר זענט, איז יאָ אַ חילוק — און אַ גרויסער. ווייל איר הייבט ערשט אָן. דורך דעם פֿריי איך זיך. איך פֿריי זיך זייער און זייער, וואָס איר האָט זיך אַרויס־געריסן. דאָך זיך אַרויסגעריסן, אַ וואָ, גאָט צו דאַנקען דערפֿאַר!

— איר האָט מיר געהאָלפֿן דערצו, — זאָגט מירקין.

— נישט איך — נאָר דער אויבן, — ווייזט דער ייד אויף דעם אויסגעשטערנטן הימל. — גייט, יונגערמאַן, אויף דעם וועג, וואָס גאָט האָט אייך געשטויסן. און אויף די גוטע לעצט וויל איך אייך זאָגן, אַז טאָמער, חלילה, וועט איר נישט בכוח זיין אינגאַנצן אויסצופֿירן דאָס, וואָס איר ווילט — זייט נישט פֿאַרצווייפֿלט. — אונדזערע חכמים זאָגן: „לא עליך לגמור” — דו דאַרפֿסט נישט ענדיקן. מ ר דאַרפֿן נאָר שטופּן דעם וואָגן. דורך דעם שטיקל צייט, וואָס איז אונדז באַשערט צו לעבן, מוז יעדער פֿון אונדז אַ האַנט צולייגן. אָבער ענדיקן זענען מיר גאַרנישט

ביכולת... און אפשר איז גאָר קיין ענד נישטאָ, ווי טייל חוקרים ווילן.

ווען דער אַלטער האָט אים איבערגעלאָזט אַליין, איז ערשט מירקין אויפגעוואַכט געוואָרן פון זיין חלום. עס איז אים אויפגעפאַלן, ווי ענלעך דעם אַלטנס געדאַנקען זענען זיך צונויפגעקומען מיט דעם חבר אַנאַטאָלס פון וואַרשע, נאָר מיט אַנדערע ווערטער. און אפשר צוליב דעם, וואָס דער אַלטער האָט דערמאָנט זיינע אייגענע קינדער, וואָס גייען אויף דעם וועג, איז מירקין געקומען צו דער גאַנץ אומבאַגרינדעטער החלטה, אַז דער געהיימנישפולער חבר אַנאַטאָל באַדאַרף זיין איינער פון דעם אַלטנס קינדער, וועגן וועלכע דער ייד האָט דערמאָנט. ער האָט דערנאָך אַליין געלאַכט פון דעם אייגנאַרטיקן געדאַנק, וואָס איז אים איינגעפאַלן.

## קאַפּיטל 11

# פון פאָטער צום זון

דער פאָטער האָט נישט געלאָזט וואַרטן אויף אַן ענטפער. נאָכדעם ווי מירקין איז צוריקגעקומען קיין וואַרשע, האָט ער שוין אין אַ פּאָר טעג אַרום דערהאַלטן אַ בריוו, ווי שטענדיק, דורך דער פירמעס אַגענט. דער ענטפער איז געווען אַ זאַכלעכער, אָן אָפּנייגונגען און איבעריקע באַלעמוטשענדיקע סענטימענטן, ווי דער פאָטער שרייבט שטענדיק. דאָך האָט מירקינען געוווּנדערט דער רואיקער טאָן פונעם בריוו און די זיכערקייט, וואָס האָט אַרויסגעשריגן פון זיינע ווערטער. זיי האָבן מער דערציילט וועגן די ענדערונגען, וואָס זענען פאָרגעקומען אין זיין פאָטערס לעבן, ווי דער עצם בריוו אַליין.

דאָס שרייבן האָט אין זיך אַנטהאַלטן מער אָדער ווייניקער פאָלגנדעס:

ער, דער פאָטער, איז זייער צופרידן (צופרידן — און נישט מער) צו פאַרנעמען, אַז עס גייט איצט דעם זון בעסער אין געזונט, און ער, זאַכאַרי, זעט דאָס איצט אַליין איין, אַז ער איז טאַקע מיט אַן אמת קראַנק געווען, און אַלע זיינע אומפאַרשטענדלעכע מעשים, וואָס ער האָט אָפּגעטון דאָס לעצטע יאָר, זענען געווען אַ פאָלגע פון זיין אומגליקלעכער

און אומפאַרשטענדלעכער קראַנקהייט. ער, דער פאָטער, האָט עס שוין לאַנג געוווסט. נאָר דערפאַר וואָס ער האָט געשווינט דעם זון, האָט ער עס אים נישט אויסגעזאָגט. דעריבער האָט ער זיך נישט באַליידיקט און נישט צום האַרצן גענומען דאָס שרעקלעכע וואָרט, וואָס דער זון האָט אים נישט לאַנג געוואָרפן אין פּנים אַריין. אַלץ איז געווען אַ רעזולטאַט פון זיין, זאַכאַרים, צושטאַנד. דאָס וואָס דער זון איז זיך איצט אַליין מודה דערין, איז דער בעסטער באַווייז, אַז ער איז שוין ווירקלעך געהיילט געוואָרן. אַלס פאָטער, פילט ער אַן אומבאַגרענעצטע דאַנקבאַרקייט צו יענער פּערזאָן, וועגן וועלכער דער זון דערמאָנט אין זיין בריוו, און וועלכע האָט דאָס וווּנדער באַוויזן; זי, נאָר זי אַליין, האָט מיט איר גוטן איינפלוס, וואָס זי האָט אויסגעאיבט אויף זאַכאַרין, דאָס געקאָנט אויפטון. און עס איז אים נישט קיין חילוק, צו וואָס פאַרא קלאַס מענטשן זי געהערט, אָרים אָדער רייך. קוים האָט זי דאָס וווּנדער באַוויזן, איז עס דער בעסטער באַווייז, אַז זי איז זיין באַשערטע, און ער איז זייער צופרידן דערפון (ווידער דאָס קאַלטע וואָרט „צופרידן"), און איז גרייט זי צו אָנערקענען פאַר אַ טאָכטער און אויפצונעמען אין דער משפּחה.

איצט איז ער שוין אַן אויסגעהיילטער, אויף וואָס זיין בריוו זאָגט עדות. וועט ער, דער פאָטער, זיך דערלויבן צו רעדן מיט זיין זון אָפן, ווי מאַן צו מאַן, און נישט דאַרפן זיך איינהילן אין ווייבערשע סענטימענטאַליטעטן, מיט וועלכע ער, זאַכארי, איז געוווינט געווען, אַז מען זאָל מיט אים אַרומגיין דאָס גאַנצע לעבן. און ער זאָגט אים אַרויס גאַנץ אָפן: ער, דער פאָטער, האָט קיינמאָל נישט געהאַט קיין גליקלעך לעבן מיט זיין מוטער. ער האָט קיינמאָל נישט געהאַט קיין מזל צו דער, וואָס „רוט אין פרידן". פאַרן זון באַדאַרף עס אויך נישט זיין קיין סוד. ער וויל נישט אויף קיינעם לייגן די שולד. ער וויל נעמען אַלצדינג אויף זיך, אָבער עס איז אַ פאַקט, אַז די גרעסטע העלפט פון זייער צוזאַמענלעבן זענען זיי געווען צעשיידט: די מוטער — אין אויסלאַנד, און ער, דער פאָטער, — האָט זיך אַרומגעוואַלגערט אין די גרויסשטאָטישע האָטעלן. ער האָט איינגנטלעך קיינמאָל נישט געקאָנט דאָס איינפאַכע גליק פון פאַמיליען־לעבן, צו וועלכן יעדער אַרבעטנדיקער מענטש איז באַרעכטיקט. און ער האָט שטענדיק געבענקט נאָך דעם. די האָפענונגען, וואָס ער האָט געלייגט

אויף זיין זון, האָבן זיך נישט פאַרווירקלעכט. ער וויל דאָ נישט נאָך אַמאָל איבערחזרן וואָס ס'איז געשען, ווען מען האָט שולד עס איז (דער זון זעט עס איצט אַליין איין), נאָר דאָס, וואָס האָט געטראָפן, איז נישט געווען אָן אַ העכערער באַשטימונג, און אַזוי האָט עס געוויס באַדאַרפט זיין. אַנדערש קאָן ער זיך, דער פאָטער, גאָר נישט דערקלערן דעם גאַנג פון די געשעענישן. ער איז זייער ווייט דערפון געווען אָנצוהייבן, אין זיינע יאָרן, אַ נייַ פאַמיליען-לעבן. ער איז געווען זיכער, אַז זיין, דעם פאָטערס, אייגן פאַמיליען-גליק האָט זיך געענדיקט, און זיין איינציקע האָפענונג און ווונטש איז גאָר געווען צו קאָנען זיך אָנוואַרימען ביי דער זייט פון זיין זונס גליק. ער, דער היימלאָזער, האָט געוואָלט איבערלעבן די פרייד און נחת, וואָס אַ פאַמיליע גיט — דאָס וואָס ער האָט קיינמאָל נישט געהאַט), נישט דורך זיין אייגנס, נאָר דורך דעם לעבן פון זיין זון. דער זון האָט עס נישט געוואָלט. ער האָט צעשטערט די האָפענונג, וואָס אַז אַלטער מאַן האָט געגעסט אין זיין ברוסט פאַר זיינע אַלטע טעג. רוי אַוועקגעשטופּט אים פון דער טיר פון זיין היים. ערשט דענסטמאָל, ווען דאָס איז געשען. האָט אַ שטימע גערעדט אין זיין האַרץ: „הייב אָן פון דיר אַליין". און אויך נאָך דענסטמאָל האָט ער געקעמפט קעגן דעם כשופדיקן רייץ, און געווערט זיך קעגן דעם גליק, וואָס האָט אָנגעקלאַפּט אין זיין טיר אַזוי שפּעט. נישט דערפאַר וויל עס האָבן אויסגעפעלט כוחות און גלויבן אין זיך. פאַרקערט, ביי זיין זונס פאַרלאָזן אים האָט גאָט אָנגעפילט זיין האַרץ מיט נייע יוגנטלעכע קרעפטן. נייע קוואַלן פון ענערגיע האָבן זיך אויפגעעפנט אין אים, ווי גאָט וואָלט אים געוואָלט באַלוינען, און ניט פאַרלאָזן אויף זיינע אַלטע טעג. נאָר דאָך האָט ער געקעמפט קעגן דעם, קעגן זיין אייגן גליק און לעבן, צוליב דעם זונס-וועגן. און צוליב דער וועלט, אַז מען זאָל נישט שלעכט אויס-טייטשן זיינע מאָטיוון. אָבער בחנם איז געווען זיין קאַמף קעגן זיין אייגן גליק. אַלע וועגן האָבן געפירט דערצו.

און נאָך אַ טיפן איבערקלערן, ווען ער האָט געמאַכט אַ חשבון מיט זיך אַליין, און גוט אונטערזוכנדיק זיין געוויסן, „בין איך געקומען צו דער איבערצייגונג, אַז איך האָב נישט קיין רעכט געהאַט אַוועקצושטויסן די האַנט פון היפּ. וואָס גאָט האָט אויסגעשטרעקט צו מיר, אַרויסשלעפּן מיך פון מיין איינזאַמקייט און פאַרלוירנקייט. און איך האָב אָנגענומען

מיט דאַנק דעם חסד, וואָס די געטלעכע איינזעעניש האָט נאָך געהאַט באַהאַלטן פאַר מיר אויף מיינע אַלטע טעג. און גאָט אַליין האָט צוגע־שטימט צו אונדזער פאַראייניקן זיך, כדי איך זאָל פאַרשווינט ווערן צו שטאַרבן אויף פרעמדע, געדונגענע הע״ט. די געטלעכע באַשטימונג איז גוט געווען צו אונדז און האָט געבענטשט אונדזער צוזאַמענזיין מיט האָ־פענונג, אויף וועלכער מיין פרוי און איך קוקן־אַרויס מיט דאַנקבאַרקייט און ליב צו גאָט פאַר דעם אומפאַרדינטן חסד, וואָס ער האָט אונדז באַ־וויזן...״

מירקין איז ביי דעם אָרט שטיין געבליבן. נאַרישע געפילן האָבן אָנ־געהויבן צו באַהערשן אים. געפילן, פון וועלכע ער האָט זיך פאַרשעמט און איז אויף זיך בייז געוואָרן...

ער האָט זיך גענומען ווייטער לעזן דעם בריוו.

„איך ווייס נישט, — שרייבט דער פאָטער ווייטער אין זיין בריוו, — אויב דו און דיין היינטיקע סביבה, אין וועלכער דו געפינסט זיך, וואָס האָבן געוויס זייער איינפלוס אויף דיר, וועלן מיך פאַרשטיין, אַז נישט נאָר איר, ניהיליסטן, — (איך בעט דיך איבער פאַרן וואָרט, — ווי איך פאַרשטיי געהערכטו איצט צו זיי) — האָט אייערע אידעאַלן, וועלכע ראַטעווען אייך פון די קליינלעכקייטן און נישטיקייטן פון לעבן, וועגן וועלכע דו שרייבסט — וואָס איך פאַרזיכער דיך, עס פרייט מיך זייער; נאָר אויך מיר, בורזשואַזן און סוחרים, האָבן אויך אונדזערע אידעאַלן, צו וועלכע מיר ווידמען אונדזער ענערגיע, אונדזער פעאיקייט, און אַז דו ווילסט — אונדזער לעבן. און דאָס מאַכט אונדז אויך פאַרגעסן אין נאַ־רישקייטן און קליינלעכקייטן, הויבט אונדז אויף און גיט אונדז אַן אומבאַ־גרענעצטן חשק און ווילן צו אַרבעט. דיין זיידע און איך, מיר האָבן זיך געמיט אין אָפּגעגעבן אונדזערע פעאיקייטן און ענערגיע צו אונדזער פירמע, נישט בלויז צוליב דעם געלט, וואָס דאָס געשעפט ברענגט אונדז אַריין. ווי גרויס עס זאָל נישט זיין די צוציע־דיקע קראַפט פון געלט, די מאַכט וואָס זי גיט אינדז, — וואָלט זי אָבער נישט געווען גענוג צו נע־מען אין באַזיץ אונדזער גאַנצן שאַפונגס־פּראָצעס, ווען נישט דער אי־דעאַל, וואָס באַלייכט דאָס געשעפט. דער אידעאַל פון יעדער פירמע איז צו שאַפן אַ הערשאַפט פאַר אַ דינאַסטיע (אויב איך קאָן זיך אַזוי אויס־דריקן). יאָ, איך האָב שטענדיק געחלומט צו באַשאַפן אַ דינאַסטיע מיר־

קינס. אזוי ווי עס זענען די מאַראַזאָווס, די גינצבורגס און אַנדערע גרויַ־סע פירמעס. דאָס איז געווען דער ווילן פון דיין זיידן. איך האָב אים אי־בערגענומען און ווייטער אים פאַרשטאַרקט, פאַרברייטערט לויט מיינע כוחות, און געמיינט, אַז איך וועל איבערגעבן מיין זון אַ פעסט־באַגרינ־דעטע פירמע, וואָס וועט פאַרשטאַרקן אונדזער דינאַסטיע אויף דורות און דורות. דו האָסט זיך אָפּגעזאָגט דערפון און האָסט זיך אויסגעקליבן אַן אַנדערן וועג. עס באַגלייטן דיך אויף דעם וועג דיין פאָטערס בעסטע ווונטשן. גאָט אָבער האָט באַפרוכפּערט מיט האָפענונג מיינע אַלטע טעג. אָט דער „האָפענונג" וויל איך ווידמען די רעשט פון מיין לעבן. איך וויל אים געבן די דערציאונג, וואָס איז מיר נישט באַשערט געווען צו געבן דיר: אים צו מאַכן פעאיק און פאַסיק איבערצונעמען די פרוכט פון דיין זיידנס און מיין אייגענער אַרבעט, כדי צו באַגרינדן די „דינאַסטיע" מירקין".

צום סוף פון בריוו איז דער פאָטער געקומען צו דעם, וואָס האָט מירקינען צומייננסט אינטערעסירט, און וואָס איז געווען די סיבה פון זיין ווענדן זיך צו זיין פאָטער, — וועגן דער טעקסטיל־פאַבריק פאַר יידישע אַרבעטער, וואָס ער, מירקין, וויל גרינדן.

דער פאָטער האָט אים אָפּגעראַטן דערפון, נישט צוליב דעם געלט, וואָס שטייט געווים צו פאַרלוירן ווערן. דאָס אויך. געלט איז טייער און וויכטיק, נישט בלויז מיט דעם ווערט, וואָס עס שטעלט מיט זיך פאָר, נאָר צוליב דעם פרינציפּ פון געלט. ביים סוחר איז געלט ווי די פידל, אויף וועלכער עס שפּילט דער מוזיקאַנט. געשעפט פאַרן סוחר — איז זוי קונסט ביים קינסטלער. און קיין קינסטלער קאָן נישט דערלויבן, אַז ער זאָל האָבן אַ דורכפאַל. דער פּלאַן וועגן אַ פאַבריק פאַר יידישע אַרבע־טער קלינגט אפשר זייער פילאַנטראָפּיש, אָבער נישט געשעפטסמעסיק.

ער האָט שטענדיק געהאַט אַ פרינציפּ, די צוויי זאַכן — געשעפט און פילאַנטראָפּיע — צו האַלטן אָפּגעשיידט דורך אַן אייזערנער וואַנט. געשעפט אין זיין אייגענעם ווערט איז פאַר זיך אַליין אַן אידעאַל, — לערנט אים דער פאָטער. „און איך גלויב נישט, — לייגט ער צו, — אַז דיינע פעאיקייטן ליגן אויף דעם וועג. דו האָסט קיינמאָל נישט אַרויס־געוויזן קיין נייגונג צו געשעפט. און וועגן דיין סביבה, אין וועלכער דו געפינסט זיך, גלויב איך אויך נישט, אַז זי איז פאַסיק דערפאַר".

דער פֿאָטער מיינט, אַז ער וועט זיך דאַרפֿן זוכן אַן אַנדערן באַרוף, אַ באַרוף אפשר פֿון אַ געלערנטן. ער זאָל זיך נעמען צו שטודירן. צום בעסטן וואָלט געווען, — ראָט אים דער פֿאָטער, — ער זאָל ווי צום שנעלסטן חתונה האָבן און זיך באַזעצן ערגעץ־ווו אין אויסלאַנד, אין אַן אוניווערזיטעט־שטאָט, אין דער שווייץ צי אין דייטשלאַנד, און זאָל זיך אינטערעסירן מיט בילדונג, וואָס איז מער צוגעפּאַסט פֿאַר זיין טעמפּעראַמענט... וואָס שייך וועגן באַזונדערע פֿאַנדן, — לייגט דער פֿאָטער צו, סאַמע צו לעצט, — וואָס דו דערמאָנסט פֿון אַ ירושה פֿון דיין מוטער, געפֿינט זי זיך נישט אין פֿאָטערס הענט. ער האָט אים שוין איינמאָל געלאָזט וויסן, אַז זיין מוטער האָט קיין באַזונדערע פֿאַרמעגנס נישט געהאַט פֿון דער היים. אַ חוץ דער קליינער סומע, וואָס ער האָט איר אַמאָל פֿאַרשריבן און אַ קעסטעלע צירונג, פֿון וועלכער ער האָט אים דאָס בעסטע שטיק, די פּערל, שוין אָפּגעשיקט. און דאָס איבעריקע שיקט ער אים צו מתנות פֿאַר זיין כלה. אויך שיקט ער אים די קליינע סומע געלט פֿון אַ פּאָר טויזנט רובל, וואָס האָבן זיך געפֿונען אין דער מוטערס רשות בעת איר טויט. אָבער, — לייגט ער, דער פֿאָטער, צו — זעלבסטפֿאַרשטענדלעך, נעמט ער, דער פֿאָטער, אויף זיך צו באַזאָרגן אים מיט אַ לעבנסלענגלעכער פּענסיע פֿון דער פֿירמע, — וואָס וועט מירקינען געבן אַ מעגלעכקייט מיט זיין פֿרוי און מיט זיינע קינדער (ווען אַזעלכע וועלן קומען, פֿאַרשטענדלעך, — פֿאַרגעסט נישט דער פֿאָטער צוצולייגן, — פֿון וואָס מירקין לייענט אַרויס עפּעס אַ רייצן זיך מיט אים) — צו פֿירן נישט קיין זייער רייכלעך, אָבער אַן אָנשטענדיק לעבן. דער פֿאָטער האַלט עס פֿאַר זיין חוב דאָס צו טון. אַ חוץ דעם בעט ער דעם זון צו קויפֿן פֿאַר דער ספּעציעלער סומע, וועלכע ער לאָזט אים אויסצאָלן פֿון זיין אַגענט, — אַ געשאַנק פֿון אים און זיין פֿרוי פֿאַר זיין זונס כלה, און צו באַגריסן און צו דאַנקען איר, אין זייער נאָמען, פֿאַר דעם גליק, וואָס זי האָט זייער זון געשאָנקען.

נאָך דער אונטערשריפֿט איז צוגעקומען אַ פּאָסט־סקריפּטום: ער באַדויערט זייער, וואָס ער דאַרף דאָס אַלץ אַרויסשרייבן. געוויס וואָלט בעסער געווען, ווען זיי קאָנען זיך זען און זיך דורכשמועסן. נאָר עס איז נישט ראַטזאַם, אַז מירקין זאָל איצט אויפֿטויכן אין פּעטערבורג, צוליב

זיין פרוים איצטיקן דעליקאַטן צושטאַנד. אַנדערשווו קאָן ער אים נישט עמפּפאַנגען אין דער היים, און ער איז געניטן דאָס אַלץ צו שרייבן.

מירקין האָט געהאַלטן דעם פאָטערס בריוו אין דער האַנט און דער ערשטער אויסבּרוך איז געווען אַ גרויס געלעכטער. ער האָט זיך קיין דין-וחשבון דעריבער נישט געקאָנט אָפּגעבן. עס האָט זיך אַרויסגעריסן ספאַזמיש פון אים:

— ווי ער רעדט דאָס מיט גאָט, ווי אַ פּאַטריאַרך! מיין פאָטער אין דער ראָלע פון אַן אברהם!

ער האָט געהאַט דאָס געפיל, ווי יעדער מאָל, ווען ער קומט אין באַרירונג מיט זיין פאָטער, — נאָך פון קליינערהייט אָן — אַזוי ווי אַ קינד, וואָס וויל אָננעמען אַ באַלעם, וואָס איז צו־גרויס פאַר אים, און קאָן אים נישט אָנגרייפן מיט זיינע קליינע הענטלעך. און דאָס אומדערקלערטע און אומבאַקאַנטע אין זיין פאָטער האָט אים ווידער באַאומרואיקט:

— ווער איז ער? אייגנטלעך קאָן איך אים דאָך גאָרנישט. ווו זענען זיינע גרענעצן? — און ווי יעדן שוואַכן פאַר אַ שטאַרקן, האָט מירקינען אַרומגענומען אַ מאַכטלאָזער גרימצאָרן אויף זיין פאָטער, און ער האָט אויסגעשריגן אין זיך הויך: „טייוול אַזעלכער, צו אַלדי גוטע יאָר!"

וואָרים אַ קאָמיש געפיל האָט באַהערשט מירקינען — אַ געפיל, וואָס ער האָט נישט געקאָנט קאָנטראָלירן. ער איז אייפערזיכטיק געוואָרן אויף זיין פאָטער.

אייפערזיכטיק איבער זיין פאָטערס אויספיר־קראַפט, זיין גלויבן אין זיך. און ווו ער קאָן שוין נישט נעמען אויף זיין אייגענער אחריות, שלעפּט ער די געטלעכקייט אַראָפּ פון הימל, אַז זי זאָל אוועקלייגן אַלע אירע געשעפטן, וואָס זי האָט אין אַלע וועלטן, און אָפּגעבן זיך מיט זיינע פּריוואַטע אָנגעלעגנהייטן. ווי ער האָט דאָס גאָט אַליין גענומען אין שותפות אריין! — אַ פּאַטריאַרך, — האָט מירקין געלאַכט היסטעריש. — מיין פאָטער אין דער ראָלע פון אַ פּאַטריאַרך! גאָט אַליין באַזאָרגט אים מיט אַ יורש אויף זיינע אַלטע יאָרן.

ער האָט געוווסט, אַז דאָס לאַכן איז נישט שיין, און עס איז געקומען אויס אייפערזוכט איבער זיין פאָטערס שטאַרקייט אויסצופירן די זאַכן, וואָס ער געפינט פאַר נויטיק, מיט אַן אייזערנער האַנט, אויף גאָרנישט צו קוקן, איבערצולאָזן דער צייט צו פאַרענטפערן אין דער צוקונפט

דאָס, וואָס ער געפינט פאַר נויטיק צו טון אין דער קעגנוואַרט. ער האָט זיך אַליין אַנטקעגנגעשטעלט, זיך מיט זיינע שוואַכקייטן, מיט זיין גריבלען זיך, מיט זיינע ספקות, זיין אייגענער באַציאונג צו העלענקען. פאַרוואָס האָט ער נישט דעם כוח צו טון דאָס, וואָס זיין פאָטער האָט געטון? וואָס האַלט אים צוריק? אים קומט עס דאָך מער צו!

ווי יעדער בן־יחיד, איז ער געווען אייפערזיכטיק אויך אויף דעם גייעם, וואָס דאַרף קומען, וועגן וועלכן זיין פאָטער רעדט אין בריוו. ער האָט זיך דורך דעם מער דערפילט איבערגעשניטן פון זיין נאָפּל, אין וועלכן ער האָט דאָך געהאָנגען. און ער האָט זיך נישט געקאָנט באַפרייען פון אַ ווייל־יונגערישער הפקרותקייט, וואָס איז אים אַזוי פּלוצלינג באַפאַלן דורך דער ידיעה וועגן זיין „קאָנקורענט", אויף וועמען דער פאָטער האָט בדעה אַריבערצוטראָגן זיין גאַנצע צוגעהעריקייט. ערשט איצט זעט ער איין, אַז נאָך אַלעם איז ער געבליבן הענגען מיטן נאָפּל אין זיין אַלטער וועלט, בשעת עס האָט זיך אים אויסגעדאַכט, אַז ער פליט־אַרום אַ באַפרייטער. דאָס לעצטע געפיל אָבער איז געווען שטאַרק געווען צו דערמאָנען מירקינען, ווי מיט אַ קלאַפּ אין קאָפּ, די יינגלישע סיטואַציע. אין וועלכער ער שטעלט זיך צוריק אַריין. — היתכן? צוליב דעם האָט ער געקעמפט איבער זיך אַליין די גאַנצע צייט, אַז ער זאָל אויסגעפינען, אַז ער איז געבליבן דער זעלבער אומבאַהאָלפענער שוואַכער בן־יחידל, פון וועלכן ער איז אַנטלאָפן? מיט דער קראַפט פון זיינע אייגענע כוחות, וואָס ער האָט זיי שוין געהאַט דערצויגן אין זיך, האָט ער זיך מיטאַמאָל געגעבן אַ שאָקל־אָפּ, אַ טרייסל־אָוועק פון זיך, ווי אַ מענטש, וועלכן עס באַפאַלן אין שלאָף שלעכטע רוחות.

— וואָס געהער איך מיך אָן מיט דעם אַלעם? וואָס איז עס, אייגנטלעך, מיין עסק?

און ער האָט זיך צעלאַכט מיט אַ הילכיק־גוטמוטיק געלעכטער איבער זיך אַליין.

— ניין, ניין! זיך מער נישט לאָזן אַוועקרייסן פון אַ היסטערישן סענטימענט, ווי אַמאָל. אַז איר זענט נישט סענטימענטאַל, זענען מיר אויך נישט. מיר באַנוצן זיך מיט אייערע וואָפן, — האָט ער צו וועמען גערעדט, — און מיר האָבן מער רעכט אויף זיי, ווי איר, ווייל מיר באַנוצן זיי נישט פאַרן אייגענעם, געמיינעם עגאָאיזם צו באַשאַפן „די־

נאַסטיעס", נאָר צו דינען דורך זיי אַ העכערן צוועק, מענטשן הילפיק צו זיין. אַז איר זענט כיטרע, זענען מיר אויך כיטרע. אייער געלט, פּאַ־פּעשקע, וועט אונדז זייער צונוץ קומען. וועט עס נישט ברענגען די הילף, וואָס מיר האָבן דערוואַרט פון אייער ברייטהאַרציקייט, וועט עס ברענגען אַנדערע הילף. די פּרוי הורוויץ וועט שוין וויסן וואָס דערמיט צו טון. און אַנאַטאָל און דער „ליטוואַק" אויך, און דאָרט, אין לאַנד, וועט עס אויך צונוץ קומען. ניין, פּאַפּעשקע, — האָט ער אויסגערופן צו זיך מיט אַ גע־לעכטער, — זעט, ווי מיר זענען שוין אויסגעהיילט, מיר זענען נישט סענטימענטאַל מער. מיר וואַרפן אייך נישט אייער געלט צוריק אין פּנים אַריין מיט אַ ברייטן, קינדערשן זשעסט, ווי איר האָט עס אפשר דער־וואַרט. מיר נעמען עס מיט דאַנק צו, און מיר וועלן עס אויסנוצן אַזוי ווי מיר פאַרשטייען. און מיר זענען אייך נישט מער מקנא, פּאַפּעשקע, מיט אייער שטאַרקייט און פעסטקייט, און מיר באַדויערן נישט מער, וואָס מיר זענען נישט אַזוי ווי איר און גייען נישט אַזוי קלאָר באַוווּסט צום ציל, ווי איר. מיר האָבן אַנדערע מעטאָדן, און מיר האָבן ליב צו זיין שוואַכע. דאָס גיט אונדז אונדזער לעבנס־פרייד.

— אַדיע, פּאַפּעשקע! — האָט זיך אַרויסגעריסן פון אים אַ געשריי, פאַר וועלכן מירקין האָט זיך אַליין דערשראָקן. וואָרים עס האָט געהאַט אין זיך דאָס געשריי, וואָס מען רופט נאָך אַ טויטן.

ער האָט זיך אַוועקגעזעצט און אָנגעשריבן דעם פאָטער אַ זאַכלעכן, קאָרעקטן בריוו, אין וועלכן ער האָט אַקצעפּטירט, מיט דאַנק, אַלצדינג, וואָס דער פאָטער האָט פאַרגעלייגט, ביז צו זיין רייזע אין אויסלאַנד, וועלכע ער האָט צוליב פאַרשידענע אויסגעטראַכטע סיבות אַוועקגערוקט אין דער צוקונפט. ספּעציעל אָבער האָט ער אים געדאַנקט פאַר דעם אינ־טערעס, וואָס דער פאָטער האָט אַרויסגעוויזן אין בריוו צו זיין געזונט־ווערן, און פאַר דער אויפמערקזאַמקייט, וואָס ער האָט געשאָנקען זיין כלה. ער פאַרזיכערט אים, אַז פאַר דעם געלט וועט ער קויפן אַ ווערט־פולע מתנה און וועט עס איבערגעבן זיין כלה אין פאָטערס נאָמען.

אין אַ פּאָר טעג אַרום האָט זיך מירקין באַגעגנט מיטן חבר אַנאַ־טאָל, וועלכער האָט געוואַרט אויף דעם רעזולטאַט פון מירקינס דורכ־שרייבן זיך מיט זיין פאָטער וועגן דער אונטערנעמונג פאַר די לאָדזשער

יידישע וועבער. מירקין האָט זיך געווענדעט צו אים מיט אַ פאַרשעמטן, מחילה־בעטנדיקן שמייכל:

— געלט אויף בויען האָבן מיר נישט. ער האָט אונדז אָפּגעזאָגט. איך גלויב אָבער, אַז געלט אויף צעשטערן וועלן מיר יאָ האָבן, און דאָ האָט איר דאָס ערשטע! — און מירקין האָט אים איבערגעגעבן די סומע, וועלכע דער פאָטער האָט אים צוגעשיקט פאַר העלענקעס כלה-מתנה.

חבר אַנאַטאָל האָט גוטמוטיק געשמייכלט.

— צעשטערן איז אויך אַ טייל פון אונדזער פּראָגראַם. די, וואָס זענען נישט פעאיק צו בויען, וועגדן מיר אָן פאַר צעשטערן. אויב אַזוי, וועלן מיר אייער פאָטער פאַררעכענען פאַר דער צווייטער העלפט פון אונ־דזער פּראָגראַם.

— צווישן אונדז און זיי שטייט אַן אייזערנע וואַנט. איך בין נאַריש געווען געגוג, געמיינט, אַז איך קאָן זי דורכשפּרייזן. איך זע איין, אַז אַ חוץ די נאָז זיך צו צעקלאַפּן וועט גאָרגישט דערפון מער אַרויסקומען, — זאָגט מירקין ערנסט.

— איך בין צופרידן, וואָס איר האָט עס ענדלעך אויסגעפונען. דאָס האָט איר אייער רבי־געלט. יעדנפאַלס, קאָן איך אייך פאַרזיכערן, אַז מיר וועלן אייער פאָטערס האַרט־פאַרדינטע גראָשנס ערלעך און געטריי אויסנוצן. איר קאָנט אים אין דעם פאַרזיכערן...

קאַפּיטל 12

## אונטער אַ בוים

אויפן הויף, ווו דער לערער האָט געוווינט, האָט זיך געפונען אַן אַלטער קאַשטאַן־בוים, אַ פאַרגעסענער פון אַמאָליקע צייטן. ווי אַזוי דער קאַשטאַן־בוים האָט זיך דערהאַלטן אינעם הויף דורך די אַלע יאָרן און דערגרייכט זיין טיפן עלטער, איז אַ רעטעניש פון דעם באַשאַפער. דער קאַשטאַן־בוים איז געווען ווי אַ געטרייער אַלטער הונט, וועלכן מען האַלט אין איין קאָפּן, אין איין אַרויסיאָגן אויף דער גאַס אַרויס, אין איין אויסהונגערן, און ער טוט זיך דאָס זייניקע, היט געטריי און בילט

אויף פרעמדע. געשטאַנען איז ער אַ רונדיק יאָר אין אַ מיסטקאַסטן, ווינ־טער — פאַרהאַרטעוועט אין אייז, זומער — אַ באַוואָרפענער מיט שטיי־נער, מיט ציגל און אַלע אַנדערע אָפּפאַלעכטס, און דאָך האָט ער געלעבט. ער איז געווען, קאָן מען זאָגן, דאָס כפרה־הינדל פון הויף. משהלע „דראָנג" האָט צו אים אָנגעבונדן דעם וואָגן, ווען ער איז געקומען פון גאַס. זעליג בעקער האָט אויף אים דורכן גאַנצן יאָר אויסגעקלאַפּט די זעק פון מעל. נאָטע וואַלקאַזש האָט אויסגעשטעלט אַרום אים די ברעטער מיט די אויפ־געצויגענע כאָלעוועס, אַזוי, אַז די פּאָר קאַשטאַנעס, וואָס האָבן זיך פאַר־קליבן צום ענדע זומער אויף זיין שפּיץ, האָבן געהאַט דעם זעלבן יוכ־טאָוון געשטאַנק, ווי דאָס לעדער. און דאָך האָט ער געזשיפּעט. דער בוים האָט געדינט אויף אַלץ. ייִנגלעך האָבן זיך געלערנט אויף אים שניצן. אַלע קינדער פונעם הויף האָבן געפונען פאַר נויטיק צו פאַראייביקן פאַר דור־רות זייערע נעמען מיט זייערע צונעמען אין זיין קאָרע. ווייבער האָבן דאָ אויסגעהאָנגען אין די האַרבסטן די טובענע קליידער צו לופטערן. מען האָט געקלאַפּט אויף אים בעטגעוואַנד. און טאָמער האָט אין ווינטער ביי אַ שכן אויסגעפעלט אַ שטיקל האָלץ, פלעגט מען גיין קלויבן „שפענער" צום בוים.

און דאָך, אַז עס קומט דער פרילינג, טוט זיך דער בוים דאָס זייִ־ניקע און הייבט גאָר אָן צו בליען מיט גרויע, קערנדיקע בלעטער. אַז מ'האָט געזען ווי דער בוים, פון דער אויפגעפּרעסטער, פון שטריק און וועגענער אויסגעריבענער קאָרע גיט־אַרויס פון זיך לעבעדיקע בליעכץ, איז מען געקומען אָנקוקן אויף וווּנדער: ווי דער פון אַלטקייט און אויס־געאַרבעטקייט איינגעבויגענער און איינגעהויקערטער דראָנג שפּרייט־אויס איבער זיך אַ באַגרינטן שירעם מיט בלעטער און טראָגט דאָרט אויפן שפּיץ, וואָס קוים צו דערגרייכן, אַ דריי־פיר ליכטן־בליעכטס, ווי אַ זכרון נאָך פון אַמאָליקע כוחותדיקע יאָרן. אַז דער בוים האָט געבליט, האָט מען אים אין הויף אָנגעהויבן צו שאַנעווען, ווי כמעט אַ טראָגנדי־קע יידענע. משהלע „דראָנג" האָט פאַרזיכטיק צוגעשטעלט צו אים דעם וואָגן, און דער בעקער האָט מיט „דעליקאַטקייט" געקלאַפּט אין אים די מעל־זעק. און טאָמער איז ווער שלעכט אומגעגאַנגען מיטן בוים, האָט מען אָנגעהויבן צו שרייען פון אַלע פענצטער אַרויס: „לאָז געמאַך דעם בוים!" מיט איין וואָרט, דער בוים האָט אָנגעהויבן צו דינען, צו וואָס

ער איז באַשאַפן געוואָרן. ער איז געוואָרן דער „סאָד", דער „לוסט־גאָרטן", דער „וואַלד" פונעם הויף. די קינדער פון צווייטן שטאָק האָבן אַראָפּגעפירט די סוכאָטניטשע מוטער אויפן הויף און אויסגעבעט פאַר איר מיט קישנס און אַוועקגעזעצט אונטער אים די שוואַר־אָטעמדיקע סו־באָטניטשע מאַמע, אַז זי זאָל „פרישע לופט" כאַפּן. אין די פאַרנאַכטן פלעגן זיך אויך די אָפּגעהעשעטע ווייבער פון די הייסע שטובן פאַר־קלייבן אונטערן בוים, — האָט ער געדינט פאַר אַ „זומער־וווינונג". קינ־דער האָבן פון אים בלעטלעך געריסן און געשפּילט „גרינס". מיט איין וואָרט — דער בוים איז געוואָרן דער איינציקער פאַרטרעטער פון דער נאַטור פאַר די איינוווינער אין הויף...

אַז עס איז געקומען דער פרילינג, פלעגט העלענקע אַרויספירן די קינדער פון איר קלאַס אין שול אויף „גרינס". די קינדער זענען געווען צו אָרים אָנגעטון, אַז מען זאָל זיי אַריינלאָזן אין אַ שטאָטישן גאָרטן, וואָס איז צו יענער צייט געווען נאָר רעזערווירט פאַר „אייראָפּעאיש" און „אָנשטענדיק" געקליידעטע. פלעגט זי אַראָפּפירן די קינדער אויפן הויף צום „בוים".

איינמאָל, ווען מירקין איז אַריין אין ברייטן טויער און געוואָלט אַרויף צו די הורוויצעס אַראָפּצונעמען העלענקען אין גאָרטן, האָט ער דערהערט אַ קינדיש פריילעך רוישן, ווי דאָס גיסן פון אַ פריש וואַסער קומט־אָן צושווימען פון ערגעץ. אַז ער איז אַריין אין הויף, האָט זיך אים געדאַכט, אַז דאָס איז גאָרגישט די אַלטע, באַקאַנטע, וואָכעדיקע גראָקייט, וועלכע ער איז געוווינט געווען שטענדיק צו זען. דער הויף איז פאַר־שטעלט געוואָרן, ווי אויף אַ יום־טוב. קראַנצן קינדערלעך האַלטן זיך ביי די הענטלעך און טאַנצן אַרום דעם בוים. צווישן די שרייענדיקע שכנים, קלאַפּנדיקע וועגענער האָבן די קינדער דאָך געקאָנט פאַרטויבן אַלצדינג מיט זייער קינדישער פרייד. אַזוי ווי זיי וואָלטן זיך געווען געפונען אין אַ וואַסער, אַזוי האָבן זיי געשוווּמען מיט די הענטלעך, גישט מיט די פיס־לעך. ער האָט דערזען אַ ווייסן, זוניקן פלעק פון אַ בלישטשענדיק קאָפּ־טנדל, וואָס האָט אים היימלעך אָנגערירט. אַן אים אָנגייענדיקער שוואַר־צער מיידלשער קאָפּ שווימט־אַרום און טונקט זיך אונטער צווישן די קינדערשע קעפּלעך. דאָ טויכט־אויף דאָס נאָענטע, וואַרימע, ווייסע

קאפטנדל און דאָ ווערט עס פאַרשווונדן, ווי עס וואָלט געשווומען צווי־שן די קינדערשע לייבעלעך.

ער איז געבליבן שטיין אין אַ ווינקל און צוגעקוקט זיך צו דער סצענע: העלענקע אין מיטן פון אַ וועלדל קינדערלעך, — די קינדערלעך פון איר קלאַס. די באַקאַנטע פּנימלעך פון אירע פרהיינדינס. צו זיי האָבן זיך נאָך צובאַהאַפּטן די קינדער פון הויף: דער סוכאָטניטשעס קינדער, משהלע „דראַנגס" און פון אַנדערע שכנים. (עס איז איבערהויפּט שוין געווען איינגעפירט אין „הויף", אַז קוים האָט אַ מאַמע נישט געוווּסט וואָס צו טון מיט אירע קינדערלעך, האָט זי זיי געשיקט צו דער „לערער־קע": „גיי צו דער לערערקע!" אַזוי ווי העלענקע וואָלט געווען אַ קהלישער אַנשטאַלט און באַלאַנגט צו אַלעמען). טייל טראָגן נאָך אויף זיך ווינ־טערדיקע, שווערע מלבושימלעך, אויסגעקרימטע שיכעלעך. נאָר איין טייל פון זיי האָט בעסער און קליגער געטון: זיי האָבן אַראָפּגעוואָרפן פון זיך אי די קליידער, אי די שיך, און זענען געבליבן באָרוועסע. (ווער באַ־מערקט דאָס שמוץ אויף קינדערלעך? קינדער, דאַכט זיך, זענען שטענדיק ריין, און שמעקן אַרוים פון דער בלאָטע.) זייערע פּנימלעך זענען נישט געווען איבריק געוואַשן — נאָר ווער האָט עס באַמערקט! זיי זענען גע־ווען פרילינגס־בלומען. לעבעדיקע, באַוועגלעכע, פריילעכע מיט שווימענ־דיקע, נאַקעטע הענטלעך, מיט פליסנדיק־רוישנדיקע, ווי וואַסער־קוועלעכ־לעך, קולעכלעך און געלעכטערלעך.

קינדער קאָנען אַ רינשטאָק פאַרוואַנדלען אין אַ קוואַלנדיקן טייך, אַ מיסט־קאַסטן — אין אַ בלומען־גאָרטן און אַ וויסטן, גראָען, שמוציקן הויף, באַלייגט מיט קאַסטנס און טונען, באַשטעלט מיט פורן און האַנט־וועגענער, האָבן זיי פאַרוואַנדלט אין אַ שאָטנדיקן, אָטעמדיקן וואַלד, אין אַ שמעקנדיק פעלד. זיי אַליין זענען געוואָרן קליינע נימפן, וואַסער־גלעק־לעך, וואַסער־ליליען, וואַסער־קוויטשערס. זי, העלענקע, איז געווען די גע־טין צווישן זיי. זי האָט געבונדן קרענצלעך קינדער, געפירט זיי אַרום בוים, אַנגעהאַלטן זיך ביי די הענט, געטאַנצט אַרום דעם בוים און געזונגען עפּעס אַ קינדער־ליד, וואָס האָט געקלונגען דורך דעם פרילינג, פון קאַ־טאַר באַפרייטע, קינדערשע קעלעכלעך, ווי גלעקלעך וואָלטן געקלונגען אין וואַסער. און דער אַלטער בוים אין מיטן, מיט זיין צו דער ערד גע־בויגענער טשופרינע, האָט געלאָזט טון מיט זיך, וואָס די קינדער האָבן

געוואָלט. זיי זענען געקראָכן אויף אים, זיי האָבן געצויגן זיינע צווייגן, זיי האָבן געריסן זיינע בלעטער און געבונדן זיך קראַנצן אויף די קעפּ. ווי אַן אַלטער, געטרייער הונט, האָט ער פאַרקוקט אויף זיינע אַלטע יאָרן, און ווי ווייט ער האָט געקאָנט, האָט ער געדינט.

מירקין איז געשטאַנען און האָט באַטראַכט די סצענע. ער האָט געזען העלענקען. זי האָט אים אָבער נישט באַמערקט. זי איז געווען אַזוי אַריינגעטון אין שפּיל מיט די קינדער, אַז זי איז אַליין פאַרוואַנדלט געוואָרן אין איינער פון זיי. זי איז אַוועק פון זיך און איז איבערגעגאַנגען אין אַן אַנדער לעבן. ער איז געשטאַנען און האָט זי באַטראַכט מיט וווּנדער, ווי עפּעס נישט דאָ־וועלטיקס וואָלט דערשינען פאַר אים, ווי עס וואָלט אים ווער געוואָלט אַ צייכן געבן. ער האָט זיך אַזוי קלאָר דערמאָנט אָן דעם אַלטן יידס רייד. ער האָט געזען ווי די מענטשלעכע אויפגאַבן זענען אַזוי איינפאַך, און אַזוי לייכט צו דערגרייכן, זיי וואַלגערן זיך דאָך אַרום אונטער די פיס. מען דאַרף זיי נאָר קאָנען אויפהויבן...

און ווער זאָגט, אַז עס זענען דאָ גרויסע און קליינע אויפגאַבן אין לעבן? ס'איז נישטאָ קיין „קליין" און קיין „גרויס" אין אונדזער טון. עס זענען נאָר דאָ אויפגאַבן און דערפילונג. יעדער איינער שטייט אויף זיין אָרט און טוט דאָס, וואָס איז פאַר אים באַשטימט. אַלע רעזולטאַטן קומען זיך צוזאַמענצולויפן צו איין סך־הכל. דאָס איז אונדזער וואַקסן, דאָס איז אונדזער שטייגן פון מדרגה צו מדרגה — צו די העכסטע הויכן. נישט דאָס אַריבערשפּרינגען זיך אַליין, איבער די אייגענע כוחות, איילט־צו דעם פּראָצעס פון אונדזער וואַקסן. דאָס איז אַן אויספּוצן זיך מיט פעדערן, אַ גלאַנץ פון דרויסן. אַזוי ווי עס איז דאָ אַ גלאַנץ פון געלט, איז אויך דאָ אַ גלאַנץ פון אידעאַל.

— איך בין נישט קיין העלד, — האָט ער זיך געזאָגט, — און איך וויל אויך נישט זיין. איך וויל זיין אַן איינפאַכער בויער. אַ ציגל־טרעגער, אַ לאַסט־שלעפּער און אַ פּאָדעם־דרייער. דער עיקר איז נאָר דאָס וועבן, געטריי צו שטיין ביים וועב־שטול, וואָרים סוף־כל־סוף — וועבן מיר דאָך אַלע איין קלייד...

ער האָט איר נישט געוואָלט שטערן און איז אַרויס פון הויף, אַז זי זאָל אים נישט באַמערקן.

ער האָט זיך אַרומגעדרייט איבער די מיט פרילינג און זון באַגאַ־

סענע גאַסן אַ גליקלעכער און אַ רייכער, ווי ער וואָלט געווען געפונען עפּעס אַ גרויסע מציאה.

שפּעטער, ווען מירקין האָט אָנגעטראָפן העלענקען אין דער שולע אַליין, האָט ער איר עפּעס אין האַנט אַריינגעשטעקט. העלענקע האָט עס גענומען און געזען אַ פּראָקלאַמאַציע, וואָס רופט די יידישע אַרבעטער צו אַ מאַניפעסטאַציע אויף דעם ערשטן מאַי צוזאַמען מיט אַלע אַנדערע אַרבעטער.

— וואָס איז דאָס? — פרעגט העלענקע.

— דאָס איז כלה־מתנות, וואָס מיין פאָטער האָט דיר געשיקט.

— וואָס? — פרעגט־איבער העלענקע. נישט פאַרשטאַנען — וואָס ער רעדט.

— דאָס איז פאַר דעם געלט, וואָס מיין פאָטער האָט געשיקט, אַז איך זאָל קויפן פאַר דיר אַ כלה־מתנה. דו האָסט דאָך גאָרנישט קענען אַזאַ געשאַנק.

— געוויס האָב איך נישט, — ענטפערט־אָפּ העלענקע. — נאָר פאַר־וואָס האָט ער דאָס עפּעס געשיקט פאַר מיר אַ כלה־מתנה?

— אָ, דו ווייסט נישט. איך האָב דאָך אים געשריבן, אַז מיר זענען פאַרקנסט, מיר גייען חתונה האָבן.

— וואָס, — פרעגט אַלץ העלענקע, און אַ פייער ברענט אין איר פּנים.

— נו, געוויס. — איך וויל טאַקע היינט מיט דיין טאַטן רעדן וועגן דעם.

העלענקע קוקט אים אָן און צוויי גרויסע טרערן שפּריצן־אַרויס פון אירע אויגן.

— דיין טאַטן האָסטו שוין געשריבן דערפון, מיט מיין פאָטער ווילסטו רעדן, נאָר מיר האָסטו גאָרנישט געזאָגט דערפון.

מירקין שטייט אַ דערשטוינטער, — שמייכלט נאַריש, קאָן נישט גע־פינען קיין וואָרט און חזרט־איבער פאַר זיך.

— טאַקע אַזוי, דיר האָב איך גאָרנישט געזאָגט דערפון.

העלענקע קוקט אים אָן מיט אַ געבעט אין אירע אויגן:

— פאַרוואָס?

— איך ווייס נישט, — שמייכלט מירקין.

אין אַ ווײַלע אַרום שטאַמלט ער אַרױס:

— ווײַל איך גלויב, אַז דיר באַדאַרף איך גאָרנישט זאָגן, — דו ווייסט אַלעם.

העלענקע בלײַבט שטיין אַ פאַרשטיינערטע. איר פּנים ווערט בלייך. און זי קוקט אים מיט חוצפּהדיקער עקשנות אין די אויגן אַרײַן.

— און פאַרוואָס אַנטלויפסטו פון מיר? —

מירקין גיט אַ ציק, ווי אַן עלעקטרישער שטראָם וואָלט אַדורך דורך זײַן קערפּער. זײַנע פינגער קורטשען זיך אײַן — און ער קוקט איר אויך אַ בלייכער אין פּנים אַרײַן:

— ווײַל איך האָב מורא געהאַט פאַר דיר.

— פאַר מיר?

— יאָ. — דו ביסט אַזוי ענלעך צו מײַן מוטער, און איך האָב גע־וואָלט אַנטלויפן דערפון.

— פאַרוואָס? פרעגט העלענקע, און איר עקשנותדיקער בליק פאַר־וואַנדלט זיך איצט אין אַ ווײ־גרימאַסע.

— איך ווייס נישט פאַרוואָס, איך קאָן עס דיר נישט דערקלערן.

— און דאָך ווילסטו מיט מיר חתונה האָבן?

— יאָ.

— פאַרוואָס?

— ווײַל מײַן מזל איז שוין אַזעלכער, — זאָגט מירקין פלינק — און נעמט־אַוועק זײַן בליק פון איר.

— איך האָב געמיינט, אַז איך בין דײַן גליק — און איך זע נישט איין, פאַרוואָס איך זאָל פאַרבינדן מײַן לעבן מיט אַ מזל, וואָס איז יעדנ־פאַלס נישט מײַנער, — זאָגט העלענקע און וויל פאַרלאָזן דאָס צימער.

— זעסטו נישט, אַז אָן דיר וועל איך פאַרלוירן גיין, — זאָגט ער ווי פאַר זיך און בלײַבט ווידער שטיין ווי ער שטייט, נישט צו מאַכן דעם מינדסטן שריט זי צוריקצוהאַלטן.

עס איז מער געווען זײַן אײַנזאַם פאַרלוירן־שטיין — ווי זײַנע ווערטער, וואָס האָבן זי צוריקגערופן. זי איז צוגעגאַנגען נאָענט צו אים — און האָט אים געקוקט אין פּנים אַרײַן — און געזאָגט צו אים די ווערטער:

— דו האָסט מיך נישט ליב. — פאַרוואָס פאַרלאַנגסטו פון מיר דעם קרבן.

מירקין האָט געבויגן דעם קאָפּ צו דער ערד און אָפּגעענטפערט:

— דו ביסט געוווינט דערצו, דיין מזל איז אַזעלכער.

די טרערן האָבן געשפּראָצט פון אירע אויגן — און געשטיקט אין איר קעל.

— אָבער דו אַנטלויפסט דאָך פון מיר!

ער האָט איינגעגראָבן זיין פּנים אין איר קאַלטן האַלדז, און געברומט אין איר לייב אַריין:

— דאָס איז אויס ליבע, העלענקע!...

## קאַפּיטל 13

# ציוניסט און אַסימילאַטאָר

קעניגשטיין, דער העברעאישער לערער, הורוויצעס פריינט, האָט זיך טאַקע געקליבן צו פאָרן קיין ארץ־ישראל, אויף אַ רעכטן אמת. קיינער האָט נישט געוווּסט, ווי אַזוי ער וועט דאָס אויספירן. נישט נאָר האָט ער נישט געהאַט קיין געלט אויף דער רייזע, נאָר וואָס וועט ער טון מיטן ווייב און קינדער, וואָס ער לאָזט איבער? אָבער קעניגשטיין האָט אָנגעהויבן צו פאַרנאַכלעסיקן זיינע לעקציעס. ער האָט זיך אָפּגעלאָזט און איז געוואָרן אויס מענטש. אין די אָוונטן פלעגט ער זיצן ביים קאַרגן ליכט פונעם טיש־לאָמפּ, דעם קאָפּ אָנגעלענט אויף אַ האַנט און אַריינגעקוקט אין לשון־קודשדיקע ביכלעך, אין פאַרשידענע לוחות, אין וועלכע עס זענען געווען באַשריבן די הייליקע ערטער פון הייליקן לאַנד, און האָט אויסגערעכנט יעדע חיה און בהמה, וואָס האָבן זיך געפונען אין די געציילטע יידישע קאָלאָניעס, און ער פלעגט קרעכצן מיט קנאה. זיינע אויגן זענען פאַרגלייזט געווען ווי זיי וואָלטן אַרומגעבלאָנדזשעט אין אַ וואָלקן, און אַ הייליקער, לייכטנדיקער וואָלקן איז געלעגן אויף זיין בלייכן פּנים, פון וועלכן ס'האָבן זיך, ווי געוועלעך, אַרויסגעהויבן די רויטע פלעקן אויף די שפּיצן פון די באַקן־ביינער. אין דער ענגער, טונקעלער שטוב

האָבן זיך אומגעדרייט, אַ חוץ קליינוואַרג, אַ טאָכטער, אַ בוגרת, אַ קאַ־פעליוש־פּיצערין, וואָס איז שוין דעם צווייטן חודש אָן אַרבעט, און קאָן נישט אַרויסגיין פון שטוב דערפאַר, ווייל זי האָט נישט קיין פאַסיקן ווינטער־מאַנטל. דאָ איז אויך די מאַמע, וואָס האָט אַמאָל געמוזט זיין אַ שיינע, וואָרים אירע מיידליש־חנעוודיקע גריבעלעך און וואָרצעלעך פון איר שאַרף־געשניטענעם ברונעטן פּנים, וועלכע האָבן אַמאָל אַזוי קעניג־שטיינס האַרץ געפאַנגען, שמייכלען נאָך אַרויס פון דעם פּריצייטיק־רו־איני רטן פּנים. דאָס גאַנצע לעבן פון קעניגשטיינס הויז, זעקס און צוואַנ־ציק יאָר לעבן, שטייט אָנגעשריבן אויפן פּנים פון קעניגשטיינס ווייב: אַלע ווינטערס, אַלע דירה־געלט־צאָלונגען, אַלע קינדער־קראַנקהייטן האָבן איבערגעלאָזט יעדער זיין קנייטש אויף איר פּנים; נאָר דעם טיפסטן קנייטש אַרום דעם מויל און די לעכער אַרום די אויגן האָט אינעם ווייבס פּנים אויסגעקנאָטן די פינף און צוואַנציק יאָריקע בוגרת. איר האָט זי אויך צו פאַרדאַנקען די פאַסן גרויע האָר, וואָס רייסן זיך אַריין אין דעם געדיכטן ברונעטן קאָפּ פון דער פרוי.

זיצט זי, די פרוי קעניגשטיין, לאה, ביי דער צווייטער זייט טיש פון איר מאַן און העלפט־צו, ביים שיין פון לאָמפּ, איר יינגערע טאָכטער איינצופעדימען האָר, וואָס קומען פון אָפּגעשוירענע כלה־קעפּ, צו פלעכטן שייטלעך פאַר יונגע ווייבלעך. זי וואַרפט פון צייט צו צייט אַ בליק אַרויס פון איר אַרבעט אויף איר שלימזלדיקן מאַן, ווי ער זיצט אַזוי מיט דער באַק אָנגעלענט אויף דער האַנט — פאַרטראַכט אין די ביכלעך וועגן ארץ־ישראל. זי פילט, אַז זיין נשמה גייט אויס נאָך די הייליקע ער־טער פונעם הייליקן לאַנד, און זעט ווי די רויטע סוכאָטנישע פלעקן גליען ווי רויזן אויף זיינע באַקן. הייבט לאה אָן צו שאָקלען מיטן קאָפּ אויף איר אומגליק און זאָגט מיט אַן איכה־טאָן, אויסגעמישט מיט קרעכצן, ווי צו קבר־אבות ביי דער מאַמעס קבר אויפן לענטשיצער בית־עולם:

— ביסט גוט משוגע געוואָרן, מיין מאַן. נאַדיר אַ ניי אומגליק, — ארץ־ישראל! האָט איר שוין געהערט, מענטשן, פון אַזאַ בראָך?

— וואָס האָט דיר ארץ־ישראל שלעכטס געטון? — פרעגט דער מאַן אין אַ גלייכגילטיקן גמרא־ניגון, נישט פאַרגינענדיק דערביי דעם ווייב אַ בליק פון די ביכלעך אַרויס.

— וואָס ארץ־ישראל האָט מיר געטון? דו זיצסט איבעראַנאַנד. אַ

וואנדער, וואָס מען זאָגט דיר אָפּ די לעקציעס? דיין קאָפּ שטייט דען עפּעס צום לערנען? אז דו ליגסט אינגאַנצן אין ארץ־ישראל?

— וואָס מיינסטו, מיין ווייב, אַז אין ארץ־ישראל איז שלעכט צו ליגן? נישט איין גוטער ייד וואָלט זיך דאָס געוואונטשן, — וויצלט זיך דער מאַן.

— יאָ, אַז מען ליגט שוין! וואָס טוט מען אָבער, אַז מען האָט נאָך נישט די זכיה ביי גאָט און מען באַדאַרף נאָך די זינדיקע נשמה דער־האַלטן? דו ברענגסט דאָך שוין זייט וואָכן קיין גראָשן נישט אין שטוב אַריין. און ווען נישט דאָס קינד מיט די שייטלעך, וואָלטן מיר דאָך פאַר הונגער אויסגעגאַנגען. איך עס דאָך זי אויף לעבעדיקערהייט. האָסטו גאָר קיין האַרץ נישט? גאָר קיין „סומיעניע״ נישט?

— אין ארץ־ישראל ליגט מען נישט. אין ארץ־ישראל לעבט מען. אין ארץ־ישראל אַרבעט מען. אין ארץ־ישראל בויט מען! — האָט זיך דער מאַן אויפגעהויבן פון זיין שטול, און עס האָט זיך דעם אָרימען ווייב אויסגעדאַכט, אַז ער איז העכער געוואָרן. די קראַנקע רויטע בלומען אויף די באַקן האָבן זיך נאָך מער צעבליט און די שוואַרצע אויגן זיינע האָבן געלויכטן, אַזוי אַז דאָס ווייב האָט — ווי יעדעס מאָל ווען עס האָט אים „אָנגעכאַפּט״ — אויך דאָס מאָל זיך פאַר אים דערשראָקן, אַז ס׳זאָל אים חלילה נישט עפּעס געשען, און עס האָט איר שוין אינגאַנצן באַנג געטון, וואָס זי האָט אָנגעהויבן. זי האָט עס געוואָלט איינשטילן. דאָס האָט זי געפּרוווט טון מיט די באַוועגונגען מיט דער האַנט, אָבער עס האָט שוין נישט געהאָלפן. קעניגשטיין איז ווי אַ ריטער געשטאַנען, אָנגעלאָדן מיט אַלע כלי־זיין צו פאַרטיידיקן דעם כבוד פון זיין פאַרשעמט־געוואָרענער מלכה, קעגן זיין אָרים ווייב.

— און איך זאָג דיר, מיין ווייב, אַז דאָ ליגט מען ניין טיפע קלאַפ־טער. אין דר׳ערד ליגט מען דאָ, אין גלות, ביי די באַלעבאַטים, ביי די אָנגעפּרעסענע יונגען, די תלמידים, וואָס שטופּ זיי כאָטש די תורה דורכן פינגער אַריין; ביי די פאַרשטויבטע שייטלעך, ביי וועלכע דו פאַר־שוואַרצסט דיינע נעכט, ביי די קאַפּעליושן, ביים גאַנצן לייב און לעבן. וואָס איז עס ווערט, מ׳שטיינס־געזאָגט? אַ ביטערער, אַ פינצטערער, אַ שוואַרצער גלות. און פאַרוואָס און פאַרוועןּ? וואָס פאַראַ האָפענונג האָסטו? אויף וואָס וואַרטסטו? אויף וואָס ווערסטו אויסזיצן?

דאָס ווייב האָט געלאָזט פאַלן דעם קאָפּ אונטער זיינע ווערטער, ווי פון קלעפּ, צו דער ערד. און אַזוי האָבן אויך געטון די קינדער. איר טיפע, שוואַרצע נאַכט האָט ער אויפגעדעקט פאַר איר.

— געוויס, געוויס. יאָ, יאָ, מיין מאַן. אָבער וואָס האָסטו פאַר אַן אַנדערע עצה? קאָנסטו מיר אפשר זאָגן?

— קיין ארץ־ישראל גיין. ערד באַארבעטן, פעלדער פאַרזייען. דעם שופל אין האַנט נעמען, אונטערן פרייען הימל לעבן. מיט דער נאַטור, מיט דער מאַמען ערד, ווי אונדזערע עלטערן האָבן געטון. אויפעטעמען, אויפלעבן. איך, דו, די קינדער. מיר וועלן נייע מענטשן ווערן. מיר וועלן האָבן אייגענע מילך פון אונדזערע קי. פאַרנאַכט פון פעלד אַהיימקומען מיט געזאַנג. אַ מידער פון אַרבעט, אין אייגענעם גערטנדל זיך אוועקזעצן. אייגענע פירות עסן. אייגענע ביימער.

— אָבער, גאָט מיינער, פון וואַנען וועסטו אויף הוצאות נעמען? אויף הוצאות! — קאָן זיך שוין דאָס ווייב נישט איינהאַלטן און שרייט־איבער דעם מאַן. — וואָס טוט מען מיט אים! איך זאָג שוין נישט אויף אייגענע ביימער און קי, נאָר פּראָסט אויף הוצאות!

— אויף הוצאות? אויף הוצאות? — שטייט פּלוצים קעניגשטיין, ווי פון הימל אַראָפּגעפאַלן, ווי אָפּגעגאָסן מיט קאַלט וואַסער פונעם ווייבס מאָנענדיקע ווערטער, און קוקט זיך אַרום ווי אַ פאַרלוירן קינד, אַן אַרויסגעטריבענער פון זיין גן־עדן, און שטאַמלט פאַר זיך אומבאַהאָלפן די אומפאַרענטפערטע קשיא:

— אויף הוצאות, פרעגסטו? — מיט ער זיך צוריק אויפצוהייבן זיך אין דער הויך. — ווייל נאָר פּאָרן, וועלן מיר שוין קריגן אויף הוצאות.

דאָס ווייב האָט אים געוואָלט נאָך עפּעס אָפּענטפערן, נאָר זי האָט געקוקט אויף די רויטע פלעקן, אויף די שפּיצן באַקן־ביינער, און זיך דערשראָקן פאַר זיי. זיי האָבן זיך צעגליט אין פייערן. אַ רחמנות האָט זי אַרומגענומען צו אים, און זי האָט געגעבן אַ טו־אַריין איר פנים אין די פלעכטן פון ברונעטע לאָקן האָר, וועלכע זענען געפאַלן פון כלית קאָפּ צו פלעכטן שייטלעך פאַר יונגע ווייבלעך.

זי האָט פאַרשוויגן און קעניגשטיין האָט צוריק אָנגעהויבן צו וואַנדלען צווישן די שטענדן צו די הייליקע ערטער אין זיין ביכל.

און אַזוי איז געווען אָוונט נאָך אָוונט.

איינמאָל איז קעניגשטיין געקומען צו זיין פריינט, דעם לערער הור־וויץ און האָט צו אים געזאָגט אַזוי:

— באו מים עד נפש! לענגער קאָן איך עס שוין נישט אויסהאַלטן. שלמה, וואָס טוט מען? דאָס לעבן דאָ איז מיר נמאס און מיאוס געוואָרן. עס ליגט מיר אַ באָמעט אויפן האַלדז, און איך ווייס נישט פאַרוואָס איך טראָג אים. מיין איינציקע האָפענונג איז נאָך ארץ־ישראל. איך ווייס, אַז איך וועל זיך דאָרט צו עפּעס דערשלאָגן. אויב נישט — איז כאָטש אי־בער די גאַסן זיך אַ הונגעריקער ארומצודרייען, אַבי דאָרט צו זיין, אַבי אָן אַנדערע לופט צו שעפּן. דאָרט וועל איך וויסן פאַרוואָס איך לעב, פאַרוואָס איך לייד, פאַרוואָס איך טראָג דעם יאָך. דאָ וועל איך אונטער־גיין. איך פיל, איך גיי אונטער. כאָטש נאָר אַ סוף צום אייגענעם לעבן צו מאַכן.

הורוויץ האָט אים אויסגעהערט; דאָסמאָל האָט ער נישט אויסגע־לאַכט זיין חלום, ווי תמיד. ער האָט זיך אויך נישט געוויצלט. ער האָט געזען, אַז זיין פריינט ליידט, ליידט צוליב אַן אידעע, און דער לערער הורוויץ האָט זיך די לעצטע צייט צו פיל זאַכן צוגעווינט, וואָס ער האָט נישט געקאָנט טון אין די יונגע יאָרן. זיין אייגן לעבן, דאָס לעבן פון זיין הויזגעזינד, האָט אים דערצו געבראַכט.

— דו האָסט כאָטש אַן אידעע, דו האָסט כאָטש אַ שטרעבן נאָך עפּעס. דיר איז גוט. וואָס טוט מען, אַז מען האָט דאָס אויך נישט? — זאָגט דער לערער מיט אַ קרעכץ.

— וואָס קומט מיר אַרויס, אַז איך האָב אַ שטרעבן, אַז איך האָב נישט די מיטלען עס אויסצופירן? איך זע עס פאַר מיר, עס שטייט פאַר מיינע אויגן. אָבער, ווי קומט מען דערצו? וואָלט איך נאָר בלויז אויף הוצאות געהאַט!

דער לערער האָט געשוויגן אַ ווײַלע, פאַרטראַכט זיך, דערנאָך האָט ער אים געפרעגט:

— גוט. זאָגן מיר, אַז דו האָסט שוין אויף הוצאות. וואָס וועסטו מיט דעם הויזגעזינד טון? וועמען וועסטו זיי לאָזן?

— וואָס האָבן זיי פון מיר, אַז איך בין דאָ? אַז איך פאַרדין סיי ווי סיי נישט. זיי דערהאַלטן זיך ווי זיי קאָנען, פון שייטלעך פלעכטן. פאַר־

קערט, אַז איך וואָלט אָפּגעפּאָרן, ווער ווייסט, אפשר וואָלט איך זיי מיט דער צייט אויך געקאָנט אַראָפּנעמען.

דער לערער האָט אים דאַרויף גאָרנישט אָפּגעענטפערט, געגעבן די האַנט, און זיי זענען זיך צעגאַנגען.

אין אָוונט, נאָכדעם ווי די קינדער האָבן שוין געמאַכט די לעקציעס און רחל־לאה האָט פאַרבראָקט איר טאָג אַרבעט מיט שטאָפּן שקאַרפּעט־קעס ביים אויוון, האָט דער לערער הורוויץ זיך גענומען נישטערן ביי זיין ביכער־שענקל. עס איז איר גאָרנישט איינגעפאַלן. עס איז געווען אַ געוועגלעכע זאַך, אַז אין אָוונט, נאָך דעם טאָג לעקציעס, זאָל דער מאַן זיך פאַרקלייבן אין ביכער־שענקל און מען זאָל אים פון דאָרטן נישט קאָנען אַרויסציען. מיט אַ מאָל דערזעט רחל־לאה, ווי שלמה נעמט אַרויס גאַנצע שטויסן ביכער, באַקוקט זיי צוערשט, צערטלט זיי אַ מינוט אין זיין האַנט, ווי ער וואָלט זיך געווען עפּעס איבערגעלייגט, און בינדט זיי צונויף אין פּעקלעך, עפּעס ווי אוועקצוטראָגן. האָט עס איר געגעבן אַ שניט אין האַרץ. די זאַך איז איר פאָרגעקומען פרעמד. וואָס פּאַקט ער עפּעס די ביכער? וואָס וויל ער מיט זיי טון? וואָס פאַראַ נויט עס האָט זיך ביז איצט נישט פאַרקליבן אין הורוויצעס שטוב, איז זי נישט געווען גרויס גענוג צו פאַרטרייבן די ביכער פון שויבן־שענקל. די נויט האָט גע־קאָנט מאַכן דאָס לעצטע מלבוש אוועקצוטראָגן אין שטאָטישן לאָמבאַרד, אָבער די ביכער זענען ביז איצט פאַרשוינט געבליבן. עס האָט איר קיינ־מאָל נישט געקאָנט קומען אויפן געדאַנק, ביי וואָס פאַר אַן אומגליק עס זאָל זיך נישט מאַכן, אפילו דענסטמאָל ווען זי האָט זיך גענייטיקט אין הוצאות צו פאָרן קיין פּעטערבורג, בשעת איר זונס אַרעסט, צו פאַר־זעצן די ביכער. זיי זענען געווען דאָס הייליקסטע, דאָס אומבאַרירבאַרסטע פון שטוב. וואָס האָט געקאָנט אַזעלכעס געשען, וואָס האָט אים געמאַכט זיך צוצורירן צו די ביכער? רחל־לאה האָט זיך דערשראָקן. דאָך האָט זי נישט געוואַגט דעם מאַן צו פרעגן. זי האָט געפילט זיינע לײַדן, אַז ער האָט דאָס געקאָנט ברענגען איבער זיך. זי האָט אוועקגעלייגט דאָס שטאָ־פּעכטס און האָט אָנגעקוקט איר מאַן אַ פאַרוואונדערטע, אָן ווערטער.

הורוויץ האָט שוין דערפילט דעם ווייבס בליק. ער האָט זיך אויפ־געהערט צו צערטלען מיט די ביכער, פאַרבונדן די פּעקלעך איצט מיט

עקשנות, ווי עס וואָלט זיך געווען געהאַנדלט נישט אין זיינע ביכער, נאָר אין עפּעס אומנוצלעכע שמאַטעס, און געזאָגט:

— ביי זלמנען איז זייער שלעכט. ער האָט זיך היינט געקלאָגט פאַר מיר. איך האָב מורא, ס'זאָל מיט אים נישט פּאַסירן עפּעס שלעכטס.

— אַז ער האָט זיך איינגערעדט אַ קרענק אין בויך, אַז ער מוז דווקא פאָרן קיין ארץ־ישראל, אַז נישט וועט די וועלט אונטערגייז — ווער איז אים שולדיק?

— ס'איז נישט מיין אידעאַל, אָבער עס איז פאָרט אַן אידעאַל, — זאָגט דער לערער.

רחל־לאה האָט געוואָלט אָפּענטפערן, נאָר זי האָט — לויט איר געוווינהייט — פאַרביסן מיט אַ שאַרפן ביס פון אירע ציין אויף די ליפּן, און זיך גענומען שטאָפּן איר זאָק מיט אַזאַ ענערגיע, אַז זי האָט זיך אַזש אַ שטאָך געגעבן מיט דער נאָדל אין פינגער.

אַ גאַנצע נאַכט האָט דער לערער הורוויץ נישט געקאָנט איינשלאָפן. ער האָט זיך געמיט נישט צו וואַרפן זיך אויף די זייטן, כדי רחל־לאה זאָל נישט הערן, און אויפכאַפּן זיך, וואָס זי האָט עס סיי ווי סיי געטון. זי האָט שוין געהערט יעדן קרעכץ זיינעם און יעדן וואָרף זיינעם. נישט איבער די ביכער האָט ער זיך געוואָרפן. געווים, זענען די ביכער אים געווען אַ שאָד. יעדעס ספר איז געוואָרן איינגעשאַפּט מיט ווייטיק, מיט צער, מיט פאַרזאָגן דעם ווייב אַ פּאָר שיך, זיך אַן איבעריק שטיקל וואַרימע וועש. מ'האָט זיך באַגנוגנט מיט אַ נייער לאַטע, מיט אַ קינדס אַ העמדל, מיט דעם יונגס אַ פּאָר הויזן. יעדעס בוך איז געווען אַ שטיק האַרץ אַרויסגעריסן. יעדעס בוך איז געווען אַ זיג איבערן דלות, אַ קאַמף מיט דער נויט און אַ שפּרונג איבער די טאָג־טעגלעכע זאָרגן. יעדעס ספר האָט געטראָגן אַ ישועה, אַ שטיק אמונה אין פּראָגרעס. יעדעס ספר איז געווען אַ חלום און אַ וואָרהייט: טען און ספּענסער, רוסאָ און דאַרווין, מילער און קראָפּאָטקין — ווי מלאכים זענען זיי געשטאַנען פאַר אים, וואָס פירן אַריין אין גן־עדן פון דער נאַטור. די ספרים האָט ער שוין באַזיגט. דאָס איז נישט געווען קיין שאָד. מילא, וועט מען זיך מוזן לאָזן באַגנוגענען מיט אַ געבאָרגט בוך. וואָס אים האָט באַאומרואיקט און באַרויבט זיין שלאָף, איז געווען: צי ער, אַ מענטש, וואָס גלויבט אין פּראָגרעס, אין זיג פון דער ציוויליזאַציע איבער אַלעם שלעכטן, אין פאַרברי־

דערונג פון אַלע מענטשן — קריסט, ייד און הייד — זאָל צולייגן אַ האַנט צו אַזאַ רעאַקציאָנערן שריט, צו העלפן זיין פריינט צו פאָרן קיין ארץ־ישראל, וואָס איז נאָר אַ פאַרשטאַרקן די רעאַקציע און אַ סעפּאַראַטיזם. בארויקט האָט אים אָבער דער געדאַנק פון „אויטשיזנאַ" (פאָטערלאַנד), וואָס איז מיט דעם אידעאַל פאַרבונדן. „אויטשיזנאַ" האָט אַלצדינג גע־כשרט. ער האָט זיך דערמאָנט אין נייעם דור, אין זיינע אייגענע קינ־דער. זיי האָבן שוין נישט דעם אידעאַל פון „פאָטערלאַנד" (דער לערער האָט דעריבער ביטער אָפּגעקרעכצט און געזען דערין אַ סימן פון מאַטע־ריאַליזם, אין וועלכן דער נייער דור ווערט פאַרזונקען), און ער האָט זיך געזאָגט:

— צי ארץ־ישראל, צי אַן אַנדער לאַנד — עס איז דער אידעאַל פון „פאָטערלאַנד". די ייִנגערע האָבן עס שוין נישט. מיר, די אַלטע, זענען די לעצטע ריטער, און מיר דאַרפן שטיין איינער ביים אַנדערן, צי עס איז יאָ מיין אידעאַל, צי נישט.

צומאָרגנס האָט ער אוועקגעטראָגן די בינטלעך ביכער אינעם מש־כילשן ביכער־געוועלבל, צו ישראל אַהרנזאָן, אויף טוואַרדע־גאַס, ווו עס קומען זיך צונויף די משכילים יעדן פרייטיק נאָך מיטאָג, רויכערן פּאַפּי־ראָסן און פירן וויכוחים וועגן דער נייער העברעאישער ליטעראַטור. נאָך אַ לאַנגן דינגען האָט ער פאַר זיינע בינטלעך ספרים אַרויסבאַקומען פון דעם קאַרגן, געשרויפטן בוכהענדלער געווּנג געלט, וואָס האָט געקלעקט פאַר אַ דריטן קלאַס שיפס־בילעט קיין יפו, איבער אָדעס. ער האָט אוועק־געטראָגן דאָס געלט מיט גרויס פרייד צו זיין פריינט קעניגשטיין און איבערגעגעבן די פאָר צענדליק רובל מיט אַ פנים־יפות און געזאָגט אַזוי:

— אַן אידעאַל איז עס. נאָר אַ משוגעת סיי ווי סיי. פאָר געזונ־טערהייט!

## קאַפּיטל 14

# דער ערשטער מאַי

עס איז געקומען דער פרילינג, און ווי יעדעס יאָר, צוזאַמען מיטן גרינעם גראָז, מיטן בליען פון די ביימער און מיט די דערלייכטערטע,

אויפלייזנדיקע ווינטן, האָט זיך אָנגעהויבן דער סעזאָן פון רעוויזיעס און אַרעסטן.

ווארשע איז געווען אין א באַלאַגערונגס־צושטאנד. קיינער האָט נישט געוווסט, צי ער איז זיכער מיט זיין פרייהייט. מען האָט פּלוצלינג, אין מיטן העלן טאָג, געמאַכט אַן „אָבלאווע״ אויף קאַפע־הייזער. פּאַטרולן האָבן זיך געדרייט אין די גאַסן, אָפּגעשטעלט די דורכגייענדיקע און גע־פרעגט אויף פּעסער, צוגענומען די מענטשן און געפירט אין צירקל אַריין, אָדער איבערגעפאַלן אין א שיינעם העלן טאָג א הויז און אוועקגעפירט די מענטשן אין ראָטהויז.

מען האָט זייער אָפט געזען, ווי פּאַטרולן פירן דורך די גאַסן אַרעס־טירטע גרופּעס ציוויל־געקליידעטע מענטשן, מענער און פרויען, יידן און קריסטן. ביינאַכט איז גאָר געווען א שרעק ארויסצוגיין אין גאַס. אויף די עקן זענען געשטאַנען „רעוויראָוועס״ און ציוויל־געקליידעטע שפּיצלען, און מען האָט יעדן פאַרבייגייער אָפּגעשטעלט און אוועקגעפירט. עס איז געווען אַן אימה צו שלאָפן אין די אייגענע היימען. יעדע פאַרדעכטיקטע שטוב האָט מען ביינאַכט אויפגעוועקט דורך א שטאַרקן קלימפּערן אין טיר־גלאָק מיט דעם באַקאַנטן שפּרוך: א „טעלעגראַם!״ מ׳האָט שוין גע־וווּסט, וואָס דאָס מיינט.

דורך די שטילע אויסגעשטאָרבענע גאַסן האָט זיך געהערט אַן איינ־זאַם רעשן פון דראָזשקע־רעדער אויפן שטיינערנעם ברוק. דאָס האָט מען געפירט, צווישן אויפגעשטעלטע זעלנערישע ביקסן, אַרעסטירטע איינ־וווינער, צוגענומענע פון די בעטן.

ביי די הורוויצעס האָט מען זיך געריכט יעדע נאַכט. ווי אין יעדן פאַרדעכטיקן הויז, אויף א רעוויזיע. רחל־לאה, וועלכע איז שוין געווען א געפּרוווטע, האָט געמאַכט א „בדיקת חמץ״ און איבערגעקערט די קע־שענעס פון איר יינגל, דעם גימנאַזיסט, יעדן אָוונט, איידער זי האָט זיך שלאָפן געלייגט. נישט איינמאָל האָט זיך די מאַמע אויף עפּעס־וואָס גע־ריכט. נאָר אַזוי ווי מען וואָלט רחל־לאהן פאַרגעסן. ביי אַלע באַקאַנטע האָט מען שוין געמאַכט נאַכט־וויזיטן. רחל־לאהן האָט מען אויסגעמיטן, אַזוי ווי מען וואָלט זי געוואָלט פאַרשעמען.

— עפּעס האָבן זיי היי־יאָר אָן אונדז פאַרגעסן, — זאָגט דער לע־

רער אַמאָל צו זיין משפּחה ביים טיש, — ביי באַקאַנטע זענען זיי שוין געווען.

— עס געפעלט מיר גישט זייער שטילשווייגן, — האָט דאָס ווייב אין נאָכדענקען געענטפערט.

דערווייל האָט זיך דערנענטערט דער ערשטער מאַי, און די גאַנצע פּאָליציי איז געשטעלט געוואָרן אויף די פיס. פון דער אַרומיקער געגנט האָט מען אָנגעהויבן צו קאָנצענטרירן מיליטער אַרום דער שטאָט, און עס האָט זיך פאַרשפּרייט אַ קלאַנג, אַז דער שרעקלעכער וואָלינער פּאָלק, וואָס האָט זיך אויסגעצייכנט מיט מערדערישער אכזריות קעגן דער באַפעלקערונג, האָט באַקומען טאָפּלטע אַמוניציע, מיטן באַפעל צו שיסן אין דער באַפעלקערונג ביים קלענסטן ווידערשטאַנד. דאָך האָט דאָס נישט אָפּגעשראָקן די מאַניפעסטאַנטן. פאַרקערט, עס איז געווען אַ פאַרמעסטן זיך מיט די כוחות, אַ שטיל געוועט, ווער וועט וועמען מנצח זיין.

צום ערשטן מאַי איז פון פרימאָרגן אָן אַלץ געווען אויף דער גאַס. ביידע צדדים האָבן זיך געשטעלט. די ברייטע ברוקן האָבן פאַרנומען פּאַטראָלן, „רעוויראָוועס" מיט פּאָליציסטן, איינצלנע גרופּעס קאָזאַקן אויף פערד, באַוואָפנט מיט נאַגייקעס אין די הענט און מיט שיס־געווער אין זייערע באַהאָנגענע טאָרבעס, פון וועלכע עס האָבן זיך געצויגן די רויטע שנורן פון זייערע רעוואָלווערן.

די טראָטואַרן, ווידער, האָט פאַרנומען אַ יום־טובדיק באַקליידעטע, אַ יום־טובדיק שטראַלנדיקע באַפעלקערונג, אַ געמיש פון פאַרשידענע שיכטן און קלאַסן. אַן ערנסטע, טונקל־באַקליידעטע אַרבעטער־מאַסע, צוזאַמען מיט אַן אויסמישעכץ פון אינטעליגענטן, גוט־געקליידעטע הערן און רייך־אָנגעטוענע דאַמען. אין אַ טייל קלאַפּעס האָבן זיך גערויטלט קליינע, רויטע בענדלעך. ביי די גוט־באַקליידעטע אינטעליגענטן מיט די ווייכע היט האָט מען פון די קלאַפּעס געזען אַרויסגליען רויטע נעלקן. דאָ און דאָרט האָט אַן עלעגאַנטע יונגע דאַמע גאָר קאָקעטירט מיט אַ בונט רויטע מאָן־בלימעלעך, וועלכע זי האָט זיך אַריינגעשטעקט אין איר הוט, וואָס האָט אַרויספּאָדערנדיק אַרויסגעגליט פון די גרוי־באַקליידעטע, ערנסטע און שווער־באַוועגלעכע, געדיכטע אַרבעטער־מאַסן...

צוערשט איז דער געראַנגל אָנגעגאַנגען אין דער שטיל, אָן ווערטער און מעשים. די פּאָליציי האָט זיך געטון דאָס איריקע, און די מאַסן —

דאָס זייעריקע. די גאַסן זענען געווען יום־טובדיק אויסגעראַמט פון טראַמ־ווייען און דראָזשקעס, ווי מען וואָלט איבערגעלאָזט א פרייען פּלאַץ פאַר קאַמף, וואָס דאַרף זיך אין זיי באַלד אָפּשפּילן. די געוועלבער פון די הויפּט־גאַסן זענען געווען פאַרמאַכט. דאָ און דאָרט האָט א פּאָליציסט געקלאַפּט אין די פאַרמאַכטע טירן פון די געוועלבער מיט דער שייד פון זיין שווערד, אַז מען זאָל זיי עפענען.

די זייטן־גאַסן, וואָס פירן צו דער מאַרשאַלקאָווסקע גאַס, וועלכע איז געווען דאָס טראַדיציאָנעלע אָרט פון ערשטער־מאַי־מאַניפעסטאַציעס, זענען געווען אָפּגעשלאָסן דורך פּאָליציסטן און זעלנערשע פּאַטרולן. אַזוי אויך דער איינגאַנג צום זאַקסישן גאָרטן, כדי נישט צוצולאָזן די מאַסן פון די אַנדערע טיילן שטאָט צו קאָנצענטרירן זיך אויף דעם מאַניפעס־טאַציע־פּלאַץ.

אָבער די מאַסן האָבן געטון דאָס זייעריקע. ווי צודרינגלעכע וואַ־סער־שטראָמען, וואָס רייסן זיך אַרויס פון אַן איבערגעפּולטער קאָריטע, האָבן זיך די מאַסן אויסגעבויערט וועגן מיט זייער צודרינגען צו דער מאַרשאַלקאָווסקע גאַס דורך הויפן, דורך פּלויטן און דורך זייטיקע גאַסן, וואָס די פּאָליציי האָט פאַרגעסן צו פאַרשפּאַרן. אַזוי, אַז שוין אין די ערשטע שעהען פון טאָג זענען די טראָטואַרן פון דער מאַרשאַלקאָווסקע גאַס געווען איבערגעשווענמט פון גרוי־געקליידעטע אַרבעטער, שטאָטישע סוביעקטן און אָנגעשטעלטע, מחנות בלייכע, ווייס־געקליידעטע, מיט רויטע בענדער באַפּוצטע אַרבעטער־מיידלעך, ווי אויך מיט עלעגאַנט אויס־זעענדיקע דאַמען.

די מאַרשאַלקאָווסקע גאַס אַליין איז געווען אָפּגעשלאָסן פון אַלע זייטן. ביי קרולעווסקע, פאַרן זאַקסישן גאָרטן, איז געשטאַנען א שווער־באַוואָפנטער, מיט קאָזאַקן־רייטער פאַרשטאַרקטער פּאַטרול. אַזוי אויך ביים צווייטן עק, ביים ווינער באַנהויף. אַלע זייטן־גאַסן, וואָס פירן אַריין און אַרויס פון דער מאַרשאַלקאָווסקע, זענען געווען פאַרמאַכט מיט פּאַטרולן. אַזוי אויך די רייען פון די הייזער. די אויפזעערס האָבן באַ־קומען א שטרענגן באַפעל צו האַלטן די הויפן און די קאָרידאָרן פאַר־שלאָסן. אין פילע הויפן זענען געווען פאַרשטעקט פאַרשטאַרקטע פּאַטרולן פון קאָזאַקן אויף פערד, מיט נאַגייקעס אָדער קאַלט געווער אין די הענט.

די געוועלבער זענען געשטאַנען פאַרמאַכט. די שטומע, מיט ברע־

טער פאַרהאַקטע שויפֿענצטער, אָפּגעשלאָסענע טירן און טויערן האָבן גע־
בילדעט די אייזערנע ווענט פון דעם לאַנגן טורמע־קאָרידאָר, אין וועלכ
די ברייטע גאַס האָט זיך איצט פאַרוואַנדלט. זי האָט געהאַלטן געפּאַ־
גען צווישן אירע ווענט די יום־טובדיקע מאַסע, וואָס האָט שוין נישט גע־
האַט קיין אַנטרינונג, און אויף די פּנימער פון די מענטשן האָט אָפּגע־
שיינט די אומרואיקייט, די דערוואַרטונג און אויך די קאַמף־לוסט, וואָס
יעדער איינער האָט געפילט אין זיך.

פאַרשטענדלעך, האָט זיך פון פרימאָרגן־אָן געפונען אויף דער מאַר־
שאַלקאָווסקע רחל־לאה מיט די איריקע. דער ערשטער מאַי איז שוין גע־
ווען אַ טראַדיציאָנעלער פאַמיליען־יום־טוב ביי די הורוויצעס אין שמו
דער מאַן, האָט, פאַרשטייט זיך, נישט מיטגעמאַכט. פאַרקערט, ווי יעד
יאָר, האָט ער געבורטשעט און תרעומות געהאַט, נאָר צו שטערן צו זיי
אין דער ערשטער־מאַי־מאַניפעסטאַציע — איז שוין געווען נישט פ
זיינע כוחות. ער האָט איר שוין געלאָזט טון, וואָס זי האָט געוואָלט, ווייל
ער האָט געוווסט, אַז ער וועט סיי ווי סיי זיך גאָרנישט קאָנען העלפ
אַנטקעגן זיין ווייב.

דעם אָוונט פריער האָט זי זיך אַליין געוואַשן און געריבן אין דער
שיסל מיט מולענעס, געצוואָגן די קעפּ פון אירע טעכטער, ווי אויף
גרויסן יום־טוב, היינט פלאַטערן רויטע בענדער אין די צעפּ פון העלענקעס
און זאָשקעס פאַרקעמטע האָר. רחל־לאה איז שוין צו אַלט פאַר רויטע
סטענגעס. אָבער זי איז אויסגעקליידט יום־טובדיק, אין דעם בעסטן, וואָס
זי האָט, אין דעם שוואַרצן זשאַקעטל, און אויפן קאָפּ — דאָס קליינע הי
טעלע מיט דער גרויער פעדער, וואָס די עלטסטע טאָכטער, העלענקע
וועלכע איז אַ בריה אויף די זאַכן, נייט איר איבער און ריכט עס איך
אויס מיט אַ נייעם שוואַרצן באַנד אויף יעדן ערשטן מאַי.

דערפאַר אָבער האָט זי זיך אַריינגעשטעקט אין איר בוזעם די רויטע
נעלקע, וועלכע מירקין האָט איר געבראַכט לכבוד דעם יום־טוב, אַז מען
זאָל דערקענען איר קאָליר. דער גימנאַזיסט, וועלכן זי האָט אַ נאַכט פריער
אויסגעפּרוכט די הויזן און אָפּגעשמירט די שיך, כדי צו פאַרשטעלן די
לעבער, איז אָנגעטון אין אַ ווייכן הוט, אַנשטאָט אין זיין גימנאַזיסטישן
קאַשקעטל, כדי מען זאָל אים נישט דערקענען.

אירע לייט, דער „זשאַבלינער", איטשעלע, מוזן זיך דאָ אויך גע

נען, נאָר זיי זענען ערגעץ־ווו פאַרשטעקט אין זייערע גרופּעס. אַזוי איז אויך איר זון, דער גימנאַזיסט. ער איז ערגעץ־ווו פאַרפאַלן געוואָרן. זי גייט מיט אירע צוויי טעכטער, און מירקין שלעפּט זיך נאָך פון הינטן, אַ באַרוישטער און נייגעריקער, וואָס עס וועט דאָ זיין.

דערווייל הערשט אַ טויטע שטילקייט אין גאַס. די מאַסן באַוועגן זיך אַהין און צוריק אויף די טראָטואַרן, ווי זיי וואָלטן שפּאַצירט, און וואַגן נישט אַראָפּצוגיין אויפן ברוק צו פאַרנעמען די פרייע גאַס, אויף וועלכער עס געפינען זיך די פּאָליציסטן און די פּאַטרולן. אַזוי אויך די פּאָליציי. שיטער צעוואָרפן איבער דער שבת־רוענדיקער, שטילער, גלאַנצנדיקער גאַס, באַפאַלט זיי אַן אינערלעכער פּחד פאַר דער פוסטקייט פון דער גאַס, און אַן אומבאַוווסטקייט קוקט־אַרויס פון זייערע אויגן און פּנימער. „רעוויראָוועס" מיט די בלוט־אָנגעגאָסענע קאַרקן און העלדזער, שטייען באַאומרואיקטע מיט צעפלאַמטע פּנימער, און עס דאַכט זיך, אַז אַ ליאַדע מינוט וועט אַזאַ שווער שטיק פליישׁ, אין רעוויראָווע־מונדיר, אומפאַלן פון אַפּאָפּלעקסיע, פאַר אויפרעגונג.

די געוועלטלעכע פּאָליציסטן שטייען מיט אומהדיקע, צוגעדריקטע, באַזאָרגטע פּנימער מיט אַ מינע פון תמעוואַטע אָקסן, וואָס מען שלעפּט אין שעכטהויז אַריין. די זעלנערשע פּאַטרולן גייען פאַרלאַנגווייליקטע מיט הילצערנע, האַרטע טריט איבער די שטיינער. מיט זעלנערשער גלייכגילטיקייט קוקן זיי זיך צו צו די באַוועגלעכע מאַסן און שמייכלען מיט זייערע ווייסע ציין פאַרשעמטע. אַזוי וואַגט זיך נישט איין צו דעם אַנדערן אָנצוגרייפן און אַרייגצוטרעטן אין זיין איינגענומענער טעריטאָריע.

באַלד אָבער בילדן זיך געדיכטע שיכטן פון מאַסן אויף איין שטיק טראָטואַר. עס ווערט שוואַרצער און אָנזעענדיקער אויף דעם אָרט. פון די טיפעניש פון פאַרטרונקענע לייבער און קעפּ וויקלט וועך פון זיין ברוסט אַ רויט שטיקל טוך אַרויס און מיט אַן ערנסט געזאַנג, ווי צו אַ לוויה, מיט קולות פון שרעקנדיקע, אויפגערעגטע קעלער און הערצער, — הייבט זיך אָן די געדיכטע מאַסע אַראָפּצוקוילערן אויפן פרייען שטיק ברוק. הענט פלעכטן זיך אין הענט, אָרעמס אין אָרעמס. לייבער קנעטן זיך צו לייבער, ווי מען וואָלט געוואָלט געפינען שוץ איינער ביים אַנדערן.

„און די קאָליר זיינע איז רויט —

וואָרים אויף אים איז אַרבעטער־בלוט".

פון די טראָטואַרן אַראָפּ גיסט זיך שוין איצט די מענגע צעברעסווייז אין דער געדיכטער מאַסע, פון וואַנען עס הערט זיך דאָס געזאַנג, כדי אַנצושליסן זיך אין די רייען. עמיצער וויקלט־אויף ביים לויפן אַ צווייטע רויטע פאָן און מיט אַן אומפאַרשטענדלעך געזאַנג, וואָס איז מער ענלעך צו שרייען, — לאָזט מען זיך וואָס שנעלער, איבער די קעפּ פון דער פּאָליציי און פּאַטרולן, צו די מאַניפעסטאַנטן.

אָבער די פּאָליציי און די פּאַטרולן האָבן זיך פלינקער צוגעאיילט. פון אַ הויף שפּרינגען זיי אַרויס, איינער נאָכן אַנדערן. קאָזאַקן וואַרפן זיך אַריין מיט די אין אימפּעט געיאָגטע פערד אין די מאַסן. שרעקנדיקע הייבן־אָן צוריקצולויפן אויף די טראָטואַרן. אין דער געדיכטער רייע ווערט אַ מהומה. עס פאַלן־אָפּ די אויבערשטע שיכטן, אַזוי ווי מען וואָלט אָפּגעשיילט אַ קאַרטאָפל, פיל אַנטלויפן פון ברוק צוריק אויפן טראָטואַר.

ביי די מאַניפעסטאַנטן איז געבליבן אַ קליינע קופּקע מענטשן, וואָס האָבן זיך צוליב דער געפאַר נאָך ענגער צוגעדריקט און צוגעקנעטן איינער צום אַנדערן. און וואָס נענטער עס קומען־אָן די מיט שוים שפּריצנדיקע קאָזאַקן מיט די פאָכנדיקע נאַגייקעס אין די הענט, אַלץ האַרצרייסנדיקער, אַלץ שרייענדיקער ווערט דאָס געזאַנג:

„און די קאָליר זיינע איז רויט".

שוין קלאַפּן די נאַגייקעס איבער די קעפּ, ווי אַ פייערדיקער רעגן. די צעווילדעוועטע פערד וואַרפן זיך אַריין אין דער מענגע, ווי אין אַ שטורעמדיקן טייך. דאָ און דאָרט זעט מען אַ נאַקעטע האַנט אויפשווינגען אין דער הויך איבער די קעפּ און פּרוּווט פאַרהאַלטן אַ צעיאָכמערט פערד. דאָ און דאָרט זעט מען, אַ ווייבערשער קאַפעליוש פליט־אַראָפּ פון אַ קאָפּ, אַ מענער־הוט וואַלגערט זיך איבערן ברוק. ער ווערט געטראָגן פון דעם ווינט. די רויטע פאָן פאַרשווינדט אין דעם ים פון לייבער. און די מענגע צעפאַלט זיך, ווי באַזונדערע טראָפּנס. זיי שטויסן זיך צוריק. מישן זיך אויס מיט די מאַסן, וואָס געפינען זיך אויף די טראָטואַרן.

אָבער באַלד חזרט זיך איבער דאָס שפּיל אויף אַן אַנדערן עק גאַס.

אויף אַ צווייטן עק, וואָס איז אויף אַ ווייַלע באַפרייט געוואָרן פון פּאַטרולן און פּאָליציי, בילדן זיך רייען. און ווידער הויבט זיך אויף אין דער זון, איבער די קעפּ, אַ רויטער פלעק. אַרום אים גרופּירן זיך מענגען. עס שליסן זיך רייען, וואָס בילדן זיך פון די צוגעפלויגענע, צוגעלאָ־

פענע מאַסן פון אַלע טראָטואַרן. די רייען ווערן ברייטער, די מענגע געדיכטער, פאַרנעמען וואָס אַמאָל מער אַ גרעסערן שטיק שטח פון גאַס.

מיטן בליק פון אויג וואַקסט די מאַסע. אַלע לויפט צו איין פּונקט: דאָרט, ווו עס האָט זיך אויפסניי געבילדעט די מאַניפעסטאַציע. יעדער איינציקער ווערט אַ טראָפּן וואַסער. יעדער טראָפּן פאַרגרעסערט, פאַרברייטערט דעם שוואַרצן טייך. עס איז שוין נישט מער איין רויטע פאָן, נאָר מערערע פענער שווימען שוין אַרויף איבער די קעפּ פון פאַרשידענע גרופּקעס, מיט פאַרשידענע אויפשריפטן. פאַרשידענע געזאַנגען אין פאַרשידענע שפּראַכן מישן זיך צוזאַמען און ווערן איין שרייענדיק מעכטיק קול פון איין קול אַרויס:

„און די קאָליר זיינע איז רויט —
וואָרים אויף אים איז אַרבעטער-בלוט".
און הינטער אים קלינגט ווו אָפּ, ווי פאַרשעמט, ווי צוריקגעהאַלטן:
„מיר שווערן מיר שווערן —
אַ שבועה פון בלוט און פון טרערן".

עס נעמט אַ שטיקל צייט, ביז די פּאָליציי כאַפּט זיך, וואָס דאָ איז געשען. זי האָט אַ שטיקל וועג צו לויפן צו די ניי־געבילדעטע רייען. דערווייל וואַקסט די מאַניפעסטאַציע. זי צעגיסט זיך וואָס אַמאָל ברייטער. הענט שליסן זיך ווידער אין הענט, אָרעמס צו אָרעמס. קערפּערס קניפּן זיך אין קערפּערס, און עס ווערט איין שטאַרקע, סאָלידע וואַנט, מיט רויטע, שרייענדיקע פענער איבער די קעפּ, מיט שרייענדיקע געזאַנגען, וואָס צינדן זיך אָן וואָס אַמאָל מער מיט באַגייסטערונג און פלאַם. און ווען די שווער־אָטעמדיקע „רעווירוואָועס" מיט די נאַקעטע שווערדן אין די הענט און די פּאָליציסטן מיט די ביקסן נאָך זיי, קומען צולויפן, טרעפן זיי שוין אָן אויף אַ געדיכטער, אויסגעהאַמערטער, אייזערנער וואַנט פון ברוסטן, פּנימער, וואָס באַוועגט זיך מיט שטאַרקע פוס־טריט פאָראויס, פאָראויס.

די „רעווירוואָועס" מיט די סטראַזשניקעס ווערן אַ מינוט דערשראָקן און קוקן זיך אום אומבאַהאָלפן אויף די קאַזאַקן, וועלכע זענען אויף יענער זייט גאַס נאָך פאַרנומען מיטן צעטרייבן די מאַסן. זיי מאַכן אַ טריט צוריק. דאָס גיט דער מענגע מוט. זי גייט־איבער צו אַן אָנגרייפנדן שריט. די געזאַנגען ווערן פרייער, שטאַרקער, און פאַרלירן שוין דעם פאַרצווייפלטן שרעק־מאָטיוו און ווערן פאַרוואַנדלט אין אַ טריאומפירנ־

דיק, זינגרייך געשריי. דאָ און דאָרט ציט זיך אויס אַ האַנט און גיט אַ שלעפּ-אַריין אַ „רעוואָלווער" צי אַ פּאָליציסט אין די רייען אַריין, און ער ווערט דאָרט באַלד דערטרונקען, ווי אַ שטיינדל אין טייך. די איבעריקע פּאָליציסטן לויפן צוריק מיטן גאַנצן כוח און רופן מיט זייערע שרעקעדיקע געשרייען צו די קאָזאַקן.

נאָר די קאָזאַקן רירן זיך נישט, כאָטש מען קאָן זיי גוט זען פון דער ווייטנס. זיי שטייען מיט זייערע פערד ווי צוגעשמידט צו זייערע פּלעצער. קיינער ווייסט נישט, וואָס עס איז געשען. עס גייען־אַרום בשורות: „די קאָזאַקן האָבן זיך צעבונטעוועט. זיי ווילן נישט שיסן אין די מאַסן".

אַן אומדערהערטע באַגייסטערונג פּלאַמט־אויף צווישן דער מענגע. די שטימען ווערן העכער. טריאומפירנדיקער. עס וואַקסט דער וואַלד פון רויטע פּענער און דעקט די קעפּ צו. די גאַנצע מאַרשאַלקאָווסקע ווערט פריי און ברייט פאַר די זינגענדיקע. פון אַלע פּנימער שטראַלט־אַראָפּ באַגייסטערטע פרייד. אויגן ברענען, הענט שטרעקן זיך אין דער לופטן און די מאַסע טרעט פאָראויס. זי טרעט־אַריבער גרענעצן, וואָס קיינער זעט נישט, נאָר זיי זעען דאָ. זי ברעכט־אויף פאַרשלאָסענע טירן, וואָס האָבן פאַרצוימט וועלטן, וועלכע קיינער זעט נישט, — נאָר זיי זעען דאָ. זי טרעט אין אַנדערע וועלטן אַריין און טראָגט מיט זיך באַפרייאונג און דערלייזונג, נישט נאָר פון צאַרן און טיראַנען, נאָר אויך פון אינערלעכע צוימען, וואָס האָבן זי באַענגט, — ווי אַן אייז־באַפרייטער טייך, וואָס טראָגט זיך פון זיין געפאַנגענער קאַריטע איבער פרייע פרילינגדיקע פעלדער און פלאַכן.

## קאַפּיטל 15

# אין אַ מייז-פּאַסטקע

נאָר באַלד איז פאַר די לויז־געוואָרענע וואַסערן אויסגעוואַקסן אַן אייזערנע, מיט פייער-שפּייענדיקע טאַמע. קיינער האָט נישט געזען, ווי אַזוי עס איז געשען, — ווי עפּעס דורך אַ מאַגישער האַנט אַרויסגעריפענע, זענען אויפגעשטאַנען פּנים צו פּנים, פאַר דער יום־טובדיקער,

שוועבנדער מאסע, אַ ריי אייזערנע זעלנער. שיטער צעשאָטן, אָפּגערוקט איינער פונעם אַנדערן, — איין ריי נאָך דער אַנדערער. די ביקסן — נישט אויף די אָרעמס, נאָר ווי ביים יעגער אויפן געיעג — אין די הענט, מיט די שפּיצן פון די שפּיזן געווענדעט צו די ברוסטן פון די מענטשן.

זיי האָבן זיך נישט געאיילט, נישט געלאָפן מיט אימפּעט, נאָר טריט ביי טריט, ווי זיי וואָלטן זיכער געווען מיט זייערע קרבנות, האָבן זיך די שרעקלעכע רייען זעלנער גענענטערט צו זיי. אַ שטילער און אַ טויט-לעכער ערנסט האָט מיט אַמאָל אַרומגעכאַפּט אי די מערדער, אי די קר-בנות. דאָס טריאומפירנדיקע, זינגענדיקע געשריי איז אין די ערשטע רייען אין מיטן אויסגעלאָשן געוואָרן, און אין די טיפערע האָט מען נאָך געזונגען. נאָר באַלד האָט זיך די שרעק אַריבערגעטראָגן אויך אין די טיפענישן אַריין. אַ פּאַניק האָט די מאַסן אַרומגעכאַפּט. אַזוי ווי זיי וואָלטן דערזען נישט קיין געווענלעכס. אַלע הערצער זענען שטיין געבליבן, די פּנימער בלייך, די פּיס אונטערגעשניטן, און די אויגן האָבן אָנגעהויבן פון איינעם אין אַנדערן אַריינקוקן, ווי זיי וואָלטן הילף געזוכט. איין שרעקלעך וואָרט האָט געוואַנדערט, ווי אַ שד, און געשלאָגן איבער די קעפּ:

— די וואָלינצעס!

אין דער מענגע איז פּלוצלינג געוואָרן אַן ענגשאַפט. דאָס האָבן די אויסערלעכע רייען זיך צוזאַמענגעקוועטשט און געשטויסן אויף צוריק. יעדער איינער האָט געוואָלט זיין אינעווייניק, באַהאַלטן, באַדעקן זיך מיט לייבער. די מענגע איז איצט געוואָרן ווי איין שטיק פאַרגליווערטער קער-פּער. לייבער זענען געוואָרן ענג צוזאַמענגעשמידט. נאָר דאָך האָט מען זיך נישט אָפּגעשטעלט. צוגעצויגן דורך דעם מלאך המות, וואָס שטייט פאַר די אויגן, איז די מאַסע געטראָטן ווייטער, כאָטש מיט אונטערגע-שניטענע קני, וואַקלענדיק זיך ווי שכור. ווי אַ שלאַנג, וואָס האַלט פעסט איר קרבן מיט דעם מאַגנעט פון אירע אויגן, אַזוי איז געוואָרן די מאַסע צוגעכשופט פון די זעלנערשע ביקסן, און זיי זענען געטראָטן אין פייער אַריין, שרייענדיק שוין איצט מיט שרעק-אָנגעשטעקטע שטימען, וואָס האָבן זיך ווי דראָאונגען געריסן פון זייערע הערצער:

— „און זיין קאָליר איז רויט". —

פון דער צווייטער זייט האָט ווער אַ קאָמאַנדע געגעבן. אָן ווערטער, נאָר אַ מאַך פון אַ שווערדל, און די ביקסן, וואָס זענען שלאָבריק געהאָנ-

געןׂ אין די הענט פון די סאָלדאַטן, זענען איצט געוואָרן אויסגעשטייפט, מיט די לופט־רערן געווענדעט צו דער וואַנט פון מענטשן־הערצער, וואָס זיי האָבן געהאַט פאַר זיך. די סאָלדאַטן זענען בלייך געוואָרן, און דאָס האָט עדות געזאָגט אויף דער ערנסטקייט פון מאָמענט.

און אַ וווּנדער: איצט האָט קיין פּאַניק מער נישט באַהערשט די מענגע מענטשן, נאָר אַן אומדערהערטע שטילקייט. די געזאַנגען האָבן אויפגעהערט, די מענגע איז שטיין געבליבן, און ווי פון אַלע לייבער וואָלט איין לייב געוואָרן, פון אַלע לעבנס איין לעבן. עס איז געווען ווי די אַלע לעבנס פון די איינצלנע יחידים וואָלטן זיך צוזאַמענגעגאָסן, ווי פייער מיט פייער, אינסטינקטיוו זיך ביי די הענט אָנגעכאַפּט, ווי איינער וואָלט דעם אַנדערן געוואָלט דורך דער האַנט זיין לעבן אַריינגיסן.

פּלוצלינג איז עפּעס געשען: פון דער העלער הויט האָט זיך אַ יינגל באַוויזן איבער די קעפּ פון אַנדערע. מען האָט נאָר געזען אַן אויסטערליש בלייך געזיכט מיט גראָבע, ציטערנדיקע נאָזלעכער, וואָס האָבן פלינק, אָן אָפּהאַלט אָטעם געשעפּט. ער איז געשטאַנען אויף עמיצנס אַן אַקסל, צי אויף הענט אין דער ערשטער ריי, פּנים צו פּנים מיט דער זעלנערשער וואַנט. אויסגעשטרעקט אַ פּאָר בלייכע הענט אַנטקעגן די אָנגעצילטע ביקסן, האָט ער אָנגעהויבן צו רעדן אין רוסיש מיט אַ שטימע, וואָס איז געווען כמעט אומפאַרשטענדלעך פאַר אויפרעגונג:

— ברידער וואָלינצעס!...

נאָר איידער ער האָט נאָך צייט געהאַט פאַרענדיקן דעם ערשטן זאַץ, האָט אַ טויבער זאַלפּ אַרויסגעקנאַלט פון די ביקסן אין די מאַסן אַריין. דער שאָס איז געווען אַזוי טויב, אָן רעש, אָן רויך, אַז מען האָט גאָרנישט געוווסט, וואָס עס איז געשען. עס האָט גענומען אַ ווײַלע ביז מען איז געקומען צום באַוווסטזיין, אַז מען שיסט. ביז דענסטמאָל אָבער איז די מאַסע געבליבן שטיין ווי אַ פאַרגליווערטע און זיך נאָר געוווּנדערט, וואָס דאָ און דאָרט האָבן זיך איינצלנע מענטשן אונטערגעטונקט, אַראָפּגעבויגן זיך צו דער ערד, אָדער זענען געפאַלן אויף פרעמדע פּלייצעס.

נאָך דעם ערשטן זאַלפּ זענען די זעלנער אויך שטיל געבליבן, ווי דערשראָקן. צי עס איז געווען אַ צווייטע קאָמאַנדע, צי נישט, יעדנפאַלס האָבן זיי נישט אויסגעפירט. זיי זענען געשטאַנען ווי פאַרגאַפט, אין דער

אין הלוש פארבליבענער מענגע, וועלכע רירט זיך נישט פון ארט, נישט פאראויס, נישט צוריק. דאס האט געדויערט א מינוט, — אן אייביקייט. יעדנפאלס, האט דורך דער צייט דאס בלייכע יינגל, וואס איז נאך אלץ געזעסן אויף עמיצנס פלייצעס, מיט די ציטערדיקע, שוואר־אטעמדיקע נאז־לעכער, באמערקט די געלע, שיין־געקרייזלטע וואנצעלעך פון דעם יונגינטשקן אפיציר, וואס האט מיט א נאקעטער שווערד געגעבן די קאמאנדע צו שיסן. דאס יינגל איז הענגען געבליבן מיט זיין בליק אין די לייכטנדיקע הערלעך, אין די בלויע שיינע אויגן פון דעם יונגן אפיציר. איין אויגנבליק האבן זיי זיך ביידע אנגעקוקט. דאס יינגל האט יעדנפאלס גוט געזען דעם אפיציר, דערנאך אויך נאך געדענקט זיין פנים. מיט דער געשווינדקייט פון געדאנק האט דאס יינגל ארויסגעכאפט א רעוואלווער פון זיין טאש און אויסגעשאסן אין די געלע הערלעך פון דעם שיינעם אפיציר.

דער שאס פון דעם יינגל איז געווען א סיגנאל. דער שאס האט אויפגעוועקט די פארגליווערט־געבליבענע מענגע און די סאלדאטן.

ווי ווילד־געווארענע האבן זיך די סאלדאטן געגעבן א לאז־אריין אין דער מענגע און געשאסן אויף רעכטס און אויף לינקס. אנגעשטעקט מיט היסטערישער פאניק, האבן זיי זיך געווארפן אויפן ערשטן בעסטן.

די מאסע, וואס איז ערשט מיט איין אויגנבליק צוריק פארקנאטן געווען אין איין גוף, האט זיך געגעבן א צעשיט, ווי א מעכטיקער ווינט צעשיט א פייער אויף פונקען, אדער ווי א מעכטיקער בלאזער צעשפריצט א וואסער. מען איז געשפרונגען איבער די קעפ, געטראטן איבער לייבער, אויסגעביסן זיך מיט די ציין אן אנטרינונג. היסטערישע, נאקעטע געשרייען האבן אנגעפילט מיט אימה די גאס. און נאך זיי האבן בלייכע זעלנער, מיט פון כעס און שרעק ארויסגעזעצטע אויגן און צינגער, געהאלטן אין איין ווילד־געווארענעם שיסן.

אין איין ווייל איז די מארשאלקאווסקע גאס אויסגעליידיקט געווארן פון מענטשן. א טויטלעכע פוסטקייט און שטילקייט האט זיך געלייגט איבער דעם ליידיק־געווארענעם ברייטן, אויסגעפלאסטערטן ברוק. נאר דא און דארט האבן זיך פאראיינזאמטע, ווי פארגעסענע, ארומגעוואלגערט גופים. זיי האבן אויסגעזען, אזוי ווי זיי וואלטן זיך אליין געווען אוועקגעלייגט ווי קינדער, אין מיטן דער גאס.

די מיט פּאַניק אָנגעשטעקטע מענגע האָט געזוכט אַן אַנטרינונג פֿון דער ווילדער שיסעריי. די טראָטואַרן אויף ביידע זייטן גאַס זענען געוואָרן אָנגעשטופּט מיט מענטשלעכע לייבער. מען האָט זיך אַ וואָרף געגעבן אויף די טויערן פֿון די הויפֿן. אָבער אומזיסט. די אייזערנע טויערן זענען געווען פֿאַרהאַקט, פֿאַרריגלט פֿון אינעווייניק. פֿאַרצווייפֿלט, מיט יללות און געוואַלדן, האָבן מענטשן אוממעכטיק געריסן די קליאַמקעס, געקאָפּעט מיט די פֿיס אין די אייזערנע טירלעך. אַלץ איז געווען פֿאַרהאַקט, פֿאַרקלאַפּט. איינצלנע מענטשן האָבן געפּרוווט ווייטער לויפֿן, אין אַ צווייטן הויף פּרווון זייער גליק. זיי זענען אָבער באַלד צוריקגעטריבן געוואָרן פֿון דעם בלייענעם רעגן, וואָס האָט געבלאָנדזשעט אין גאַס.

די גאַנצע מאַרשאַלקאָווסקע גאַס, אַזוי לאַנג און ברייט, ווי זי איז געווען, איז געוואָרן איין טויטע מייז־פּאַסטקע; די מענטשן — פֿאַרפּאָלגטע הויז-טירן. עס איז נישט געווען קיין אַנטרינונג. די טויערן פֿון די הייזער זענען געווען פֿאַרהאַקט, און אין די זייטן-געסלעך זענען געשטאַנען אין געדיכטע געשלאָסענע רייען קאָזאַקן־פּאַטרולן אויף די פֿערד, פֿאַרשטאַרקט מיט באַוואָפֿנטער פּאָליציי, און מיט אייזערנע נאַגייקעס, מיט נאַקעטע שווערדן און מיט אָנגעווענדטע פּיסטאָלן־רערן צוריקגעיאָגט די אַנטרינענדיקע מאַסע, וואָס האָט געשטראָמט צו די זייטן־גאַסן, צוריק אין דעם טויטן מייז־קאַסטן, וואָס עס האָט איצט געבילדעט די מאַרשאַלקאָווסקע גאַס.

אין דער אַנטלויפֿנדיקער מענגע האָט זיך אויך געפֿונען רחל־לאה מיט אירע טעכטער. ווען עס איז געוואָרן די בהלה, האָט זי זיך נישט פֿאַרלוירן. זי האָט אַ כאַפּ געטון אירע קינדער ביי די הענט, מיט מיר־קינען הינטער איר, און איז אַנטרונען, ווי די אַנדערע, אין אַ ראָם פֿון אַ טויער: געמיינט, אַז עס וועט איר געלינגען צו באַהאַלטן זיך אין הויף. דאָס טויער פֿון הויף איז אָבער ווי אומעטום געווען פֿאַרשלאָסן. אומזיסט האָבן אָדער-געשוואָלענע הענט פֿאַר אימה און אויפֿרעגונג געריסן אומבאַהאָלפֿן ביי די קליאַמקעס פֿון טויער. דאָס טויער איז געווען באַהאַקט מיט אייזן, און פֿון אינעווייניק האָט זיך נישט געהערט קיין מענטשלעך קול, ווי די וועלט וואָלט געווען אויסגעשטאָרבן. וואָס אַמאָל מער, **דרינגען זיך אַנטרונענע מענטשן פֿון דער געפֿערלעכער** גאַס אין ראָם פֿון טויער, וואָס ווערט אין איין מינוט איבערגעשווומען. מענטשלעכע סער־

פערס וואַרפן זיך אויפן טויטן טויער. נאָר דאָס טויטע, אייזערנע טויער איז שטאַרקער פון די לעבעדיקע לייבער.

פון דער גאַס דערטראָגן זיך אַהער די טויבע קנאַלן פון די שאָסן, וועלכע פליען דעם הויז אַזוי ווי ווינטן פאַרביי. יעדן אויגנבליק קאָנען אָנקומען צום הויז צעווילדעוועטע זעלנער און אַלעמען צעשיסן ביי דער וואַנט פון טויער. רחל־לאה קוקט זיך אַרום און זעט, אַז זי איז פאַרזונ־קען אין אַ ספּאַזמירטער, אויפגערעגטער מאַסע. זי מוז זיך פון דאַנען ראַטעווען, אָבער זי וואַגט נישט אַרויסצוקומען אויף דער גאַס. איינס איז פאַר איר קלאָר: כדי זיך צו ראַטעווען, מוז מען זיך דורכרייסן דורך די קאָרדאָנען פון די קאָזאַקן, וואָס שטייען אין די זייטן־גאַסן. עס איז נישטאָ צו וועמען צו רעדן. אומזיסט קוקט זי זיך אַרום, ווער עס וועט וואַגן צו גיין נאָך איר. זי זוכט מיט די אויגן. זי זעט נאָר די פאַרחלשטע, מיט שרעק אָנגעשטעקטע מאַסע. און דאָ ברענגט דער שטראָם צו טראָגן צום טויער אַן אָנגעלויף מיט אַנטרינענדיקע מענטשן. זי דערזעט, ווי עס לויפט־אַרויס אַ בלייך יינגל אָן אַ הוט, מיט אַ רעוואָלווער אין דער האַנט.

— ווי איז מיר! — גיט זיך אַ רייס־אַרויס אַ געשריי פון איר האַרץ.

רחל־לאה גיט אַ שטופּ מיט אירע עלנבויגנס די צוזאַמענגעקנאָטענע לייבער אַרום איר, אַ נאָרע אַדורך זיך, נאָכשלעפּנדיק ביי די האַנט אירע טעכטער, אַ פאַל־צו צום יינגל, אַ פּליאַסק אין פּיסק, אַ רייס־אַרויס דעם רעוואָלווער פון דער האַנט. זי גיט אַ שלעפּ אַ טיכל פון איר האַלדז און דערמיט אַ פאַרדעק דעם קאָפּ פונעם יינגל, אַ געשריי צו דער צעשראָקע־נער מאַסע:

— וואָס וועט זיין פון שטיין!? זיי וועלן אונדז דורכזייען מיט קוילן, ווי די פאַרסמטע מייז אויסראָטן. נאָך מיר! מיר מוזן זיך דורכ־רייסן דורך די קאָזאַקן. דאָ, אויף עק זלאָטע.

זי גיט אַ שטופּ דעם יונג מיטן צוגעדעקטן קאָפּ און פּנים פאָראויס פאַר זיך, אַ כאַפּ די טעכטער ביי די הענט, און די מאַסע, ווי נאָך אַ מאַגנעט, נאָך איר אַ לויף־אַרויס אין גאַס, געבויגן די קעפּ פון די קינדער מיט אירע הענט צו דער ערד, אַדורך דאָס שטיקל גאַס, און — אַ לאָז־אַריין זיך צום אויסגאַנג פון דער זלאָטע.

— וווהין? וווהין? צוריק! צוריק! — קומט איר אַנטקעגן צולויפן אַ צעיושעטער „רעוויראָווע" מיט אַ נאַקעטן רעוואָלווער אין דער האַנט.

— נאַ, שיס, שטעך! מאָרדעט, גזלנים! גיט זי אַ שפּרונג־אַריין אין זיין פון שרעק פאַרכאַפּטן פּנים, ווי אַ צערייצטע חיה. — איינעם האָט איר שוין געהרגעט, — ווייזט זי מיט אַ זשעסט פון איר האַנט אויפן באַ־דעקטן יונג מיטן טוך. — נאַט, הרגעט מיך, גזלנים! אייער טאָג וועט אויך קומען! — שטרעקט זי אַ געביילמטע פויסט אין זיין פּנים אַריין.

דאָס מיט בלוט-איבערגעלאָפענע פּנים פון דעם „רעוויראָווע" דער־שרעקט זיך, און אינסטינקטיוו כאַפּט ער עס אוועק פון איר פויסט. ער האָט געמיינט, אַז דער פאַרדעקטער יונג, וואָס זי פירט ביי דער האַנט, איז אַ פאַרוווּנדעטער, און ער האָט אויס שרעק צוריקגעטרעטן.

נאָך רחל־לאהן האָט זיך באַלד געגעבן אַ גאָס אַ מאַסע היסטעריש־שרייענדיקע ווייבער און אויף אַלץ גרייטע מענער. די מענגע, געיאָגט דורך די שיסנדיקע ביקסן, האָט דורך איר רעטונגס־אינסטינקט דערפילט דאָס לאָך, וואָס רחל־לאה האָט מיט איר קערפּער אויסגעעגבערט, דורך וועלכן זיי קאָנען אַנטרינען ווערן פון געפאַר, און די מאַסע האָט זיך גע־געבן אַ לאָז־אַרויס מיט דעם גאַנצן אימפּעט און שטראָמיקייט פון פאַרן טויט אַנטלויפנדיקע מענטשן, — נישט געקוקט אויף די פליענדיקע נאַ־גייקעס, וואָס זענען געפאַלן איבער זייערע קעפּ, פון די צוואַיילנדיקע, רייטנדיקע קאָזאַקן.

אַז רחל־לאה איז אַהיימגעקומען, איז די ערשטע זאַך געווען אַראָפּ־צוציען די הויזן און די מאַרינאַרקע פונעם יונג. זי האָט זיי צעפּליקט אויף שטיקער, אַריינגעוואָרפן אין אַן עמער מיט וואַסער, אויסגעדרעגנט די שמאַטע און אוועקגעשטעלט זיך מיט דעם יונגס אָנצוג די פאָדלאָגע וואַשן.

— וואָס טוט די מאַמע? דאָס זענען דאָך די גייע הויזן.

— זיי וועלן דיך דערקענען אין די געלאַטעטע אויך.

## קאַפּיטל 16

# אַ מוטערס געשריי

נאָך דער מאַי-געשעעניש האָט זיך דער „זשאַכלינער" אַרויסגע-צויגן פון פרוי הורוויצעס „בית-מדרש". ער איז גאָר נישט אַהיימגעקו-מען נעכטיקן. אויפן צווייטן טאָג האָט ער געשיקט אַן אומבאַקאַנט ייִנגל נאָך די זאַכן, און פון דענסטמאָל אָן איז ער פאַרשוונדן, ווי אין וואַ-סער אַריין.

האָט רחל־לאה פאַרשטאַנען, אַז זי האָט זיך אויף עפּעס צו ריכטן, אַז זי מוז עפּעס טון מיטן ייִנגל. אָבער ווהין קאָן זי אים שיקן, אַז דאָס פאַר-שווינדן פון דער שול קאָן ערשט רעכט ווערן פאַרדעכטיק? און דאָ טאָר דער טאַטע גאָרנישט וויסן דערפון. האָט זי אים איבער נאַכט, מיט עפּעס אַ תירוץ, געשיקט שלאָפן צו מירקינען. ווי עס זאָל נישט זיין, זאָלן זיי אים קודם־כל נישט געפינען אין דער היים, און ווען די ערשטע פּאָר נעכט זענען דורכגעגאַנגען און עס האָט גאָרנישט פּאַסירט, און דער טאַטע איז אויפמערקזאַם געוואָרן, וואָס דאָס ייִנגל נעכטיקט נישט אין דער היים, איז ער צוריק אַהיימגעקומען. נאָר ערשט דענסטמאָל, ווען ער איז צוריק אַהיימגעקומען, האָט רחל־לאה געהאַט ביינאַכט אומגעבעטענע געסט. מען האָט דורכגענישטערט דאָס הויז פון ווינקל צו ווינקל, אַרויסגעיאָגט דורך פאַרשידענע קונצן די מיידלעך פון די בעטן, געזוכט אין די שעניקעס, אויפגעריסן די פּאָדלאָגע, דורכגעוואָרפן אַלע טעפּ, ראָנדלעס און טעלער פון קיך. צום סוף האָבן זיי געפונען אין דעם ייִנגלס ראַניעץ, צווישן די ביכער, אַ פּעקל מיט פּראָקלאַמאַציעס. דאָס ייִנגל האָט זיך באַלד מודה געווען, אַז עס באַלאַנגט צו אים, און זיי האָבן פאַרנומען דאָס ייִנגל מיטן פאָטער, דעם לערער, מיט זיך.

אַז זיי האָבן געהייסן דודן זיך אָנטון מיטצוגיין מיט זיי, האָט רחל־לאה צו איר פאַרביטערונג נאָך באַמערקט, אַז די הויזן, וואָס דוד טראָגט, זענען אין אַזאַ מעמד, אַז ער קאָן זיך גאָרנישט אין זיי ווייזן פאַר מענ-טשן. זי האָט בדעה געהאַט צו נעמען אַ נאָדל מיט פאָדעם און צו פאַר-ריכטן זיי אויף אים. נאָר רחל־לאה איז מיטאַמאָל אָפּהענטיק געוואָרן. אַ יאוש איז זי באַפאַלן, און עס האָט זיך איר אויסגעוויזן, אַז עס לוינט

זיך שוין נישט מער. עס איז געווען צום ערשטן מאָל, ווען רחל־לאה האָט רעזיגנירט.

נאָר פּלוצים איז איר באַפֿאַלן אַ כעס, און זי איז גרייט געווען דאָס יינגל כאַטש אויסצופּאַטשן, איידער ער פֿאַרלאָזט איר שטוב. און איר לעצט וואָרט צו אים איז געווען אַ געבייזער:

— דו סמאַרקאַטש! וואָלסט עס מיר כאַטש געווען געגעבן צו באַהאַלטן. אין ראַניעץ האָט ער עס אַריינגעשטעקט!

עס איז איר געווען גאַנץ גלייך, וואָס די זשאַנדאַרן און שפּיאָנען, וואָס זענען געווען דערביי, האָבן געהערט, וואָס זי האָט געזאָגט.

— אין ראַניעץ האָט ער עס געשטעקט! — האָט זי אים נאָכגעשריגן אויף די טרעפּ.

אויף מאָרגן איז העלענקע געלאָפֿן צו מירקינען געוווּיר ווערן, וואָס עס הערט זיך מיט אים. אויף אים, זעט־אויס, איז קיין פֿאַרדאַכט נישט געווען, און מען האָט אים געלאָזט צו רו. ער איז געקומען צו די הורוויצעס, און דאָס ערשטע מאָל האָט ער געטראָפֿן פֿרוי הורוויץ אַ פֿאַרצווייפֿלטע, אין רעזיגנאַציע. זי איז געזעסן אויפֿן בענקל ביים אויוון מיט אַ פֿאַרבונדענעם קאָפּ און געוואָרפֿן משוגענע בליקן אַרום זיך און געהאַלטן אין איין ברומען צו זיך:

— און איצט דער צווייטער.

דערנאָך האָט זי צוגעגעבן פֿאַר זיך:

— פֿאַרוואָס האָב איך זיך נאָך געבייזערט אויף אים? — האָט זי זיך געהאַלטן אין איין פֿאַרוואַרפֿן. אָבער באַלד האָט זי עס באַרעכטיקט מיט אַ פֿאַרביסנקייט:

— קאָן מען דען נישט פּלאַצן? אין ראַניעץ האָט ער עס געשטעקט! וואָלט ער עס כאַטש מיר געווען געגעבן צו באַהאַלטן! אַזאַ סמאַרקאַטש!

שפּעטער זענען געקומען באַאַמטע פֿון שול-אינספּעקטאָר, אַהיימגעשיקט די קינדער און פֿאַרחתמעט די טירן פֿון דער שולע.

דעם לערער הורוויצעס הויז האָט געהאַלטן אין אונטערגיין.

דענסטמאָל האָט זיך אַן אומגעווענלעכע ענערגיע דערוועקט אין זאַכאַרי מירקין. ער האָט פֿאַרשטאַנען, אַז די ערשטע און וויכטיקסטע זאַך איז — צו ראַטעווען די שולע, די אַרבעט פֿון לערער הורוויץ זאָל נישט גיין אין ניוועץ. די דאָזיקע אויפֿגאַבע האָט אים אויסגעוויזן פֿאַר

אזוי וויכטיק, אז ער איז גרייט געווען זיין לעבן פאר איר אוועקצוגעבן, אזוי ווי עס וואָלט זיך געהאַנדלט מיט דער איינער שולע די וועלט צו ראַטעווען.

ער האָט געהאַלטן אין איין אָפּשלאָגן די טירן פון דער ווארשעווער שול־אינספּעקציע. ער האָט זיך באַנוצט מיט אַלע מיטלען, נישט אַכטנ־דיק קיין זאַך. דאָרט, ווו מען האָט געדאַרפט געבן כאַבאַר, האָט ער גע־געבן כאַבאַר. דאָרט, ווו מען האָט באַדאַרפט באַנוצן פּראָטעקציע, האָט ער זיך געשאַפן פּראָטעקציע.

אַלס געענדיקטן אַדוואָקאַט, אַ מענטש מיט אוניווערזיטעט־בילדונג, איז אים געלונגען שוין אין אַ קורצער צייט אַרויסצוקריגן אַ קאָנצעסיע אויף זיין אייגענעם נאָמען. ער האָט צוריק געעפנט דעם לערער הורוויצעס שולע, אַ פאַרגרעסערטע און אַן אויסגערייניקטע. ער האָט אָנגע־שטעלט לערער און אַליין זיך געשטעלט אין דער שפּיץ. די נויט האָט אים דיקטירט די ריכטיקע האַלטונג צו די קינדער און צו די לערער. ער האָט באַקומען אַן אויטאָריטאַרן טאָן און אַן עקזעקוטיוון זשעסט, וואָס האָט נישט פאַרפעלט אויסצואיבן זיין איינפלוס נישט בלויז אויף די קינדער, נאָר אַפילו אויף העלענקען און אויף איר מוטער. ער איז אַריין אין דעם לערער הורוויצעס ראָלע, אויף וועמענס פּאָסטן ער האָט זיך געשטעלט.

ער האָט זיך גענומען צו אָרגאַניזירן די פאַרטיידיקונג. מען האָט נישט געוווסט, אין וואָס מען באַשולדיקט דאָס ייִנגל. צי זיי האָבן אויס־געפונען די ראָלע, וואָס דאָס ייִנגל האָט געשפּילט בעת דער מאַי-דעמאָנ-סטראַציע? מען האָט קיינעם נישט צוגעלאָזט צו די אַרעסטירטע, נישט קיין אַדוואָקאַט, נישט קיין משפּחה. מירקין האָט געהאַלטן אין איין טרייסטן די מוטער, אַז דאָס, וואָס מען האָט זיי אַריינגעזעצט אין „פּאַוו־יאַק", נישט אין ציטאַדעל, איז דער בעסטער באַווייז, אַז זיי ווייסן נאָך גאָרנישט, און די אונטערזוכונג קעגן ייִנגל האַלט זיך נאָך אין אויספאָרשן. זיי זענען גאָרנישט אויף דער שפּור פון דער מאַי־געשעעניש. מען האָט צוגעלאָזט צו זיי עסן. פּאָטער און זון זענען געזעסן אין איין צעל.

באַלד אָבער האָט זיך מירקין דערוווסט, אַז דעם ייִנגלס עסק גע־פינט זיך נישט אין געוועגלעכן, נאָר אין קריגס-געריכט. דער גורל פון דעם ייִנגל איז אין די הענט פון דעם ווארשעווער גענעראַל־גובערנאַטאָר, דעם גרויזאַמען סקאַלאָן, וואָס קאָן, לויט זיינע פולמאַכטן פון צאַר און

לויט די אויסנאַם־געזעצן, וואָס הערשן אין לאַנד פאַר אַ לאַנגער צייט, אַוועקשיקן דאָס יינגל צום טויט אָן יעדן משפט.

מירקין האָט שוין פון דעם פאַרשטאַנען, אַז זיי זענען געקומען אויף דער שפּור פון דער מאַי־געשעעניש. ער האָט געוווּסט מיט וואָס דאָס שמעקט. ווי ווייט מעגלעך אָבער, האָט ער באַהאַלטן דעם אמת פון דער משפּחה. ער האָט זיי אָפּגענאַרט, אַז דער ענין האַלט זיך נאָך אין אויספאָרשן, און קיין זאַך איז נאָך נישט קלאָר. יעדן פרימאָרגן האָט ער מיט האַריץ־קלאַפּן גענומען די צייטונג אין דער האַנט אריין און געזוכט צווישן די קליינע אָפּיציעלע ידיעות. ער האָט אָנגעזאָגט העלענקען, אַז מען זאָל פון דער מוטער אויסבאַהאַלטן די צייטונגען, כדי זי זאָל פּלוצלינג נישט פאַלן אויף איבעראַשונגען...

דערווייל האָט רחל־לאה געקאָכט יעדן טאָג מיטאָגן און געטראָגן אין „פּאַוויאַק" אריין, וואָס איז, אגב, נישט געווען ווייט פון איר וווינונג. זי האָט זיך געשטעלט מיט אַנדערע מוטערס און ווייבער פון פּאָליטי־שע און קרימינעלע אַרעסטירטע אַפּוואַרטן, ביז עס וועט קומען איר רייע, און זי וועט אירע טעפּ און טעלער דערלאַנגען דורכן קליינעם פענצטערל, אין אייזערנעם טויער.

יעדעס מאָל ווען זי איז אָנגעקומען צום „פּאַוויאַק", האָט זיך איר אויסגעוויזן, אַז פון אַן אויבערשטן פענצטערל פוכערט אַ האַנט צו איר דורך דער אייזערנער גראַטע. זי האָט נישט געוווּסט, אויב די האַנט פון אונטער דעם אייזערנעם דעכל איז פון אירע אייגענע, אָדער אַ פרעמדע. יעדנפאַלס איז איר די דאָזיקע האַנט געוואָרן נאָענט. ביים ערשטן אויגנ־בליק, ווען זי איז אָנגעקומען פאַרן „פּאַוויאַק", האָט זי געזוכט די האַנט, און אַז זי האָט דאָרט אויבן באַמערקט די פינגער אַרויסשטעקן (די גאַנ־צע האַנט איז געווען אוממעגלעך אַרויסצושטעקן), איז איר לייכטער גע־וואָרן אויפן האַרצן און זי האָט געהאַט אַ צייכן, אַז אַלץ איז נאָך דער־וויל גוט...

איינמאָל, ווען זי איז אָנגעקומען מיטן עסן פאַרן „פּאַוויאַק", האָט זי אָנגעטראָפן אויף אַ גרעסער געשטיי פון מענטשן. אויך אויף די טראָ־טואַרן, אין די אַרומיקע געסלעך, פון די מיט דער תפיסה שכנהדיקע פענצ־טער קוקן פרעמדע, נייגעריקע מענטשן. איר האַריץ האָט אָנגעהויבן הויך צו קלאַפּן, און אַנגסטן האָבן זיך איר געזעצט אויפן קורצן שטערן, אויף

וועלכן עס האָבן זיך לעצטנס אָנגעהויבן צו קלעבן שטייפע, גראָע האָר.

אַז זי איז צוגעקומען נענטער, האָט זי איבעררראַשט אַן אוממענטש־לעך מוראַדיק געשריי, וואָס האָט זיך געהערט פון איבערן מויער פון „פּאַוויאַק", אַ געשריי, ווי עס וואָלט געקומען פון העלדזער פון געשטיק־טע הינט. די מוטערס, די אַלטע פאָטערס, שוועסטער און כּלות, וואָס זענען געשטאַנען אַרום דעם טויער, האָבן אוממעכטיק געקוקט איינער דעם אַנדערן אין פּנים אַריין. דאָ און דאָרט האָט אַ מאַמע זיך די טרערן געווישט אין דער שטיל מיט אַן עק פון קאָפּ־טוך, און פון די אויגן האָט אַרויסגעשטראַלט אַן אוממעכטיקער כעס־גלאַנץ, ס'האָט זיך דערהערט אַן אוממעכטיק ברומען, אַ שילטן אין די פויסטן אַריין און אַ געמורמל:

— מען שלאָגט אין „פּאַוויאַק"!

רחל־לאה האָט זיך איינגעקוקט אַרום זיך מיט אַ פאַרפרעמדטן בליק. זי האָט אין ערשטן אויגנבליק נישט געוווּסט וועגן וואָס עס האַנדלט זיך, און געהאַלטן אין איין פרעגן: וואָס איז געשען?

אָבער קיינער האָט איר נישט געענטפערט. אָן די פון רחמנות און צער איינגעקאָרטשעטע פּנימער פון די אָנגעהעריקע, אָן די אָטעם־פאַר־כאַפּנדיקע מוראַדיקע ווייען פון די ווייבער און דעם שאָקלען מיט די קעפּ, האָט זי אַלץ דערפילט, נישט פאַרשטייענדיק, נישט באַוווּסטזיניק, וועגן וואָס דאָ גייט. עס האָט זיך איר אויסגעוויזן, אַז אַלע דערינען אויף יענער זייט מויער זענען פאַרלייבט געוואָרן אין איר קינד, אין איר מאַן — און זיי שלאָגט מען.

זי האָט אַ וואָרף־געטון פון די הענט די שיסלען מיט די טעפּ עסן, אַ שטופּ־געטון זיך דורך דעם מורמלדיקן עולם, אַ וואָרף־געגעבן זיך מיט איר גאַנצן קערפּער אויפן אייזערנעם טויער, גענומען האַקן מיט אירע פויסטן אין דער טיר און געשריגן מיט אַ הייזעריק געוואָרענער, מענטש־לעך־פאַרלוירענער און חיהש־גלייכער שטים:

— גזלנים, מערדער! איר שלאָגט אונדזערע קינדער! באַנדיטן! גזלנים! גזלנים!

איר קול האָט אָנגעשטעקט, און באַלד האָט זיך אויפגעהויבן אַ קלאָג־עדיק געיאָמער. ווי עס וואָלט ווער אַן אויסלייז געגעבן צו די ביז איצט פאַרשטיקטע געוויינען.

אַן אוממענטשלעך גוואַלד האָט זיך אויפגעהויבן, זיך דורכגעטראָגן מיט אַ שטורעם פון נאָענטע און פרעמדע:

— גזלנים! מערדער! גזלנים!

עס איז געוואָרן אַן אַנגעלויף פון די אַרומיקע גאַסן, ווי אויף אַ קלאַנג פון אַ שרפה. באַלד איז שוואַרץ געוואָרן פאַר דעם אייזערנעם טויער פון „פּאַוויאַק" מיט גראָענדיקער מענטשלעכער באַקליידונג. אַלע האָבן זיך איינגעקנאָטן אין איין ריזיק לייב, און אַ שטורעמדיקער טייך פון מאַסן לייבער האָט זיך געהאַלטן אין איין וואַרפן אויף דעם אייזערנעם טויער, אויף דער אַרומיקער מויער פון געפענגעניש:

עפּנט! עפּנט! עפּנט!

פון די מאַסן לייבער האָט אַרויסגעשטאַרט אַ ווייבערשער מוטער־קאָפּ. שוואַרצע, שטייפע, מיט גראָ אַדורכגעוואָרפענע האָר האָבן זיך געריסן פון איר טוך, געפלויגן פון ראַשיקער באַוועגונג אַרום איר, ווי שפּיזן. אירע אויגן האָבן געברענט אַרויס פון איר שוואַרץ געוואָרענעם פּנים. אירע הענט זענען לענגער און העכער געוואָרן און דערהויבן זיך איבער אַלעמענס קעפּ. די נאַקעטע, ביינערדיקע הענט, אַרויסשטאַרנדיק פון די שוואַרצע אַרבל האָבן ווי פייער־פלאַקער, ווי אויפגעהויבענע פענער איבער דעם ים קעפּ, געפירט, אויפגעברויזט די מאַסן. באַלד האָבן מער הענט זיך באַוויזן. אַ וואַלד פון הענט האָבן געהאַמערט אין דעם אייזערנעם, קאַלטן טויער. פינגער האָבן זיך אין קרעמפּן געקאַרטשעט אין אומברחמנותדיקן שטאָל. נאָר מער נאָך ווי די הענט און נעגל האָבן געהאַמערט אין פאַרשלאָסענעם טויער די ווילדע מענטשלעכע געשרייען:

— גזלנים, עפּנט! עפּנט! מען שלאָגט אונדזערע קינדער!

דערינען, זעט־אויס, האָבן געמוזט דערגיין די מענטשלעכע קולות פון דער גאַס. באַלד האָט זיך דערהערט אַ פאַרשטיקטער עכאָ פון אינעווייניק. די קולות, וואָס האָבן זיך געטראָגן פון דער טורמע, זענען געווען ווי זיי וואָלטן דורכגעוואַנדלט דורך פייכטע, קאַלטע קאָרידאָרן, דורכגעריסן זיך דורך פּעטליעס פון תליות, דורך בעסטיאַלישע פינגער. די קולות זענען געווען האַלבע, צעריסענע, פאַרשטיקטע. נאָר צוליב דעם טאַקע האָבן זיי אַרויסגערופן דעם ווילדסטן אויסברוך; זיי האָבן געוועקט דאָס רחמנות ביי די מענטשן — צו משוגעת, און דעם כעס און צער — צו ווילדקייטן:

— גזלנים! הענקער! זיי שעכטן אונדזערע קינדער!

די קולות האָבן אזוי אויפגעפלאַקערט, אַז מען האָט געמוזט רעאַגירן פון דערינען. די אייזערנע טיר פון אומברחמנותדיקן טויער, וואָס איז געשטאַנען די גאַנצע צייט פון די גוואַלדן ווי אַ פאַרשטיינערטער שומר, האָט זיך פּלוצים געעפנט, און אַ קליינער באַאַמטער, באַגלייט מיט באַוואָפנטע היטערס, האָט זיך באַוויזן. נאָר איידער ער האָט נאָך צייט געהאַט זיין מויל אויפצועפענען, איז רחל-לאה אים געשפּרונגען אין פּנים אריין מיט אירע פינגער:

— גזלן!

אַ קלאַפּ מיט אַ קאָלבע פון אַ ביקס האָט זי צוריקגעשלאָגן. רחל-לאה האָט זיך געגעבן אַ וואַקל מיט איר גאַנצן קערפּער. ווי אַ הילצערנע סטאַטוע האָט זי זיך געגעבן אַ שאָקל אהין און אַ שאָקל אויף צוריק, און עס האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז זי וועט אומפאַלן. נאָר זי האָט זיך געמיט און איז נישט אומגעפאַלן, געבליבן שטיין אין איר גאַנצער הויך. זי האָט מיט אירע אויגן, וואָס האָבן אַרויסגעקוקט פון צווישן די שטראָמלעך בלוט, וואָס זענען איצט געפלאָסן פון איר געדיכטן קאָפּ האָר, אָנגעקוקט איר פייניקער. נאָר דער בליק האָט געמוזט זיין אַזאַ פרירנדיקער, אַזאַ אומהיימלעכער, אַז דער באַאַמטער מיט די שומרים, וואָס זענען אַרויס באַרואיקן דעם עולם, האָבן זיך דערשראָקן פאַר איר, אָפּגעטראָטן הינטערוויילעכטס פון איר, ווי מען טרעט־אָפּ פאַר אַ דערשיינונג און זענען אַנטרונען געוואָרן געשווינד צוריק אין דעם אייזערנעם טויער אַריין.

רחל־לאהן האָט מען שפּעטער אַהיימגעפירט. די קינדער האָבן זיך דערשראָקן פאַר איר אויסזען, זי אויסגעטון און געלייגט אין בעט. מיר־קין איז געלאָפן ברענגען אַ דאָקטאָר. דער דאָקטאָר האָט אויסגעפונען, אַז די וווּנד, כאָטש אַ טיפע, איז אָבער נישט געפערלעך. מען האָט אָפּגעוואַשן דאָס בלוט און די וווּנד פאַרבונדן.

די קינדער האָבן שוין מער די מוטער נישט געלאָזט גיין מיטן עסן צום „פּאַוויאַק". מען האָט אויך שוין נישט געדאַרפט. אויפן צווייטן טאָג האָט מען פאָטער און זון איבערגעפירט אין ציטאַדעל. דאָרטן האָט מען נישט צוגעלאָזט נישט אויף קיין זעאונג און נישט קיין עסן.

זיי זענען געווען טויט פאַר דער לעבעדיקער וועלט אין דרויסן.

## קאַפּיטל 17

# אין דער שטייג

טאַטן און זון האָט מען צוערשט אַריינגעזעצט אין איין צעל, אין „פּאַוויאַק". אויפן פאַרהער האָט מען זיי גענומען באַזונדער. מיטן פאָטער האָט מען נישט געמאַכט קיין לאַנגע שהיות. נאָך צוויי־דריי מאָל אויספאָרשן האָט מען אים צו רו געלאָזט. דאָס ייִנגל אָבער האָט מען גע־האַלטן אין איין שלעפּן פון איין זשאַנדאַרמעריע צו דער אַנדערער, גע־שיקט אים צוריק אין צעל און פּלוצלינג ווידער גערופן, אָפטמאָל אין מיטן דער נאַכט אַראָפּגעשלעפּט פון געלעגער. יעדעס מאָל, ווען דאָס ייִנגל איז צוריקגעקומען פון פאַרהער, איז ער געווען אויסערגעוויינלעך מיד און אָפּגעשוואַכט, דאָס פּנים בלייך, טונקל, פאַרביסן די ליפּן. נאָך די אויגן זענען געווען באַלעבט און רויט. די ווייסל־בעלעמס אָנגעלאָפן מיט בלוט, און די אויגן־הייטלעך ווי צוגעשוואָלן. ער פלעגט זיך נאָך יעדן פאַרהער אַרויפוואַרפן אויפן שעניק און באַלד איינשלאָפן, שלאָפן מיט אָפענע אויגן, און שווער אָטעמען מיט זיינע גרויסע נאָזלעכער. אַזוי ווי דאָס ייִנגל האָט נישט געזאָגט, אין וואָס מען באַשולדיקט אים, האָט אים דער פאָטער נישט געפרעגט. דער לערער הורוויץ איז נישט געווען פון די, וואָס זענען אומגעדולדיק אַרויסצוווייזן זייער נייגעריקייט, אפילו אין דעם פאַל.

דער לערער הורוויץ האָט באַלד אין דער צעל, ווו זיי זענען געזעסן, איינגעפירט אַ רעזשים, וואָס זאָל זון און פאָטער האַלטן באַשעפטיקט אַ גאַנצן טאָג. עס זענען געווען אויסגעטיילט שעהען פון פאַרשידענע לי־מודים. אין די פאַרמיטאָג־שעהען האָט דער לערער גענומען ביי זיין זון לעקציעס אין אַלטע שפּראַכן, גריכיש און לאַטייניש, וועלכע דער לערער האָט זיך אונטערגענומען אויסצולערנען דורך דער צייט פון זיין געפאַנ־גענשאַפט. נאָך מיטאָג האָט דער פאָטער פאַרגעלייענט פאַרן זון גאַנצע פּרקים פון „פּאַן טאַדעאוש" און פון אַנדערע פּוילישע קלאַסישע ווערק, וואָס ער האָט געקאָנט אויף אויסנווייניק; אָדער ער האָט אים געגעבן אַ שיעור פון ייִדישער מיטלאַלטערישער פילאָזאָפיע. פון צייט־צו־צייט האָט זיי אַן אויג באַאָבאַכטעט דורך דעם „יודאַש־פענצטערל". זיי זענען

באַלד אַזוי צוגעווינט געוואָרן צו דעם אייביקן אויג, וואָס האָט זיי באַ־אָבאַכטעט פון דרויסן, אַז עס האָט זיי מער נישט געאַרט, אַזוי ווי דער, וואָס אין דרויסן וואָלט נישט געווען קיין לעבעדיקער מענטש, נאָר עפּעס אַ הויז־חיה, פאַר וועלכער מען שעמט זיך נישט אפילו נאַקעט צו שטיין...

די לעקציעס האָבן אָבער נישט לאַנג געקאָנט אָנהאַלטן. מען האָט איצט דאָס יינגל אַלץ אָפטער געדופן אויף די אויספאָרשונגען. גאַנצע טעג פלעגן זיי אים ערגעץ־ווו אָפּהאַלטן, אָפטמאָל ארויסשלעפּן ביינאַכט, און אַז ער איז צוריקגעקומען צום פאָטער אין דער צעל אריין, איז ער געווען אַזוי מיד, אויסגעמוטשעט, אַזוי שוואַרץ אונטער די אויגן, און זיינע נאָזלעכער האָבן אַזוי שווער און לאַנג געאָטעמט, אַז עס האָט נישט געהאָלפן דעם יינגלס באַמיען זיך צו שמייכלען און כלומרשט אויפמאָ־דערן דעם פאָטער אָנצוהייבן אַ נייעם לימוד.

— איך וועל די ערשטע הונדערט סטראָפן פון „אָדיסעאַ" אין אָרי־גינאַל פאַרלייענען. זאָל דער טאַטע עס אין דער פוילישער איבערזעצונג נאָכזאָגן.

— ביסט איצט מיד, לייג זיך שלאָפן.

און דאָס יינגל איז טאַקע תיכף אויפן שעניק אַוועקגעפאַלן אין אַ שווערן שלאָף.

דער פאָטער האָט זיך אַרויף און אַראָפּ איבער דער צעל געדרייט און געברומט פאַר זיך:

— וואָס טוען זיי דאָס דאָרטן מיט אים אַזעלכעס? וואָס טוען זיי מיט אים? — און ער פלעגט אָנהייבן ברומען פאַר זיך נגונים פון די אַמאָליקע בית־מדרש־בחורשע יאָרן, לאַנג אַרויף און אַראָפּ שפּרייזן און זיי ברומען פאַר זיך מיט אַזאַ האַרץ־נאָגנדיקער טרויעריקייט, אַז ער האָט זיך דורך זיי אריינגעאַרבעט אין אַן אַנדערער, גייסטיקער וועלט, און פאַרגעסן די צרות, און ער איז געטרייסט געוואָרן.

איינמאָל, בעת דער פאָטער האָט זיך אַזוי ווי אַ טרויעריקער וואָלף אַרויף און אַראָפּ געדרייט איבער דער צעל, דער זון איז געלעגן אויפן שעניק און האַרט געשלאָפן (עס איז געווען נאָך אַ פאַרהער), האָט ער אָנגעהויבן צו רעדן הויך פון שלאָף. דאָס יינגל האָט דאָס עמיצן געשאָלטן מיט מיאוסע אויסדרוקן, וואָס געפינען זיך אין דעם רוסישן לשון. מיים־טנס אָבער האָט ער געזידלט „דאָס תפיסה־דאָקטאָרל, אים אָנגערופן מיט

אַזעלכע נעמען, װאָס האָבן דעם פֿאָטער שאָקירט און געװוּנדערט, פֿון װאַנען עס קומט צו זײנס אַ קינד אַזאַ שפּראַך...

ער איז צוגעגאַנגען צום שעניק דאָס ייִנגל אױפֿצװועקן. אין דער צײַט האָט געהערשט אַן אײביקע פֿאַרנאַכטיקע שאָטנקײט. די זון איז אײַנגעהאַלטן געװאָרן בײַם פֿענצטערל דורך דעם גרױען אָפּגעפֿאַרבטן אײַזערנעם דאַך־לאָדן, װאָס איז געהאָנגען איבערן פֿענצטערל. ער איז געװען אַ קורצזיכטיקער, דער לערער, האָט ער דעם שעניק נישט גוט געזען און איז גאַנץ נאָענט צוגעגאַנגען צום בעט, אײַנגעבױגן זיך איבערן זון. דורך אַ צופֿאַל האָט ער באַמערקט, װי דורך דעם ייִנגלס צעריסענע הױזן רײַסן זיך שטיקער רױטע אױפֿגעפֿלאַמטע פֿאַסן לײַב, װי פֿײַערדיקע שנורן... עס האָט זיך אים גאָרנישט געקאָנט לײגן אױפֿן שכל, אַז אױף אַ לעבעדיקן מענטשנס לײַב זאָלן זיך ציִען אַזעלכע אומנאַטירלעכע פֿלאַמענדיקע שנורן, אָנגעלאָפֿן מיט בלוט־געשװוילעכץ. דעם פֿאָטער האָט זיך אױסגעװיזן, אַז דעם זונס לײַב איז נאָך אין אַ פֿיל ערגערן צושטאַנד, װי זײַנע הױזן.

ער האָט פֿאַרשטעלט דאָס פּנים מיט זײַנע הענט. ער האָט דעם זון מער נישט געװועקט. ער האָט זיך קױם צוגעװאַקלט צום פֿענצטער, אַרױפֿגעקראָכן אױף אַ בענקל און אָנגעלענט זײַן קאָפּ אױפֿן פֿענצטער־לײַסטל. אַזױ איז ער אָפּגעשטאַנען אַ לאַנגע צײַט.

אַז דער זון האָט זיך דערנאָך אױפֿגעכאַפּט (װען מען האָט זײ פֿון דרױסן עסן געבראַכט), האָט ער שױן אױסגעזען מונטערער און אױפֿגערוימט, אַזױ װי עס װאָלט גאָרנישט געװען. ער האָט געמאַכט עפּעס אַ שפּאַס מיטן פֿאָטער. (דורך דער צײַט פֿון זײער זיצן זענען צװישן זיך פֿאָטער און זון געװאָרן נענטער און חבֿרישער. און דער זון האָט זיך שױן דערלױבט אַ שפּאַס צו טון מיטן פֿאָטער, װאָס ער װאָלט נישט געטון אױף דער פֿרײַ.) הורװיץ איז דאַן צוגעגאַנגען צום זון, װאָס איז נאָך האַלב געלעגן אױפֿן שעניק. דער פֿאָטער האָט איצט פֿאַרשטאַנען, פֿאַרװאָס דער זון זײַנער ליגט אַזױ אָפֿט און זיצט קײנמאָל נישט. ער האָט אַרױפֿגעלײגט זײַן האַנט אױפֿן ייִנגלס שטערן, װעלכער איז אין שלאָף פֿײַכט געװאָרן פֿון אַנגסטן. ער האָט געהאַלטן די האַנט אױפֿן זונס שטערן און ער האָט קײן װאָרט נישט אַרױסגערעדט.

דער זון איז רױט געװאָרן אױפֿן פּנים, װי עס װאָלט אינעװײניק

אין אים א שרפה געברענט. ער האָט לייכט אַראָפּגענומען דעם פּאָטערס האַנט פון זיין שטערן און געפרעגט פאַרוואונדערט:

— וואָס איז דעם טאַטן?

— פאַרוואָס האָסטו מיר נישט דערציילט, וואָס זיי טוען דאָרט מיט דיר ביים פאַרהער? — האָט דער פּאָטער פאַרשטעלט מיט די הענט זיינע אויגן.

דאָס יינגל איז איין אויגנבליק בלייך געוואָרן, טונקל-בלייך, אַזוי ווי די שוואַרצע ראַנדן אַרום זיינע אויגן-רייפן וואָלטן איינגעשלונגען אין זיך דאָס רויטע פייער, וואָס האָט נאָר־וואָס געברענט אויף זיינע באַקן. ער האָט אַ טיפן אָטעם געגעבן מיט זיינע נאָזלעכער. דאָס האָט נאָר גע־דויערט איין מינוט. באַלד האָט אַ געצוואונגענער שמייכל באַגאָסן זיינע גרויסע אויגן־לעכער, און ער האָט זיך אָנגערופן מיט אַ לייכטקייט:

— דאָס מיינט דער טאַטע? איך האָב זיי געזאָגט, וואָס איך קלער וועגן זיי, און זיי האָבן מיר דערפאַר אַביסל די הויט צעקראַצט.

— פאַרוואָס טוסטו דאָס? — האָט דער פּאָטער אָנגעכאַפּט דעם זון ביי דער האַנט.

— זעט דער טאַטע, דאָס תפיסה־דאָקטאָרל האָט אַזאַ פאַרשיווע אינטעליגענט־געזיכטל, אַז עס גלוסט זיך מיר דערין אַריינצושפייען יע־דעם מאָל, ווען איך זע אים! פענסנע טראָגט ער.

דער פּאָטער האָט שוין געשוויגן.

***

די נאַכט, איידער מ׳האָט פּאָטער און זון צעשיידט, האָט שוין דאָס יינגל געוווּסט וועגן זיין גורל. מען האָט אים דעם פסק-דין פאָרגעלייענט ביי טאָג ביים פאַרהער, אָן אַ משפט, לויט די ספּעציעלע פולמאַכטן, וואָס דער גענעראַל־גובערנאַטאָר באַזיצט דורך אַ דעקרעט פון צאַר. מען האָט אים געשיקט אין דער בשותפותדיקער צעל אַריין צום פּאָטער — זיך גע־זעגענען מיט אים — האָבן זיי אים געזאָגט.

דעם טאָג האָבן זיי אים נישט געפייניקט, און דאָס יינגל איז נישט געווען אַזוי פיזיש מיד, ווי אַן אַנדערשמאָל, ווען ער איז צוריקגעקומען פון דער אויספאָרשונג.

ווען ער איז צוריקגעקומען צום פֿאָטער אין דער צעל, איז ער געווען אויפֿערגעוועגלעך באַלעבאָט. ער האָט זיך נישט, ווי אַן אַנדערשמאָל, אַרויפֿגעוואָרפֿן אויפֿן שעניק, נאָר ער האָט אָנגעהויבן צו גיין מיט פֿלינקע טריט אַהין און צוריק, ווי אַ יונגער לייב אין אַ שטייג.

דער פֿאָטער האָט פֿאַרשטאַנען, אַז היינט איז עפּעס געשען מיט זיין זון אויסערגעוועגלעכס. ער האָט אַלץ געוואַרט, ביז דער זון וועט אים זאָגן. דער זון האָט אים נישט געזאָגט.

פֿיר שעה איז ער געזעסן מיטן פֿאָטער צוזאַמען. דורך דער צייט האָט ער פֿאַרן פֿאָטער געלייענט הונדערט סטראָפֿן פֿון „אָדיסעאַ" אין גריכיש פֿון אויסווייניק מיט אַ באַטאַנונג און באַלעבונג, וואָס האָט דעם פֿאָטער געוווּנדערט. דער פֿאָטער האָט אַלץ געוואַרט אויף נייעס, נאָר ער האָט גאָרנישט געזאָגט.

נאָר אין מיטן דערינען איז ער געגאַנגען אַ העמד איבערוועקסלען. ער האָט זיך באַהאַלטן אינעם טונקלסטן ווינקל פֿון דער צעל און געשטעלט זיך אין אַ שאָטן אַריין, אַז דער פֿאָטער זאָל זיין נאַקעט לייב נישט זען. האָט זיך דער פֿאָטער פֿאַרוווּנדערט און אים געפֿרעגט:

— וואָס עפּעס אין מיטן דערינען אַ העמד אין מיטן דער וואָך?

— זיי וועלן מיך אוודאי היינט צונעמען פֿון טאַטן. זיי האָבן וועגן דעם גערעדט אויפֿן פֿאַרהער. זיי ווילן מיך אין „צענטן פּאַוויליאָן" אַריבערפֿירן.

דער פֿאָטער האָט זיך האַסטיקער אָנגעהויבן איבער דער קאַמער צו דרייען און זיין גמרא־ניגון, וואָס ער האָט נישט אויפֿגעהערט צו ברומען אין תּפֿיסה, איז געוואָרן טרויעריקער און ערנסטער.

— אַז זיי פֿירן איבער אין „צענטן פּאַוויליאָן", איז בעסער. עס הייסט, אַז די אויספֿאָרשונג איז געענדיקט, און מען וועט וויסן, וועגן וואָס עס האַנדלט זיך.

— יאָ, האָסט אפֿשר רעכט.

פֿאָטער און זון האָבן געשוויגן.

נאָר לאַנג האָבן זיי ביידע די שטילקייט נישט געקאָנט פֿאַרטראָגן.

— זאָל דער טאַטע מיר עפּעס זאָגן וועגן יענעם יידישן פֿילאָזאָף, וועגן וועלכן דער טאַטע האָט מיר נעכטן דערציילט.

— דו מיינסט וועגן שלמה בן גבירול און זיין אויפפאסונג פון דער געטלעכקייט?

דער פאטער האט לאנג גערעדט מיט א לערערישער געדולדיקייט און גענויקייט וועגן שלמה בן גבירולס פילאזאפישער שיטה און זיין סיסטעם וועגן דער געטלעכקייט.

— און דער טאטע גלויבט אין לעבן פון דער נשמה נאכן טויט?

דער פאטער איז בלייך געווארן.

— וואס אינטערעסירט דיך דאס צו וויסן?

דאס יינגל איז אויך בלייך געווארן.

— איך מיין, ווי עס איז לויט דער יידישער רעליגיע? איז דא א צווייטע וועלט? דאכט זיך, אין אלטן טעסטאמענט, אין דער ביבל, איז פון א צווייטער וועלט גארנישט דערמאנט. איז עס נישט אזוי, טאטע?

דער פאטער האט אים דערקלערט די אויפפאסונג פון א צווייט לעבן אין דער יידישער רעליגיע, ווי זי האט זיך אנטוויקלט שפעטער אין גלות בבל און געקומען צו איר הויך אונטער דעם דרוק פון די רוימער ביים צווייטן בית־המקדש. ער צעלייגט עס אויף טעלערלעך.

נאר עס האט זיך אים געדאכט, אז דער זון הערט אים נישט.

— וועגן וואס קלערסטו דאס, אייגנטלעך? — פרעגט אים דער פא־טער.

— מיר דאכט זיך, — ענטפערט דער זון פלוצלינג מיט פייער, — אז וועגן טויט, וועגן לעבן פון דער נשמה אין א צווייטער וועלט, קלערן נאר מענטשן, וואס האבן גארנישט וואס צו טון, רייכע און פארמעגלעכע און שטארקע. נאך אלעמען, איז דאך דאס א לוקסוס־זאך צו קלערן וועגן טויט, וועגן נשמה, א מין באלעמוטשען. אן ארימער מענטש קאן זיך דאס גארנישט פארגינען. ער נעמט דעם טויט, ווען ער קומט, אזוי ווי ער איז, פאר א גוטוועדיקייט, אזוי ווי ער נעמט זיין לעבן. נאך אלעמען, וואס איז דער טויט פאר די, וואס גלויבן, אז זיי זענען באהעפט אין לעבן מיט טויזנטער און מיליאנען אנדערע לעבנס, וועמענס צילן און צוועקן עס זענען די זעלבע? די גראבן־אונטער די אלטע פארפוילטע וועלט און שטרעבן צו באשאפן א בעסערע און א שענערע וועלט פאר אלע מענטשן. ווען איך גיי־אונטער, ווער פארניכטעט, לעב איך דאך טויזנט מאל אין די דאזיקע טויזנטער און מיליאנען, וואס טראגן ווייטער מיין באגער און

ווילן, מיין קאַמף, מיין אַליץ, וואָס איך האָב צו דערגרייכן יענעם ציל. מורא האָבן פאַרן טויט האָבן נאָר מורא די איינזאַמע מפונקים, די נידערטרעכטיקע ליידיקגייער, וואָס האָבן גאָרנישט אין זייער לעבן, נאָר זיך אַליין. אַ מענטש, וואָס באַלאַנגט צו אַן אידעאַל, וואָס האָט עפּעס אין לעבן, ער לעבט ווייטער, פיל שטאַרקער און מעכטיקער צוזאַמען מיט זיין אידעאַל אין לעבן.

נישט די ווערטער, נאָר דער באַלעבטער טאָן, די פלאַקערדיקע אויגן פונעם יינגל, האָבן דעם פאָטערס האַרץ צעטרייסלט. עס איז געווען אַזוי ווי דאָס יינגל וואָלט זיך געווען געווערט קעגן עמיצן, און מיט די ווערטער האָט ער זיך אַליין געטרייסט, זיך געוואָלט מוט געבן, זיך אַליין שטאַרקן.

דער פאָטער האָט טיף געבויגן דעם קאָפּ צו דער ערד און אים גאָרנישט אָפּגעענטפערט.

שפּעטער, אַז זיי זענען געקומען נאָך אים, האָט ער פון קישן אַראָפּגענומען אַ ריין־געוואַשן האַנטוך, וואָס מען האָט אים געהאַט פון דער היים אַריינגעשיקט און צוגעלייגט זיך עס אונטער דער קלאַפּע פון זיין גימנאַזיסטן־מונדיר אויף זיין העמד.

— וואָס נעמסטו עפּעס מיט בלויז אַ האַנטוך? — פרעגט אים דער פאָטער.

— די איבריקע זאַכן וועט איר מיר קאָנען צושיקן.

ער האָט דעם פאָטער די האַנט דערלאַנגט.

— און ווען וועל איך דיך ווידער זען? — האָט זיך דער פאָטער מער נישט געקאָנט קאָנטראָלירן.

— מיינט דער טאַטע, אַז זיי קאָנען אונדז האַלטן לאַנג צעשיידט? עס וועט דען זיי קלעקן צעלן דאַרויף?

דער פאָטער האָט נישט פאַרשטאַנען.

— וואָס מיינסטו, דוד?

— אין דרויסן זענען דאָ מיליאָנען, וואָס וועלן ווייטער קומען נאָך אונדז, ווען מיר וועלן שוין נישט זיין, — האָט ער דעם פאָטער צוגעוואָרפן, און איז פלינק אַרויס נאָך די זעלנער, וואָס זענען געקומען נאָך אים.

נאָכן יינגלס אַוועקגיין האָט דער פאָטער ווי אַ רוח געשפּרייזט מיט

אימפּעט אַרויף און אַראָפּ איבער דער צעל, און מיט אַ דערהויבענער שטים איצט געברומט זיין טרויעריקן גמרא־נגון, ווי אַמאָל ביים לערנען, אַזוי, אַז „דער אין דרויסן" האָט אים דורך דעם „יודאַש־לעכל" אויפגע־פּאָדערט צו זיין שטיל.

## קאַפּיטל 18

# אין מאָרגן-טוי

דער הימל איז געווען אויסערגעוועגלעך בלוי, ווען מען האָט דודן פון זיין טויט־שטילער קבר־צעל אויפן הויף פונעם „צענטן פּאַוויליאָן" אַרויסגעפירט. יונגנט קאָן גאָרנישט טויטן, אפילו נישט דער טויט אַליין. דאָס פאַנטאַסטישע פרילינג־מאָרגן־ליכט, וואָס האָט באַלויכטן די וועלט, וועלכע דאָס יינגל האָט שוין זינט וואָכן נישט געזען, האָט אים פאַר־שכורט און געמאַכט צו פאַרגעסן אין דער סיטואַציע, אין וועלכער ער געפינט זיך. ער האָט זיך באַין אופן נישט געקאָנט פאַרשטעלן דעם טויט אין אַזאַ פרילינג־מאָרגן, און נישט געקאָנט גלויבן, אַז די זעלנער פירן אים איצט צו זיין עקזעקוציע.

נאָך מער איז דאָס דאָזיקע געפיל געווען ווייט פון אים, ווען זיי האָבן אים אַרויסגעבראַכט פון הויף אַרויס אויף דער אָפענער גאַס. דאָס שטיקעלע וועג פון „צענטן פּאַוויליאָן" צו דעם עקזעקוציע־פּלאַץ האָט זיך ביי אים פאַרוואַנדלט אין אַ לאַנג לעבן. ער האָט טויזנטער געפילן איבער־געלעבט אין אַ מאָמענט. אויף יעדן שריט און טריט האָט ער עפּעס אַנ־דערש באַמערקט, פון וועלכן זיינע לעבעדיקע, געזונטע חושים זענען גע־וואָרן באַצויבערט: דער געשמאַק פון די ביימער, וואָס ער האָט צום ערשטן מאָל אין דעם פרילינג דערפילט, דער פייכטער טוי, אין וועלכן ער טרעט אויף זיין וועג צום טויט, די אויסטערלישע בלויע באַלייכטונג, וואָס הילט־איין די וועלט. אַ פרישקייט האָט אים אַרומגענומען. ער איז געטובלט געוואָרן אין מאָרגן־ריינקייט און געפילט זיך ווי ער וואָלט ניי געבוירן געוואָרן. באַלד ביים ערשטן איינהויכן אין זיך דעם פרילינג־ווינט פון פריקייט האָט ער שוין אין אַלעם געהאַט פאַרגעסן. די וועלט, די ביימער,

די הייזער, וואָס זענען נאָך געשטאַנען פאַרחלומט אין דעם נאַכט־שלאָף — אַליץ איז אים געווען אַזוי ניי, אַזוי אומבאַקאַנט, און דאָך באַקאַנט...

ער אַליין האָט זיך דורך דעם קורצן וועג פון דער טורמע צו דעם עקזעקוציע־פּלאַץ געפונען אין אַ חלום. אַזוי ווי דער פרילינג־מאָרגן וואָלט אים איינגעשלעפערט. ער האָט געוווסט, אַז ער דאַרף איצט קלערן וועגן עפּעס אַנדערש, אַז באַלד וועט מיט אים געשען אַזעלכעס, וואָס וועט אַן אַנדע מאַכן צו אַלעם דעם, וואָס איז געווען ביז איצט, און עס וועט זיך אָנהייבן גאָר, גאָר עפּעס אַנדערש. נאָר דאָס אַנדערע, פון וועלכן ער דאַרף איצט קלערן, צוגרייטן זיך, איז געווען ווי אַן אומאָנגענעמער חוב, אָן וועלכן מען וויל פאַרגעסן. ער האָט דעם חוב געהאַט אינערלעך אין זיך אַריינגעשטעקט, ווי אַ מעסער אין לעבעדיקן לייב אַריין. און דאָך האָט ער געלעבט מיט דעם מעסער אינעם לייב... ער האָט דורך די פּאָר מינוטן אַריינגענומען אין זיך די גאַנצע וווּנדערבאַרע וועלט פונעם פריען טויאיקן פרילינג־מאָרגן.

נאָר אין מיטן איז עס אָפּגעהאַקט געוואָרן, ווי אַ נגון, וואָס רייסט זיך פּלוצים איבער. מען האָט אים צוגעפירט צו אַ טויער. ער האָט געוווסט, אַז דאָס איז די מעטע, — די לעצטע גרענעץ. דורך דעם טויער וועט ער אַריינגיין, נאָר ער וועט שוין נישט צוריק אַרויסגיין. און ער דערפילט מיט איינמאָל דעם גאַנצן שטעכעדיקן ווייטיק פונעם קאַלטן מעסער אינעם לעבעדיקן לייב.

נאָר ווען דאָס טויער האָט זיך אויפגעעפנט אים אַריינצולאָזן, איז ער געבליבן שטיין אויף דער שוועל. נישט געוווסט — האָט ער מיט דער האַנט זיך אָן וועמען אָנגעלענט, כדי נישט אומצופאַלן. זיינע חושים זענען פאַרכאַפּט געוואָרן פון אַן אויסערגעוויינלעך בילד, וואָס האָט זיך אויפגעעפנט פאַר זיינע אויגן. זיינע פיס האָבן זיך אָפּגעזאָגט צו פאָלגן זיין באַפעלנדיקן מאַרך. די זעלנער, וואָס האָבן אים באַגלייט, האָבן אים נאָכגעגעבן, ווי מען גיט נאָך אַ קליין קינד, וואָס איז זייער קראַנק. נישט אַיבערגעקלערט, זענען זיי מיט אים אויך שטיין געבליבן אויף דער שוועל, געמיינט, אַז ער שרעקט זיך פאַרן טויט. עס האָט נאָר געדויערט אַ מינוט דאָס פאַרהאַרן, — אָבער עס איז געווען אַן אייביקייט.

פאַר זיין פּנים האָט זיך אויפגעעפנט אַ וווּנדערלעכע פּאַנאָראַמע. די גאַנצע וועלט איז געלעגן פאַר אים. ער האָט גאָרנישט געוווסט, אַז

די וועלט קאָן זיין אַזוי ברייט און גרויס. מיילן ווייט האָבן זיך געקווי־לערט גרין באַטויכטע פעלדער, אויף וועלכע עס זענען געשפּרונגען קזשאַ־קעס און ביימער, ביז זיי האָבן דערגרייכט צו דער ווייסל. דער בליש־טשענדיקער קאַרק פון דער ווייסל האָט פון די באַשאָטענע ברעגן אַרוים־געפינקלט, ווי אַ קאַרק פון אַ פאַנטאַסטישן פיש, וואָס וואַרפט מיט פּערל־דיקע שופּן. דער פיש איז געווען פאַרגליווערט, ווי אויסגעגאָסענער מע־טאַל. נאָך אים האָבן זיך ערשט גענומען ציען לאַנקעס און לאַנקעס, ביז זיי האָבן זיך פאַרלוירן אין דעם נעפּל פון אומענדלעכע ווייטקייטן. אין דעם פריען מאָרגן זענען די פייכטע פעלדער פול געווען מיט לעבן. הייזער האָבן געווימלט אויף זיי, ביימער, — שטעטלעך גאַנצע. אומענדלעך, אומ־ענדלעך, — אַ וועלט אַ גאַנצע.

און איבער דער וועלט האָט זיך געקווילערט אַ הימל־וועלט, אַ הענ־גענדיקער ים מיט וואָלקן־אינדזלען, וואָס זענען געווען רויט אָפּגעגאָסן ביי זייערע ברעגן פון נאָך נישט געזעענע ליכטער.

דוד האָט זיך נישט געקאָנט באַוועגן: — פאַרוואָס האָב איך עס נישט געזען ביז איצט? — האָט ער אָנגעהויבן צו טראַכטן. נאָר אַ זעל־נערשער אָרעם האָט אים אָנגענומען און איבערגעהאַקט דעם געדאַנק אין מיטן.

— קום, יינגל! האָסט געדאַרפט מורא האָבן פריער, איצט איז שוין צו שפּעט.

ער האָט געשפּרייזט שוין מיט שטייפע הילצערנע פיס... ער האָט נישט געזען דעם „באַגלייט", וואָס מען האָט אים געגעבן: די אָפיצירן, טשינאָווניקעס און זעלנער, וואָס האָבן געוואַרט אויף אים ביי דער מע־טע. ער איז נאָך אַלץ געווען אין אָנבליק פון דער וועלט, וואָס האָט זיך אַנטפּלעקט פאַר אים. פּלוצים האָט ער דערפילט וועמענס בליקן אויף אים, בליקן, וואָס האָבן אים געשטאָכן ווי שפּילקעס אונטער די נעגל. ער האָט באַמערקט צווישן דעם באַגלייט דאָס טורמע־דאָקטאָרל, וואָס האָט עפּעס מורא געהאַט פאַרצוקומען אין דער שיין און האָט זיך באַהאַלטן הינטער וועמענס רוקן. דוד האָט אין איין אויגנבליק פאַרגעסן אָן אַלע־מען און מיטאַמאָל דערפילט זיין גאַנצע לאַגע. די גאַנצע ביטערקייט פון דער מינוט האָט אים געשטיקט אין מויל. ער האָט געהאַט אַ געפיל, ווי דאָס דאָקטאָרל באַלעקט זיך און וואַרט אויף עפּעס. און ווי אויף להכעיס

זיך אַליין, האָט ער איצט אויף קיינעם נישט געקוקט, נאָר געזוכט מיט זיינע אויגן דאָס דאָקטאָרל.

דאָס טורמע־דאָקטאָרל האָט געהאַט אַ צעקנייטשט קליין געזיכט, ווי אַ מאַלפּע, וואָס איז נישט אַנטוויקלט, אַ דינע נאָז, ווי אַ פינגער, און אויף דער דינער נאָז האָט זיך שוואַך געהאַלטן אַ פּענסנע, וואָס האָט יעדן אויגנבליק געציטערט, נאָר אַראָפּצופאַלן, און דאָס דאָקטאָרל פּלעגט יעדן אויגנבליק דערכאַפּן די פּענסנע מיט די פינגער.

דער אָנבליק פון דאָקטאָרל האָט דודן אַריינגעבראַכט אין טרויעריקייט. ער האָט אָבער איצט נישט געוואָלט זיין טרויעריק. ער איז געווען גוט ביים זינען און געמיט זיך נישט צו זיין טרויעריק און געפאַלן. ער האָט אַוועקגענומען זיינע אויגן פונעם דאָקטאָרל און ווידער געקוקט אויף דער אומענדלעכער וועלט, וואָס מען האָט געזען פונעם בערגל, אויף וועלכן ער איז איצט געשטאַנען. ער האָט געטראַכט וועגן דעם, אַז ווען מען לאָזט אים איצט, וואָלט ער זיך אַראָפּגעקייקלט איבער אַלע פעלדער און קזשאַקעס און גלייך אין ווייסל אַריין. פאַרוואָס האָט ער עס קיינמאָל נישט געטון? נאָך איינמאָל וואָלט ער זיך געוואָלט באָדן אין דער ווייסל, איצט פאַרן טויט וואָלט ער שוין גאָר רואיק געווען. און ער האָט זיך גענומען אין זינען צו קלערן וועגן באָדן זיך אין דער ווייסל, ווי ער ליגט אַ נאַקעטער אין וואַסער, פּלעשטשעט זיך אין וואַסער. יאָ, מיט דעם דאָזיקן געדאַנק וועט ער שטאַרבן.

נאָר דאָס דאָקטאָרל האָט אים ווידער געשטערט. עס האָט זיך אים אויסגעוויזן, אַז דאָס דאָקטאָרל איז אַ טמאַדיקער שרץ, און מען האָט דעם דאָזיקן שרץ אַריינגעוואָרפן צו אים אין וואַסער אַריין. ער מוז פלינק אַרויסלויפן. ער וועט זיך נישט קאָנען באָדן.

דערווייל האָט מען עפּעס גערעדט, — מען האָט עפּעס געלעזן און דאָס יינגל איז ווידער צוריקגערופן געוואָרן צו זיין טויטן־אַנגסט. דער חשק צו באָדן זיך אין דער ווייסל איז נאָך געווען, נאָר ער האָט שוין געזען, אַז ער וועט עס נישט אויספירן. עס האָט זיך אים אויסגעוויזן, ווי ער האָט דאָס אייגענע געפיל, ווי דענסטמאָל, ווען ער איז אַ קינד געווען: ער וויל אַ באַרנע, נאָר די מאַמע וועט זי אים שוין נישט געבן.

און מיטאַמאָל איז די גאַנצע סיטואַציע זיינע געשטאַנען פאַר אים. ער האָט שוין געזען, אַז ער וועט אונטערגיין, און עס האָט זיך אים אויס־

געוויזן, אַז די גאַנצע וועלט, די פעלדער, די וויסל, וועלן מיט אים צוזאַמען אונטערגיין. איצט איז אים די וועלט אַ שאָד געווען, מער ווי זיך אַליין.

מען האָט אים אַוועקגעשטעלט אויף אַ בערגל, אונטער אַ בוים. ער איז געשטאַנען, און פון דאַנען האָט ער איצט ערשט נאָך בעסער געזען די וועלט, וואָס ציט זיך אויס פון יענער זייט שטיינערנעם פּלויט. און אייגנטלעך איז גוט געווען צו שטיין אויך. ס'איז זיך געשטאַנען זייער באַקוועם, און מען האָט פון דאַנען אַזוי גוט געקאָנט זען די ווייסל.

נאָר באַלד איז ווער צוגעגאַנגען און האָט אים פאַרשטעלט פאַר זיינע אויגן דעם אָנבליק פון דער וועלט. די פעלדער מיט די הייזער און די ווייסל — אַלץ, אַלץ. נאַכט איז געוואָרן. ער האָט געביסן מיט די ציין, עפּעס געשריגן און געריסן די הענט. ער האָט ערשט איצט דערפילט, אַז די הענט זיינע זענען געבונדן אַרום דעם בוים. ער האָט אָבער געשריגן:

— אַוועק מיטן טוך, אַוועק!

אַ געמורמל איז געוואָרן.

ענדלעך האָט מען דאָס טוך אַראָפּגענומען פון זיינע אויגן, און ער האָט שוין איצט גאַנץ גוט געוווסט, ווו ער איז, און וואָס עס גייט זיך טון מיט אים. נאָר די וועלט, וואָס ער זעט, וועלן זיי נישט אונטערברענגען: נישט די פעלדער, נישט די ביימער, נישט די ווייסל — קיינמאָל נישט. עס וועט לעבן, לעבן און זיין נאָך אים. און דאָס האָט אים גוט געטון. ער האָט איצט געהאַט אַזוי פיל האָפענונג אויף איר. זי וועט לעבן גליקלעך, — אָט די גרויסע וועלט, די גרויסע פעלדער, און די מענטשן, וואָס וווינען דאָרט אין די הייזלעך, די מענטשן, וואָס וועלן זיך פירן שיפלעך אויף דער ווייסל; די מענטשן, וואָס וועלן זיך דאָרט באָדן אפשר נאָך אין היינטיקן טאָג.

ער האָט ליב געקראָגן די מענטשן. ער האָט ליב געקראָגן די וועלט און קלאָר געוווסט, פאַרוואָס ער שטאַרבט איצט. דאָס האָט ער דאָך געוואָלט. דאָס איז זיין שטרעבן געווען, — אַז זי, די וועלט, זאָל לעבן נאָך אים גליקלעך. צוליב דעם האָט ער דענסטמאָל דעם טיראַן געשאָסן, און דערפאַר שיסט מען אים אַצינד.

ער האָט אויפגעעפנט זיינע אויגן ברייט און גרויס און אָנגעקוקט די הענקערס אַרום מיט אַן אַרויספאָדערנדיקן, טראָציקן, ייִנגליש־שקצדיקן

בליק. אַ לֹהכעים־שמייכל האָט זיינע גראָבע ליפּן פאַרקרימט. זיינע גראָבע נאָזלעכער האָבן שווער געאָטעמט. און כאָטש זיין פּנים איז איצטער, מער ווי תּמיד, שוואַרץ־גרוי געווען, דאָך האָט ער געלאַכט פריילעך, ווייל־ייִנגלעריש געלאַכט און אויסגערופן מיט אַן אוממענטשלעך הייזעריקער שטימע, ווי דענסטמאָל צו די זעלנער אויף דער מאַי־מאַניפעסטאַציע:

— מיך וועט איר אונטערברענגען, אָבער דאָס לאַנד, די וועלט וועט איר קיינמאָל נישט אונטערברענגען!

ער האָט נישט פאַרענדיקט. עס האָט אַ טויבער קנאַל געטון. ווי אַ שטומע חיה האָט ער פאַרוואונדערט שטום אָנגעקוקט מיט הילצערנע אויגן. דאָס מויל איז אָפן געבליבן, אַזוי ווי אַ ביין וואָלט אים אין דער קעל שטעקן געבליבן. ער האָט זיך אויפגעשטעלט אויף די שפּיץ נעגל פון די פיס, אַזוי ווי ער וואָלט געוואָלט קוקן. אין דעם האָט ער זיין קאָפּ געגעבן אַ פאַרלייג אויף דער פּלייצע. די אויגן־הייטלעך האָבן זיך אים געגעבן אַ דריי־אויס אויף דרויסן. באַלד האָט ער מיט זיין גאַנצן קערפּער געגעבן אַ זינק צו דער ערד. פאַלן האָט ער נישט געקאָנט, ווייל ער איז הענגען געבליבן מיט זיינע דינע הענט אַרום דעם בוים.

די ווייסל האָט איצט ברייטשייניק געפינקלט מיט איר שופּן־רוקן. די זון איז אַרויס פון הימל און האָט זי באַלויכטן.

***

די נאַכט, ווען מען האָט איר זון דערמאָרדעט, האָט רחל־לאה אַ חלום געהאַט, וואָס זי האָט מורא געהאַט פאַר די איריקע צו דערציילן. עס האָט זיך איר געחלומט, אַז זי וויל דעם ייִנגל די הויזן פאַרריכטן, און זי געפינט בשום אופן נישט קיין שוואַרצן פאָדעם, נאָר ווייסן.

— מען קאָן דאָך נישט אַ מלבוש פון אַ לעבעדיקן מיט אַ ווייסן פאָדעם נייען? — האָט זי גערעדט אין איר שלאָף.

## קאַפּיטל 19

# אויף נייע וועגן

נאָכן יינגלס טויט האָט מען שוין דעם פאָטער נישט לאַנג געהאַלטן. קעגן אים האָט מען קיין פּראָצעס נישט געמאַכט. מ'האָט אים נאָר דער־פאַר פארנומען, ווייל מ'האָט דעם פאָטער געהאַלטן פאַראַנטוואָרטלעך פאַר זיין מינדעריעריקן זון.

דער לערער, וועלכער האָט זיך די גאַנצע צייט נישט געקאָנט קאָמו־ניקירן מיט זיין משפחה, האָט נישט געוווּסט פון זיין יינגלס טויט, ביז ער איז נישט אַרויסגעקומען אויף דער פריי. ער האָט אויך געמיינט, אַז דורך דער צייט פון זיין פאַרשפאַרונג איז די שולע אונטערגעגאַנגען. נישט געוווּסט, וואָס ער וועט אָנהייבן. די שולע אָבער איז נישט אונ־טערגעגאַנגען. פאַרקערט, ער האָט זי נאָך געפונען פאַרברייטערט און פאַרגרעסערט. די שטובן אויפגעפרישט, גאַנצע בענקלעך מיט טישלעך, און פאַרזען מיט אַ גוטן לערער־פּערסאָנאַל. ער איז גערירט געוואָרן. האָט באַלד געביטן זיין מיינונג וועגן דעם „רוסישן" יונגנמאַן. אָבער אַזוי ווי ער האָט נישט געקאָנט ברענגען איבער זיך צו זאָגן זיין אייגן קינד אַ קאָמפּלימענט — אַזוי האָט ער אויך דאָס נישט געקאָנט טון פאַר מיר־קינען, וועלכן ער האָט שוין אויך באַטראַכט פאַר זיין אייגן קינד.

מירקין אָבער האָט זיך מיט דער שולע אַליין נישט אָפּגעגעבן. די שולע איז געוואָרן געפירט דורך העלענקען, אונטער זיין פירמע. ער האָט זיך נישט געפונען פּעאיק אַלס פּעדאַגאָג און איז צוריקגעגאַנגען צו זיין באַשעפטיקונג.

ער האָט שוין איצט געאַרבעט אין אַ ביוראָ פון אַ באַקאַנטן פּוילישן ליבעראַלן אַדוואָקאַט, וואָס האָט זיך אָפּגעגעבן אויסשליסלעך מיט פּאָ־ליטישע פּראָצעסן. ער האָט געענדערט זיין מיינונג, וואָס ער האָט אַמאָל געהאַט וועגן דער ראָלע פון פאַרטיידיקונג אינעם צאַרישן רעזשים. ער איז געקומען צו דער איבערצייגונג, אַז מען מוז קעמפן מיטן צאַרישן גע־ריכט מיט אַלע מיטלען. איצט האָט ער זיך אַריינגעוואָרפן אינגאַנצן אין דעם עסק פונעם לערער הורוויצעס עלטסטן זון, וואָס איז אַדמיניסטראַ־טיוו פאַרשיקט געוואָרן קיין סיביר. איצט געפינט ער זיך ערגעץ אין

טראַנספּאָרט, דעריבער לאָזט ער נישט הערן פון זיך. ער האָט זיך גע־זעצט אין פאַרבינדונג מיט די פּאַרטיי־חברים, די פּוילישע סאָציאַליסטן, צו וועלכע הורוויצעס עלטסטער זון האָט געהערט, און צוזאַמען מיט זיי האָט ער גענומען אָרגאַניזירן — דורך די באַקאַנטשאַפטן, וואָס ער האָט געהאַט אין סיביר נאָך פון זיינע גימנאַזיע־יאָרן, — אַן אַנטרינונג פאַר דעם פאַרשיקטן, ווען ער וועט קומען אויף זיין אָרט.

דאָס „בית־מדרש" אין רחל־לאהס שטוב איז אויסגעליידיקט גע־וואָרן. דער „זשאַבלינער" איז נאָך די געשעענישן פונעם ערשטן מאַי ערגעץ־ווו פאַרשווונדן. און כאָטש ער האָט איצט ווידער אויפגעטויכט אין וואַרשע, — האָט אים רחל־לאה נישט מער אַריינגענומען צו זיך. זי האָט געדאַרפט האָבן די שטוב פאַר אַן אַנדערן... איטשעלע, דער אינטע־ליגענטער אַרבעטער, איז אַראָפּ קיין אַמעריקע. ער האָט סוף־כל־סוף גע־האַט געענדערט זיין מיינונג און געוואָלט ווייטער שטודירן. אין אַמע־ריקע, האָט ער געהערט, קאָן אַן אַרבעטער האָבן די געלעגנהייט, אין די פרייע אָוונטן, צו גיין אין אינסטיטוט. אין „בית־מדרש" האָט זיך איצט אַריינגעצויגן מירקין. דער לערער הורוויץ האָט שוין גאָרנישט געהאַט קעגן דעם. ער האָט אים שוין באַטראַכט פאַר זיין איידעם... און מירקין און העלענקע האָבן זיך שוין נישט געדאַרפט אַרומטראָגן מיט זייער ליבע איבער די גאַסן און איבער די שטאָטישע גערטנער. זייער ליבע איז גע־וואָרן אויס היימלאָז...

ווי געזאָגט, האָט דער לערער נישט געהאַט געוווּסט פון זיין זונס טויט ביז צו זיין באַפרייאונג. און זיין ערשט וואָרט איז געווען צום ווייב, ווען ער איז אַהיימגעקומען פון „פּאַוויאַק", — וועגן דעם יינגלס הויזן:

— רחל־לאה, מען דאַרף שיקן דודן אין תפיסה אַריין אַ פּאָר הויזן. ער גייט אין אַזאַ הולך, אַז עס איז אַ חרפּה אויף דער אויספּאָרשונג זיך צו באַווייזן.

רחל־לאה האָט אַ זיפץ געגעבן און דערויף אָפּגעענטפערט:

— זיי וועלן אים שוין מוזן נעמען אין דעם הולך, ווי ער גייט.

אַז דער לערער איז געוווּיר געוואָרן, וואָס מיט דעם יינגל איז גע־שען, — כאָטש ער האָט זיך געריכט דערויף, — איז ער אין די ערשטע פּאָר טעג געווען אַזאַ צעבראָכענער, אַז מען האָט געמיינט, דאָס עס עקט זיך מיט אים, און ער וועט שוין צו קיין אַרבעט נישט טויגן. דאָך האָט

ער זיך אין אַ פּאָר טעג אַרום באַרואיקט. ער איז טאַקע עלטער געוואָרן מיט יאָרן דורך די פּאָר טעג, און דאָס בערדל איז מיטאַמאָל גראָ געוואָרן. אָבער ער האָט באַלד צוריקגעפונען זיין אינטערעס אין לעבן, וואָס ער האָט געהאַט פאַרלוירן. זיין חשק צו בילדונג האָט זיך ווידער באַנייט. און מער ווי פריער האָט ער זיך איצט אַריינגעלאָזט אין זיין אַרבעט אין דער שולע, אין בילדונג פאַר זיך אַליין. אַן אומפאַרוויסטלעכע יוגנטלעכ־קייט, וואָס ער האָט געהאַט מיטגעבראַכט פון זיינע בחורשע יאָרן פון בית־מדרש און חסידים־שטיבל, האָט אים געהאָלפן אַריבערצושווימען איבער אַלע צרות.

אַנדערש אָבער איז עס געווען מיט רחל־לאהן. זי האָט נישט גע־וויינט, ווען זי איז געוואָרן פונעם אומגליק. קיין טרער אין איר אויג האָט זיך נאָך נישט באַוויזן ביזן היינטיקן טאָג. נאָר אַ ביטערקייט האָט זיך געזעצט אויף די ראַנדן פון איר מויל, אויסגעדריקט אין אַ גרימאַסע, וואָס מ'האָט נישט געוווּסט, צי איז עס אַ שמייכל אָדער אַ געוויין. אירע ליפּן האָבן באַקומען אַ בלאָלעכן קאָליר, וואָס האָט אָנגעזאָגט אויף נישט גוטס... אירע אויגן האָבן זיך טיפער אַריינגעזעצט אין די לעכער, און די טונקעלע רעדער אַרום — זיי האָבן זיך פאַרגרעסערט. און כאָטש מען האָט קיין טרער נישט געזען פון זיי — דאָך האָבן זיי זיך, די גרויסע שוואַרץ־אַפּלען, געהאַלטן אין איין וואַשן אין אַ פייכטן גלאַנץ, וואָס האָט שטענדיק אָנגעפילט רחל־לאהס גרויסן אויגן־אויסשניט. איר נידעריקער שטערן איז נאָך נידעריקער געוואָרן און איינגעקנייטשטער. אירע האָר זענען געבליבן שוואַרץ און געדיכט ווי פריער, נאָר איין פּאַס איז איבער נאַכט גראָ געוואָרן, און געלייגט זיך פון אויבן אויף איר שייטל קאָפּ.

אויך אין איר געמיט איז פאָרגעקומען אַ גרויסע ענדערונג. ערשטנס, איז אַריינגעטראָטן אַ שטילקייט אין איר, וואָס מ'האָט ביז איצט נישט באַמערקט. זי פלעגט פלוצים, אין מיטן דער בעסטער אַרבעט, ביי דער קיך אָדער ביים וועש וואַשן, אַלץ לאָזן שטיין און זיך אַוועקזעצן מיט פאַר־לייגטע הענט. אירע אויגן האָבן ערגעץ־ווו געקוקט, ווי זיי וואָלטן געזען זאַכן, וואָס זענען געווען פאַרהוילן פון די אַנדערע.

אַזוי פלעגט זי זיצן האַלבע און גאַנצע שעהען לאַנג, ביז איינס פון די קינדער, אָדער דער מאַן, פלעגן זי אויפוועקן:

— רחל־לאה — וואָס זיצסטו?

— האָ? — פלעגט זי זיך אויפוועקן, ווי פון אַן אַנדערער וועלט.

זי איז אויך גלייכגילטיקער געוואָרן צו געוויסע זאַכן, אין וועלכע זי איז דאָך געווען פאַרברענט, ווי, למשל, צו דער באַוועגונג. זי האָט כמעט פאַרלוירן איר אינטערעס צו דעם לעבן אַרום איר. די צוזאַמענ־קונפטן אין די פּרייטיק־צו־נאַכטסן האָבן אויפגעהערט, כאָטש דער „זשאַבלינער" און נאָך אַ צוויי־דריי פלעגן ווייטער אַרויפקומען. נישט אַזוי אָפט ווי פריער, נאָר פון צייט צו צייט. אָבער זיי האָבן איצט מער מיטן לערער און מירקינען גערעדט, ווי מיט איר. זי פלעגט אָפטמאָל ביים אויוון (אויס געוווינהייט) צוהערן זיך און עס האָט זיך געדוכט, אַז זי איז ערגעץ־ווו אין אַן אַנדער וועלט.

נאָר צו איין זאַך האָט זי נישט געהאַט פאַרלוירן איר אינטערעס — צו די שכנים פון איר הויף. פאַרקערט, זי האָט זיך איצט מער אָפּגעגעבן מיט די שכנים, ווי פריער. און דער עיקר האָט זי איר גאַנצע טע־טיקייט געשאָנקען דעם סוכאָטניטשן ווייבל און אירע קינדערלעך.

זי פלעגט אויף גאַנצע טעג פאַרפאַלן ווערן. די קינדער האָבן שוין געוווּסט ווו זי צו זוכן; דאָס איז געווען אויבן אין דער הויך ביים סוכאָט־ניטשן ווייבל, ווו זי איז געשטאַנען ביים קיכל און געקאָכט אַן עסן פאַר די קינדער, — פון די פּראָדוקטן, וואָס זי האָט געזאַמלט „אין נאַטור" אין די געוועלבלעך און ביי וועלוול קעלבאַס. אַמאָל האָט זי זיך אויך אַוועקגעשטעלט ביי דער באַליע, אויסוואַשן אַביסל וועש פאַר די קינ־דער. איצט איז זי באַשעפטיקט דערמיט, וואָס זי לויפט אַרום צו די שכנים זאַמלען געלט, אַרויסצושיקן די „סוכאָטניטשע" אויף אַ סעזאָן קיין אָטוואָצק...

פון איר באַציאונג צו מירקינען האָט זי אויך פיל פאַרלוירן. זי איז עפּעס צוליב אַן אומבאַוווּסטער סיבה קילער געוואָרן צו אים. זי האָט אים באַטראַכט פאַר דעם חתן פון איר טאָכטער, וועלכער וועט באַלד איר איידעם ווערן, אָדער איז שוין איר איידעם — און זי האָט געפילט, אַז ער דאַרף זי נישט מער. ער האָט איצט וועמען אַנדערש. ס'איז נישט גע־ווען קיין אייפערזוכט, וואָס האָט רחל־לאַהס סימפּאַטיעס אָפּגעקילט צו מירקינען. אפשר דאָס אויך (ווער קאָן שאַצן אַ ווייבערישע נשמה?). זי האָט אים ווי אַביסל מקנא געווען, נישט פאַר זיך, נאָר פאַר אירע קינ־

דער, פאַר דעם, וואָס ער פאַרנעמט דאָס אָרט אין איר שטוב, אין האַרץ פון אירע פאַרלוירענע זין.

דערפאַר אָבער האָט זי זיך זייער אָנגענומען פאַרן ישיבה־בחור, וואָס איז איצט אַ שרייבער, וועלכן זי האָט אַמאָל געפונען הינטער דער טיר פון איר שטוב. כאָטש דאָס „בית־מדרש" איז שוין געווען אויפגע־לייזט (אין דער שטוב האָט זיך אַריינגעצויגן העלענקע, וועלכע אַלע האָבן שוין אָנערקענט פאַר מירקינס כלה), האָבן זיך, דער „זשאַכלינער" און דער בחור, דער שרייבער, זיך געקלעבט אַרום דעם לערער הורוויץ און פלעגן אַרויפקומען אין די אָוונטן. מייסטנס אָבער האָט זיך איצט רחל־לאה פאַראינטערעסירט מיט דעם בחור, דעם שרייבער.

ווי אַמאָל איבער מירקינען, האָט זי איצט געזאָרגט איבער דעם פרעמדן בחור. זי פלעגט זיצן גאַנצע אָוונטן און זיין וועש אויספאַרריכטן, אָדער די שקאַרפּעטקעס שטאָפּן. זי האָט אים אויך מיט אַנדערע זאַכן פאַרזאָרגט. דער בחור איז איצט געווען אַ גאַנצער בן־בית ביי די הור־וויצעס. ער האָט אין די יידישע פּריוואַטע אויסגאַבן, וואָס זענען דענסטמאָל דערשינען אין וואַרשע, זיינע ערשטע ליטעראַרישע פּראָדוקטן פאַרעפנטלעכט, וואָס האָבן געצויגן אויפמערקזאַמקייט אויף אים. אויך האָט אַ באַרימטער יידישער שרייבער אין וואַרשע, אַרום וועלכן עס האָבן זיך געדרייט די יונגע שרייבער, געהאַלטן פון אים. ער האָט איצט פאַר־קערט אין די ליטעראַרישע קרייזן. זיין נאָמען איז געוואָרן באַקאַנט אַלס אַ באַגאַבטער יידישער פּראָזאַאיקער, אויף וועלכן מ'האָט געלייגט האָפע־נונגן.

דער יונגערמאַן פלעגט זייער אָפט אין די אָוונטן אַריינקומען צום לערער און פאַרלעזן פון זיינע שאַפונגען. דער לערער האָט געהאַלטן פון אים אַ וועלט — און זיך מער געווידמעט זיין בילדונג. ער פלעגט אים באָרגן ביכער און לערנען מיט אים אין די אָוונטן געוויסע קענגנשטאַנדן. צוליב דעם יונגנמאַנס איינפלוס האָט זיך די באַציאונג צו דער יידישער שפּראַך געענדערט אינעם לערערס הויז, אי ביים לערער אַליין, אי ביי זיינע טעכטער...

שוין אין די לעצטע יאָרן האָט דער „זשאַרגאָן" אָנגעהויבן אַריינ־צודרינגען אין די הורוויצעס שטוב אַריין, צוזאַמען מיט דער „רעוואָלוצ־יע", צום פאַרדרוס פונעם לערער, כאָטש דער „זשאַרגאָן" איז געהאַלטן

געוואָרן אין דער קיך, ביי רחל־לאַהן, ווו מ'האָט אין די פרייטיק־צו־נאַכטסן געזונגען רעוואָלוציאָנערע לידער. אָבער זינט דעם לערערס אַרעסט, — האָט דער „זשאַרגאָן" אַריינגעצויגן זיך פון דער קיך אין דער שטוב, און כמעט באַהערשט דאָס גאַנצע הויז, צוזאַמען מיט דער שולע. די טעכטער, וועלכע זענען צוגעוווינט געווען, אַז ליטעראַריש אויסדריקן זיך קאָן מען נאָר אינעם פּוילישן לשון (דער פאָטער האָט נאָך צוגעלאָזט דעם „זשאַרגאָן" פאַר אויפקלערונגס־אַרבעט צווישן די פינצטערע מאַסן), — זענען דורך די ליטעראַרישע שאַפונגען פון זייער שיצלינג געוונען געוואָרן פאַמעלעך פאַר דער יידישער שפּראַך. דורך דער צייט, וואָס דער לערער האָט זיך געפונען אין „פּאַוויאַק", און מירקין האָט רעאָרגאַניזירט די שולע, זענען מיט דעם בחור־ליטעראַטס הילף, איינגעפירט געוואָרן געוויסע ענדערונגען. מ'האָט איינגעפירט קורסן פאַר דער יידישער שפּראַך אין די העכערע קלאַסן. אין די נידעריקע איז מען גאָר איבערגעגאַנגען אויף די קינדערס מוטער־שפּראַך. אַלע האָבן זיך געשראָקן פאַרן לערער, ווען ער וועט אַהיימקומען פון תפיסה און געפינען די דאָזיקע ענדערונג. נאָר צו אַלעמענס איבערראַשונג האָט דער לערער הורוויץ, נאָך זיין באַפרייאונג — נישט נאָר אַקצעפּטירט די רעפאָרם, וואָס איז געוואָרן איינגעפירט, אָן זיין וויסן, אין זיין לעבנס־ווערק, נאָר ער האָט זי געפונען פאַר וויכטיק און נויטווענדיק און ער האָט זיך איר געווידמעט.

זעט זיך אויס, אַז אויך אינעם לערער האָט זיך עפּעס געענדערט.

**
*

יאָ, צו יענער צייט, ווען מ'האָט דעם לערער הורוויץ אַרויסגעלאָזט אויף דער פריי, האָבן די צייטונגען געטומלט וועגן אַן אַטענטאַט, וואָס איז אויסגעפירט געוואָרן אויף אַן עסטרייכישן פּרינץ אין אַ סערבישער אָדער בולגאַרישער שטאָט.

דער פאַקט אַליין איז קיינעם נישט אָנגעגאַנגען, אַ חוץ די לייעדיקגייערס, וואָס האָבן נישט מער וואָס צו טון, נאָר אָפּצוגעבן זיך מיט צייטונגען לעזן, — האָבן טייל באַדויערט דעם פּרינץ און אַנדערע האָבן געזאָגט:

— אַ שיינע ריינע כפּרה אויף אים, זאָל ער נישט קריכן דאָרט,

ווו מען בעט אים נישט. — נאָר גערעדט האָט מען, אַז ס׳קאָן דערפון אַרויסקומען אַ מיאוסע מעשׂה.

באַלד אָבער האָט מען אין דער גאַנצער געשיכטע פאַרגעסן. יעדער איינער האָט געהאַט זיינע אייגענע זאָרגן און איז געווען פאַרנומען מיטן שטיקעלע ברויט, און איבערגעלאָזט די פאַסירונג פאַר די צייטונגען — זאָלן זיי זיך שלאָגן קאָפּ אין דער וואַנט — און פאַר לײדיקגייערס, וואָס האָבן נישט וואָס בעסערס צו טון, נאָר אָפּצוגעבן זיך מיט פּאָליטיק.

ביי די הורוויצעס אין הויז איז קיינעמס קאָפּ איצט נישט געשטאַנען צו פּאָליטיק, און מען האָט דער גאַנצער פּאַסירונג נישט געשאָנקען די מינדסטע אויפמערקזאַמקייט.

## קאַפּיטל 20

# דער שטראַל אין וואַלד

נאָך אין די בית־מדרש־יאָרן האָט דער לערער הורוויץ געהאַט די גע־וווינהייט זיך צו באָדן זומער־צייט אין קאַלטע טייכן. די תפיסה, און אויך נישט זיין זונס טויט, האָבן נישט געקאָנט די דאָזיקע לוסט אָפּטויטן ביי אים, אַזוי ווי זיי האָבן נישט געקאָנט אָפּטויטן זיין בחוריש געמיט. ווי אַ גוטער ייד פאַרפעלט נישט צו דאַווענען, אַזוי האָט דער לערער הור־וויץ נישט פאַרפעלט אין די זומער־פאַרנאַכטן זיך צו באָדן אין דער ווייסל.

אַמאָל האָט ער געשלעפּט זיינע זין צום באָדן, איצט האָט ער מיר־קינען געפירט יעדן פאַרנאַכט אויפן ווייסל־ברעג.

איינמאָל אין אַזאַ זומער־פאַרנאַכט, ווען זיי זענען ביידע אַהיימגע־גאַנגען פון באָדן, אָפּגעקילטע און פרישע, האָבן זיי אָנגעטראָפן אויף זייער באַלעבטע גאַסן. די גאַסן זענען געווען ממש פאַרטרונקען פון מענ־טשן. אין אַלע ווינקלען זענען געשטאַנען קופּקעס, רעדלעך מענטשן, גע־האַלטן די נאָר־וואָס געקויפטע „עקסטרעס" אין האַנט, און מיט שרעק אין די אויגן וועגן עפּעס־וואָס דיסקוטירט.

ס׳האָט זיך אויסגעלאָזט, אַז די געשעעניש, וואָס האָט זיך פאַר־

לאָפן פאַר אַ טעג אַכט צי צען, און וועלכע מ׳האָט שוין געהאַט פאַרגעסן, די געשעעניש פון דעם אַטענטאַט אויף אַן עסטרייכישן פּרינץ אין אַ סערבישער אָדער בולגאַרישער שטאָט (די גוטע יאָר ווייסן, וואָס פאַרא מדינה דאָס איז), — האָט געבראַכט פאָלגן. עסטרייך האָט געשטעלט סערביען אַן אולטימאַטום, — און די צייטונגען האָבן אויסגעדריקט די מורא, אַז מען שטייט פאַר אַ וועלט־פייער.

ווען מירקין און דער לערער זענען אַרויפגעקומען אין שטוב אַריין, האָט פּונקט רחל־לאה שבת־געמאַכט. דאָס הייסט, זי האָט נאָר וואָס גע־האַט די פּאָדלאָגע געוואַשן, מיט זאַמד אויסגעשייט און ברייט די פענצ־טער געעפנט. העלענקע, אַ באָרוועסע, מיט נאַקעטע, אויפגעשאַרצטע הענט, האָט דער מאַמען צוגעהאָלפן אויסקילן די שטובן. די ווייבער האָבן צוערשט נישט געוואָלט די מאַנספאַרשוינען אַריינלאָזן אין שטוב, ביז די פּאָדלאָגע וועט זיך נישט אויסטריקענען. דערהערט די נייעס, אויף וואָס מ׳ריכט זיך, האָט רחל־לאה דאָס מאָל פאַרקוקט, אַריינגעלאָזט די מאַנס־פאַרשוינען אין דעם געוואַשענעם צימער מיט אַ באַמערקונג:

— מיר איז עס שוין אַלץ איינס, וואָס עס וועט געשען.

מ׳האָט נישט געקאָנט וויסן, צי זי מיינט דאָס אויף דעם וועלט־פייער, וואָס שטייט־פאַר, צי אויף איר געוואַשענער פּאָדלאָגע, — און אפשר אויף ביידע.

נאָר באַלד איז דער „זשאַכלינער" אויך געקומען אַנצולויפן מיט אַן „עקסטראַ".

ער איז געווען אויסערגעוועגלעך אויפגערוימט, כמעט פריילעך קאָן מען זאָגן. אַן אומפאַרשטענדלעך און אומבאַקאַנט ליכט האָט געברענט אין זיינע אומרואיקע שוואַרץ־אַפּלען, און אַזוי ווי זיינע אויגן, אַזוי האָט ער אויך אַליין געצאַפּלט. געהאַלטן אין דער געזונטער האַנט די „עקסטראַ", האָט ער מיט דער קראַנקער עפּעס אַ טריאומפירנדיקן זשעסט געמאַכט.

— איר האָט׳ס שוין געלעזן?

דער לערער און מירקין זענען פון די נייעס זייער ערנסט געוואָרן, דאָס גאַנצע הויז האָט געהאַט אַרומגעכאַפּט אַן אַנגסט פאַר דעם אומ־באַוווּסטן, און אַלע זענען געווען דעפּרימירט און נידערגעשלאָגן און האָבן אָנגעקוקט דעם „זשאַכלינער" פאַרוואונדערט איבער זיין אויפגע־רוימטקייט.

— ס׳קאָן זיין, אַז איצט, ווי מיר זיצן דאָ, שפּרייזן שוין אַריבער די עסטרייכישע סאָלדאַטן די סערבישע גרענעץ, די האַרמאַטן קלאַפּן שוין. און ביי אונדז וועט עס זיך אויך באַלד אָנהייבן, — זאָגט דער „זשאַבלינער״ צו די שווייגנדיקע מאַנספּאַרשוינען.

— און וואָס איז אויף אייך די שמחה? — פרעגט דער לערער אַ דערשטוינטער.

— וואָס איז אויף מיר די שמחה? — דער פּסק־דין האָט זיך אָנגעהויבן! — שרייט־אויס דער „זשאַבלינער״ און אַן אומפּאַרשטענדלעכע, טריאומפירנדיקע פרייד זעצט אים אַרויס פון די אויגן, אַזוי ווי ער וואָלט כאָטש געווען דער, וואָס האָט דאָס געבראַכט אויף דער וועלט:

— דער פּסק־דין, — שרייט ער אויס, — פאַר די זינד, פאַר דעם מערדערשן פאַרברעכן. אַ מבול, אַ מבול וועט קומען איבער דער וועלט און וועט זי געבן אַ וואַש־אָפּ. אוי, וועט ער זי געבן אַ וואַש־אָפּ! אַ מבול, וואָס זיי האָבן אַליין געבראַכט אויף זיך מיט זייערע פאַרברעכערישע זינד.

— איך פאַרשטיי אַלץ נאָך נישט די פרייד, וואָס איר האָט דערפון? — פרעגט ווידער דער לערער אַ דערשטוינטער.

— די פרייד? — איר פאַרשטייט נישט. ס׳ברעכט אַלץ צוזאַמען, די גאַנצע ליגנערישע וועלט, די פאַרברעכערישע, אין איר פונדאַמענט, מיטן דאַך אויף די ווענט — ווי אַ קאָרטן־הויז. די זונהדיקע, מיאוסע וועלט — זאָל זי פאַלן. זאָל זי באַגראָבן ווערן אונטער די זינד, וואָס זי האָט געבראַכט אויף זיך. דערנאָך, ווען זי וועט שוין ליגן אַ חרובע, אַ פאַרברענגטע, — וועלן מיר, מיר פון אונטער אירע חורבות אַרויסקריכן — און מיר וועלן זי אויפבויען אויפסניי, אויף גאַנץ אַנדערע יסודות, אויף גערעכטע, אויף מענטשלעכע. עס וועלן מער נישט זיין קיין אונטערדריקטע און קיין אונטערדריקער. אַלע, אַלע — וועלן מיר זיין — — — —

נאָר דער לערער האָט אים נישט געלאָזט פאַרענדיקן זיין פּאַטעטישע רעדע. דער לערער איז פאַר אויפרעגונג בלייך געוואָרן, און קעגן זיין געוווינהייט איז ער אויפגעשפּרונגען פון זיין אָרט, צוגעלאָפן צום „זשאַבלינער״, אים אָנגעכאַפּט ביי די פּלייצעס און אָנגעהויבן צו שאָק־

לען. מען האָט געמיינט, אַז ער וויל אים דערשטיקן. אַזוי האָט עס אויס־געזען.

דער לערער האָט געהאַט איין וואָרט גרייט אין זיין מויל:

— אַרויס פון מיין שטוב! אייער געביין זאָל זיך דאָ נישט געפי־נען! — נאָר אָנשטאָט דעם האָט ער געזאָגט ציטערנדיק, אַ בלייכער. און צעקריצנדיק יעדעס וואָרט אין זיינע ציין:

— אויף בלוט ווילט איר בויען אייער וועלט?! ניין, ניין. — דאָס בלוט, וועט אייך אַליין פאַרשוועמען, איר אַליין וועט באַגראָבן ווערן אונטער די חורבות! פון קיין שלעכטס — קאָן קיין גוטס נישט אַרויס־קומען, — האָט זיך דער לערער אָנגעהויבן צו באַרואיקן נאָכן ערשטן זעטיקן זיין כעס. ער האָט אָפּגעלאָזט דעם „זשאַבלינער”, אַביסעלע פאַר־שעמט פאַר זיין אויסברוך — און זיין שטים איז געוואָרן מער נאַטיר־לעך.

— איר פאַרשטייט, וואָס איר האָט געזאָגט? — מענטשלעכע לעבנס שטייען אין קאָן. טויזנטער און טויזנטער יונגע אומשולדיקע נפשות וועלן פון דער וועלט גיין. מענטשן וועלן צוריק חיות ווערן, איינער וועט דעם אַנדערן פרעסן, — און איר ווילט דערפון אַ וועלט בויען? — ניין, ניין! איך וועל אייך זאָגן, וואָס עס וועט ווערן, — האָט זיך שוין דער לערער איינגאַנצן באַרואיקט און צוריק אַוועקגעזעצט זיך אויף זיין אָרט:

— מיר וועלן צוריקגיין דורך דער בלוט־באָד אין מיטלאַלטער אַריין, מיר וועלן אויסמעקן יעדע שפור פון ציוויליזאַציע און פּראָגרעס. מיר וועלן זיך אַ רוק טון, — אָווא, ווי ווייט. די וועלט וועט פול ווערן מיט שנאה, מיט גיפט. די וועלט וועט ווערן אַ ווילדער וואַלד, וואָס איין מענטש וועט אויפן אַנדערן אין געיעג גיין. איך וויל גאָרנישט טראַכטן, וואָס וועט ווערן, — פאַרשטעלט זיך דער לערער די אויגן, און רעדט מיט אַ ווייטיקדיקער שטימע, ווי פאַר זיך אַליין: — געמיינט, אַז וואָס — וואָס, נאָר צו דעם וועלן מיר שוין נישט דערגיין; אַז דער מענטש־לעכער פּראָגרעס איז דערגאַנגען אַזוי ווייט, דאָס זיי וועלן שוין קיינמאָל נישט אָנכאַפּן זיך אין דעם דאָזיקן באַרבאַרישן מיטל. ס'איז דאָך באמת צו פאַרצווייפלען! עס דאַכט זיך דאָך טאַקע אויס, אַז מיר בלאָנדזשען אַרגעץ אין אַ וויסטן חלל. ס'איז נישטאָ קיין לאָגיק אין אונדזער געשיכ־טע, נישטאָ קיין פּראָגרעס אין אונדזער אַנטוויקלונג, נאָר מיר מאַכן אומ־

זיניקע זיג־זאַגן. ווו איז דער אינהאַלט? ווו איז דער באַווייז, אַז מיר גייען טאַקע פּאַראויס; אַז אַזאַ מענטש, ווי ער, — ווייזט ער אויפן דערשטווינטן „זשאַבלינער", — אַ סאָציאַליסט ניבע־טאָ, אַן אידעאַליסט, אַ קעמפער פאַר גערעכטיקייט, פאַר אונטערדריקטע, — בויט זיין צו־קונפטיקע וועלט אויף אַ פונדאַמענט פון בלוט און מענטשלעכע פּגרים! — ווי וועט אויסזען די וועלט, וואָס וועט שטיין אויף אַזאַ פונדאַמענט?

— נישט קיין וועלט וועט עס זיין, נאָר אַ גיהנום, איר פאַרשטייט?
— שרייט־אויס דער לערער. — אַ גיהנום, אָנגעפילט מיט חיות. אַ חיה האָט דאָך איצט גערעדט, נישט קיין מענטש, נישט קיין סאָציאַליסט. און אַז ער רעדט אַזוי, — וואָס זאָלן שוין אַנדערע זאָגן? — ניין, די חיה שטעקט אין אונדז אַלעמען, און מיר גייען צוריק אין שוואַרצן, מערדע־רישן וואַלד אַריין, אַן אַן אויסוועג און אָן אַ האָפענונג.

אַ שטילקייט האָט געהערשט נאָכן לערערס רייד. דער „זשאַבלי־נער" האָט מורא געהאַט דאָס מויל צו עפענען. נישט דערפאַר, ווייל ער האָט נישט געהאַט קיין אַרגומענט צו ענטפערן, נאָר ער האָט זיך דער־שראָקן פאַרן לערערס אויפרעגונג.

נאָר רחל־לאה, זיצנדיק אין איר ווינקל ביים אויוון (כאָטש זומער, אויס געוווינהייט) מיט טעפל טיי אין האַנט, האָט מיט איין האַנט פאַרלייגט זיך אַ פּאַס גרויע האָר, וואָס האָבן זיך אַרויסגעריסן פון איר שייטל און זיך אָנגערופן אין אַ שטילן, רואיקן טאָן:

— מיין מאַן, — דו קאָנסט מיר טון, וואָס דו ווילסט, נאָר איך וועל דיר זאָגן, אַז דער „זשאַבלינער" האָט רעכט. איידער אַזאַ וועלט — איז שוין טאַקע גלייכער אַ שוואַרצער וואַלד.

דאָס האָט דעם „זשאַבלינער" צוגעגעבן מער מוט, און ער האָט צו־געלייגט מיט אַ ביטערע שמייכעלע:

— וואָרים די מלחמה האָט זיך דען איצט אָנגעהויבן? — די מל־חמה האָט זיך דאָך שוין לענגסט אָנגעהויבן. וואָס איז דער חילוק צי אין דער פאָרם, צי אין אַן אַנדערער? מ'דאַרף נאָר וויסן, אויף וועלכן צד מען שטייט.

— ער האָט דען נישט רעכט? — זאָגט רחל־לאה פון איר ווינקל־אַרויס. — בלוט גיסט זיך דאָך סיי ווי סיי. ביז איצט האָט זיך עס גע־

גאַסן באַהאַלטענערהייט, קיינער האָט נישט געוווּסט דערפון, — איצט וועלן אַלע זען.

דער לערער האָט זיך אַרומגעקוקט הילפלאָז, ווי ער וואָלט ביי ווע־מען הילף געזוכט. ער איז פאַרצווייפלט געוואָרן, און אוממעכטיק די הענט אַראָפּגעלאָזט, פאַרבייסנדיק די ליפּן אין אַ יאָושדיקער גרימאַסע.

נאָר דאָ איז אים אומגעריכט מירקין געקומען צו הילף.

מירקין, וועלכער איז געזעסן אין אַ ווינקל מיט העלענקען און ערנסט צוגעהערט זיך צו דעם אויפרעגנדיקן געשפּרעך, וואָס איז אָנגעגאַנגען אין שטוב, האָט האַרטנעקיק געשוויגן, ווי עס וואָלט אים שווער געווען אויסצואַרבעטן זיך אַ מיינונג פאַר זיך. מ'האָט שוין געמיינט, אַז ער וועט זיך באַגנוגענען מיט צוהערן. אומגעריכט האָט ער גענומען אַ וואָרט. און ווייל זיין שטימע איז געווען אַ נידעריקע און זיין טאָן אַן אויסער־געוועהנלעך רואיקער, האָט עס אין דער אויפברויזונג, וואָס האָט געהערשט פון דער פייערדיקער דיסקוסיע, געמאַכט פון אָנהייב־אָן אַן איינדרוק, און אַלע האָבן זיך צוגעהערט צו אים אויפמערקזאַם.

— מיר דאַכט זיך, — האָט מירקין זיך אָנגערופן, — אַז איר האָט ביידע אַ טעות. אי הער הורוויץ (יעדעס מאָל ווען עס איז מירקינען אויסגעקומען זיך צו ווענדן צום לערער, איז ער געקומען אין אַ פאַר־לעגנהייט. ער האָט נישט געוווּסט ווי אים צו טיטולירן, מחותן צי שווער, — האָט ער באַנוצט דעם נאָמען, נאָר אין אַ שטילן טאָן), אי דער חבר „זשאַבלינער”. ביידע האָט איר נישט אין באַטראַכט גענומען דעם וויכ־טיקסטן פאַקטאָר אין די טרויעריקע געשעענישן. — ווער מאַכט די מל־חמה? — די מלחמה מאַכן מענטשן. און איך גלויב אין מענטשן. דאָס מענטשלעכע גייט־מיט מיט דעם מענטשן אומעטום, ווו ער געפינט זיך. עס קאָן פאַרשטומט ווערן, פאַרטרונקען ווערן דורך העץ־מיטלען, דורך אויפגערייצטע ליידנשאַפטן אויף איין טאָג, אויף צען, אויף אַ יאָר. — נאָר דאָס מענטשלעכע וועט זיך אין אים אויפוועקן און בייקומען אַלע ליידנשאַפטן און אַלע זינד. איך ווייס נישט, אויף ווי לאַנג עס גייט דער מענטש אין שוואַרצן וואַלד אַריין, — האָט מירקינס שטימע ביי די דאָזיקע ווערטער געציטערט פאַר ערנסטקייט. — איך ווייס אויך נישט, וואָס עס דערוואַרט אים אויף יענער זייט וואַלד, צי וועט ער טאַקע געפי־נען די צווייטע וועלט, וועגן וועלכער חבר „זשאַבלינער” רעדט. איך גלויב

אויך, ווי דער הער הורוויץ, אַז אויף קיין בלוטיקן פונדאַמענט קאָן מען נישט בויען. נאָר איך גלויב אויך נישט, אַז דער מענטש וועט איבער־בלייבן בלאָנדזשען אין וואַלד. ווייסט איר פאַרוואָס? — דערפאַר, ווייל דער מענטש נעמט־מיט מיט זיך אין דעם שוואַרצן וואַלד אַריין זיין מענטשלעכן אינסטינקט, און דער דאָזיקער אינסטינקט וועט אים ראַ־טעווען, ווי ער האָט אים ביז איצט דערהאַלטן און צוגעפירט אים צו דער מדרגה, וווּ ער געפינט זיך... דאָס מענטשלעכע אין מענטשן וועט זיך באַלד אָנהייבן בונטעווען קעגן דעם וואַלד. דער מענטש וועט אַרויס־קומען פונעם וואַלד מיט פאַרבלוטיקטע נעגל פון ברודער־מאָרד, — אָבער אַ שעמעוודיקייט וועט ליגן אויף זיין פּנים און אַ געלייטערטקייט אין זיין האַרץ, ווי אַ קינד, וואָס האָט זיך איינגעריכט אין בלאָטע און קומט־צוריק צו זיין מוטער מיט פאַרשמירטע הענט. אַ פינצטערע נאַכט רוקט זיך אויף אונדז, נאָר איך האָב נישט קיין מורא, איך האָב פאַרטרויען צום מענטש, ער וועט אַרויסשפּרייזן פון אַלע וועלדער און נעכט, וואָס ליגן זיך אויף זיין וועג. ווי זיג־זאַגיש דאָס זאָל זיך נישט אויסווייזן, איז דאָ אַ לאָגיק אין זיין גאַנג, און אַ ציל אין זיין וועג...

אַ טויטע שטילקייט האָט געהערשט אין שטוב נאָך מירקינס ווער־טער. דער לערער האָט געבויגן זיין קאָפּ צו דער ערד, אָנגעלענט אויף זיינע הענט. אַזוי האָט אויך געטון דער „זשאַבלינער". עס האָט אים אָפּגענומען דער חשק צו דעם ענטפער, וואָס איז געווען פאַרטיק אויף זיין צונג. דאָס זעלבע דער לערער. זיי האָבן דערפילט, אַז נישט קיין ווערטער זענען דאָ געערדט געוואָרן, נאָר עס האָט זיך אַנטפּלעקט פאַר זיי אַ הייליקער גלויבן פון אַ מענטשן.

# דאָס פּוילישע ייִדנטום

ביכער-סעריע פון דעם צענטראַל-פאַרבאַנד פון פוילישע ייִדן
אין ארגענטינע

רעדאַקטאָר: מאַרק טורקאָוו


## ביז איצט דערשינען:

1) מאַרק טורקאָוו: מלכה אָווישאַני דערציילט... (אויספארקויפט)
2) ה. ד. נאָמבערג: י. ל. פּרץ (אויספארקויפט)
3) וו. גראָסמאַן-י. וויערניק: טרעבלינקע (אויספארקויפט)
4) פּרץ גראַנאַטשטיין: מיין חרוב שטעטל סאָקאָלאָוו (אויספארקויפט)
5) ישראל טאַבאַקסבלאַט: חורבן לאָדזש (אויספארקויפט)
6) זרובבל: בארג חורבן (קאַפּיטלען פּוילן) (אויספארקויפט)
7) אלחנן צייטלין: אין א ליטעראַרישער שטוב (אויספארקויפט)
8) ד״ר ח. שאָשקעס: פּוילן — 1946 (אויספארקויפט)
9) ז. סעגאַלאָוויטש: טלאָמאַצקע 13 (אויספארקויפט)
10) מ. נודעלמאַן: געלעכטער דורך טרערן (אויספארקויפט)
11) ד״ר מאיר באַלאַבאַן: די יידן-שטאָט לובלין (אויספארקויפט)
12) ישראל אפרת: היימלאָזע יידן (אויספארקויפט)
13) ד״ר יעקב שאַצקי: אין שאָטן פון עבר (אויספארקויפט)
14) דוד פלינקער: א הויז אויף גזשיבאָוו (אויספארקויפט)
15) ד״ר הלל זיידמאַן: טאָגבוך פון ווארשעווער געטאָ (אויספארקויפט)
16) קינדער-מאַרטיראָלאָגיע (זאַמלונג פון דאָקומענטן)
17) חיים גראַדע: פּליטים
18) ש. קאַטשערגינסקי: פּאַרטיזאַנער גייען!... (ווילנער געטאָ)
19) פרידע זרובבל: נע ונד (פאַרצייכענונגען פון א פּליטה)
20) מרדכי שטריגלער: מאַידאַנעק
21) יעקב לעשצינסקי: אויפן ראַנד פון אָפּגרונט
22) ז. סעגאַלאָוויטש: געברענטע טריט
23) אברהם טייטלבוים: ווארשעווער הייף
24) טאַניאַ פוקס: א וואַנדערונג איבער אָקופּירטע געביטן
25) ש. ל. שניידערמאַן: צווישן שרעק און האָפענונג
26) לעאָ פינקלשטיין: מגילת פּוילן
27) יאָנאַס טורקאָוו: אַזוי איז עס געווען... (חורבן ווארשע)
28) ש. איזבאַן: „אומלעגאַלע״ יידן שפּאַלטן ימען
29) יעקב פּאַט: העגעך
30) ד״ר י. קערמיש: דער אויפשטאַנד אין ווארשעווער געטאָ

31) שמחה פאָליאַקיעוויטש: א טאָג אין טרעבלינקע
32) מרדכי שטריגלער: אין די פאבריקן פון טויט
33) אברהם נחתומי: אין שאָטן פון דורות
34) יחיאל לערער: מיין היים
35) יוסף וואָלף: לייענענדיק פּרצן...
36) צפורה קאצענעלסאָן ־ נאכומאָוו: יצחק קאצענעלסאָן
37) י. הירשהויט: פינצטערע נעכט אין פּאוויאַק
38) נחום סאָקאָלאָוו: פּערזענלעכקייטן
39) רחל ה. קאָרן: היים און היימלאָזיקייט.
40) א. אלמי: מאָמענטן פון א לעבן
41) מנשה אונגער: פּשיסכע און קאצק
42) מ. בורשטין: איבער די חורבות פון פּלוינע
43) מ. קיפּניס: הונדערט פאָלקס־לידער
44) ז. סעגאלאָוויטש: מיינע זיבן יאָר אין תל־אביב
45) ד״ר חיים שאָשקעס: א וועלט וואָס איז פארביי...
46) שלמה וואגא: חורבן טשענסטאָכאָוו
47) אברהם זאַק: יאָרן אין וואנדער
48) ש. איזבאַן: פאמיליע קארפּ (ראָמאן) באנד איינס
49) ש. איזבאַן: פאמיליע קארפּ (ראָמאן) באנד צוויי
50) ד״ר א. מוקדוני: מיינע באגעגענישן (זכרונות)
51) ר. שושנה־קאַהאַן: אין פייער און פלאַמען (טאָג־בוך)
52) י. י. טרונק: די יידישע פּראָזע אין פּוילן
53) יאָנאַס טורקאָוו: אין קאַמף פאַרן לעבן (זכרונות)
54) יצחק פערלאָוו: די מענטשן פון „עקזאָדוס 1947" (ראָמאַן)
55) פנחס ביזבערג: שבת יומטובדיקע יידן
56) שלום אש: פּעטערבורג
57) שלום אש: וואַרשע

## עס דרוקט זיך און דערשיינט בקרוב:

חיים גראַדע: שיין פון פאַרלאָשענע שטערן
יאַנוש קאָרטשאַק: משהלעך, יאָסעלעך, ישראליקלעך.
דוד פלינקער: אין שטורעם (ראָמאן)
בעלכאטאָוו (זאמל־בוך)
ד״ר עמנואל רינגעלבלום: צו דער געשיכטע פון יידן אין פּוילן
קאדיע מאלאדאָווסקי: אמאָל איז געווען...
ד״ר יצחק שיפּער: קאפּיטלען געשיכטע
רבקה קוויאטקאָווסקי: פון לאגער אין לאגער

